יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין פוילן

דניאל קאץ

# פון אש ארויסגערופן...

1983 CZYTELNIK WARSZAWA

מיין ברודער פנחס,

מיט וועמען דאס לעבן האט מיך פרי צעשיידט

און דער גורל האט נישט דערלאזט,

מיר זאלן זיך כאטש איין מאל ווידער טרעפן

און מיינע פרי-פארשטארבענע פריינד:

בנימין גילדין,

מאיר טשארטא

און

יאנקל ליפלעווסקי —

ל ז כ ר ו ן!




*Tereny walk partyzanckich w okresie 1941-44*

און אט זענען די לעצטע זייטלעך אנגעשריבן... דאס בוך איז פארענדיקט.
פארענדיקט? א, ניין! פארענדיקט באדייט — אויסגעשעפט. איך האב געזאמלט מיט פלייס און מיט פיעטעט: א פאקט נאך א פאקט, אן עפיזאד נאך אן עפיזאד, א דאקומענט נאך א דאקומענט. אריינגעלייגט מיין גאנצן נייגער און יעדע מעגלעכע הארעוואניע צונויפצוזאמלען וואס מער. אבער צונויפגעזאמלט? דאס זאג איך נישט.
אלץ איז אוממעגלעך. איך ווייס דאס...

ס'איז דאך נאר מיין שטעטל, מיין קליין שטעטעלע — קאלק. וועגן אים האב איך געוואלט א שריפטלעכן זכר לאזן; לויט מיינע כוחות. איך האב געפילט: ווי שווער איז דאס ווארט, וואס איז ווי געראטעוועט פון די הענט פונעם מלאך המות.
איך ווייס: ווי שווער און באלאדן דארף זיין דאס ווארט פון די אויסגעקוילעטע, ווארעם זייער ווארט וואלט דאך באדארפט דערהערט ווערן; זייער קול, וואס איז איבערגעשניטן געווארן... ווער פארמאגט אזא גבורה: דורך זיין שטימע זאל זייער שטימע דערהערט ווערן?!

מיין כוונה איז געווען: ארויסרופן פון די ווייטענישן פון דער געדעכעניש דעם לעבעדיקן אמאל, דערמאנען די היסטארישע גורלות (זע: "שוררות פאר געשיכטע"), דערמאנען שיינקייטן, וואס האבן איבערגעלאזט שפורן אין מיין הארץ, ווייזן דעם וועג פון פיין, דערנידעריקונג, פון זייער קאמף, פון זייער סוף — די מיר נאענטע — אין דער נשמה איינגעבאקענע.
באזונדערס פלייסיק האב איך געזוכט די באווייזן פון זייער העלדישקייט. און דזער ליטעראטור האט געוויזן די געשיכטע פון אונדזער קאלעקטיוון טויט, געענטפערט גענוג אויספירלעך אויף דער פראגע, וואס מ'האט מיט אונדז געטאן; איך האב געזוכט ראיות צו ענטפערן אויף א צווייטער פראגע: מיט וואס האבן מיר געענטפערט? — מיר האבן צוריקגעשלאגן. יא, מיר האבן צוריקגעשלאגן. אויך אונדזער פיצעלע קאלק האט צוריקגעשלאגן. נאך אמאל: יא, צוריקגעשלאגן!
כ'וועל צופרידן זיין, ווען מיין מי וועט אויפגענומען ווערן גינציק. פאר די דורך מיר, מעגלעך דורכגעלאזטע פאקטן, בעט איך מיר מוחל זיין.
דער מחבר



ד. קאץ — דער מחבר

מיט זיין שוועסטערס זון — ג. שערשניעווסקי

("סטאשיק")

# א טירל צום עבר

און אנהייבן ווילט זיך מיר מיט די ווערטער פון מיין פארשטארבענעם פריינד, פ. ציבולסקי: "דעם זיידענעם געוועב, וואס מיר וועבן שוין יארן-לאנג אויף דעם גערשנטן וועב-שטול, פרווו איך קוים צושפינען א דינענקען פאדעם, וואס איך וויל אים האבן צו פארבינדן דעם נאפל פון א ניי-געקומענעם יורש."

און באמת — וואס וואלט ווערט געווען אונדזער פילטויזנטיאריק לעבן אויף דער וועלט אן א המשך, אן יורשים? געווען א באגריף: "יידישע שטעטלעך". פון זיי האט געשטאמט דער רוב בנין ומנין פון אונדזער פאלק אין מזרח-אייראפע. אונדזער ליטעראטור איז אויך געבוירן געווארן אין די שטעטלעך, כאטש זי איז קיינמאל קיין "קליינשטעטלדיקע" נישט געווען. די שטעטלעך זענען געבליבן, זיי זענען אבער מער נישט קיין יידישע. זיי זענען נישט ענלעך אויף די פריערדיקע, די איינגעווארצלטע, מיט גוף און נשמה אין באדן, מיט זאפטן געצויגענע פונעם דאזיקן באדן, וואס איז געווען אונדזער היים. די לעבן-געבליבענע זענען צע-ווארפן געווארן איבער אלע עקן פון דער וועלט, צעזייט און צעשפרייט, מיט זיי אבער לעבן נאך די אלטע זאפטן, געצויגענע פונעם היימישן באדן און דאס איז אונ-דזער קען-צייכן. מיר זענען דא ברעקלעך, שפליטערס, זעמדלעך, וואס טראגן מיט זיך זכרונות פון דעם אלץ, וואס הייבט זיך, ווי א מעשהלע, אן: אזוי איז גע-ווען...

יעדער האט ליב זיין אנהייב. דאס איז גילטיק פאר יחידים, ווי פאר קבוצים גאנצע. מיר האבן ליב אונדזער קינדהייט, אונדזער יוגנט — דאס איז דאך אונ-דזער גאלדענע צייט, פון איר האבן מיר דאך אין ווייטערדיקן לעבן אונדזערן גענומען אונדזערע חלומות; יענע יארן האבן דאך אונדז געפורעמט, יעדערן אזא ווי ער איז. אין דעם זקן און אין דער זקנה דערקענען מיר דאך די יינגלעך און

מיידלעך פון יענע יארן, די חברים און חברטעס און ביי יעדער באגעגעניש מיט זיי טראגט זיך אונדזער געדאנק אריבער צו יענע צייטן, און די נאסטאלגיע, די בענקשאפט לעבט אויף, איינגעהילט אין א ראמאנטישן שלייער, ווי הארט און ווי ארעם אונדזער קינדהייט איז נישט געווען, וווי ביטער עס איז נישט געווען די פרוכט, וואס מיר האבן טועם געווען פון עץ-החיים און עץ-הדעת. און נאך עפעס: די, וואס זענען אוועק מיטן רויך פון די קרעמאטאריעס, זיי זענען נאך נישט אוועק אינגאנצן כל זמן. מיר, די לעבן-געבליבענע, די ניצול-געווארענע, לעבן. זיי זע-נען פאראן, איינגעקריצטע אין אונדזער זכרון — מיט זייערע נעמען און מיט זיי-ערע פנימער, מיט זייערע תנועות און מנהגים, מיט זייערע מעשים און מיט זייער לעבן. מיר טראגן זיי נאך אין זיך און מיט אונדז צוזאמען וועלן זיי ערשט פאר-שוויגדן. ווילט זיך דערפאר, עס ווילט זיך זייער, אז אויך שפעטער זאלן זיי אינ-גאנצן נישט פארשווינדן; עפעס זאל פון זיי איבערבלייבן אין דער געדעכעניש פון די קומענדיקע, פון די ווייניקע, זאל זיין פון די זייער ווייניקע פון די יור-שים אין די ווייטערדיקע יארן, ווען זיי וועט זיך פארוועלן זוכן זייער שורש, אנבינדן דעם פאדעם, אדער אפילו אנבינדן א פאדעם צו א פאדעם אין א קנופ, אויב דער פאדעם איז ערגעץ-ווו איבערגעריסן געווארן.

הארציקער פריינד מיינער. עס האט מיך גערירט דיין פארבעטן אנצושרייבן עפעס פאר דעם יזכור-בוך וועגן אונדזער שטעטל, וואס איר קלייבט זיך ארויסגעבן. יא, נישט צוניפגערעדטערהייט האבן אפשטאמיקע פון הונדערטער און טויזנטער חרוב גע-ווארענע יידישע שטעט און שטעטלעך, גענומען ארויסגעבן יזכור-ביכער געווידמעט זייערע געבוירן-ערטער. מיטן הארץ האבן זיי דאס אלע אפגעפילט ווי א חוב, ווי א חסד של אמת. אבער דאס איז אייגנטלעך מער — דאס איז דאך א וואנדערנדיקע מצבה פאר די, וועמען קיין מקום-מנוחה אונטער א שטיין איז נישט באשערט געווען, א מצבה, וואס וואנדאלן קאנען נישט אומווארפן, ווי דאס געשעט נאך היינט אויף יידישע בית-עלמינס.

נאטירלעך, דיין בקשה האט אנגערירט מער ווי איין סטרונע אין מיין הארץ, בפרט, אז דו האסט מיר פארגעלייגט פתיחה, דעם פייערלעכן אקט פון עפענען דאס טירל צו אזא הייליקייט פאר אונדז אלעמען, ווי עס איז אונדזער עבר — אונדזער שטעטל, געהייליקט דורך אלע מיתות. איך בין זיך מודה, אז אויך אין מיר האט

שוין לאנג געלעבט דער באגער ארויסצושיילן פון מיין זכרון פנימער, טיפן, געשעענישן, וואס זענען אין אים לעבן געבליבן און מען דארף נאר נעמען אים, דעם זכרון, א בלעטער טאן, און עס וועלן אויפלעבן מער און מער. אבער... און דאס איז אן "אבער" פון א מאראלישן כאראקטער: צי דארף מיר געהערן דער ערייג-פיר, אדער אזעלכן פון די על-פי-נס ניצול-געווארענע, אן עדות, וואס האט מיט די אייגענע אויגן געזען דעם חורבן, דעם גיהנום-וועג, וואס אונדזערע נאענטע האבן דורכגעמאכט ביז דער מיתה? פון דער אנדערער זייט אבער, איז דען אזוי וויכטיק ווער? וויכטיק איז די זאך, וויכטיק איז — מען זאל אנהייבן. איך וויל זיין איינער פון די באטייליקטע אין דער דאזיקער ארבעט.

לאנג בין איך אין אונדזער שטעטל נישט געווען, א נעפל פון יארצענדליקער טיילט מיך אפ פון אים. און דא בין איך איינער אליין, בלויז איינער פון אונ-דזער שטעטל און פון אונדזערע קאנטן און נישטא מיט וועמען, אין א שמועס ארום די אלטע ענינים, אויפלעבן פאקטן לאנג פארגעסענע, ברענגען אין באוועגונג די וויזועלע צענטערס פון מארך, קריגן אימפולסן, אנדענקונגען און אויך צו קאנ-טראלירן דעם אייגענעם זכרון, צי איז טאקע געווען פונקט אזוי ווי אין מיין מוח איז פארשריבן און נישט אפגעמעקט געווארן? שריפטלעך, דורך קארעספאנדענץ, קאן אזא אויפגאבע נישט דערגרייכט ווערן. מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיט לייבל גאטמאן. ער געדענקט זייער א סך פאקטן, פיל קוריאזן, כאראקטעריסטישע פאר אונדזער שטעטל. לייבל פאליעווסקי האט אויך וואס צו דערציילן און פיל אנדערע פון די, וועלכע וווינען מיט איך, און ערשט צוזאמען, וואלט זיך אפשר איינגעגעבן אויפשטעלן א ווארהאפטיק בילד פון אונדזער דעמלטיקן טאגטעגלעכן לעבן, וואס איז גארנישט געווען וואכעדיק, און פון זיינע מענטשן, איינפאכע, הארעפאשנע, פאר וועלכע עס פאסט אבער לחלוטין נישט דער באגריף "גרויע", ווי מען איז זיך געוויינלעך נוהג צו באנוצן לגבי יידן פון א גאנץ יאר. און נאך א סיבה איז פאראן, וואס מאכט מיר די אויפגאבע שווערער ווי פאר אלע אנדערע. איך בין די לעצטע צייטן געשלאגן מיט דער ראיה און מחמת דעם קאן איך אליין נישט שרייבן; איך מוז דיקטירן אן אנדערן, אז ער זאל פארשרייבן. און דיקטירן און שרייבן זענען גאר פארשידענע זאכן. ביים שרייבן איז מען אויג אויף אויג מיטן ווייסן בייגעלע פאפיר. עס שאפט זיך אן אומבאקאנטער קאנטאקט צווישן דעם

בתולהדיקן פאפיר און דעם, וואס דארף אויסגיסן זיינע געפילן, פארמולירן זיינע געדאנקען. וויזועל זעסטו די גרייזן, די פעלערן, די אומגעלומפערטקייטן אין זאץ-בוי און דו בעסערסט זיי באלד אויס. ביים דיקטירן געפינט זיך א דריטער אינמיטן, א פרעמדער, און שרייבן איז סוף כל סוף אזא אינטימער ענין, אז עס פארליידט נישט קיין דריטן. איך האב דאס געפיל, אז געדעדטע ווערטער, דורך אן אנדערן פארשריבן, זענען כמו א רעדע פאר אן עולם, און רעדעס זענען צו פייערלעך, געוויינלעך צו קיילעכיק, פאראן אין זיי צופיל פאטאס, זיי זאלן פעיק זיין צו פארבייטן דאס פארשריבענע, וואס איז געגליכן צו דעם, וואס א מענטש רעדט מיט זיך אליין, בן אדם — לעצמו.

און דאך בין איך גרייט גובר צו זיין, מעג זיין מיט ענויים, אלע מכשולים, און זאל עס זיין ווי א פריוואטע זאך, ווי מיינער א בריוו צו דיר, הארציקער פריינד מיינער.

קיינער וועט נישט פרעגן: הבן יקיר לי אפרים? אויף דער מאפע פון אונדזער נאציאנאלן בראך זענען מיר א קליין פינטעלע. "מיר" — דאס איז אונדזער שטעטל. מיר באוויינען דאס שטעטל. מיר באוויינען עס, ווי יתומים באוויינען א מאמען. מיליאנען מאמעס זענען געווען, מיר באוויינען מיליאנען, נאר אלע זענען זיי פארקערפערט אין איינער, אין אונדזער מאמען. פאר יעדן איז דאס טייערסטע זיין מאמע. און א גאנץ לעבן ציט דאך צו דעם דאך, אונטער וועלכן מען איז געבוירן געווארן, צו דעם געסל דיינעם און צו דעם שכנותדיקן געסל, ווייל דארט האט א מיידל געלעבט, פאר וועלכער דיין הארץ האט א ציטער געטאן; צום געסל, ווו עס האט זיך דער חדר אדער די שול געפונען, ווו יעדער שטיין איז אויסגעמאסטן מיט דיינע טריט. אויסרעכענען אלץ, וואס איז פארבונדן מיט יענעם ברוק איז דאך אויסרעכענען אלע טעג פון דיין לעבן, איידער דו האסט דיין שטעטל פארלאזט און אוועק אין דער וועלט. און עס בלייבט דיינס אויף תמיד, ווי עס בלייבט דיינע דיין מאמע. טויזנטער און טויזנטער שטעטלעך, נאר איינס איז דיינס, ווייל עס האט דיר געגעבן צדה לדרך אויף אלע דיינע וועגן, אויף אלע לענגן און ברייטן פון דיין וואנדער-וועג.

*

# אונדזער שטעטל

אונדזער געגנט: קאלק, סאפיוווקע, אסאווע, טשארטאריסק און אנדערע שטעט-לעך האבן געהאט זייער ספעציפיק. ס'האט זיך אונדז געדאכט, אז אונדזער געגנט לעבט נישט בלויז אין אן אנדערן, כ'וואלט עס אנגערופן נוסח, נאר אויך ווי אין אן אנדערער צייט, וואס איז אייגנטלעך שוין לאנג פארגאנגען. ס'האט זיך אונדז געדאכט, אז די יידן ביי אונדז זענען אויך אנדערע ווי ווי ערגעץ-אנדערשווו, מעג עס זיין נישט גאר ווייט פון אונדז. די שטעטלעך, צעווארפן צווישן הונדער-טער קלענערע און גרעסערע אוקראינישע דערפער, זענען געווען ווייט פון שטעט. צענדליקער וויארסט פון דער נאענטסטער באן-סטאציע — אזוינע זענען אויך גע-ווען. זיי זענען געווען ווי טונקעלע אינדזעלעך, פארבאהאלטן אין די טיפענישן פון די וואלינער וועלדער, צווישן דעמבעס, אלכעס, סאסנעס, בעריאזעס און אנדע-רע מינים ווקסיקע ביימער. ווי מיט א גאלדענעם צודעק זענען באדעקט געווען די נידעריקע שטאמען-טיילן פון די מעכטיקע דעמבעס, מיט קופער האבן זיי בעת דער שקיעה אפגעגלאנצט, ווי געזעגנט זיך מיטן טאג, איידער עס פאלט צו די נאכט. די סאסנעס און אויך די בעריאזעס האבן זיך געלאזט פילן אינעם פארמעסט פון קא-לירן. איך וועל זיך נישט אפשטעלן אויף די וווּנדערלעכע פרימארגנס, פרישע לאנ-קעס און פערלדיקע טויען — מיין פאלעטע איז צו ארעם דערויף. אונדזערע אויגן האבן זיך געבאדן אין די קאלירן, אין דעם גרינעם גראז און מיר זענען זיכער גע-ווען, אז קיין שענערע נאטור איז אויף דעם גאנצן כדור הארץ נישט פאראן. איר וועט זאגן: דאס קלינגט זייער נאיוו. אבער אלע פארליבטע זענען נאיוו, און מיר זענען פארליבט געווען אין דעם, וואס האט ביי אונדז, בעת מיר זענען יונג גע-ווען, געהייסן אונדזער נאטור.

און די יידן? די היימישע יידן האבן אין אונדזערע אויגן אויך אויסגעזען אנדערש און בעסער. א קלייניקייט עפעס! נעמט אויף טשעקאוועס די ברייטפלייציקע יידן פון טראכנבראד. זיי זענען באשטאנען פון הוילע מוסקולן. גענוג צו פארמאכן די אויגן און איך זע זיי לעבעדיקע, ווי זיי גארבעווען לעדער ביי די קאדזשעס. א שפיל מיט דער פאנטאזיע, און אט שטייען זיי פאר מיר אין זייערע גערטנער, ביי זייערע פערד אין די שטאלן און אט פראצעווען זיי אויף די ארומיקע פעלדער, וואס רינגלען ארום די הייזער, אונדז אלעמען, ווי אין א קראנץ פון גרינער און געלער תבואה. פראסטע יידן, יידן ווי די שטיקער ערד — וואלט זיך געוויס אויסגעדריקט משה קולבאק, וועלכער האט זיך אנטציקט מיט זיינע פעטערס פון רייסן.

טייערער פריינד, געדענקסט געוויס מיט וואס פאר א דרך־ארץ עס האבן זיך צו זיי באצויגן די ארומיקע פויערים. און עס זענען דאך געווען יידן — פויערים, וואס האבן געצויגן זייער חיונה נאר פון דער מוטערל ערד, גלייך ווי דער או-קראאינישער פויער, אדער פוילישער. דערמאן זיך נאר די יידישע פויערים פון אסא-ווע, פון ווישקאוו. די שטעטלדיקע און פויערים האבן זיך געפילט ווי איין מש-פחה, און נישט זעלטן זיך ארויסגעהאלפן קעגנזייטיק. פראסטע מענטשן, אבער האר-ציקע, מיט העק אונטער די גארטלען אין וועג, און מיט צעפאכעטע — אין די וועל-דער. און וואס זענען ווערט געווען אונדזערע קאוואליעס, די סטאליארעס, די טעס-לער, די באנדארעס און די אנדערע; די שניידער-טאנדעטניקעס און די, וואס זענען אין די קלייטלעך און ביי די קלייטלעך געזעסן? זענען זיי דען געווען קנאפערע בעלי-יחוס, זענען זיי דען נישט ארפגעווארפן געווארן, ווי הויפנס קערנער, דורך א מיסטעריעזער האנט אין די צווישנוואלדיקע וואלינער פליינען, מיטן אנזאג: איר זאלט האבן קינדער, און קינדער מאכן פאר מענטשן; איר זאלט זיך דא איינ-ווארצלען און אויסוואקסן. וואס? מען דארף קוקן אין די ביכלעך, כדי צו געפי-נען די יידישע התחלה? וואס גייען אונדז אן די ביכלעך? קוקט זיך נאר גוט איין אין די יידן, די ארטיקע, זענען עס דען נישט די אמתע מזרעת אברהם, יצחק ויעקב? ווי ענלעך זענען זיי אויף די אבות, וואס מיר האבן מיט זיי זיך אין די חדרים באקענט צוזאמען מיטן חומש. ווי היימיש און אלטגעוואקסן די אבות זענען דא. זע-נען זיי — אויב איר ווילט וויסן — נישט געזייט געווארן, נאר פארווארפן אין די פייכטע, זאפטיקע פליינען מיט א דעסאנט. וואס פלאפלט ער, דער ייד, פון בענק-

שאפט נאך דורות אנגעבונדענע צו איין ווארצל?! זענען דען דאן געווען די רי-זיקע שטאלענע פייגל, וואס יעדער פון זיי קאסט מיליאנען?! ניין, קיין שטאלענע פייגל זענען דאן נישט געווען — עס איז אבער געווען דער פסוק און ער פלעגט אריבערפליען גיכער ווי אן עלעקטרישער פונק פון דרום אויף צפון און אראפזעצן ווי דעסאנטן חיילות פסוקים. און טריי זענען זיי געווען, און אויסגעדויערט דורך אלע צייטן. און קיין שום גזרות האבן זיך מיט זיי קיין עצה נישט געקאנט געבן.

ווען זיי וואלטן נישט געווען איין משפחה, וואלטן זיי דען אויסגעהאלטן, די יידן — מיט די גלייכע רוקנס, מיט די אפענע פנימער, מיט בערד גרויע און ווייסע און אן בערד. זוכט נישט אין די ביכלעך, גיט א קוק אויף חיים "קובעלי", ווי ער גייט מיט דער קאסע אין האנט פארויס און פארויס, און שניידט, און עס פאלן אונטער זיין האנט שווערע זאנגען-קעפ, ער גייט ווי אין שלאכט אויף די פעלדער זיינע צווישן די בריקן און... וואס און? און פיניע "קאשקעלעס" (רעז-ניק) זיצט ער דען נישט ווי אויף א רייט-פערד אויפן גראבן קלאץ און האקט מיט דער ברייטער האק און ס'פאלן שפענער, ווי די, די... ווי?... לאזט צורו, איך ווייס נישט ווי, נאר א גיבור מיט א גרויסער האק, אין א לאנגן טלית-קטן אין דרויסן, ארודעוועט מיט אזא זיכערקייט און רו, ווי ער אליין וואלט געבאלעבאטע-וועט אויף דער ערד. און איז כאטש איין פויער געקומען אויפן זין א לאך צו טאן פונעם ייד מיט דער האק און מיטן טלית-קטן?! בוזיע מאציוער, בוזיע קאוואל — א גוף אן אויסגעגאסענער פון שטאל. מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם פלעג איך אין בין-השמשות ארײנקוקן אין זיין טונקעלער קוזשניע, אויף זיין ברוין פנים א באַ-לויכטנס פון פייער, אויף זייגע הענט, וואס הייבן זיך ריטמיש און קלאפן, גלעטן דאס אייזן, דא שטארק און דא מיט איינרעדעניש: — זעסט, ביסט אין מיינע הענט א פארפאלענער, טא גיב זיך אונטער. וואס, ווילסט ווייטער אין פייער פון גיהנום? — און דאס אייזן פלעגט ווערן נאכגיביק, זיך אויסבייגן. דערזעענדיק מיך, פלעגט דער שמיד א שמייכל טאן און זאגן דעם קלוגן שפרוך: — זעסט מיין קינד, ווען דאס אייזן צעהיצט זיך נישט, וואלט דער האמער געבליבן דער נאר. פארשטאנען?

און ווען עס קומען אויפן רעיון די שטעטלשע אבות, דערמאן איך זיך אין מענדל דעם אפטייקער — מענדל פייערשטיין. ווער ווייסט עס נישט, אז אן אפטייקער איז

געוו‌ֹען דער גראמאטיעי. שייך צו זאגן — ער האט דאך אפילו געקענט לאטיין, און ניִשט נאר א בריוול אנשרייבן. אבער איך האב אים פארגעדענקט ווי ער האט זיין זון — טאנען, און פאראייננוועגס מיר, ארייננגעקנעלט מיט שכל פארשידענע קאפיט-לען פון תנ"ך. געזען אזא אפטייקער? און ביי אים האט עס מיין שוועסטער, ראז-קע, געכאפט דעם ניגון, מיט וועלכן זי האט די תלמידים אירע געלערנט עברית בעברית. און מיט דעם ניגון, און מיט ביאליקן צוהילף, פלעגט זי שטילינקער-הייט, און פאוואלינקע, ארייננציען אירע שילער אינעם קאמיוג.

זיי פליען אויף מיר אן פון אלע זייטן, ווי פון אן אויפגעעפנטן בינשטאק, און פרוו, זאג זיי: "שטעלט זיך אין א ריי, נישט אלע מיטאמאל." זיי קריכן צו מיר, די געשטאלטן, אלע מיטאמאל, נאטירלעך, קודם — גאנץ קאלק. זיי שפארן זיך, קיינער וויל נישט מען זאל אים אויסמיידן. מיט וואס בין איך ערגער פון אן אנדערן? יא, קיין ערגערע זענען נישט געווען — אלע קאלקער, אלע פון איין משפ-חה, א קליינער טייך און א סך פיש.

שלום-עליכם, איציק ווערבער! זע, ווי ער האט זיך ארויסגעשפארט אין סאמע שפיץ, און איך געדענק אפילו נישט דעם קאליר פון זיין בארד. איך געדענק נאר, אז זי איז געווען ברייט צעשוווומען. איך געדענק זיינע דיקע ברעמען. אבער איך געדענק אים אין זיין טאג-טעגלעכער סביבה, אן ארומגערינגלטן מיט טישן, שאפעס, בענק און א תהום מכשירים און ברעטער און ברעטלעך פון פארשידענע גרייסן. און די אלע זאכן האבן געגלאנצט און זיך קעגנזייטיק אפגעשפיגלט, ווי אין שפיגלען, און, ערן-ווארט, קיין איין מאלער איז נישט געקומען אויפן געדאנק אנצומאלן אזא אינטערעסאנטן און אריגינעלן נאטיור-מאר! — און הוילע פארמען געאמעטרישע, א קוביסטיש שטיקל ארבעט, כאטש איך בין זיך נישט אן א גרונט משער, אז ער האט נישט געוווסט בכלל וועגן אזא שיטה. ער וויגט זיך הין און צוריק, און פון אונ-טער זיין הובעל דרייט זיך ארויס א לאנגע הילצערנע ספיראל. פארוואס נישט מאלן א קאמפאזיציע מיט א ציטרע-צוגעטראכטן נאמען, בפרט, אז דא שמעקט מיט אלע ריחות פון וואלד, מיט זשיוויצע און סאסנע. אמת, עפעס א צומיש פאראן, וואס געהערט נישט דער וואלד-פארב — פאליטור. דאס האב איך דעם צומיש אמאל געשפירט; איצט, ווען ער קומט צו מיר אויף א רגעלע צו גאסט, שפיר איך נאך דעם גלאנץ און די וואלד-ריחות, אן יעדן צומיש. איך פרווו זיך איינקוקן אין אים לענגער,

מיך מאטערט, איך מוז זיך דערמאנען, וואס פאר א קאליר זיין בארד האט געהאט. דאס מאטערט מיך, איך שטרענג אן די ראיה, ווי ער וואלט געשטאנען פאר מיר און איך בין אין דעם מצב, אין וועלכן איך בין איצט, און זע בלויז א סילועט, אבער נישט קיין קאליר. פרעג איך אים, ווערבערן: — וואס פאר א קאליר האט אייער בארד? — נעמט ער און פארשווינדט.

איך בין געשטאנען מיטן רוקן צום פארשרייבער, גערעדט און גערעדט און נישט דערהערט, אז מען קלאפט אין טיר. געעפנט — א באקאנטער, אינגאנצן נישט קיין פארטרויטער, קאן איך שוין קיין ווארט נישט זאגן. איך כאפ זיך אויף ווי פון א חלום. איך בין דאך געווען אין עבר — האט מען מיך אויפגעוועקט.

*




א געסל אין קאלק (דער רינג)

# ג ע ס ט

מיר קומען זיך מיט מיין פארשרייבער צונויף ווידעראמאל. ער זיצט מיט דער פעדער אין האנט, און איך ווייס נישט פון ווענען אנהייבן, ווי אנהייבן. ער ווארט געדולדיק, און איך בין פארקוקט אין א ווינקל, ווי איך וואלט פון יענעם פינטעלע געוואלט ארויסציען דאס שנירל פון מיינע זכרונות. עס יאוועט זיך צו מיר א ווייסע געשטאלט, אבער טאקע אינגאנצן ווייס: א זקן מיט א ווייס בערדל, ווייסע ברעמען, ווייסע האר, א ווייסער פארטעך אויף אים. נו יא, דאס איז דאך דער זיידעניו, דער אלטער בעקער ליפלעווסקי. ער שטייט אין דעם גריבל ביים אויוון, ווי אן ארויסגעוואקסענער פון דער ערד, דעם קאפ פארבויגן צו די טירלעך פון דעם פלאקערנדיקן אויוון. א גאסט אין מיין רעיון — נעמט אויפלעבן אין מיר זיין שמייכל, דערמאן איך זיך ווי איך זיץ מיט אים אויפן גאניקל.

...איך דארף זיך נאר דערמאנען א נאמען, קומט צו מיר א גאסט.

שלום-עליכם, מאנעס אייזענבערג! א מאדנער מענטש! ער האט אלעמען ליב געהאט, און אלע האבן אים ליב געהאט. דעליקאט, איידל, און דאס לעבן האט דאך אים נישט געשאנעוועט פון די יינגסטע יארן-אן. ער איז נאך ממש א קינד געווען, ווען ער איז געבליבן א קיילעכדיקער יתום — אן א טאטן און אן א מאמען, דערפאר אבער מיט א שווערן עול. געווייגלעך זאגט מען: דער מאן איז געשטארבן, און זי איז געבליבן מיט פיצלעך קינדער אויף די הענט. דא איז געבליבן מיט פיצלעך קינדער — ער — אליין א קינד. דאס הווארע-דארע בחורל האט געדארפט ווערן א טאטע און א מאמע פאר זיינע דריי קליינינקע שוועסטערלעך און פארן ברודערל — דעם קוועקזילבערדיקן מאירל.

די שטוב, אין וועלכער זיי האבן דא געוווינט, קאן מען קוים אנרופן "שטוב". עס איז געווען, ווי א שטעלעכל פון אבי-ווי צונויפגעקלאפטע גרינע ברעטלעך, מיט א שינדל-דעכל איבער דעם; א דעכל, וואס האט געדענקט די עלטער-באבען.

דאס שטיבעלע האט פארמאגט א שיין גאניקל, וואס האט, ווי א יונג נעזל, ארויסגע-שטעקט אויף אן אלט, צעקנייטשט פנים.

אויף דעם גאניקל זענען זיך צונויפגעקומען די שכנים און געקנייטשט די שטערנס, וואס טוט מען מיט די יתומים, נעבעך? מען דארף זיי אוועקגעבן אין לוצקער יתו-מים-הויז. דו, מאנעס — האבן זיי אים געזאגט — ביסט דאך אליין א קינד, ווי קאנסטו נעמען אויף זיך אזא משפחה, קיין עין-הרע?

אבער מאנעס האט געהאט איין ענטפער: — ווי איך וועל לעבן, אזוי וועלן זיי לעבן.

— פון זאגן נעמט מען נישט טראגן — וואס הייסט, אפילו דאס שטיבל איז דאך נישט זייערס, עס איז דאך א געדונגענס...

מאנעס איז אבער געווען אן עקשן: ערגעץ נישט און קיינעם נישט — וועט ער "זיינע" קינדער נישט אפגעבן.

ווען ס'איז נאר געווען ארבעט, האט ער געפראצעוועט פון קאיאר ביז ס'איז צו-געפאלן די נאכט, און דערביי שטענדיק געווען א שמייכלענדיקער. וואס האט ער גע-שמייכלט? אפשר צוליבן געדאנק, אז מען זאל נישט געפרוט ווערן, צו וואס מען קאן געווינט ווערן?! א מענטש קאן אלץ אויסהאלטן... האט מען אבסערווירט, ווי ער שלעפט דעם שווערן יאך און אלץ מער באקומען דרך-ארץ פאר אים, און צוזאמען מיטן דרך-ארץ — מענטשלעכע ליבשאפט, ווארעם ווי קאן מען נישט ליב האבן אזא מענטש? ער האט זיך מיט דער צייט אויסגעבויט אן אייגן שטיבל און אויסגעכאוועט און דערצויגן דריי שיינע שוועסטער, און דער קליינער מאירל איז געוואקסן א בר-דעת, וואס האט זיך געשארט ארום דערוואקסענע, און מיט מיר, וואס איך פלעג אפט אריינקומען צו זיי, איז ער געווארן א גאנצער "נאש-בראט".

אלע זענען זיי אומגעקומען, נאר מאיר אייזענבערג איז ניצול געווארן. מיט עטלעכע צענדליק יארן האב איך זיך מיט אים, מיט מיין אמאליקן סימפאטישן פריינד, געטראפן אין ווראצלאוו און לאנג מיט אים דערמאנט דאס, וואס איז געווען, און איז אוועק. לעצטנס באקום איך פון אים גרוסן — ער וווינט אין ישראל.

און סראליק, דער באלעגאלע? א פראסטער פאלקסמענטש, אבער נישט קיין גראבער יונג. עס שפרודלט פון אים מיט ווערטלעך און גלייכווערטלעך — אין יעדער צייט און צו יעדן פאל. א שטיקל טביה דער מילכיקער, נאר אן פסוקים. ער האט יעדן אפ-

געגעבן דעם כבוד, וואס אים קומט, אבער פאר קיינעם זיך נישט געבוקט. דער אמת אליין איז געווען זיין לייבלעכער חבר. איך דערמאן זיך: צוזאמען מיט מיינעם א חבר, פון ראזשישטש, א לערער, האט ער אונדז מיט זיין פור געפירט קיין לוצק אויף א קאנפערענץ. סראליק האט די גאנצע צייט גערעדט צו זיינע פערד, און מיין חבר האט נאטירט. ער, דער פורמאן, האט זיך אפילו נישט אומגעקוקט, נישט באמערקט וואס מיין חבר טוט. ער האט גערעדט צו זיי מיט גוטן און מיט בייזן: — ווען מען דארף שלעפן דעם וואגן פון זאמד ארויס, זענט איר פויל, נאר אז איר האט פאר זיך א גלאטן וועג, א לייכט שטיקל ארבעט, פליט איר, אז ס'איז שוין נישטא קיין כוח אייך איינצוהאלטן, פערד, וואס איר זענט. און קאסטן קאסט איר דאך מיך, אז איר שאבט פון מיר די הויט אראפ. איר ווילט גארנישט וויסן, א רוח אין אייער טאטנס טאטן ארײַן, אז אויסגעוואקסן איז מיר א מכה אויפן קארק: אן אוי־טאבוס גייט פון קיווערצע קיין קאלק און נעמט מיר די יאזדעס אוועק. נו, פריי־לעכער אביסל! צו דער באן וועלן מיר באווייזן צו דער צייט, ווארעם איר האט, גאט צו דאנקען, א קלוגן באלעבאס, האט ער גענומען, זינט דער אויטאבוס גייט, ארויספארן פריער, עולם זאל וויסן, אז מיט מיר זענען זיי זיכערער. פיר פערדי־שע פיס לויפן טאקע לאנגזאמער ווי פיר רעדער ביים אויטאבוס, ביי ווען עס האלט אין איין בורטשען אין זיין אייזערנעם בויך, און שטעלט ער זיך אפ, איז גיב אים כאטש צען קרענק, וועט ער זיך פון ארט נישט רירן. און דו, תכשיט מיי־נער, אז דיין סראליק בעט, שטעלסטו פונדעסטוועגן קאמאשן, אז עס גייט א רויך. איך האב א בייטש, און דו — א פעל, אבער זאגט אליין, סוסים מיינע, האב איך ווען נישט־איז אייער פעל געשניטן? איך פייף מיט דער בייטש, איר זאלט וויסן, וואס איך מיין, און איר, ווי די חדר־יינגלעך, מאכט דעם אנשטעל, אז איר האט מורא.

ער האט זיי אויסדערציילט, זיינע "שפייזער", אלץ וואס פון אונטערן נאגל, זיי זאלן וויסן, ווי טייער איז ברויט, און ווי ביליק דער טויט.

אין עטלעכע יאר שפעטער האב איך געלייענט אין א "ייווא"־אויסגאבע א גרוי־סע נאטיץ: "א געשפרעך מיט פערד" — דאס איז טאקע געווען מיין חברס א קארעס־פאנדענץ וועגן סראליק באלעגאלעס דרשנען צו זיינע סוסים.

שלום-עליכם אייך, געסט, געסט פון יענער וועלט, געסט פון מיין קינדהייט אויף דער וועלט, אויף אונדזער בלוטיקער ערד!

אז איך דערמאן זיך אין סראליק באלעגאלע, קומט צו מיר צוגאסט "מאיר דער סאלדאט". איך האב אים שוין געקענט אלס זקן. אבער ס'האט זיך מיר פארגעדענקט א מעשה שהיה, וואס מיין טאטע האט דערציילט. און דער טאטע מיינער האט מיר גע-האט דערציילט, אז ווען עס איז אויסגעבראכן די ערשטע וועלט-מלחמה, איז אויף דער נשמה פון די שטעטלדיקע יידן געווארן זייער סומנע. מען האט נאך נישט פאר-שטאנען די גרויס פונעם אומגליק, אבער א פינצטערע כמארע האט פארצויגן דעם הימל. שוין דאס אליין, וואס אונדזער שטעטל איז געלעגן ביים טייך סטיר, האט אנגעווארפן א מורא — מען פלעגט זאגן: "מיר ליגן אויפן סאמע מיטן וועג, נאר צו ממיתן און צו קוילען." דער פראנט האט זיך צו אונדז דערנעענערט, די צענ-טראלע געסלעך, ווו יידן האבן געוווינט, זענען באלד פארברענט געווארן.

הכלל, ויהי היום, מען איז זיך געזעסן אויף די פריזבעס, ווי אמאל: איש תחת גפנו, איז פון ראזניטש, א דארף, וואס איז געלעגן נעבן אונדזער שטעטל, האט זיך דורך דער ערשטער און צווייטער בריק, ווו דער סטיר פלעגט זיך צעטיילן אויף צוויי באזונדערע שטראמען, אריינגעריסן א גרויסע מחנה קאזאקן. זיי האבן זיך אין שטעטל נישט אפגעשטעלט, נאר געצויגן זיך אין דער ריכטונג פון קיווער-צע און לוצק. פון דער לעצטער גרופע האט זיך אפגעריסן א קאזאק און צוגעפארן צו מאיר סאלדאטס שטיבל. א גארנישט מיט א נישט, א פוסטע זאך, אבער דאס איז געבליבן אין זכרון ביי די תושבים פון שטעטל. אבער איידער וואס-ווען, מוז איך דערציילן א מעשע אין א מעשה.

איך, ווי שוין געזאגט, האב געקענט מאיר סאלדאט אלס זקן. ער פלעגט פארטאג קלאפן אין די פארמאכטע לאדנס און אויפוועקן די יעניקע, וועלכע האבן געדארפט מיט דעם באלעגאלע פארן צו דער באן. ער פלעגט אויך אפווארטן יעדע פזר, וואס פלעגט קומען אין שטעטל אריין און דערקענען ווער איז א מעקלער, ווער א סוחר און שוין געפונען לשון צו קריגן ביי אים די עטלעכע גראשן. איך געדענק אים אלס א הויכן דארן ייד מיט א קליין בערדל, ווי א בעזעמל, אנגעשפארט אויף א גראבן שטעקן, וואס זאל אונטערהאלטן זיין לייכטן גוף — א שווערן פון יארן. ער פלעגט זיצן גאנצע טעג ביים בריקל אינמיטן שטעטל, ביי שלמה שלייענס שטוב,

ארומגערינגלט דורך יינגלעך און דערציילן זיינע מעשיות. ער האט אלץ געוווסט, וואס אין שטעטל איז ווען געשען, און אפשר נישט אזוי געוווסט, ווי געקענט אויסקלערן. א דערציילער איז ער געווען א געבוירענער, און יעדע מעשה זיינע האט אויסגעזען כשר אמת. איך, מיט לייבעלע סטאווקער, זענען אויך געווען היי-סע צוהערער פונעם זקן. מאירן האט דאס רעדן און דערציילן קענטיק פארשאפט גרויס פארגעניגן. טאמער זענען ווייניק געווען זיינע מעשיות, פלעגט ער זיך, ווי אויף עדות, פאררופן אויף זיין טאטן, זיידן און אפילו עלטער-זיידן. צווישן זיינע מעשיות זענען געווען געשיכטעס וועגן ארענדארן, פאכטערס און אנדערע דארפס-יידן. אט די דאזיקע דארפס-יידן פלעגן אויף יום-טובים קומען אין שול אריין און מיטברענגען כל-טוב, און דערמיט — מיט פלייש און פוטער, קיכלעך און לעקעך — אלעמען מכבד זיין. ער פלעגט טשמאקען מיט דער צונג, מאיר, ווי ער וואלט נאך געשפירט דעם טעם פון יענע כבודים: פון דעם בראנפן, גענדז, גריוון, וואס אין היינטיקע צייטן, פלעגט ער פארזיכערן, זעט מען אפילו אזוינע אין די אויגן נישט אן. און כאטש די דארפישע זענען געווען אמתע נגידים און פיינע לייט, האט מען זיי קיין מפטיר נישט געגעבן, ווארעם אמראצים קומט נישט אזא כבוד.

מעשיות וועגן שדים און רוחות פלעגט ער דערציילן פונקט מיט דעם זעלבן רעא-ליזם, ווי די שטעטלשע מעשיות וועגן עגונות, געטויפטע, וועגן א כשר מיידל, וואס האט אין מיצקע דערינען א ממזר געבוירן.

די שדים האבן געהאט זייער פלאץ. זיי פלעגן זיך נאך חצות צונויפקומען ביי דער גרויסער שול. מאיר פלעגט אנרופן ביי די נעמען מענטשן, וואס האבן זיי גע-זען בעינים, דאס הייסט — מיט די אייגענע אויגן. אמת איז, אז די, וואס האבן די שדים געזען מיט די אייגענע אויגן, זענען געווען שטארק בגילופין, אבער וואס ענדערט דאס?

צעשמעלצן פלעגט זיך דער זקן, ווען ער פלעגט דערציילן וועגן די "שמד-שטיק" פון די "איינאונצוואנציק-יאריקע" אדער די "איינאונצוואנציקער", ווי מען פלעגט געוויינלעך רופן די "נאוואבראנצעס".

יעדן יאר פלעגט זיך איבערחזרן דאס זעלבע. עטלעכע צענדליק בחורים האבן בא-קומען "פאוויעסקעס" צום פריזיוו.

מיט וואכן פארן שטעלן זיך צו דער מיליטערישער מעדיצינישער קאמיסיע, וואס האט געדארפט פסקענען: ״גאדיען״ אדער ״ניע גאדיען״, האבן זיך פיל גענומען מיען צו זיין ״ניע גאדיען״ — מען פלעגט נישט שלאפן, נישט עסן און טאן נאך עפעס ערגערס. דאס איז באוווסט. דינען דעם קיסר מיט זיינע פאגראמען איבער יידן האט זיך יידישע בחורים נישט געוואלט (און ווער האט זיך יא געוואלט?), גאנצע נעכט פלעגן זיך די ״נאוואבראנצעס״ לאזן ווילגיין — חי געלעבט, זאל זיין געלעבט! ״פאסלעדני׳ נאניעשני׳ דיעניאטשעק גוליאיו ס׳וואמי יא דרוזיא, א זאווטרא ראנא טשוט׳ סוויעטאטשעק זאפלאטשעט ווסיא מאיא ראדניא״ — אזוי האבן געזונגען די רוסישע ״נאוואבראנצעס״. די לעצטע פרייע טעג, די לעצטע פרייע נעכט — פלעגן אויך די יידישע ״פריזיוניקעס״ ארומגיין איבערן שטעטל, זינגען, לאכן, נישט לאזן מענטשן שלאפן און אפטאן ״פוילע שטיק״. מ׳האט, דהיינו, אראפגענומען אלע שילדן פון די קלייטן און ווארשטאטן און זיי פארביטן. אויף א שוסטער-ווארשטאט — א שילדל פון א שניידער און פארקערט; פון א קיר-זשנער-ווארשטאט אויף א יאטקע, און פארקערט און אזוי ווייטער. פארטאג איז יע-דער געלאפן אויפזוכן זיין שילד. די שילדן פון די, אויף וועמען מ׳האט ״געהאט א הארץ״, האט מען פארווארפן, און גיי זוך דעם ווינט אין פעלד.

טעג האבן זיך געביטן אויף נעכט, און אין די נעכט האט זיך ווידער איבערגע-חזרט די זעלבע ״חתונה״. מאנכע האבן געלאכט, אנדערע — געוויינט, א טייל האבן געוואלדעוועט, אז מ׳קאן פון די לאבוזעס די ״פאפלעקציע כאפן״.

א מנהג איז אויך געווען, אז יעדער פארמעגלעכער איינוווינער האט געדארפט מנדב זיין עטלעכע מטבעות פאר די ״נאוואבראנצעס״. און זיי א גבור, און זיי נישט ״מנדב״ — אזא העלד פלעגט נאכדעם האבן ״צו זינגען און צו זאגן״: מ׳האט פארבונדן די טירן מיט שטריק פון אויסן, מען זאל נישט קאנען ארויס פון די שטובן, מ׳האט מיט נאפט באגאסן א שמאטע און אונטערגעצונדן, אויפהייבנדיק א געשריי: ״עס ברענט!!!... עס ברענט!״... און די גבורים, די פארשולדיקטע, קא-נען נישט ארויס פון די פארשפארטע הייזער... נעמט מען ווארפן דורך די פענצטער דאס בעטגעוואנט; דאס האב-און-גוטס... היינט די געשרייען, די געיאמערס!...

און גיי זיי א בריה, און גיב נישט; קויף זיך נישט אויס פון די הפקר-יונייעס!...

די "בייזווויליקע" האט מען נישט זעלטן אריינגעגאסן צעפלאסענע סמאלע אין די שטיבער; הארעווע וואכן ביז דו וועסטאפקראצן... זיי א העלד און זיי א חכם — שפאר זיך איין און גיב נישט, ווען די יונגען "בעטן"... איינעם, אן עקשן, א פראצענטניק, האט מען איין נאכט אלע בית-הכסאות געבראכט אונטער זיין שטוב, אז ס'האט פארכאפט דעם אטעם א קילאמעטער די ווייט...

דאס האט דערציילט מאיר סאלדאט. אבער וואס האט דערציילט מיין טאטע וועגן מאיר סאלדאט? — די מעשה, וואס איך האב איבערגעריסן אין סאמע אנהייב?

הייסט עס, דער קאזאק, וואס האט זיך אפגעריסן פון זיין טייל און פאר-פארן צום שטיבל, ביי וועלכן עס איז מנוחהדיק געזעסן ביי דער פריזבע מאיר סאלדאט, האט אנגעשטעלט אויף אים זיין פיקע און א געשריי געטאן:

— העי, דו זשיד! טראג שוין ארויס א שבת-בולקע!

מאיר האט זיך נישט גערירט פון ארט, נאר מיט פארוואונדערונג אנגעשטעלט זיין בליק אונטער די אנגעברוגזטע ברעמען אויפן קאזאק. דער קאזאק האט זיך נאך מער דערנעענטערט און, דראענדיק, איבערגעחזרט:

— ברענג שוין ארויס א שבת-בולקע!

מאיר האט זיך אויפגעהויבן רואיק, ווי געוואלט אויספילן געהארכזאם זיין באפעל, און אריינגעשריגן צו זיין וויב:

— ברענג מיר ארויס די האק! — און דאס ווייב האט געבראכט די האק.

איז געשטאנען דער קאזאק מיט א רוצחיש פנים, די פיקע געווענדט צום יידס ברוסט, און קעגן אים א דארער ייד, מיט א פארריסן ציגן-בערדל מיט א האק, גרייט יעדע מינוט, ווי א פאנטערע זיך א ווארף טאן און שפאלטן דעם קאזאק דעם קאפ.

דער קאזאק איז געשטאנען ווי צוגעשמידט צום ארט: "מען בעט ביי א ייד א שבת-בולקע — נעמט ער א האק?!" — ער האט אראפגעלאזט די פיקע, א שפיי געטאן, און מיטן שפיי צוזאמען ארויסגעווארפן א לאנגן רוסישן "מי שברך", א שמיץ גע-טאן דאס פערד און אפגעפארן...

*

פון לאנגע יארן האבן אין שטאט געלעבט יידן, וואס זענען געווען פון פאך — וואלד-בראקערס. וויאזוי זענען זיי געקומען צום דאזיקן פאך, ווייס איך נישט. איך ווייס אבער יא, אז זיי זענען געווען גרויסע ספעציאליסטן. מען האט דער- ציילט וועגן אזא פאל, ווען דיפלאמירטע פאכמענער — דער פוילישער וואלד-אינ- זשיניער, סטשאלקאווסקי און א באקאנטער האלץ-ספעציאליסט פון ווארשע, א געווי- סער קעניג, האבן זיך צוויי טעג ארומגעאמפערט, צי מען זאל א וואלד-"דיעלאנקע", באשטימטע אויף אויסצוהאקן, צוגרייטן דארט "דובעלטאקעס" (דאפלטע באן-שפאלעס), צי אן אנדערן מאטעריאל. זיי האבן זיך ממש געקריגט און געוואַרט ביז עס וועט קומען איינער פון די יידישע וואלד-בראקערס, כדי פארלאזן זיך אויף זיין פסק. און לויט זיין פסק האבן זיי טאקע געהאנדלט.

*

שפעט-הארבסט און ווינטער פלעגן אנקומען "פאלעשוקעס" — פויערים פון די זומפן צווישן וואלין און פאלעסיע. געקומען אין פאסטאלעס, פון ליקע געמאכטע, אויף די פיס; אין גראבע, אייגנהענטיק געשפינטע הויזן; אין פעלצן, פון אלט- קייט גלאנצנדיקע; אין קוטשמעס, פון אונטער וועלכע ס'האבן ארויסגעשפארט, ווי בינטלעך גראז, זייערע האר, וואס האבן אפשר יארן-לאנג קיין קעמל נישט "געזען". זיי האבן זיך גענומען "וואלגערן ביימער". ס'איז לייכט צו זאגן "וואלגערן". פריער האט מען זיי געדארפן "אונטערהאקן", שפעטער זעגן, און ווען עס איז איבערגעבליבן דעם בוים צו דערשניידן, פלעגט מען אים דורך א געניטן דרוק אומ- וואלגערן. און אזוי איין בוים נאכן אנדערן. דאן פלעגט מען אויף דעם "שלאכט- פעלד" פון "פארשניטענע" ביימער צוטרעטן אפהאקן די צווייגן און סארטירן די שטא- מען לויט זייער באשטימונג צום באנוץ: אויף שפאלן, ברעטער, אויף שיף-בוי און אויף פיל אנדערע צוועקן.

ווען דער "חורבן" איז געווארן פארענדיקט, און די ערד צוגעפרוירן, פלעגן קומען די "וואזאקעס": פאליאקן — מאזורן מיט גרויסע געזונטע פערד. מיט שטא- לענע לינקעס פלעגט מען ארויסציען די שטאמען צום וועג, זיי אויסלייגן, און גע- בונדענע, אויף קורצע שליטנס, זיי ארויספירן צו די ביאלע ברעגעס, עטלעכע קי- לאמעטער פונעם שטעטל. דארט פלעגט מען פון א בערגל דארפן אראפלאזן די שטאמען א וואסערע פערציק-פופציק מעטער צום טייך. אט דאס אויסלייגן די קלעצער צום

אראפלאזן צום טייך איז, געווען א גרויסע תורה. ווייל די חכמה איז באשטאנען אין דעם, אז די ביימער, אויסגעלייגטע איינע אויף די אנדערע אונטער א מער-ווייניקער גלייכן ווינקל, זאלן זיך האלטן און זיך נישט רירן פון ארט. פער-פענדיקולאר צו די שטאמען פלעגט מען אויף זיי אויסלייגן דרענגלעך, און דערויף — א נייע רייע שטאמען. אזויארום איז אויסגעוואקסן א ריזיקער קופ /"שטאבעל"/, וואס איז געשטאנען אזוי לאנג, ביז מען האט זיי געדארפן לאזן אין טייך אריין און בינדן פון זיי פליטן. א לאנגער שטיק פונעם טייך-ברעג איז אויסגעפילט גע-ווארן מיט אזוינע קופן.

*

די מאזורן זענען ביי דער ארבעט געווען גרויסע בריות. יינגלווייז פלעגן זיי קומען אין וואלד מיט זייערע טאטעס און שפעטער געירשנט זייער פאך. דאס צונויפבינדן די טראטוועס אויפן טייך איז שוין געווען די ארבעט פון די ארומי-קע פויערים. אבער אויך דאס האט געפאדערט קענטעניש און דערפארונג. די פליטן-בינדער האבן געדארפט ארבעטן מיט א מאטעמאטישער פינקטלעכקייט און אליין האבן זיי אפילו נישט געקענט זיך אונטערשרייבן. די פאראנטווארטלעכסטע פון די אלע סעריעס ארבעטס-פראצעסן איז געווען דאס אראפלאזן די קלעצער צום טייך. עס האבן געמוזט זיין אויף דער אויבערפלאך צום בינדן פונקט אזוי פיל קלעצער, וויפל מ'האט געדארפן — קיין אלין קלאץ נישט מער און קיין איינער נישט ווייניקער. די קלעצער האבן געמוזט זיין געבונדן אין א געפאדערטן סדר: די גראבע און די-נע עקן אהין-און-אהער. ווייל טאמער איז נישט אפגעהיטן געווען קיין שטרענגער סדר, קאן זיי דער שטראם פארטראגן, און דאן שיט זיי זאלץ אויפן עק.

און ראשית חכמה: אראפלאזן יעדן קלאץ אזוי, ער זאל נישט מיטשלעפן די אנ-דערע און צעווארפן אויפן ברעג אין הפקר די שטרענג-אויפגעבויטע קובן. איין פעלער, און ס'קאן קומען צו א קאטאסטראפע. די צונויפגעבונדענע טראטוועס קאנען צעשליידערט ווערן און אוועקשלעפן מיט זיך אויך די מכשירים, דאס געצייג — אלץ, וואס זיי ווען אנטרעפן אויפן וועג — אויך מענטשן, וואגנס, פערד. צע-פאלט זיך דער קופ, צעשפארט זיך די מאסע אין אלע זייטן.

*

א גרויסער בריה אין זיין פאך איז געווען א פויער, סעמען, פונעם דארף נאוואסילקא. א יונג מיט א גלאנציקן דאשעק איבער די אויגן, קורצע וואנסן, שווארצע ברעמען און קליינע גניבישע אייגעלעך — א יונג א גיבור. עכטע שטיוול אויף זיינע פיס, און נישט קיין פאסטאלעס, ווי ביי די איבעריקע, א וויצלער, א פריילעכער יונג; די מיידלעך פלעגן מיט א צופרידענער קוויטשעריי זיך צעלויפן פון זיינע הענט. א כוסה האט ער ליב געהאט, אבער ביי דער ארבעט — תמיד ניכטער. די קלעצער, ווי זיי וואלטן פארשטאנען זיין לשון, האבן זיך געקייקלט צום טייך רעגלמעסיק, און רואיק זיך געלייגט איינע נעבן די אנדערע.

ויהי היום, אין א שיינעם זומער-פארנאכט, איז ער זיך אזוי געשטאנען ביי דער ארבעט, און פון דער אנדערער זייט איז געשטאנען א ייִנגל מיט א דרענגל. ריטמיש האבן זיי פון ביידע זייטן אנגערירט די קלעצער, און זיי האבן זיך גע-נומען קייקלען, ווי זעלנער אויפן באפעל: איינע נאך די אנדערע אזוי, אז ס'איז ממש געווען א פארגעניגן צו קוקן.

פלוצלונג האט עפעס א טראסק געטאן, א זעץ געטאן, ווי א דונער פונעם לוי-טערן הימל. מיט א שוידערלעכער בראזגעריי, ווי אין גיהנום, האבן די קלעצער אין א סכנהדיקער אומארדענונג, מיט א גוואלדיקן אימפעט, ווי פון אן ערדציטער-ניש, גענומען שפרינגען איינע איבער די אנדערע. דער רעש און בראזגעריי איז אנ-געוואקסן פון סעקונדע צו סעקונדע. דער קוב איז זיך צעפלויגן אין אלע זייטן, ווי ער וואלט אין ווילדן געאייל זיך געקליבן חרוב מאכן די וועלט.

און ווידער פלוצלונג האבן צוויי קלעצער זיך געשטעלט "דיבאם" און מיט א גוואלדיקןאימפעט זיך אריינגעהאקט אין דער ערד. זיי האבן גענומען אויף זיך דעם ווילדן געדראנג, אויסגעהאלטן, ווי צוויי גבורים. די שפארעניש און דער גוואלדיקער קלעצער-אימפעט איז שוואכער געווארן, שטילער געווארן, און צום סוף איז די קלעצער-מאסע געבליבן ליגן אומבאוועגלעך, ווי א פארווונדעטע חיה.

אין דער אנטשטאנענער שטילקייט האט מען דערזען ווי סעמען שטייט מיט די הענט אין די באקעס, א פארכישופטער פון די צוויי קלעצער-"גבורים", וועלכע האבן אויף זיך גענומען די געפאר און פארהיט, דער אומגליק זאל נישט ווערן נאך גרע-סער. און טאקע אין דעם מאמענט איז **דאס** געשען. אונטערן דרוק פון דער מאסע האט געפלאצט א דרענגל, און זיינס א שפליטער האט מיט דער גאנצער קראפט געטראפן סע-

מענען אין יעדע פיס, און זיי איבערגעהאקט. אן אומגליק. א קרבן. און, ווי דער שטייגער, גיך האט מען אין דער דאזיקער מעשה פארגעסן. דער אומגליק איז געבליבן ביי סעמענען.

איינער האט אבער נישט גערוט. דאס איז געווען כוועדאר באיקא, א שוסטער. א מערקווירדיקער טיפ — אן אוקראינער, וואס האט גערעדט אוקראיניש מיט א יידישן אקצענט, דערפאר אבער יידיש, ווי אן עכטער ייד. א גאנץ לעבן געלעבט צווישן יידן, איז וואס דער וווּנדער? איין אונטערשיד איז יא געווען: פון אונטערן רעקל האט ביי אים ארויסגעשטארצט א סאטינענע העמדל, פארוואָרפן אויבן איבער די הויזן. א באָרד, כאטש א בלאנדע, אויך ווי ביי יידן. העברעישע ווערטער אין לשון, א משל, א שפּריכוואָרט, א יידישע קללה: "געשען איז עס צווישן מנחה און מעריב", "צו שלוש סעודות", "אן אקס האט א לאנגע צונג, און קאן קיין שופר נישט בלאזן", "מען האט אים ארייגעשבנט אין דער חד-גדיא", "רוף מיך קנאקניסל" — אזא איז געווען דער לעקסיקאן פון זיין יידיש-לשון.

*

עס איז זיך פארלאפן אזא מעשה אין שטעטל: אלע יארן זענען געווען אין קאלק צוויי שוחטים, און מיטאמאל האט זיך געיאוועט א דריטער. איז אויסגעבראכן א גרויסע מחלוקת. ארום דעם פריש-געבאקענעם שוחט האבן זיך פאראייניקט באלמעלא-כעס, ארעמע הענדלער; ארום די פריערדיקע שוחטים — רייכע סוחרים, תקיפים, די מישטיינס געזאגטע "קאלקער טייסטערס". כוועדאר באיקא איז אין דער מחלוקת, אין וועלכער עס האבן זיך ארייגעמישט די צדיקים פון סטאלין, טריסק און אנדערע מקומות, געשטאנען אויפן צד פונעם נייעם שוחט, צוזאמען מיט די אנדערע קבצנים. ער האט געשריגן שטארקער פון אלעמען: "מיר מוזן האבן אונדזער אייגענעם שוחט!"

און טאקע דער דאזיקער כוועדאר האט אין א וואסערע אכט-ניין חדשים נאכן אומגליק מיט סעמענען זיך דערוווּסט, אז ביים געליטענעם האלט שוין זייער שלעכט. נישטא קיין ברויט, און אפילו — קארטאפל. סעמענס שיין ווייב איז פאר דער צייט פארחושכט געוואָרן ביז נישט צו דערקענען.

ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז די סוחרים האלטן, אז סעמען איז אליין שולדיק אין זיין אומגליק און דערפאר קומט אים נישט קיין שום אנטשעדיקונג, בפרט, אז זיי האבן מיט אים קיין שום קאנטראקט נישט געהאט. לאזט מען אים מיט דער משפחה פראסט אויסגיין פון הונגער.

כוועדאר האט זיך אנגעצונדן, און צו ווענען עפענען א טיר, האט ער געוווסט.

ער איז אוועק צו די יידישע וואלד-בראקערס:

— יידן, העלפט!

די וואלד-בראקערס האבן צו דעם ענין קיין שום שייכות נישט געהאט. זייער ראל ענדיקט זיך אין וואלד, נאך איידער מען נעמט די ביימער און קלעצער ארויס-פירן פונעם וואלד. אבער כוועדאר האט געוווסט, אז יושר שטייט אין א יושר-דיק הארץ. איז ער געקומען צו די יידישע בראקערס.

הכלל, די וואלד-בראקערס זענען געווארן די מאנערס פאר סעמענען ביי זיינע סוחרים. די סוחרים האבן זיך איינגעעקשנט ווי אלטע אייזלען: נישט עס קומט אים, סעמענען, נישט זיי וועלן אים א פרוטה געבן.

— איר זאגט, אז איר האט מיט סעמענען קיין קאנטראקט נישט געהאט — האבן געטענהט די בראקערס. — גוט! מיט אונדז האט איר אויך נישט קיין קאנטראקט, אבער אז א בוים וועט אויף אונדז אומפאלן און אונדז מאכן פאר קאליקעס, וועט איר אויך אפווישן די הענט, ווייל איר האט מיט אונדז קיין קאנטראקט נישט גע-שלאסן?! ניין, ביי אזעלכע מענטשן ווילן מיר נישט ארבעטן.

די וואלד-סוחרים האבן זיך איבערגעצייגט, אז די בראקערס טרייבן נישט קיין קאטאוועס, אז זיי שפאסן נישט. פארלירן אזעלכע גוטע ספעציאליסטן איז נישט כדאי; עס לוינט זיך נישט, ווייל א בראקער, וועלכן זיי וועלן מוזן אראפברענגען פון דאנציק, וועט זיי קאסטן א פיר-פינף מאל טייערער, ווייל ווער נאך ווי זיי קען דא אזוי יעדן בוים אין אלע ארטיקע וועלדער!? זענען זיי ווייכער געווארן און גענומען אונטערהאנדלען ביז מען איז געקומען צו א הסכמה.

כוועדאר האט באלד, ווי דאס איז געווען זיין שטייגער, צעפויקט:

— מיר האבן געוווּנען! זיי זענען בעסער געווארן, די פעטע שלייען. איך מיט די בראקערס האבן זיי גוט צוגעקוועטשט צו דער וואנט. סעמען מיט זיין ווייב וועלן נישט פארפאלן ווערן.

*

מיר האט דערציילט ביוניע גילדין אין באלטימאר, אז דערז גוישער "ייד" כווע-דאר האט געהאט א יידישן מזל. די קאלקער יידן זענען שוין געווען ארויסגעשאכטן. זיצט ער זיך איינמאל מיט א ווענדקע בײם טייך און כאפט פיש. זענען דאן אויף

א שיפל אנגעקומען דייטשן און פארפירט מיט אים א שמועס. א ווארט פאר א ווארט, און כוועדארן האט זיך פארוואלט א פיין טאן פאר די דייטשן, וואס פאר א שיינעם "דייטש" ער קען, און גענומען מיט זיי רעדן יידיש. איין אונטעראפיציר האט זיך געכאפט:

— דו ביסט יודע!

אויף קיין ענטפער האט דער דייטש נישט געוואַרט. אריינגעשאסן איין קויל אין כוועדארס יידישן פנים, און א צווייטע — אין הארץ אריין.

כוועדאר באיקא האט אפילו נישט באוויזן א געשריי צו טאן. זיין גוף האט זיך אראפגעגליטשט אין וואסער אריין, און דער שטראם האט אים געטראגן אין דער ריכ־טונג פון די ביאלע ברעגעס, ווו עס איז שוין לאנג געווען דער אלגעמיינער קבר פון זיינע יוגנט־פריינד — זיינע יידישע שכנים.



יעקב ליפלעווסקי

## עס טויכן אויף אין זכרון...

מיין פריינד, איך שרייב דאך נישט קיין ראמאן, אין וועלכן איין קאפיטל איז איינגעפלאכטן אינעם צווייטן. איך פארצייכן דאס, וואס עס קומט מיר אויפן זכרון; פארצייכן דאס, וואס האט זיך מיר איינגעקריצט פון די קינדער-יארן-אן, און שפע-טער.

אונדזער שטעטל, פארוואָרפן צווישן אנדערע ענלעכע אין וואלין, האט געלעבט מיט זיין לעבן, אבער אין דעם לעבן האט זיך אריינגעריסן די צייט, נישט פרעגנ-דיק ביי אונדז קיין עצות. מען האט געלעבט אין שכנות — מיט פאליאקן, מיט אוקראינער; מען האט געלעבט אין א מלוכה, מיט אירע געזעצן און מנהגים, צווישן כוואליעס, וואס האבן זיך געהוידעט, און צווישן וועלכע מיר האבן זיך, נישט זעלטן, געפילט, ווי א נעבעכדיק שיפל אינמיטן פון א צעברויזטן ים.

עס דערמאנט זיך, ווי אין די צוואנציקער יארן האבן ארומגעוועט גרופעס או-קראינישע סטודענטן, פארסמטע מיט שנאה צו יידן, וועלכע האבן געבענקט נאך פעטליורען און געוואלט א "סאמאסטי'נע אוקראינע" און באשולדיקט יידן אין אלץ אין דער וועלט. דאס זענען געווען יינגע סטודענטן און שילער פון די העכע-רע גימנאזיאלע קלאסן. זיי זענען געפארן ארגאניזירט אויף שיפלעך דורך די טייכן און טייכלעך פון וואלין צו די טייכן פון פאליעסיע און, פארהאלטנדיק זיך אין די פארבייגעשווומענע שטעטלעך, אומעטום געפירט א העץ-אגיטאציע קעגן יידן: די יידן האבן דערהרגעט פעטליורען; זיי זענען קאמוניסטן. אייביקע שונאים, נאך אין כמיעלניצקיס צייטן, האבן די יידן צוזאמען מיט די פאליאקן מלחמה גע-פירט קעגן די אוקראינער; זיי, די יידן, באנוצן בלוט פון אוקראינישע קינדער און ענלעכע וויסטע העץ-פלוידערייען.

די פאליציי האט די אנטיסעמיטישע העצע טאלערירט, אבער בלויז דאן, ווען עס האט שוין געדראט מיט פאגראמען, האט זי אינטערווענירט, אויפפאדערנדיק די הע-

צער צו פארן ווייטער. א דורכגעטראכטע פאליטיק — נישט דערלאזן צו בלוט-פאר-גיסונג, אבער נישט שטערן דער אנטיסעמיטישער העצע, וואס איז אלעמאל א גוטער בליץ-אפפירער פונעם צארן קעגן דער רעגירונג. ווען די שווימענדיקע העצער זע-נען געווען אויף די טייכן, איז אין די שטעטלעך געווארן אומרואיק. פונקט אזוי, פארשטייט זיך, אין קאלק.

קיין קאלק זענען זיי געקומען א טאג פארן יאריד. געדענקסט דאך געוויס, ווי א יאריד האט ביי אונדז אין שטעטל אויסגעזען. פונעם מארק-טאג, איינמאל אין דער וואך, איז דאך געווען אפהענגיק די פרנסה פונעם שטעטל. פאר די פויערים פון א-רום איז יעדער יאריד געווען ווי א חגא. שוין מיט א טאג פריער פלעגן נעמען אנ-קומען פורן, געשפאנט מיט פערד אדער אקסן, אנדערע זענען געקומען רייטנדיק, מיט פעקלעך אויף די פלייצעס, נישט ווייניק — צופוס מיט זייער סחורה אויפן קארק.

יעדער געגנט האט זיך אונטערשיידט מיט די רעגיאנעלע מלבושים, מיט דער אויס-נייעכץ אויף די קאסאוואראטקעס, מיט די קאלירן. אנדערש האבן זיך געקליידעט די פויערים פון טראסטעניעץ, סיטניצע, האמעלנע, זשוראוויטש און אנדערע רייכע דער-פער. אנדערש האבן אויסגעזען די מאזורן, ווי מען פלעגט רופן די פאליאקן פון רודניע, רודניק, טאראזש, מאידאן. מען פלעגט אנברענגען אויפן יאריד בהמות, פערד, חזירים, קעלבלעך, קארן, ווייץ, האבער, גערשטן. די מאזורן פלעגן זיין טונקל געקליידעט, אין גראבן געוואנט און שטיפע שטיוול, אין ווייסע העמדער אן קראוואטן, אין קליינע היטעלעך מיט לאקירטע דאשקעס אויף די קעפ. זיי זע-נען געווען ריין-ראזירט, ציכטיקע. זייערע שווערע וואגנס זענען געווען געשפאנט אין געזונטע וווקסיקע פערד, און די גלאנצנדיקע כאמוטן — באצירט מיט מעשענע טשוועקעס-קעפלעך. זיי זענען געווען "וואזאקעס" — ארויסגעפירט דאס געהילץ פון די וועלדער צו די ברעגן פון סטיר.

מיט יידן האבן די מאזורן געלעבט בשלום. יעדער מאזור האט אין שטעטל געהאט "זיין" יידישע שטוב — אהין פלעגט ער פארפארן; דא איבערלאזן ווייב און קינ-דער; דא איינגעארדנט זייערע משפחה-סעודות פון אייגענע, געבראכטע מאכלות. די יידן האבן אויך געהאט "זייערע" מאזורן אין די דערפער און אויך זיך געפילט ביי זיי, ווי אין דער היים.

טראסטאניעץ האט זיך אנדערש געקליידעט. די יוגנט איז געווען אין ווייכע שטיוועלער - ״הארמאשקעס״; געטראגן רויטע, גרינע און געלע ברייטע קאזאקישע הויזן. זייערע ווייסע געהאפטענע העמדער האבן קאליריק געגלאנצט. זייערע געזונטע מיידלעך — מיט פלאמיקע, ממש בלוט-שפריצנדיקע באקן, צעזונגענע און צעלאכטע — פלעגן זיין ביי דער זייט פון די בחורים, אין זייערע בלוזעס מיט די ברייטע ארבל און מיט אלע קאלירן פון רעגנבויגן. זיי זענען געקומען אהער נישט האנדלען, נאר פאראדירן, ״ווייזן זיך״, א פיין-טאן זיך: ווער איז שענער. אויפן האלדז קרעלן, וואס פלעגן זיך באמבלען און קלאפן ביים גיין — איינע מיט די אנדערע. ווייניקער ווי צען קרעלן-שנורן אויפן האלדז — האט באדייט ארעמקייט. דא האט יעדער שטאלצירט מיט זיין געזונט און עשירות. א שיינע יוגנט, א ליכטיקע, אבער אין זייערע קעפ איז געווען חושך ואפלה. זייערע געמיטער — איבערגעפולט מיט שנאה אפילו צו אייגענע, וואס זענען פאליטיש נישט געווען אזוי שווארץ ווי זיי; שוין אפגערעדט, אז עס האט געברענט אין זיי רציחה קעגן יידן, להיפוך צו די מאזורעס, וואס האבן קיין יידן-שנאה נישט ארויסגעוויזן.

די פויערים פון גרויס-אסניצע, קליין-אסניצע, באזונדערס פון ניעטשטווקע און די ווייטערדיקע דערפער אויף דער גרענעץ צווישן וואלין און פאלעסיע, האבן גאר אנדערש אויסגעזען. אין גרויע לייוונטענע הויזן פון אייגענער ארבעט, אין לייוונטענע העמדער איבער די הויזן, ארומגעגארטלט מיט א שטריקל, אדער א שמאלן לעדערנעם פאסיק — אזא איז געווען זייער הילוך. קודלאטע, נישט פארקעמטע קעפ, פארוואקסענע פנימער, לייוונטענע אנוטשעס אויף די פיס, אדער אין ״פאסטאלעס״-כאדאקעס — האט זיך זייער הילוך באזונדערס געווארפן אין די אויגן. ס׳האט פון זיי אראפגעשריגן די ארעמקייט, אראפגעוויינט דער דלות.

געדענקסטו די ״פאסטאלעס״, פריינד מיינער? מ׳האט זיך געדארפן בגנבה ארייננבאקומען אינעם פריצישן וואלד, אויסגעפינען קליינע, יינגע ליפעס, אפשינדן פון זיי די קארע, ווי די פעל פון בהמות, און נאכדעם די ״ליקעס״ וואשן, ווייקן, טריקענען, זיי זאלן ענלעך ווערן צו ווייכער לעדער, און פון דעם פלעגט מען פלעכטן ״פאסטאלעס״. מען פלעגט זיי צובינדן צו די לייוונטענע אנוטשעס מיט שנירלעך, צלם-ארטיק פארפלאכטענע ביז די קני.

דער הילוך איז געווען דער עדות פון זייער לעבן. אלטע, יונגע — איין דלות. די מיידלעך — אלע אויף איין פאסאן — גלאט פארקעמט (די האר באשמירט מיט נאפט אדער פעטס), אין טונקל-ברוינע, אדער גרויע סוויטקעס, פידזשאקלעך פון אייגענער וואל און אייגענער ארבעט; טיכלעך אויף די קעפ — רואיקע, נישט קיין רייסיקע, און אויף די פיס — פאסטאלעס, בלויז אנשטאט שטריקלעך — גע-פלאכטענע שמאלע ר מענדלעך. אויפן האלדז א פאר ביליקע גלעזערנע קרעלן — און דאס איז געווען דער גאנצער פוץ. זיי האבן נישט פאראדירט, זיך געפילט קרעמ-פירט אינעם קאליריקן ים פון די "פארפוצטע".

אינעם שטעטל פלעגן זיי קומען מערסטנס צופוס. געבראכט צום פארקויפן א שטיקל פוטער, א ליימען קריגל, געפלאכטענע "קארזינעס" מיט שווארצע יאגאדעס, א ביסל געטריקנטע שוואמען, האנט-געפלאכטענע שטריק צו פאסטראנקעס, צייטנווייז אויך מיט א וואגן "וויאזקעס" /בינטלעך/ האלץ, א בינטל קליינע פישעלעך, א פאר זעק קארטאפל, קלענערע און גרעסערע מעל-זיפן וכדומה ארטיקלען. נישט זעלטן איז די "לאדעזשקע" סמעטענע, צי דאס זעקל קארטאפל געווארן אפגעריסן פונעם מויל פון די אייגענע קינדער.

גרוי דער מלבוש, גרוי דאס לעבן, פארפאנצערט אין דער גרויער איינגעגעסענער נויט — פלעגט מען די ביטערקייט פון דער טאג-טעגלעכקייט אויפן יאריד באזיסן מיטן "ביטערן טראפן". דער לחיים האט זיי לעבעדיק געמאכט אויף עטלעכע שעה. אלץ איז געווארן "טרין' טראווא, הולאי, קבצן! דער טויט איז וואלוול!".

צו גרויסע יארידים פלעגן אין אונדזער שטעטל קומען צו פארן פון לוצק, קא-ווועל, ראוונע און פון ערגעץ-אנדערש-ווו אויך סוחרים מיט, און אן גענדזנפיס-לעך. זיי פלעגן פול זיין אויפן רינג, אויף דער גרויסער גאס און אויף די שמא-לע געסלעך מיט סטראגאנעס, מיט טישלעך און סתם מיט ברעטלעך אויף בענקלעך, אויף וועלכע זיי האבן צעלייגט זייער סחורה. מיט זייער סחורה, וואס זיי האבן אויס-געארבעט בעת דער וואך, פלעגן קומען אויך באלמעלאכעס — קירזשנער, שוסטער. די אוקראינישע מיעשטשאנעס האבן פארקויפט שיך און שטיוול, די יידישע שניידער — פויערישע בגדים, וואס זיי האבן אנגעניייט במשך דער גאנצער וואך.

וואס איז אויף אונדזערע מערק נישט געווען! וואס א מויל קאן בלויז ארויס-רעדן! וועלן מיר נישט, דעריבער, אויסרעכענען די אלע סחורות: עס וואלט פארנו-

נומען זייטן נאך זייטן — אפשר טויזנטער מינים סחורות — פון קארטאפל, תבואה, קאנפעקציע, מאנופאקטור, גאלאנטעריע, פליישווארג, ביכלעך, ביז אי־קאנעס מיט גאלדענע קרוינען. אויך פאר קינדער איז געווען וואס איר ווילט: הינטלעך, קעצלעך, פארשידענע צאצקעס — פערדלעך און ביקסלעך, זעלנערלעך פון בליי־געגאסענע און פון האלץ געשניצטע. באמנות, די גרויסע וואלווארטן, די אוניווערסאלע מאגאזינען וואלטן זיך מן הסתם געמעגט באהאלטן אינעם פרט פון אסארטימענט.

איך און דו ווייסן מיר, וואס א יאריד איז. די יונגע דארפן וועגן־דעם לייענען אין די אלטע ביכלעך. טא צוואס וועלן מיר מעריך זיין מיטן דערציילן די נסים פון אונדזערע מערק און יארידים פאר אזוינע ווי מיר, וועלכע האבן דאס אלץ געזען אין די קינדער־ און יוגנט־יארן — אין די קליינע יידישע שטעטלעך.

אבער איך שרייב דאך נישט בלויז פאר עמעצן, איך שרייב דאך דאס אויך פאר זיך אליין, און אין מיר לעבט דאס נאך אלץ, און די נאסטאלגיע נאך די פארשנ׳יטענע, רופט כסדר ארויס די בילדער און געשטאלטן. און פאר זיי — די מענטשן פון אונדזער אנהייב — ווילן מיר דאך שטעלן א מצבה פוןווארט, לויט אונדזערע מעגלעכקייטן. שטעלט זיך מיר פלוצלונג פאר פאר די אויגן, ווען איך דערמאן זיך וועגן אונדזערע מערק, ווי די קויפער און פארקויפער קלאפן זיך מיט כוח איבער די דלאניעס, אין דעם לאנגן און הייסן פראצעס פון דינגען זיך איבערן פרייז — אזוינע סצענקעס זענען געווען עכטע טעאטער־סצענעס, און איך האב ליב געהאט זיך צוקוקן צו די דאזיקע אמפערנישן און דלאניעס־פאטשעריי ביז ענדלעך — ענדלעך... ביז ביידנס הענט זענען שוין געווען געשוואלענע. ערשט דאן זענען זיי משווה געווארן מיטן פרייז און זיך דערלאנגט די אמתע לעצטע זעצן איבער די דלאניעס, אלס סימן, אז די קניה איז צושטאנד געקומען. און אזוי ווי די דינגענישן קומען פאר ארום און ארום, הערט זיך די קלאפעריי ווי א ווילדער ארקעסטער, א באגלייטער מיט אויסגעשרייען. נאכדעם, נאטירלעך, האט מען "פארנעצט" די מציאה און ביידע צדדים האבן זיך געשטעלט דעם אמתן טרונק. ביים פארקויפן א פערד האט דאס דינגעניש נאך מער זיך פארצויגן, אבער דאס טרינקען — נאך לענגער, און דער סוף איז געווען, אז דער פארקויפער איז אוועק אן דעם פערד און אן דעם מזומן — בלויז מיט דער בייטש...

קיין איין מארק און קיין איין יאריד איז זיך נישט באגאנגען אן "גאסטרא-לערן" — גנבים און מארעוויכערס. זיי פלעגן אנקומען אויף פורלעך ווי פיין געקליידעטע סוחרים, און כאטש סיי די ארטיקע קרעמער און סיי די פאליציי האט געוווסט ווער די חברה-לייט זענען, דאך האט עס זיי נישט געשאדט צו זייערע "געשעפטן", ווארעם "נישט געכאפט, איז נישט קיין גנב", און פארטשעפען זיך מיט זיי איז געווען סכנת-נפשות; האט מען געשוויגן, און יענע האבן געטאן דאס זייעריקע, ביז עס האבן זיך גענומען הערן געשרייען, ווי אינעם באקאנטן לידל: "גוואלד, א גנב, גוואלד א גנב, ער האט דאך ביי מיר צוגענומען..."

די חברה-לייט פלעגן אליין ארויסרופן א שפארעניש, א מחלוקת, און בעתן געטומל האבן זיי פלינק "באארבעט" די קרבנות און נעלם געווארן ווי אין וואסער אריין. און נאכדעם איז געווען וועגן וואס צו רעדן! אבער טאמער האבן די פויערים געכאפט א גנב "פאר דער האנט", איז ער שוין ארויס פון זייערע הענט א צעקאליעטשעטער און צענעזיקטער; נישט זעלטן — א קאליקע אויפן גאנצן לעבן. די פאליציי האט זיך נישט אריינגעמישט, סיי ווען זי האט געזען ווי מען גנבעט, און סיי ווען זי האט געזען ווי מען צענעזיקט א מענטש צום טויט. א דורכפאל האט די גנבים נישט אפגעשראקן און ס'איז נישט דורך קיין איין יאריד אן זייער "חשובער און אקטיווער" אנוועזנהייט.

איך רעד שוין נישט וועגן דעם טומל, וואס איז געשטאנען ארום; אלע פארקויפער האבן מיט געשרייען געלויבט און געריימט זייער סחורה און דערביי מיט איר צוגעקלאפט, אויב די סחורה האט געהערט צום מין, וואס גיט ארויס א קלאנג. א געמיש פון לשונות — דער עיקר פון פויליש און אוקראיניש. די גרעסטע בריות אין שרייען זענען געווען די יינגלעך, וואס זענען מיט זייער סחורה ארומגעלאפן און געריימט זייער "קאלטן, זיסטן און ביליקסטן" קוואס. נישט "דאס בעסטע" איז אויפן מארק בכלל נישט געווען. די טאנדעטניקעס, דהיינו, פארקויפנדיק קארטענע הויזן, האבן אויך געליארעמט, אז דאס זענען די בעסטע אויף דער וועלט, פון ביעלסקער וואל, פון לאדזשער וכדומה בארימטע מאנופאקטור-שטעט.. מען האט געחנפעט דעם קונה, אז בלויז אזא מענטש, ווי ער, פארקויפט מען צו אזא ביליקער פרייז; מען האט איינגערעדט, באנוצט פארשידענע "פסיכאלאגישע" טריקן, די סחורה זאל פארקויפט ווערן. און ווער האט געהאנדלט און ווער געקויפט? אין דער סאמע מערהייט

א קבצן מיט א דלפן און ביידע זענען געבליבן אי דלפן, אי קבצן. אין דעם גע-טומל האבן זיך ארײַנגעפּלאָכטן כשרע און נישט כשרע מיטלען צונויפצושנאַרען אויף זייער אויסקומעניש; פון לאַמע, הינקענדיקע ביז כלומרשט-לאַמע, הינקענדיקע און בלינדע; פון קאַטערינשטשיקעס ביז לאָטערייע-באַלעבאַטים, וואָס אַלע געווינען בײַ זיי, און א ווייס חזירל ציט ארויס א קאָנווערט, אין וועלכן עס איז פאַרחתמעט דער "מזל", און אַמאָל טאַקע עפּעס א מין "געווינס", א פּייס די ווערט. עס ריטשען די שיכורים, עס צערײַסט זיך דעם לאַנגן האַלדז א גראַמאָפאָן מיט אן אַלט געבאַקע-נעם שלאַגער...

א יאַריד אין שטעטל! א יאַריד אין שטעטל! ווער געדענקט נישט די יאַרידן ווי אין, וואָס פאַר שוין צוריק פונעם יאַריד, פון דער גרויסער אַטראַקציע, וואָס רופט זיך — דאָס לעבן.

יאַרידים! און ווו, אויב נישט אויף די מערק און אויף די יאַרידים פלעגן אָנ-קומען די שוואַרצע נשמות מיט די האַרטע ידים צו שלאָגן יידן, זייערע שכנים, מיט וועמען זיי האָבן געלעבט זייט בײַ זייט יאָרהונדערטער. שפּעטער האָבן מיר געהאַט פאַר זיי א נאָמען: פּאַשיסטן. אָבער פריער? מיר קענען זיי דאָך אויך פון פריער, איידער מען האָט געוווּסט וועגן אזא בריאה, וואָס הייסט פאַשיזם.

זיי פלעגן פלוצים אָנקומען אָרגאַניזירט, די שלעגער. זיי האָבן געהעצט קעגן יידן, ארײַנגעשלעפּט אָרטיקע קוליגאַנעס, יונגען פון די נאָענטע דערפער: ראַז-ניטש, סטאַראָסיליע, קאַפּיליע און אַנדערע. מען הט שוין געוווּסט אין די דערפער, אַז דאָסמאָל וועט מען זיך לאָזן וווילגיין אויף יידישע לײַבער, אַז דאָסמאָל וועט מען זיי ארויסלאָזן די פעדערן פון די קישנס און די קישקעס פון די בײַכער. מען איז אָנגעקומען מיט פּוסטע זעק אויף צו מאַכן זיי פול מיט יידיש האָב-און-גוטס. די אָרטיקע האָבן אויסגעוואַרט, זאָלן די אָנגעקומענע נעמען שלאָגן, וועלן זיי נע-מען רויבן. וואָס? זייערע נשמות זענען פון קליאַטשעס?! שלאָגן וועלן די אָרגאַני-זירטע אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטן, און זיי, ווי דרך-אגב, בלויז אומשולדיק א כאַפּ טאָן. דערפאַר טראָגן זיי די זעקלעך, די ליידיקע, אונטער די אָרעמס.

ווען די נאַציאָנאַליסטן זענען געקומען אויף זייערע שיפלעך קיין קאַלק, האָט מען שוין געוווּסט דאָ, וואָס זיי האָבן אָפּגעטאָן אַנדערש-ווו. זיי האָבן זיך כלו-מרשט ארײַנגעלאָזט אין אן אַמפּעריי מיט איינעם, כדי דאָס זאָל זיך צעפּלאַקערן אין

א שרפה. אבער אײדער זײ האבן צעשפרײט זײער "פּדאנט", אײדער זײ האבן נאך באװיזן אראײנצוציען די ארומיקע פּויערים אינעם געשלעג, האט זיך אויף זײ א לאז געטאן סענדער שלײען. מען האט גוט געקענט אין שטעטל סענדערס שטאלענע ידים, זײנע מעכטיקע פּלײצעס, זײן פּנים, װען ער פּאלט ארײן אין כעס; זײן גבורה. ער האט געקענט די "מלאכה" פון א קלאפּ טאן... זײנעם א קלאפּ האט קײנער נישט אויסגעהאלטן. נעבן סענדערן האט זיך א שטעל געטאן א בחור פון קאליקאװיטש און באלד איז צוגעשטאנען טינע און זײן עלטערער זון, דער פאטער פון נפתלי גאטמאן און בוזיע מאציװער, א פּאר קצבים האבן אין קאן געשטעלט זײער כוח. און אויף זײ קוקנדיק, האבן זיך אײליק געיאװעט אנדערע יידן מיט האלאבליעס און ארטשי-קעס פון װאגנס, מיט אײזערנע דרענגער און לאמען, און בכלל מיט אלץ, װאס עס האט זיך געפונען אונטער דער האנט. און אונטער סענדערס קאמאנדע איז אװעק א גאנג... װי א לעבעדיקע װאנט זענען זײ געגאנגען פאויס, און די האלאטע האט גענומען אפּטרעטן, געזוכט האט מען אבער מקים פּסק צו זײן די "געסט" — זײ איז לײכט געװען צו דערקענען לויט זײערע ארגאניזאציע-מונדירן.

די פּויערים האבן זיך באלד פון די "געסט" אפּגעטײלט, די מיעשטשאנעס, די אר-טיקע — זיך נישט ארײנגעמישט. די, װאס האבן געזאלט װערן א סכנה פאר די קאל-קער יידן, האבן זיך אלײן געשטעלט אין סכנה.

עס האט מיך אין באלטימאר געפרעגט א באקאנטער: װי איז דאס מעגלעך? די דא-זיקע מענטשן האבן דאך געלעבט יארצענדליקער װי שכנים, א װאנט אין א װאנט, האבן זיך פארשטאנען, אזוי צו זאגן, אויפן װונק; אוקראינער האבן גערעדט יידיש נישט ערגער פון יידן, און יידן — אוקראיניש נישט ערגער פון זײערע שכנים... און ס'איז דאך באװוסט, אז בעת א שרפה האבן יידן אײנגעשטעלט זײער לעבן צו העלפן די נישט-יידישע שכנים, און פארקערט; װי איז עס מעגלעך געװען בכן, אז בימי-היטלער זאל געשען דאס, װאס איז געשען? װי איז מעגלעך געװען אזא חיה-שער אויסברוך פון שנאה?

אבער לאמיר נישט פארלויפן פאראויס. די מערדער איז אויך טײער זײער לעבן. זײ װילן מארדן, אבער אלײן נישט זײן קײן קרבנות. נאך דעם יאריד אין קאלק, װען די צעשלאגענע שלעגער, אין צעריסענע און צעפליקטע מונדירן, מיט פארבאנדא-זשירטע קעפּ זענען דורך זײערע פרײנד שטילינקערהײט אפּגעפירט געװארן אויף

געדונגענע פורן צו דער באן אין מאניעוויטש, איז רואיקער געווארן אויך אין

די ווייטערדיקע שטעטלעך, און די יארידן זענען דארט דורך רואיק. דער סטיר איז

באפרייט געווארן פון דעם "פלאט" פון די יונגע אוקראאינישע פאשיסטטן.

אין דער אוקראאינישער פרעסע אין לעמבערג איז מען אפגעקומען מיט אן אומשול-

דיקער נאטיץ: יידישע כוליגאנעס זענען באפאלן אוקראאינישע יוגנט.

*

## פלעקן אויפן פנים

— ראז און שיין און העלדיש זעט אויס דיין באשרייבונג, דוד — קאנסטו אפשר מאכן א באמערקונג, מיין פריינד — עס זענען דאך אבער געווען אויך אנדערע קאלירן. וועגן זיי האסטו מן הסתם פארגעסן?

— ניין, נישט פארגעסן, נישט פארגעסן. אבער פלעקן, נאטירלעך, ווילט זיך נישט פארגעדענקען. מיר רעדן וועגן א שטעטל, וואס איז געווען, איז אבער אויסגעמארדעט געווארן; וועגן מענטשן, וואס האבן אויסגעטרונקען דעם ביטערן כוס ביזן דנא — וועסטו זיי דען נעמען דערמאנען חטאים? האסטו ווען געהערט, אז מען זאל זיך אוועקשטעלן אויף א קבר רעדן שלעכטס וועגן דעם בר-מינן?

און צוריקגערעדט, אין וואס איז באשטאנען, אייגנטלעך, דאס שלעכטס? געזען אין דער רעטראספעקטיוו? אין אונדזערע אויגן, פארצויגענע מיטן נעפל פון טרויער, זעט אונדזער שטעטל אויס אנדערש, בעסער. אבער געשען איז אין אים, וואס אומעטום. געווען גבאים, וואס וועגן זיי זאגט דאס פאלק, אז א קהלשן באק, וועסטו פונעם שטאטישן גארטן נישט ארויסטרייבן. מ'האט זיך ארומגעקריגט, ארומגעשלאגן פאליטיש; מען איז אמאל אויך געגאנגען איינער אויפן אנדערן מיט די קולאקעס. געוויס! ווי דען אנדערש? פלעקן זענען געווען. אבער די פלעקן אויפן פנים, איז נישט דאס פנים.

געדענקסט? מ'האט אריינגעווארפן אין חרם מאטלען. פארוואס? פאר וועלכע זינד האט מען אים געשטעלט מחוץ למחנה? זיין פארברעכן איז באשטאנען אין דעם, וואס ער האט געהאנדלט אום שבת. אין וואס איז באשטאנען, מישטיינס געזאגט, זיין האנדל? ער האט אין זיין סאדע-וואסער-געוועלבל פארקויפט אין הייליקן שבת א גלאז זעלצער=וואסער, אן איריסל, א פארציע מאראזשענע, וואס א יינגל האט גע-פונדעוועט א מיידל. און זייער פיל האבן דעם חרם געהערט ווי דעם קאטער. ווער? דו? איך? אזוינע ווי דו און איך, זענען דאך געווען נישט ווייניק. ער האט

עובר געווען אויף א וויכטיקן, אפשר וויכטיקסטן געזעץ פון דת? האבן אים די קנאים פון דת לויטן געזעץ פארמשפט. און, צווישן זיך געריידט, און ווען מען איז עובר געווען אויף אונדזערס א געזעץ — האבן מיר דען געקוקט אין די ציין? דו פארשטייסט דאך, וואס איך מיין. זיי האבן געהאנדלט אין הסכם מיט זייער געוויסן, און מיר האבן געוואלדעוועט: מיטלעלטער! פארוואס, אייגנטלעך, מיטל-עלטער? פארוואס נישט נאך פריער?

ווילסט פלעקן? נא דיר פלעקן: געדענקסט, א בעל-דרשן האט אמאל ביי אונדז דורכגעפירט א "מאבליזאציע" קעגן די "לינקע". "לינקע" זענען געווען די "פע-רעציסטן" — די מיטגלידער פון דער י. ל. פרץ-געזעלשאפט. געווען אזעלכע, גריי-טע צו גיין און דעמאלירן דעם לאקאל, פארברענען די ביבליאטעק. געווען אויך אנ-דערע מיאוסע זאכן. אבער דאס איז נישט געווען דער תוך. די פלעקן האבן נישט פארדעקט דאס פנים, נישט דעפארמירט אים. זיי האבן געוואלט, אבער נישט געטאן. פארוואס? ווייל שטעטל, איך נעם עס אן ווי עפעס א גאנצעס, איז געווען קעגן דעם. אונדזערע קעגנער זענען נישט איינגעגאנגען אויפן וואנדאליזם. עס איז טא-קע נישט געווען "פער פלעי", קיין סכנת נפשות איז עס פאר אונדז אבער נישט גע-ווען. יעדער איז געווען פארגלויבט אין זיינע טעותן. אמנות זענען אן טעותן, דאס לעבן איז אבער פול מיט זיי.

מיר זענען געווען אויפגעבראכט — מיר אויף זיי, זיי אויף אונדז. אבער מיר זענען דאך געווען איין גוף. און ווען אין מיר ווערט פלוצלונג אנגעשוואלן — און אן מיין ווילן — די נאסטאלגיע נאכן פארפלאסענעם, און אין עצבות ווערט אפגעטונקט דאס געמיט צוליבן גרויסן אומגליק אונדזערן, טראכט איך דאך נישט בלויז וועגן "אונדזערע", נאר אויך וועגן "זייערע" און אלע זענען זיי ביי מיר נאענט און אייגן און אויף קיינעם איז אין מיין הארץ נישט איבערגעבליבן קיין תרעומות, אלע זענען זיי מיינע — די מענטשן פון יענע גאסן און געסלעך פון אונדזער שטעטל.

דערהרגעט זענען געווארן די ביבליאטעקערס, פארברענט די שול און די בתי-מדרשים, די אפטייק און די באד — קיינער האט זיי נישט געפרעגט, די קרבנות, וועגן זייער אני-מאמין אין די גאז-קאמערן, אין די ברידער-קברים, קיינער האט אין די קרעמאטאריעס נישט געפרעגט וועמענס ביינער זענען עס — פון א "פרציסט",

צי פון א קאמוניסט, צי פון א ציוניסט; פון א פריידענקער אדער פון אן ארטא-דאקס? יעדער קרבן איז ווערט דערמאנט צו ווערן, ווייל ער איז געווען דאס, וואס ער איז געווען, ווער ער איז נישט געווען.

איך וויל אויסמיידן פאטאס, ווי איך וויל אויסמיידן זעלבסטפייניקונג (און יידן, וועלכע האבן אפילו נישט דורכגעמאכט דעם גיהנום פון יענע יארן, לעבן אין זעלבסטפייניקונג, און דער טאג נארט אפ, ווי דער מלבוש, ווי דאס געלעכטער, ווי דער וויץ, ווארעם עס זענען פאראן נאכט-ווייטיקן, וועלכע קיינער זעט נישט. מיר אלע ליידן פון אזעלכע נאכווייטיקן). דאס זענען ווייטיקן, וואס פאראכטן ווערטער, ווייל אלע ווערטער זענען באנאליזירט געווארן, פארוואכעדיקט געווארן, געבליבן נאקעט ווי א בוים אן בלעטער. דערפאר דארף מען אויסמיידן זעלבסטפייניקונג, און גלייכצייטיק אויפהערן פאדערן דין וחשבון ביי די שאטנס, ביי די שאטנס; ביי די שאטנס, וואס לעבן אין אונדז און מיט אונדז און וועלן אויסגע-לאשן ווערן צוזאמען מיט אונדז. דערפאר לאמיר נישט רעדן היינט וועגן פלעקן אויפן פנים. מיר האבן דאס גענוג געטאן אין אלע צייטן. דערמאן זיך נאר, ווי אקסענפעלד, לינעצקי, און דער עיקר, מענדעלע, האבן אויס ליבע געפאסעוועט די נשמה פונעם פאלק ווי מיט אייזערנע ריטער. אבער נישט היינט, ווען א גאנץ פאלק דארף לעבן אין די ווייניקע יורשים זיינע און אויפהיטן זיין פארשווונדן גע-שטאלט אין יראת הכבוד.

*



דער ארון-קודש פון א קאלקער שול



די פאמיליע פון פסח-לייב שפילבערג אין קאלק

## קומט ארויס, פארשוווּנדענע געשטאלטן!

איך רוף זיי ארויס אין מיין דמיון: קומט ארויס, פארשוווּנדענע געשטאלטן! זאל מיך באהויכן די פריינדלעכקייט און הארציקייט פון אלטערן, דעם "זאגאטאוויש-טשיק", זאלן אויפלעבן די גראבע וויצן און הפקר-שפּיצלעך פון מאטל דעם שוחט, דער סובטעלער סארקאזם און איראנישער שמייכל פון אהרן פּאלעוואָסקי. פּאלעוואָסקי זאל מיר נאר נישט, ווי אמאל, א דרא טאן מיטן פינגער: "ביסט ווידער געקומען צו פארן אום שבת, מיין תכשיט?". "און איך דו" — פלעגט ער א דרא טאן מיטן זעלבן פינגער צו זיין "חרפה", צו זיין זון יודל, וועלכער האט דווקא אום שבת גערארפן ברענגען פון לוצק א דערלויבעניש פון דער מאכט אויף א טעאטער-פארשטע-לונג — "דאס איז שוין דיין עבודה קדושה, טאַנע בארע מיינער".

די גרויסע פארצווייגטע משפחות פון די טינעס, אוניעס, כאיטשיקעס, עגבערס, שפּילבערגס — די גרויסע הארעפאשנע קערנדיקע משפחות, וואלטן פאר יעדן יידישן שרייבער געקאנט זיין א מקור פון שעפערישער אינספּיראציע, א מאטעריאל פאר פּול-בלוטיקע געשטאלטן — געזונטע נשמות אין געזונטע קערפּערס. אונטער איין דאך זיי אלעמען, ווי זיי זענען אלע צוזאמען געווען אונטער איין הימל אין קאלק!

*

אט למשל: נישט זעלטן טראכט איך — און מיט פארגעניגן — וועגן די פארשוי-דענע וווּנדערן פון דעם דאזיקן שטעטל. איך בין זיך מישב, צי דארף איך נישט נעמען דאס ווארט "וווּנדער" אין גענדזנפיסלעך. אבער ניין, צוריקגערעדט, פאר-וואס טאקע נישט קיין וווּנדער? איך מיין די קאלקער מענטשן אן בילדונג, וואס האבן זיך אליין באשעפטיקט ביי "געבילדעטע" פאכן. דהיינו: "דאקטוירים" אן דיפּ-לאמען, "אפטייקערס" - אן דיפּלאמען, "אדוואקאטן" - אן דיפּלאמען, ערשטקלאסיקע "פּעדאגאגן" - אן דיפּלאמען. יא, מענטשן אן דיפּלאמען, אן אפיציעלע פּאפּירן וועגן

געענדיקטע אוניווערסיטעטן און אינסטיטוטן, וואס מאנכע מיט דיפלאמען וואלטן זיי געמעגט אפשר מקנא זיין זייערע קענטעניסן אין די פראקטיצירטע פאכן.

קעגן וואס זאג איך דאס? קעגן דעם, וואס איך דערמאן זיך אן אומדערהערטע זאך; דערמאן זיך אן "אינזשיניער", וואס האט קיינמאל אין זיין לעבן נישט גע-טראכט אפילו צו זיין אן אינזשיניער און געהאט אזוינע "קלוגע" הענט, וואס האבן רעאליזירט אין דער פראקטיק די פארשידענע פאנטאזיעס, וועלכע פלעגן אים איינפאלן אין קאפ, ווייל ער האט דאס געדארפט נייטיק ווי דאס לעבן. און אז ער האט גענומען טראכטן, האט עס אים נישט אפגעלאזט אזוי לאנג, ביז ער האט זיך דערטראכט, געבלאנדזשעט נישט זעלטן, אבער אליין ארויסגעבלאנדזשעט. אלץ אליין, און אלץ מיט די אייגענע הענט, וואס האבן אלץ געקענט. איך מיין דעם עלטערן שפילבערג, פסח-לייבן, וואס איז אליין אלץ געווען: אי א בויער, אי א מעכאניקער, אי א טעכניקער, און וואס נישט?

דאס הויז, ווו די משפחה שפילבערג האט געוווינט, האט פסח-לייב אויפגעבויט בפועל ממש מיט די אייגענע הענט. אמאל איז אויף דעם זעלבן ארט געשטאנען דאס רחבותדיקע הויז פון זיין זיידן מאטיע, אבער, אז ס'האט בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה אפגעברענט, האט פונעם פונדאמענט-אן אויפגעשטעלט א כאטע טאקע דער ראש המשפחה — שפילבערג. ער האט געלייגט דעם פונדאמענט, געשטעלט די ווענט (אליין געטעסעט, געהובלט, אליין געלייגט דעם אויוון פון זעלבסט געמאכטע ציגל) און אליין פארענדיקט דעם בוי, מאסטענדיק דעם שטרויענעם דאך. עס איז נישט געווען, וואס אן אמת, קיין פאלאץ — א פאדער-צימער, א שלאף-צימער און א קיך. דאס איז געווען דער גאנצער "גמאך". און די שטוב איז תמיד פול געווען מיט מענטשן און מיט רויך, ווייל שפילבערג איז געווען אן אונטערנעמער — דאס האט ער אויפגע-בויט די "בארקע", וואס האט געפירט סחורה מיטן סטיר קיין לוצק און פון לוצק. א וואסער-טראנספארט. און צו פירן די "בארקע" און לאדן זי האט מען געדארפט האבן ארבעטס-קראפט, און דאס זענען געווען די סעמקער פויערים, וואס זענען ביי די שפילבערגס געווארן גאנצע בני-בית. דאס ווייב זיינס, רבקה, פלעגט זיי גרייטן צדה לדרך און פלעגט זיך גענוג אנהארעווען ביים אויוון, כדי צוצוגרייטן שפייז-ווארג אויף דער צייט פון דעם לאנגן פילטאגיקן טראנספארט, ווארעם די "בארקע" פלעגט מען שלעפן מיט שטריק לענגאויס דעם ברעג.

און ווער האט געבויט די בארקע? טאקע ער, פסח-לייב שפילבערג אליין, מיט דער הילף פון אן איין-און-איינציקן ארבעטער, וואס האט אים געהאלפן דערלאנגען דאס געהילץ צום פלאץ. און גענומען האט ער זיך צו דער ארבעט פונקט ווי קיינמאל וואלט ער עפעס אנדערש נישט געטאן אין זיין לעבן ווי נאר געבויט בארקעס; אזא משו-נהדיקע זיכערקייט האט ער געהאט אין די אייגענע מעגלעכקייטן, אין דער אינעווי-ניקסטער דערפינדערישער שטימע אין זיך. אליין געטראכט, אליין געמאכט פלענער, אליין געארבעט. און באמת — ווונדערפול! אן טעאריעס און אן מאטעמאטיק, און די שיף איז געווען א שיף; זיך באלאנסירט אויפן וואסער. "בארקעס" — אט דאס איז געווען די קאלקער "באן", דאס איז אויך געווען דער אספאלט-וועג, וואס האט געפירט פון קאלק אין דער וועלט אריין.

לייכט דערציילן זיך מעשהלעך. דאס לעבן איז הארטער און געפערלעכער. עס איז נישט געווען קיין לייכטע פרנסה, אבער די פרייד פון שאפן — איז געווען זיינע. שפעטער האט שפילבערג גענומען טראכטן, אז מען וואלט געדארפן געפונען א בעסער מיטל ווי שטריק; עפעס א מעכאניזם — א מאטאר. אבער א מאטאר קאסט געלט, און דווקא דאס האט אים געפעלט. האט ער גענומען טראכטן וועגן אן אייגענער המצאה. ער איז געווען א שווייגער, און וואלט ער געווען א בארעדעוודיקער, איז אלץ איינס — מיט ווענען זיך מישב זיין — האט ער נישט געהאט. ער האט געטראכט: למאי מאלט א וואסער-מיל מיטן כוח פון וואסער, פארוואס-זשע, פארנדיק איבערן וואסער, זאל מען מיט פלאכן, וואס זאלן זיך דרייען, נישט קאנען שטופן די באר-קע פארויס? די "דערפינדונג" האט ער אויסגעטראכט — זייער א קאמפליצירטע דער-פינדונג — אבער געליטן האט זי א דורכפאל. עפעס נישט דערטראכט.

בשעתן באקלערן דעם פלאן פון זיין מאשין, וועלכע וואלט געדארפן טרייבן די בארקע מיט סחורות קיין לוצק, און צוריק — קיין קאלק, איז ער באגאנגען ער-געץ א טעכנישן פעלער. עס איז עפעס נישט ארויסגעקומען אין זיינע "העכסטע טעכ-נישע חשבונות". די בארקע איז געשווומען בלויז אין איין ריכטונג. פאר פסח-לייבן איז דער דורכפאל געווען א גרויסער קלאפ. ער האט כמעט אויפגעהערט גלייבן אין זיינע יכולות.

*

ביז דאן האט ער זיך א גאנץ לעבן פארנומען מיט רעדלעך און צוגעטראכט מא-שינקעלעך. אייביק איז זיין מוח געווען פארנומען. קיין עלעקטרישע ענערגיע איז אין שטעטל דעמלט נישט געווען. האט ער כסדר אלץ געטראכט וועגן המצאות צו מע-כאניזירן אלץ, וואס לאזט זיך נאר מיט דער הילף פון פערד-קראפט, מען זאל קא-נען אויסקומען אן דעם שווייס און אן דער הארעוואניע פון מענטשלעכע מוסקולן. אויף דעם האט דאך גאט געגעבן דעם מענטש שכל, ער זאל פארשפארן שווייס. ער האט מיט פערד-קראפט און אלערליי מעכאניזמען, געמאכטע מיט די אייגענע הענט, מעכא-ניזירט די "טשעסאלניע" — אזא מאשין אויסצוקעמען וואל, מען זאל זי קאנען שפע-טער פארפולקאמען; ער האט מעכאניזירט די "אלעיארניע" און אויסגעקוועטשט אייל און נאך, נאך פארשידענע זאכן געטאן, כדי צו פארלייכטערן די מלאכה.

אט די דאזיקע באשיידענע שטוב, א שטענדיק געפאקטע מיט פויערים, איז געווען, לויט אונדזערע ארעמע השגות א גאנץ "פארמעגלעך" הויז. די פויערים האבן עס פאר-מולירט אזוי: עס איז א שטוב, ווו אלע שבת עסט מען חלה. נו, איז דען פאראן א גרעסער רייכטום?...

דער דערפינדערישער מוח פון פסח-לייב שפילבערג האט נישט אויפגעהערט הארע-ווען, זיינע גאלדענע הענט האבן זיך געמיט, ער איז נישט אפגעטראטן, אבער קיין נגיד דערפון איז ער נישט געווארן. טאטע-מאמע האבן נישט גערוט. פראצע האט געקלעקט פאר ביידע. קינדער זענען אויסגעוואקסן און זיך צעפארן. ברויט איז געווען, קארטאפל — אויך. אויף שבת איז אויך געווען — און נישט בלויז חלות, נאר אויך פיש און פלייש, מען האט נישט מחלל געווען, חס וחלילה, דעם שבת...

באמת, אויספראצעווען חיונה פאר א 9—10-פערזאניקער משפחה; קויפן פאר קינ-דער א נייעם מלבוש, זארגן פאר זייער לימוד און דערציונג, וואלט געקאנט אויס-טריקענען דעם שטארקסטן מוח.

*

דעריבער, ווען כ'האב זיך, מיט יארן שפעטער, געטראפן מיט דריי זיינע זין אין קאנאדע, בין איך געווען שטארק צופרידן, אז פון דער גרויסער משפחה פון פסח-לייבן זענען על-פי-נס פארבליבן קינדער, וועלכע קאנען דערמאנען דעם נאמען פון זייער פאטער, וואס האט פארדינט אויף גרויס דרך-ארץ.

*

יא, פון צייט צו צייט טראַכט זיך מיר וועגן די וווּנדערן פון קאַלק. ווי קאָן מען פאַרגעסן פסח-לייבן — אַ ייִד, וואָס האָט זיך פאַרמאָסטן ווערן אַן עדיסאָן אין קאַלק?!

*

איך פרעג זיך צייטנווייז: צי זענען געווען ביי אונדז משפּחות, וועמען עס האָט זיך גוט געלעבט? און מיר איז שווער אויף דעם צו ענטפערן. אַ ביסל ערגער, אָדער בעסער פון די איבעריקע, אָבער באמת, אַ גוט לעבן — שווער זיך צו דערמאָנען. די מערסטע האָבן קוים געקאָנט צונויפבונדן אַן עק מיט אַן עק, זיך אַ גאַנצע וואָך געמאַטערט אַריינצוברענגען דעם שבת אין שטוב. אַ ראַזעווע חלה שבת — איז געווען דער סימן פון דלות. פון קליינינקע פישעלעך, וואָס האָבן ביי ייִדן גע-הייסן "שטינקעס" האָט מען געמאַכט "געהאַקטע קאָטלעטן" און היות די ווייבער זע-נען געווען גרויסע בריות, האָבן די "קאָטלעטן" געשמעקט מיט פלייש. נישט אין אַלע הייזער האָט מען איבערגעלעבט די פרייד צו שפּיגלען זיך אין נייעם מלבּוש פאַרן קינד אויף יום-טוב און אין נייע שיך, וואָס זאָלן סקריפּען. די יוגנט האָט נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן די כּוחות; פאַרשמאַכט געוואָרן נישט זעלטן פונעם גע-צוווּנגענעם ליידיקגיין. ווי פאַרדעקט מען די אָרעמקייט, זי זאָל נישט אַרויס-שרייען, נישט וועקן קיין רחמנות, נישט אַרויסרופן קיין "נעבעך!". מען האָט זיך געשעמט מיט דער אָרעמקייט, ווי מיט אַ זינד, האָט מען זיך געקניפּט, ווי מען זאָגט עס, די באַקן — די פאַרב זאָל שטיין...

אָבער אין שטעטל האָט מען געוווּסט, און געווען מענטשן, וואָס האָבן שוין גע-זאָרגט וועגן דעם, ווי אַריינצורוקן בסוד-סודות אַ גמילות-חסד אַן קאַסעס און אַן וועקסלען, כּדי, חס וחלילה, נישט מבֿיש זיין, עס זאָל נישט הייסן, אַז דאָס וואָ-סער איז שוין דערגאַנגען ביזן האַלדז און מען מוז "אָנקומען צו יענעם". נישט אומזיסט איז, קענטיק, "מתּן בסתר" — פאַררעכנט ביי ייִדן צו די שענסטע מידות.

צווישן די, וועלכע האָבן פון די פּנימער אַראָפּגעלייענט דעם מצב און זיך באַ-מיט צו דער ריכטיקער צייט קומען מיט הילף, זענען געווען משה טשאַרטאָריסקער, מאָטל לערנער און משה קאַץ.

*

משה קאץ איז געווען מיינער א קרוב, דער בעסטער פריינד פון מיין משפחה, און אין די שפעטערדיקע יארן — מיין בעסטער ידיד, וויל איך, דעריבער, וועגן אים נישט שרייבן. פונדעסטוועגן קאן איך נישט אויסמיידן עפעס צו זאגן:

פון זיינע צוגעזשמורעטע מאנדל-אויגן פלעגט טריפן הארציקייט. ער האט פאר-מאגט אויגן, וועלכע מען קאן נישט פארגעסן. זיין גאלדענער שמייכל פלעגט בא-לייכטן זיין פנים און זיין שטימע קלינגט מיר עד היום אין די אויערן. איך געדענק אים אלס יונגן מאן, פול מיט שפרודלדיק לעבן (איך בין נאך דאן א יינגל געווען) איך געדענק אים אויך שוין אביסל אן איינגעהויקערטן אונטערן עול פון זיין נישט לייכטן פערזענלעכן לעבן. זיין שווארצע בארד האט שנעל גענומען דורכ-געפעדעמט ווערן מיט גרויע האר.

אלע אין שטעטל האבן אים געקענט. א מאדנער מענטש געווען — נישט געהאט קיין שונאים. נישט געוווסט וואס דאס איז אזוינס. ער האט געהאלפן מענטשן מיט ראט און טאט, און אלעמאל אזוי, ווי ער וואלט קיין זאך נישט געטאן פאר זיי. מען איז געקומען צו אים ווי צו א גוטן ייד, זיך אויסגיסן דאס הארץ און קיינער איז נישט אוועק אן אן עצה, אן א טרייסט-ווארט, וואס איז זייער וויכטיק אין ספעציעלע מאמענטן. די, וואס האבן אים געקענט, האבן אים נישט פארגעסן. יעדעס מאל האב איך פארגעניגן, ווען איך הער מיט וואס פאר א ווארעמקייט עס רעדן וועגן אים מיינע לאנדסלייט. א מעסער פון א טראסטעניצער באנדעראוויעץ, א "רע-זון", האט איבערגעשניטן זיין ציכטיק, ערלעך לעבן.

*

אויך מיט די אנדערע צוויי, וועלכע איך האב דערמאנט, בין איך נאענט געווען, כאטש אויך צווישן אונדז איז געווען א היפשער אונטערשיד אין יארן. דאן איז זייער מענטשלעכע הילפס-טעטיקייט געווען פאר מיר א געוויינלעכע זאך; ערשט איצט באנעם איך פון וואס פאר אן עטישן קוואל עס האט געשטאמט די דאזיקע געוויינלעכ-קייט. ביי וויפל משפחות האבן זיי דעם "שבת אריינגעפירט"! אין וויפל קליינלעך איז אדאנק זיי ערב א יאריד א ביסל סחורה געווען און במילא א ביסל פרנסה. וויפל וועקסלען זענען נישט אויפגעמאנט געווארן אדאנק זייער אריינמישונג? און אלץ איז געטאן געווארן בסוד סודות, קיינער זאל נישט וויסן.

*

מאטל לערנער איז געווען א שניט-קרעמער. לויט אונדזערע השגות — א נגיד. אויף שבת האט ער געהאט, און אויף א גאנצער וואך — אויך. א פראקטישער יונגער-מאן געווען און א פילאזאף.

— זאג מיר, דוד, ווי קאן מען זיין א בקי אין ליטעראטור און קיין סך בי-כער נישט לייענען?

ווי מאכט מען עס, האב איך נישט געוווסט, אבער ווען ער האט געגעבן צוואנ-ציק זלאטעס אויף מאפר (אינטערנאציאנאלע ארגאניזאציע צו שטיצן פאליט-ארעסטיר-טע) און אנגעזאגט, אז קיינער זאל דערפון נישט וויסן, חוץ אין מאסקווע, האב איך אים צוגעזאגט, אז מאסקווע וועט וויסן. צוואנציק זלאטעס איז געווען א מטמון מיט געלט.

איינמאל בין איך מיט חברים פארביי זיין קלייט, באמערקן מיר פלוצלונג, אז ער לאזט איבער זיינע קונים און גייט איילים צו אונדז:

— חברה — זאגט ער — קומט היינט, למען השם, אין דער סטאלינער שול. דארט וועט דרשנען א מגיד, וואס אזא האט איר געוויס נישט געהערט און נישט געזען.

מיר האבן געקוועטשט מיט די פלייצעס. מאטל לערנער ווייסט דאך, אז מיר זע-נען באקאנטע אפיקורסים, מען קאן זאגן: אזש פון דער מוטער-טראכט-אן, אז מיר גייען נישט אין שול און הערן נישט קיין מגידים.

— גייט, זאג איך אייך. ס'איז אייערער א מגיד. ער וויל אלע נגידים אריינ-ווארפן אין גיהנום. גייט, איר וועט הנאה האבן, אויף מיין נאמנות.

מיר האבן עפעס געהערט וועגן א מגיד אין שטעטל. לויט איינע איז ער געווען א ליטוואק, א ווילנער; לויט אנדערע — א קוטנער.

דאס סטאלינער שולעכל האט זיך געפונען כמעט אין צענטער שטאט. א נידעריקער קוואדראט פון גראבע קלעצער, א שינדל-דאך און צוויי הויכע קוימענס. דאס איז געווען א שולעכל, וווּ מען פלעגט אויף גיך "ארייננכאפן" א שחרית, א מנחה, א מעריב, אפזאגן א קדיש — אלץ גיך, מען זאל אויף דעם וואס ווייניקער צייט פטרן.

בעת א יאריד, אין קאלטע טעג, פלעגן מענטשן ארייננלויפן אין שולעכל אויף א רגע זיך אנווארעמען. אין א פרייער צייט פלעגט מען דא פארלירן א פאר שעה אויף פאליטיק. יינגלעך — יונגאטשעס, פלעגן דא אפטאן זייערע "שמד-שטיק" — נאס מאכן האנטעכער אין פאס, זיי ווארפן אין די "פאליטיקער", און כהרף-עין אנטרי-נען — זוך דעם ווינט אין פעלד.

אַ פשוט שולעכל, פאר פשוטע יידן, אין פשוטע פידשאקלעך און קאשקעטן, אין געוואנטענע הויזן מיט ווינט-פארברענטע פנימער און הארטע ידים. אבער אויך אַ סוחר פלעגט דא ארייַנפאלן און אפילו צעשפאלטן עטלעכע קלעצלעך, די הרובע זאל בעסער ווארעמען.

אונדזער שטוב איז געווען נאענט פון דעם שולעכל, מעגט איר זיכער זיין, אז איך בין געווען אויף איר אַ מבין, געוווּסט אלץ, וואס דארט טוט זיך. געזען ווי יידן טאנצן, פארווארפן הענט אויף פלייצעס, אין אַ ראד, לעבעדיק, פריילעך, חי געלעבט! — די דאגות-פרנסה איבערגעלאזט אין דרויסן. נשקשה, זיי מעגן צו-ווארטן, ווען יידן זענען זיך משמח...

דאס, וואס דער מגיד האט אויסגעקליבן דאס סטאליַנער שולעכל, האט געוויזן, אז ער וויל האבן אַ גרעסערן עולם — די מאסע. אונדזער חברה איז אויך געקומען: קיין שכל דערפון וועט נישט אפקומען, אויב, נאטירלעך, מען האט ביי זיך די דא-זיקע סחורה, וואס מען קאן איַנערגעץ נישט קויפן.

ווען מיר זענען געקומען, האט שוין דער מגיד געדרשנט. אַ יונגערמאן מיט אַ קורץ געשוירן בערדל, געקליידט ווי יעדער יונגערמאן אין זיינע יארן, אין אַ וויַיס העמד.

זיינע וויַיסע הענט האבן צוגעהאלפן זיין מויל. זיי האבן בולטער געמאכט יעדע פראזע, יעדן געדאנק. אַ דיקציע — מקנה צו זיין — עס איז דערגאנגען יעדער ווארט. אַ לשון — זאפטיק, קולטורעל, פשוט, נאענט. און גערעדט האט ער אזוי, פונקט ווי ער וואלט געלייענט אונדזערע געדאנקען און זיי ארויסגעזאגט. ער האט זיך באנוצט מיט מעשהלעך, משלים, אפאריזמען מיט אַ מאי קא משמע לן, יעדע געשיכ-טע מיט אַ מוסר-השכל, און נישט עפעס פון אַ ספר פראלניק, נאר עכטע סחורה. ער האט געווארפן קיילעכדיקע, קלארע, פארענדיקטע געדאנקען: "קלער נישט וועגן דער גאנצער וועלט. קלער וועגן דעם, מיט וואס קאנסטו העלפן דיין שכן." "מען קאן פארמאכן טיר און פענצטער, כדי נישט צו זען ווי שווער עס לעבט זיך אַן אלמנה. אבער ווי קאן מען פארשפארן דאס געוויסן, אויב מען האט עס? און וואס איז אַ מענטש אַן געוויסן? דאס פרעג איך, און ענטפערן — ענטפערט זיך אליין." ער האט געבראכט דעם משל וועגן גלאז, וואס ווען עס ווערט פון דער צווייטער זייט באַ-זילבערט, הערט מען אויף צו זען די וועלט און מען זעט בלויז זיך. (ערשט שפע-

טער האב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס איז פֿון אַנ-סקיס "דיבוק"). איך מוז אָבער מודה זײַן, אַז אין קיין שום טעאַטער האָבן די ווערטער נישט אַרויסגערופֿן אַזאַ אײַנדרוקסלעכן ציטער, ווי דאָן אין דעם סטאַלינער שולעכל אין קאַלק.

מען האָט אים געהערט, ווי עס זאָגט זיך, מיט נאָז און מיט אויערן. אַ טויטע שטילקייט אַרום און אַרום, און אַפֿילו אין דעם אַנגעפּראַפּטן פּאַליש, ווו מען פּלאַפּלט געוויינלעך אַפֿילו בעת תּפֿילה.

איין מעשה, וואָס ער האָט דערציילט, איז געווען שענער פֿון דער אַנדערער און אינטערעסאַנטער, איין משל קליגער פֿונעם אַנדערן. עס איז טאַקע געווען ווי דער פּסוק זאָגט: "ווו תּורה — דאָרט איז חכמה". אונדז ייִנגלעך-אַפּיקורסים, האָט ער גענומען, קאָן מען זאָגן, מיט ליידיקע הענט. מיר, די בונטאָווּשטשיקעס, האָבן נישט געהאַט וואָס צו דערווידערן. ער האָט גערעדט נישט נאָר צו אונדז, נאָר כּמו פֿון אונדז, מקרבנו, אַרויסגערעדט...

אין דעם, וואָס, מיר, אַזוינע און אַזוינע, האָבן זיך אַנטציקט און געקוויקט מיט אַ מגיד — איז "שולדיק" געווען מאַטל לערנער.

טאַקע, אַ מאָדנער ייִד. פֿאַרוואָס האָט ער אונדז צוגערעדט צו הערן אַ מגיד? גע-וויס דערפֿאַר, וואָס ער האָט געוואָלט, מיר זאָלן הנאה האָבן. ער איז בטבע געווען זייער אַ גוטער מענטש. אויב מען קאָן הנאה האָבן פֿון אַ מגיד, טאָ פֿאַרוואָס דען נישט? אַ מגיד, וואָס רעדט וועגן דעם, וואָס נישט בלויז מיר רעדן וועגן דעם און זענען אַפֿילו גרייט פֿאַר דעם אײַנשטעלן דאָס לעבן, נאָר ער מאַכט עס בעסער פֿון אונדז, קלאָרער, איבערצייגעוודיקער. און, אפֿשר, האָט מאַטל לערנער געוווּסט שוין דאַן, וואָס מיר האָבן זיך דערוווּסט ערשט שפּעטער, אַז דער מגיד איז נישט קיין ווילנער און נישט קיין קוטנער, און בכלל נישט קיין מגיד, נאָר אַ לערער פֿון ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער האָט געשטאַמט פֿון אַ למדנישער משפּחה אין ראַווו-נע. עס זענען דאַן געווען יאָרן פֿון טיפֿן עקאָנאָמישן קריזיס, האָט ער, דער לע-רער, באַשלאָסן אונטערצושטוקעווען די פּרנסה מיט מגידות אין די פֿאַרוואָרפֿענע שטעטלעך אין די וואָלינער וועלדער, ווו קיינער קען אים נישט.

איך האָב פֿאַרגעדענקט זײַנע מעשׂיות און משלים און נישט געוווּסט דאַן, אַז גע-שעפּט האָט ער פֿונעם אוצר פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור, אין וועלכער ער איז גע-ווען גאָר שטאַרק באַהאַוונט. אַ צוגאָב צו דער פּרנסה, און דערבײַ ליכטיקער מאַכן אין די מוחות, איז עס דען נישט קיין מצווה?

נאטירלעך, נישט בלויז מיט די וועלטלעכע מעשיות פון א וועלטלעכן מגיד באגרענעצן זיך מײַנע זכרונות וועגן מאטל לערנער. ער לעבט אין מײַן זכרון ווי א זעלטן טשעקאווער מענטשן-עקזעמפּליאר.

אייגנטלעך, האט ער געדארפט געהערן צו גאר אן אנדערער וועלט, ווי די, צו וועלכער ער האט געהערט. ער איז געווען א ייד — א קרעמער, מיט שכל און מיט אביסל מזל. און דאך — נישט ווי אלע קרעמער. דער עיקר: אין אים איז געווען דאס, וואס ער האט תמיד געלעבט מיטן געדאנק, אז זײַן חוב איז העלפן אנדערע מענטשן.

ער האט קיין שום שייכות נישט געהאט צו דער ראדיקאלער יוגנט; געווען, ווי דאס רופט זיך, א בירגערלעכער ייד, ער איז אבער געווען אריינגעטאן בלב ונפש אין אן אייגנארטיקער מתן-בסתר-טעטיקייט. וויפל האט ער געהאלפן יידן פון זײַן שטעטל? און וויפל געהאלפן יוגנט פון קאלק, וואס האט זיך יארן געפּייניקט אין די תפיסות? וויפל יידן, אין מאמענט פון נויט, האבן דערפילט זײַן אויסגעשטרעקטע האנט מיט הילף, מיט גינציקייט?! און אלעמאל: שא-שטיל, אן אווארט צו זאגן עמיצן. העלפן — דאס איז געווען זײַן אינעווייניקסטער מאראלישער באפעל. למאי באהאלטן: איך אליין בין געווען איינער פון די, וועמען ער האט געשיקט פעקלעך אין די פארשידענע טורמעס.

אויך בעתן היטלער-גיהנום האט ער זיך ארויסגעוויזן פאר דעם, וואס ער איז געווען א גאנץ לעבן. דאס האט מאטל לערנער אין קאלקער געטא ארגאניזירט (מיט דער גרעסטער שטילקייט און באשיידנקייט) די הילפס-אקציע פאר די נויטבאדערפטיקע. אייביק איז ער געווען דער, וואס איז געקומען מיט דער איניציאטיוו צו העלפן.

*

משה טשארטאריסקערן האב איך פארגעדענקט אזא, ווי איך האב אים געזען דאס לעצטע מאל.

דעם 24-סטן יוני 1941 יאר. פארטאג. שטיל ארום און ארום, כאטש טיר און פענצטער זענען אפן.

פארטאג האט מען אייליק גענומען פארלאזן דאס שטעטל. פורן נאך פורן — מיט מענטשן און זאכן. איך האב זיך אויך געאיילט, געוואלט דעריבער דורכשניידן

דעם רינג, כדי צו פארקירצן דעם וועג, און דורך די בריקן — גלייך קיין מאניע-וויטש און סארנע. דאס פערדל, איינגעשפאנט אין א לייכטן וואגן, האט זיך געריסן פארויס, ווי ס'וואלט געפילט א סכנה.

ווען מיר האבן זיך דערנעענטערט צו משה טשארטאריסקערס שטוב, האב איך דער-זען, ווי משה טיילט זיך אפ פון א גרופקע יידן און גייט מיר אנטקעגן. אפגעהאלטן דאס פערד, בין איך אראפ פונעם וואגן. ער האט מיך א נעם געטאן ביים ארעם און מיט אן אפגעהאקטן אטעם געפרעגט:

— דוד, וואס דארף מען טאן?

איך האב א קוק געטאן ארום זיך און דערזען דאס גאנצע שטעטל ווי אויף דער דלאניע: פונעם אוקראינישן וויגאן ביז די לעצטע געסלעך הינטער דעם יידישן רינג. דעם בית-עולם, די בריקן איבערן טייך, די בתי-מדרשים, די אפטייק, דעם קלויס-טער, יידישע הייזער און פויערישע כאטעס. און אומעטום צעשאטן גרופקעלעך יידן, אלע מיט בשיימפערלעכע פראגע-צייכנס אויף די פנימער; מיט דעם זעלבן אומרו אין די אויגן: יידן, וואס טוט מען?

א סצענע פון שרעק און דערווארטונג, באגאסן מיט א העל-זוניק ליכט. פארוואס איז אזוי ליכטיק, ווען די געמיטער זענען אזוי פינצטער?! איצט, ווען איך דער-מאן זיך עס, זעט עס מיר אויס ווי א פאטא געמאכט ערב דעם טויט. געדענק: אזוי האט אויסגעזען אונדזער שטעטל איידער עס איז איינגעזונקען געווארן.

— וואס דארפסטו טאן, פרעגסטו, משה? — האסט פערד? דארף מען זיך פארפאקן.

— אביסל האב איך זיך שוין פארפאקט.

— טא ווארט נישט, פארט גלייך אפ פונדאנען.

— יא, איך טענה צו זיי — ווײַזט ער מיט דער האנט אויף די גרופקעס יידן — ווארט נישט און פארט, פארפאקט זיך און מארש פונדאנען! און זיי אלע, מיט איין ענטפער: וואס וועט זיין באשערט עם ישראל, וועט זיין באשערט בן ישראל. פונעם גורל קאן מען נישט אנטלויפן.

משה האט זיך שארף א קער געטאן צו מיר מיטן רוקן, זיך נישט געזעגנט און מיט נערוועזע טריט אוועק צו זיין שטוב.

מיין פערד האט זיך אפגעריסן פון ארט און אוועק ווי מיטן ווינט. משה טשאר-טאריסקער איז געווען דער לעצטער ייד פון מיין שטעטל, מיט וועלכן כ'האב גערעדט.

וואס עס איז געשען מיט אים, האט מיר דערציילט זיין זון מאיר:

— מיין טאטע איז טאקע אפגעפארן, אבער מיט דריי טעג שפעטער. ווו ער האט זיך נישט געגעבן קיין קער, אומעטום זענען שוין געווען די דייטשן. באין ברירה האט ער זיך אומגעקערט אין שטעטל און געווארט, ווי די אנדערע, אויף דעם, וואס ס'וועט זיין באשערט — אויפן טויט.

באשערט, באשערט! ווי פיינט איך האב געקריגן דאס דאזיקע ווארט. וויפל מאל האב איך דאס ווארט געהערט ביי אונדז אין שטוב פון טאטע-מאמע, פון שכנים, פון סתם מענטשן.

"באשערט. פונעם גורל קאן מען נישט אנטלויפן. עד וועט דיך אניאגן ווו דו וועסט נישט זיין. ער פליט גיכער פונעם ווינט, און במילא פון א פערד..."

איך: נו, יא, וואס איז מיר געווען באשערט? מיר איז באשערט געווען זיך ארויסצורייסן פון דער ראוויטשער טורמע אינעם ערשטן טאג פון דער מלחמה און דארט זענען שוין, דעם ערשטן טאג, געווען עס-עס-מענער. עס איז מיר באשערט גע-ווען זיך צו ראטעווען, אדער איך האב זיך אליין געראטעוועט? לאמיר זאגן: אפשר נישט אליין. דער מזל האט צוגעשפילט, איך האב דאך אבער עפעס געטאן, דער מזל זאל צושפילן. איך האב נישט געווארט — גיך גענומען שפאנען אין דער ריכ-טונג פון פויזן. אמת, אנדערע חברים מיינע זענען דארט אויף אייביק איבערגע-בליבן. איז זיי דאס טאקע באשערט געווען?

און דעמלט, ביי קוטנע, ווען מיר האבן געזעטן די פוילישע פליער, זיי זאלן אונדז ארויפנעמען אויף זייער לאסט-אויטא, מיט וועלכן זיי האבן זיך געוואלט דורכרייסן קיין ווארשע, און ארום, פון אלע זייטן, זענען שוין געווען דייטשישע חיילות, בלויז פאר פיר פון אונדזער גרופע, אין דעם אויך פאר מיר, האט פארפעלט ארט אין אויטא. מיר האבן מיט קנאה-בליקן באגלייט די, וואס האבן זיך מיטן אוי-טא שנעל דערווייטערט.

מיר זענען געגאנגען. פופצן קילאמעטער ווייטער האבן מיר געטראפן א הויפן אויפגעריסענע בייכער, אפגעריסענע קעפ, הענט, פיס, אפענע, גלעזערנע אויגן, פלעצאקעס. מיר האבן אין דער קופע דערקענט די "גליקלעכע", וועמען מיר האבן מקנא געווען, ווען זיי האבן זיך שנעל פון אונדז דערווייטערט. איז וועמען פון אונדז באשערט געווען? מי לחיים, מי למות? ווער האט דאס באשטימט, ווער האט

אויסגעקליבן? עס איז אונדז, די פיר באשערט געווען, עס זאל פאר אונדז אויספעלן ארט אין דער מאשין, און אויף אזא אופן גאר ארויסציען דאס קניפל מיטן סאמע גרויסן געווינס — דאס לעבן.

מיר, די גליקלעכע פריוויליקע פארטיידיקער פון ווארשע, וועלכע זענען געלעגן אונטער א מבול דייטשישן פייער, האבנדיק אין די הענט ביקסן, וואס האבן נישט געטויגט בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה. אויך דא איז דאך סוף-כל-סוף געווען די דילעמע: מי בחיים ומי במות. עמעצן איז דאך באשערט געווען ארויסצוגיין גאנץ מיט די ביינער, ווי אונדז, אין דער צייט, ווען אנדערע האבן דא איבערגעלאזט זייערע ביינער און דא צום לעצטן מאל געזען דעם הימל אין רויך און אין פייער.

צוזאמען מיט חנהלע פאליעווסקי און ברוך מילער האבן מיר פארלאזט ווארשע, ווען די דייטשן זענען שוין דא געווען, און פיל פון אונדזער גרופע זענען שוין נישט געווען צווישן די לעבעדיקע. נישט געווען שוין לעוויצקי — דער בוי-ארבעטער פון כעלם, נישט מארישטשוק — דער פויער פון הינטער לוצק, נישט דוד לאזאר — דער העברעישער לערער פון לעמבערג. זיי איז שוין נישט באשערט געווען.

צופעליק אדער באשערט — איז פאראן א חילוק צווישן די דאזיקע באגריפן? א גאנצע עפאכע איז פארביי. יארן פון מלחמה און חורבן. איך בין אין לוצק. אז שוין יא אין לוצק, ווילט זיך מיר צופארן זען מיין קאלק, מיין וויגעלע, דאס ארט, ווו איך בין אויף דער וועלט געקומען אא״ו אא״וו.

דער שאפער פון דער לאסט-מאשין וויל מיך נישט נעמען. מיר טענהן מיט אים לאנג; צום סוף איז ער מסכים. ווען ער איז שוין יא מסכים, און איך זיץ שוין אויבן, אינעם ״קוזאוו״, הייב איך אן ספקן: צי דארף איך אהין פארן? צוואס זיך באגעגענען מיט דער פארגאנגענהייט, וואס איז פאר מיר אוועק צוזאמען מיט אלע אויסגעשאכטענע? אין לוצק האב איך דאך אויך געקענט פיל מענטשן; ווו זענען זיי איצט? נישט געטראפן קיין איין באקאנט פנים. איך האב מורא זיך צו טרעפן מיט א טויטער פארגאנגענהייט. א טויטע שטאט. די שאטנס זענען אפילו אויסגערונען, פארשווונדן. מען קאן זיי נישט צוריקרופן, נישט אויפלעבן. קראצן די נשמה מיט די נעגל? ווען איז עס נייטיק? ווערווארט דארט אויף מיר אינעם טויטן קאלק?

איך זיץ מיט אנדערע, מיט ווילדפרעמדע מענטשן אין קוזאוו, און שלאג זיך מיט דער דעה. פארן — נישט פארן. קיין באשלוס נעם איך נישט אן. עפעס אן אינעווייניקסטער אימפולס גיט מיך אין דער לעצטער מינוט א הייב, און איך שפרינג אראפ פונעם אויטא. איצט ווייס איך שוין אויף זיכער: איך וועל נישט פארן. נישט מיט מיין קול שריי איך אויס צו מיין באגלייטער — צו איציק אר-שטיין: — "וואס האב איך דארט צו טאן?!"

און ווידער זענען מיר אויף די גאסן פון לוצק. לוצק איז אין שניי. שניי און שניי. שניי ארום מיר, שניי אין מיר... א ווייסער אומעט ליגט אויף מיין נשמה...

איך וויל זיך אנטרינקען. ביי ארשטיינען האט זיין ווייב געדעקט דעם טיש. משקה פעלט נישט. אפשר איז עס א פארברעכן, וואס איך היט אזוי מיין רו און זאג זיך אפ צו פארן קיין קאלק אויף קבר-אבות?! א מיאוסער עגאיזם! זיי האט דער טויט ארייננגקוקט אין פנים, זיי האט געקוילעט דער חלף, און איך ציטער, איך האב מורא פאר דער אימה, וואס לעבט פארשטעקט אין מיר, און איך האב מורא טאמער וועט מיך ווייטאן. אך, סאר א דעליקאט, אויסגעפיעשטשעט קינד! ווו ביס-טו עס געפיעשטשעט געווארן, מיין הארץ? ווו? אין די קאלטע פינצטערע קאזעמאטן, אינעם ים-המות, אין וועלכן איך בין געבאדן געווארן?

בראנפן איז א רפואה. לכל הפחות — דאן האט עס מיר געהאלפן. אויפן צווייטן טאג דערוויסן מיר זיך: צווישן טראסטיניעץ און סיטניצע איז דאס אויטא, מיט וועלכן איך האב געוואלט פארן קיין קאלק, באשאסן געווארן דורך "באנדעראוועס". די באנדע האט איבערגעלאזט די טויטע קערפערס פון די צופעליקע פאסאזשירן, און דעם צוקער, וואס איז געווען אויפן לאסט-אויטא, אוועקגעפירט צו זיך אויף דער באזע.

עך, וואס פאר א געשמאקער ביסן איך וואלט עס געווען פאר די חיות-רעות! אן אדער באך אן אדער וואלטן זיי פון מיר געצויגן. עס איז זיי דאס אבער נישט בא-שערט געווען, ווייל מיר איז באשערט געווען צו לעבן.

פאר וועלכע מעשים-טובים איז עס מיר באשערט געווען לעבן צו בלייבן? פאר וועלכע חטאים איז מיר באשערט געווען אין איינזאמקייט ארויסגיין פונעם ים פון בלוט, וואס האט פארטרונקען און פארשלונגען אלעמען? פאר וועלכע חטאים?!

ווען איך טראכט וועגן דעם, דערמאן איך זיך משה טשארטאריסקערן, ווי איך האב אים געזען א רגע פאר מיין פארלאזן אויף אייביק קאלק, וואס ליגט מיר נאך אלץ אין די ביינער. איך דערמאן זיך זיין טענה צו די קאלקער יידן: "זיי האלטן אין איין איבערחזרן: — וואס ס'איז באשערט, דאס איז באווערט" פארוואס האט דאס הארץ זיי נישט געווארנט: — עס איז אייך באשערט דער טויט?! — פארוואס-זשע איז מיר באשערט געווען דאס לעבן? אפשר איך זאל קיינמאל נישט פארגעסן זייער טויט?...

*

## פרייטיק אויף דער נאכט

א גאנצע וואך איז דאס שטעטל שטיל געווען, ווי פארשלאפן. פיל האבן געארבעט אין די דערפער, אנדערע אין די היימען. די גאסן זענען געווען פוסט. מען האט געגעגעצט ביי די קלייטלעך און אויסגעקוקט אויף א קונה.

ערשט פרייטיק אין אוונט איז דאס שטעטל אויפגעשטאנען ווי פון שלאף און עס האט זיך גענומען רודערן: יעדער בחור מיט זיין מיידל, יעדער מיידל מיט איר בחור, גרופקעס בחורים מיט גרופקעס מיידלעך פלעגן זיך ארויסלאזן אין גאס. לכתחילה האט מען זיך געאיילט אין די לאקאלן פון פארשידענע ארגאניזאציעס, ווו עס איז געווען דער טרעף-פונקט. דא האט מען גערעדט אלע צוזאמען, געשפארט זיך, געאמפערט זיך, געשטיפט און געוויצלט זיך. איין משפחה — פול מיט לוסטיקייט און געלעכטער, מיט פרייד און היימלעכקייט, פונקט ווי איין משפחה וואלט זיך צונויפגעקומען; א משפחה, וואס איז א גאנצע וואך געווען צעשיידט.

איידער די פאליציי האט זיך גענומען גוט צוקוקן צום לאקאל פון דער פרץ-געזעלשאפט, איז דא געווען פול. עס פלעגט קומען יוגנט פון פארשידענע פאליטי-שע איבערציגונגען. מאטל כאסיס, דער סוחר, און בנימין קאץ, דער ציין-טעכניקער, שעפע מיניוק און דעם חזנס זון, אפילו אקטיוויסטן פון אנדערע פארטייען — זיי פלעגן קומען אהער צו זייערע מיידלעך, וועלכע זענען נישט זעלטן דא אויך בלויז געווען צופעליקע געסט.

ארום די יוגנט-לאקאלן איז געווען ליכטיק און רוישיק. די אמפערייען האבן זיך ארויסגעטראגן אין די גאסן. ווען ס'פלעגט צופאלן די נאכט, איז מען, ווי אן חשק, זיך פאנאנדערגעגאנגען. נאטירלעך, די ערשטע האבן זיך ארויסגעגנבעט די פארליבטע פארלעך. ביי דער לבנה האט מען געזוכט איינזאמקייט אינצווייען און מען האט אפילו נישט באמערקט, ווי די גרופקעס זענען זיך צעקראכן, צעשווומען אין דער נאכט. די שיין פון דער לבנה האט איינגעהילט דאס שטעטל ווי אין א מיס-

טעריעזן שליער. די פענצטער האבן ארויסגעשיינט מיט ליכט אין זילבערנע און מעשענע לייכטער. זייערע פייערלעך האבן לייכט געציטערט, ווי די הערצער ביי די מיידלעך, וועלכע האבן זיך צום ערשטן מאל געטראפן אויג אויף אויג מיט א בחור אין דער ארומיקער שטילקייט און פוסטקייט. איינע אליין און אין מורא פאר זיך אליין. אויף די בריקלעך, אויף די גאניקלעך זענען אויף בענקלעך און טאבורעטן געזעסן מענטשן — מען האט גערוט, נאך א שווערער וואך פראצע און זארג — עונג שבת. די הענט פארלייגט אין שויס, האט מען גערוט, גערעדט און, ווי ס'פאסירט געוויינלעך, בארעדט. דא האט איינע ביי דער אנדערער געוווסט, וואס אינעם טעפל קאכט זיך. די מענער, נאטירלעך, נישט בלויז וועגן קלויז, וועגן רב, גבאים, נאר אויך וועגן פאליטיק: אראפגענומען מיניסטארן און געטשמאקעט מיט די ליפן וועגן דער חכמת הדיפלאמאטיע, אבער אויך נישט נתפעל געווארן אפילו פאר קיסרים.

ביי די בריקן, ארום די בריקן — פול. ווי שיין איז די יוגנט, ווי חנוודיק — די מיידלעך! קוקט נאר אריין אין זייערע אויגן, און איר וועט זען, ווי א ליבע וועלט, א שיינע וועלט פינקלט אין זייערע שווארצאפלען.

אין מיטן שטעטל, ביי ריווטשע גאדאמיטשערס טיר, אויף דעם לאנגן בריקל ביי דער שטוב, זיצן סענדער שלייען, דער רעזערווו-אפיציר פון לעמבערג — אשר דים; דער פוילישער בחור — יאנעק סטאזשילא; דער געוועזענער נאטשאלניק פון דער צארישער פאסט — דער זקן באבראוו און דאס שיינע מיידל — די שענסטע פון אלע אין שטעטל — סאניע; גאדאמיטשערס טאכטער און איר קלוגע שוועסטער — איטע.

פון גאדאמיטשערס בריקל ציען זיך אין שטעטל אריין שטילע מעלאדיעס. צווישן צוויי מיידלערישע שטימעס, באגלייט דורך סענדער שלייענס ברומענדיקן וויכן באס, פלעכט זיך דורך דאס אייגנארטיקע קול פון אשר דים. באבראוו און יאנעק סטאזשילא גיסן אין דעם כאר אריין דעם ציטער פון זייערע גיטארעס. דאס איז געווען נישט סתם א געזאנג, נאר א געזאנג פון געשולטע הארץ-טענער, וואס וויילסן ווו, און וויילסן ווען — צו פליסן ווי דער סטיר, צו רוישן ווי דער מארק און צו וויינען פון מתיקות... אט דאס איז געווען אן אמת זינגען, פונקט ווי פסח קלעז-מערס פידל איז געווען יין משומר, אדער נאך בעסער — דער ריינסטער בוימל. איך האב דאן נישט געוווסט נאך, אז פונעם בריקל טראגט זיך די מוזיק פון דוואַ-זשאקס הומארעסקעס, די לידער פון פראנץ שובערט, פון וועבערן א"א קאמפאזיטארן.

פון דער צווייטער זייט שטעטל, פון די אוקראַינישע גאַסן, פון באַדעצקיס שטוב פלעגט קומען אַ גוט, אָרגאַניזירט, האַרמאָניש געזאַנג פון אוקראַינישע לידער. אַ כאָר, אָן אַמתער כאָר, פון וועלכן עס פלעגן זיך אַרויסרייסן איינציקע הויכע סאָפּראַנאָ-שטימען, דורכגעפלאָכטן מיט אַ לירישן טענאָר. די ווערטער זענען אונדז געווען אַקאַנט, האָבן מיר זיי דערהערט פונדערווייטנס:

*..."שטשאַ פּרוידע ליובע ליטאַטשקאַ,*

*שטשאַ ווערניטסיאַ ווועסנאַ,*

*אַ מאַלאַדיסט' נע ווערנעטסיאַ,*

*נע ווערנעטסיאַ ווואַנאַ."*

פון אַ צווייטן בריקל האָט זיך געצויגן אַן אַנדערער ליבע-מאָטיוו:

*"דן איז דער גאַנץ פון שטעטל,*

*דן איז מיין ליבע, מיין טרוים..."*

דאָס איז געווען אַ נייע ליד, וואָס "אַנדזערע ווילנער" האָבן ערשט מיטגעבראַכט.

און פונעם פּרץ-לאָקאַל גאָר אַנדערע לידער — נישט קיין סענטימענטאַלע, נאָר שטורמישע, האַפּערדיקע, רופנדיקע, אַרמייאיש-ריטמישע:

*"דאָך קומען וועט, צי פרי, צי שפּעט, די צייט, עס איז קיין חלום."*

און ווי אַ פּאַלעמיק האָבן אָפּגעענטפערט פון אַן אַנדערן לאָקאַל שטימען:

*"תחזקנה ידי כל אחינו..."*

און פונעם סטיר האָבן זיך איבערגערופן פייערלעך אויף דעם שוואַרצן סאַמעט פונעם וואַסער — דאָס האָבן די פישער זיך אונטערגעהאַלפן ביים פאַנג מיט ברענעדיקע סמאָלע-שפענער.

פרייטיקצונאַכטסן, יידישע פרייטיקצונאַכטן — סאַר אַ געמיש פון ניגונים, סאַר אַ מאַזאַיק פון בענקענישן און פאַרלאַנגען...

*

אין איינעם אַזאַ פרייטיקצונאַכטס האָב איך נישט ווייט פון דער בריק, צווישן די שטיבלעך פון אַלטן סטאָוקער און די פישהענדלער, פאַרפירט אינמיטן וועג אַ וויכוח מיט חיים שפּילבערגן. מיר זענען געווען דאָן אַנטיפּאָדן, מער — צוויי וועלטן, צוויי קעגנערישע וועלטן, צעקריגטע אויף אַלע אייביקייטן. סיי איך, סיי

ער, זענען געווען איבערצייגט, אז אונדז צעטיילן תהומים, אונדזערע וועגן וועלן זיך נישט בלויז קיינמאל נישט צונויפקומען, נאר אפילו זיך נישט איבערשניידן.

אנגעהויבן האט זיך דער וויכוח אינגאנצן צופעליק, אבער גאר גיך האבן מיר זיך פאנאנדערגעפלאקערט, ווי אין אונדז בײדע וואלט זיך א שרפה אנגעצונדן. פון א שטילן שמועס איז מען גיך אריבער צו די העכערע טענער, מיר האבן זיך גענומען איבערווארפן מיט ארגומענטן, ווי מיט ברוקשטיינער, און באלד נאכדעם, ווי מיט האלאוועשקעס. יעדער פון אונדז האט געהאט דעם גאנצן אמת און געווען אין אים הייליק איבערצייגט. און צוויי אמתן קאנען דאך נישט זיין, נעמען זיי איינער דעם אנדערן פארברענען. אזוי ווי דאס געשעט מיט די אמתן אין אלע צייטן, אומ-אפהענגיק ווי זיי ווערן געשריבן, און אומאפהענגיק פון דעם, וואס מען פארשטייט אונטער דעם — גאליליילען אדער די אינקוויזיציע.

ארום אונדז האבן זיך גענומען קלייבן מענטשן, פריער אויס הוילער נייגירי-קייט, און נאכדעם זענען דאס געווארן צדדים. איך געדענק נאך איצט איינציקע פנימער ארום אונדז: ישראל סימא, לייבל פערליוק, לייבל טורטשינסקי, דער סטא-ליער עבבער, הענעך ביקעלניצקי א"אנד.

א היפשע גרופע ארום אונדז, און זי האט געהאלטן אין איין וואקסן. יעדעס ווארט, יעדן ביישפיל, יעדער ציפער האבן מיר גענומען ארויסווארפן מיט אזא רצי-חה, ווי דאס וואלטן געווען גראנאטן. עס האט באלד געדראט, דער ווערטער-געפעכט זאל זיך פארוואנדלען אין א פינצטערער, געמיינער אבער נישט ווייניקער פארבי-סענער שלעגעריי; מיט איין ווארט, שיער נישט דערגאנגען צו יענע שלאג-ארגומענטן, וואס ווערן באנוצט אין מלחמה.

איך האב געקעמפט פאר פארניכטן די אלטע וועלט און אויף אירע חורבות אויס-בויען א וועלט פון ליכטיקע גלעזערנע הייזער, אין וועלכע מען הערט נאר פרייד, גליק, געלעכטער. ער האט אויך געוואלט א נייע וועלט, א ניי לעבן פאר יידן, מיט סעדער און פרדסים, מיט אויסגעטריקנטע מדבריות פארוואנדלטע אין א גן-עדן התחתון. ער האט נישט געוואלט שלעפן דעם יאך פאר א גאנצער וועלט, גענוג — זאל יעדער מאכן שבת פאר זיך, מיט זיינע כוחות און מיט זיינע מעגלעכקייטן.

די ארומיקע זענען געשטאנען, מערסטנס, ווי צושויער בעת א באקס-מעטש. יעדעס מאל אויף דער זייט פון דעם, וואס גיט שטארקערע און פינקטלעכערע קלעפ. אבער

עס האבן זיך אויך געפונען אנהענגער פון בײדע שיטות. מײן צד — מען האט עס געזען לויט זײן פנים, װי ער האט אויפגענומען מיט צופרידנקײט די קלעפ, װאס איך האב געגעבן, און מיט א פארכמורעט געזיכט די קלעפ, װאס איך האב באקומען — איז געװען הענער ביקעלניצקי. װען בײדע זענען מיר שוין געװען פארכרי-פעט און זיך געאמפערט מיט די לעצטע כוחות, ערשט דאן האט זיך די אמפעריי צע-צונדן צװישן די אקערשטיקע קיביצער. און יעדער צד האט געקראגן נײע ארגומענטן מיט יעדן נײעם קעמפער. דער סוף איז געװען, אז דאס שטעטל גופא איז צעטײלט געװארן אין צװײ צדדים.

מיר זענען זיך, לסוף, פאנאנדערגעגאנגען טיף איבערצײגטע יעדער אין זײןאמת, מיטן טיפן באדויערן, אז דער צד שכנגד לעבט אין אזא באשײנפערלעכער פארבלענ-דעניש.

צענדליקער יארן זענען פארבײ. בײדע האבן מיר, באנוצנדיק די װערטער פונעם דיכטער לײװיק אין זײן "לעבן מײנס", געפירט אונדזער לעבן דורך גרויסע גע-פארן, דורכגעגאנגען, לויטן װערטל — דורך דער באד, מיל און הקדש, דורך תפיסות און איבער חורבות, דורך פראנטן, הונגער און דורשט, דורך ברײטע שליאכן און דארפישע שטעגלער, געפארן אין פרעסט אויף די דעכער פון צוגן און דורך אומענד-לעכע סטעפעס — אײנער דורך אומװעגן, ימים און אקעאנען צום װײטן מאנטרע-אל, דער צװײטער דורך זאװײען — צו דער פארברענטער װארשע.

יארן און צענדליקער יארן זענען אװעק, און מיר האבן זיך װידער געטראפן. געטראפן און אפילו נישט דערמאנט אונדזערע אלטע חילוקי-דעות און װיכוחים. מיר האבן בלויז געפילט אײנס: די גרויסע צופרידנקײט, אז אונדז איז באשערט געװען װידער זיך צו טרעפן.

*

# א גלגול פון א ניגון

קאלק איז נאטירלעך נישט געווען טאלנע. אין טאלנע איז מן הסתם געווען ווי אין דער גאנצער קיעווער קיעווער געגנט. און אין דער קיעווער געגנט, אויב מען זאל גלויבן דעם טאלנער חסיד, וואס דערציילט זיין געשיכטע אין פרצעס "א גלגול פון א ניגון", איז געווען "אין בית אן א פידעלע, אזוי ווייט, איז אויב איר ווילט וויסן וויפל מאנסלייט עס געהערן צו א שטוב? קוקט אויף די ווענט! וויפל עס הענגען פידלען, אזויפיל מאנסלייט".

קאלק האט זיך נישט פארגליכן מיט טאלנע, קאלק איז וואס? א באשיידן שטעטעלע; אויב איר ווילט — א מין געגעצל. אבער וואס פאר א געגעצל?! אבער קאלק האט גע-האט זיין פנים, זיין כאראקטער און זיין ניגון, קאלק האט דאך געהאט זיין פסח דעם קלעזמער. וואלט דער ניגון געווען, ווי א פרעמד הארץ, וואלט אים קאלק געוויס אפגעווארפן. נעמען מיר אן, אז דער ניגון פון פסח דעם קלעזמער האט געצויגן זיין זאפט און זיין יחוס פון קאלק.

טראג איך, א קאלקער, אין זיך דעם ניגון, וואס איך האב געהערט אין קאלק, און וואס ווייטער, ווערט דער ניגון אין מיר רייפער און ממילא — מחיהדיקער. קאן איך נישט פארגעסן דעם זומערדיקן קאיאר, ווען די נאכט האט נאך נישט בא-וויזן רעכט אויסצורינען, און דער טאג האט זיך נאך געוויקלט אין זיינע דינסטע שליירען. און אזוי צווישן טאג און נאכט האבן זיך גענומען מיניען קאלירן — פריער אויפן ווייטן הארizאנט, און נאכדעם אויף די קרוינען פון די ביימער, ווארעם וויסן דארפט איר, אז ווען די גאלדענע שטראלן פון דער זון נעמען זיך מישן מיטן גרין פון די קרוינען, איז שוין דער גרין נישט קיין גרין, און דער גאלד נישט גאלד, נאר עפעס א קאליר, וואס דער רבונו של עולם האט נאר-וואס בא-שאפן, און מיר, די בני-אדם, הייבן נישט אן צו וויסן וואס איז דאס. ווייל וויסן זאלט איר, צי גאט איז פאראן, צי נישט פאראן, אבער קיין גרעסערער מאלער

פון אים איז נישט געווען און וועט נישט זיין. יעדער פרימארגן קומט מיט זיינע קאלירן, זיי טאפן זיך איינע די אנדערע אן און נעמען זיך מישן אין אזוינע פאר־שידענע טענער, אז מען קאן פון זינען אראפ. א פארב האט זיין טאן, און א ניגון — האט זיין טאן, און א ניגון צו א ניגון איז נישט גלייך.

קאיאר. דאס גאנצע פיצעמאנטשינקע שטעטעלע, די שטיבער און שטיבלעך, די גא־ניקלעך און פריזבעס, די קלאדקעס, די פארקאנעס, דאס ארומגעוואקסענע אלט הייליק ארט, די גלאנציקע בריק, אלע קוסטעס און ביימער, יעדעס גרעזל — אלץ נעמט מיניען אין קאלירן, א סימפאניע פון פארבן, וואס מען דארף זיין אויף איר א מבין, ווארום דורך איר רעדט דער כביכול אליין. די הויפישע גאס איז די יחסנטע. זי איז זאפטיקער אין קאלירן, ווייל זי פארמאגט א שפע פון גרינס. פריער ווערן די קאלירן ווי אויסגעשיילט פון א נעפל, נאכדעם ווערן זיי שארפער, העלער, ווי דער ניגון, וואס ווערט דער לייט־מאטיוו און איז אין זיך כולל דעם עיקר־העי־קרים.

אין א קאיאר בין איך געשטאנען ביי מאטל דעם סטאליערס נייער שטוב און ארײנ־געקוקט אין דער טיפקייט פון דער הויפישער גאס. עס איז געווען שטיל, אזוי שטיל, אז מען האט געקאנט הערן דאס קלאפן פונעם אייגענעם הארץ. מיטאמאל האט די שטיל־קייט זיך גענומען באוועגן, ווי דער ווינט וואלט געהיימנישפול גענומען פליס־טערן, און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט א ניגון גענומען ציטערן; אויפגעקו־מען און פארשווונדן, און אזוי — עטלעכע מאל. נאכדעם האט ער זיך גענומען דער־נענטערן, און וואס נעענטער — אלץ שטארקער געווארן. יא, א פידל האט געשפילט, געשפילט און אנגעוואקסן, פונקט ווי עס וואקסט אן דביקות, באגייסטערונג, התלה־בות און נעמט קלעטערן אלץ העכער און העכער, נישט פארלירנדיק דערביי די ווייכ־קייט, די צערטלעכקייט; דער אומעט וואקסט אן; דער טרויער, אבער, ווי איינגע־הילט אין נעפלען, אין זיידנס און אין סאמעט. א ניגון ראנגלט זיך מיט זיך א־ליין; קלאנגען ווילן איינע די אנדערע גובר זיין, פאלן זיך אין די ארעמס, ני־דערן און קלעטערן, פליען ווי שמעטערלינגען ארום, ארום ליכטשיין, ברענען אפ די פליגעלעך און טרעטן אפ, כדי ווידער צוגעצויגן צו ווערן דורך דעם לויכטנ־דיקן פיערל, וואס שיינט און וואס ווארעמט און רייסט ארויס פון דער אומהיימ־לעכער שרעקנדיקער חשכות. דער ניגון, דער ווייטער ניגון גיסט זיך צונויף מיט

די קאארישע קאלירן אין איין געזאנג, אין איין קאנצערט, אין איין שירה — קאליר און קלאנג, ווי געבוירענע פון איין מקור צו איין און דעם זעלבן צוועק...

איך בין מיט דניאל וויינער, מיר שטייען ארומגענומען, קוקן און הערן, קוקן און הערן, הערן און קוקן, ווי צוויי חושים וואלטן איין חוש געווארן און ווי מיר ביידע — איין נשמה. נישט צונויפגערערדטערהייט נעמען מיר גיין די טענער אנטקעגן, אבער עס איז שוין נישט נאר א פידל, עס פאלט אריין א קלארנעט און נאך אן אינסטרומענט און גיסן זיך אלע צוזאמען, ווי ריטשקעס אין א ריזלדיק טייכל. מיר גייען אנטקעגן די טענער און זיי אנטקעגן אונדז. מיר דערזעען פון דער ווייטנס א גרופע מענטשן. אט פון זיי גייט עס די זינגענדיקע תפילה. מיר נעמען דערקענען פנימער. באקאנטע, וואכעדיקע פנימער אין א פרימארגנדיקער וועלט פון כולו שבת, פון כולו רוחניות, פון חלום און פון בענקשאפט. די נשמה איז דאס פידעלע, און דאס פידעלע — איז דער קלעזמער. ער, מיט זיין קאפעליע.

פסח, דער קלעזמער. אויפן קאפ א קליינע יארמלקע, א גרויסער הויכער שטערן, פארמאכטע אויגן, צוזאמענגעפרעסטע עקשנותדיקע ליפן, ווי ער וואלט מיט כוח פאר-האלטן דעם שטראם טענער, וואס רייסן זיך פון פידל, ווילן זיך אראפווארפן ווי א וואסערפאל פון א הויכער דאמבע, וואס פארשפארט דעם וועג פאר דער אפפלייצנדי-קער מיט א ריזיקער קראפט מאסע. א הויכער, פעסטגעבויטער, א בלאנדע בארד, גע-דיכט דורכגעפעדעמט מיט גרוי ווי מיט זייד. ער גייט אזוי, ווי נישט די אויגן וואלטן אים געפירט, נאר ווי די טענער פון זיין פידל. אויך חיים דער קלעזמער, וואס גייט נעבן אים, באוועגט זיך ווי א בלינדער — אים פירן די טענער פון זיין קלארנעט. און אין זעלבן ריטם באוועגט זיך די גרופע אין שווארצע זיידענע שבתדיקע קאפאטעס און שווארצע קאשקעטן, ווייסע העמדער. יום-טובדיקע יידן, און מיט זיי — זייערע ווייבער און טעכטער — שווארצע טיכלעך, ווייסע, זיידענע שאלן.

זיי גייען, און איך מיט דניאלן באגלייטן — נייגעריקע און פארכשופטע. אט איז שוין די שניידערישע שול, און אט אליהו גרויסמאנס שטוב, לינקס פירט א גע-סעלע צום רינג. דער טאג שפארט אן מיט זיין בלויקייט. טאג. ברוך הבא — א ניי-ער טאג איז דא. אבער דאס שטעטעלע איז נאך אלץ אין שלאף. אט-אט און עס וועט זיך נעמען אויפוועקן, און טירן וועלן זיך נעמען עפענען, און לאדנס און גאניק-

לער וועלן אויפלעבן, און ווי טויבן וועלן קינדער נעמען ארומפליען. די דעכער, ווי אונטער דאשקעס, פארקוקן זיך אויף דער נייער זון, און די שטיבער, איינגע-בויגענע צו דער ערד, בייגן זיך שוין יארן אלץ טיפער, ווי זיי וואלטן פאר זיך אליין א קבר געגרייט. גוטמארגן דיר, שטעטעלע, נישט פסח דער קלעזמער מיט זיין קאפעליע האט דיך אויפגעוועקט, נאר די זארג, וואס האט דיך אויך אין מיטן נאכט געוועקט. זי וועקט דיך שטענדיק די אלטע זקנה-זארג, די מכשפה מיט די שווארצע אויגן ווי אן אפגרונט.

פלוצים האט זיך דאס שפילן איבערגעריסן, און ערשט דאן האט מען ווידער דער-פילט די הערשאפט פון דער שטילקייט, און פונקט אזוי אומגעריכט, ווי עס איז אי-בערגעריסן געווארן, האט זיך דאס קלאנגען-פייערווערק באנייט. אנדערע טענער, אן אנדער גאנג; ברייטער, פרייער צעפליסן זיך ווי רינגען בהרחבהדיק, א רינג אין א רינג, אריינגעפלאכטן איין רינג אינעם אנדערן און זיי באוועגן זיך אלץ שנע-לער, אלץ לעבעדיקער. אין דער פריערדיקער עצבות רייסט זיך פריילעכקייט אריין, לכתחילה א ביסל שעמעוודיק, נאכדעם אלץ דרייסטער, אלץ געוואגטער, אלץ פריילע-כער, אלץ מיט מער אמונה און גוטע בשורות. זיי קלאפן זיך שוין, די טענער, אפ אין אלע שטיבלעך פון רינג. איצט וועקן זיי שוין, איצט רופן זיי שוין, זיי עפענען שוין לאדנס און טירן, און אט, דאכט זיך, וועלן זיי נעמען טרייסלען די ביימער ביי די קרוינען, די בחורים ביי די טשופרינעס, גלעטן די ראזע באקן ביי די בתולות און, ווי דער ווינט, זיך נעמען שפילן מיט די פיאותלעך ביי די יינג-לעך.

דער הימל ווערט העלער, דער גרין — געלער. דער טאג האט מנצח געווען. פסח פירט זיין קאפעליע האפערדיקער, פארטרייבט די שאטנס. איצט בייגט זיך שוין זיין גאנצער גוף אין אלע זייטן, און פון אונטן ארויף מאכט ער האלבקרייזן, איז יעלה ויורד — לעבעדיקער, פלינקער, האפערדיקער, חי געלעבט! זאל זיין געלעבט, און געטאנצט, זאל זיין געטאנצט! און אז ער איז שוין, דאכט זיך, דארט, אויבן, גאר אויבן, אין דער מאכט פון כולו חדוה, נעמט ער פלוצלינג ווידער פאלן-פאלן, בי-דערן, אין צער אריינפאלן, נעמט זיך בעטן און בעטן, און אט רייסט זיך דורך א א יללה און אט ברומען טענער, ווי א קללה — ווער קאן פארשטיין וואס וויל זיין פידל? וואס רעדט דאס פידעלע? וואס חלומט עס? נאך וואס בענקט עס?

אבער טאג איז טאג און עס קומט די ליכט און עס קומט די טרייסט, און ווידער נעמט דאס פידל צעטרייבן די שאטנס, צעטרייבן פון אלע ווינקעלעך, טרייבט זיי ווי די שלעכטע רוחות, און פרישע ווינטן נעמען בלאזן איבער די האריקע וועלדער און שפילן מיט די רייפע זאנגען אויף די פעלדער. א טאג קומט אן, א ליכטיקער טאג קומט אן פאר איך, מיינע ברידער און שוועסטער. דער שיין פון דער מוזיק שפיגלט זיך אפ מיט ליכט אויף די פנימער, עס ווייזן זיך שמייכלען, עס נעמען גלאנצן אויגן, גיכער באוועגן זיך די הענט און מוטיקער ווערט דער גאנג.

וואס איז געשען? די פויק האט גענומען ווערן באלעבאס, די פויק האט גענומען געוואלדעווען. וואס איז געשען? איך מיט דניאל ווײנערן ווייסן וואס. פסח מיט דער קאפעליע איז ביי דער שטוב פון די מחותנים, פירט דעם חתנס צד. פירט די מחותנים פון דעם חתנס צד צוריק אהיים פון דער חתונה. א פריילעכס. זאל זיין מיט מזל! און ווי קאן זיין א פריילעכס אן א פויק? די פויק האט צו לאנג גע-שוויגן, איצט האט זי זיך צעבושעוועט, זי שרייט מיט אלע קולות!

איך דערמאן זיך דעם דאזיקן קאיאר און מיר ווערט אומעטיק. איך דערמאן זיך, אז אמאל איז געווען... עפעס א גאנצקייט איז געווען, א לופט אן אייגענע, א היימישע איז געווען... דער ניגון איז געווען און האט געלעבט אין אונדז אלעמען. ווען איך דערמאן זיך אין פסח דעם קלעזמער, דערמאן איך זיך, אז אויך קאלק האט געהאט א נגינה, און די נגינה האט געהאט א נשמה, און אויב מיך ציט עד היום צו מוזיק, שטאמט געוויס די דאזיקע "ציונג" פון אמאל. ביי אונדז אין שטוב האט מען געזונגען און נישט נאר אין א יום-טוב. מיין מאמע האט געזונגען פארשידענע לידער — קודם-כל יידישע, פוילישע, אוקראאינישע.

פסח, דער קלעזמער, איז געווען מיינער א שכן. ער האט געוווינט קעגנאיבער אונדז כמעט, עטוואס רעכטס. ער פלעגט שפילן נישט בלויז אויף חתונות. ער האט געשפילט יעדן טאג עטלעכע שעה פאר זיך אליין, און ווען ער פלעגט שפילן, פלעג איך זיך צוהערן. איך האב אין דעם גארנישט נישט פארשטאנען, איך האב אבער גע-פילט בעת זיין שפילן, אז עפעס אזא מאדנע מתיקות נעמט רינען אין מיר און מאכט מיר לייכטער, בעסער, ווי איך וואלט דערשפירט די אייגענע נשמה. ווען איך האב גענומען גיין אויף קאנצערטן, האב איך זיך דערוווסט, אז די מעלאדיעס, וואס האבן זיך מיר פארגעדענקט אויף א גאנץ לעבן, הערנדיק פסחן דעם קלעזמער, זענען

געוועז קלאסישע ווערק — באכס, בעטהאווענס, מענדעלסאנס און אנדערע. דאס שפילן פון פסח דעם קלעזמער זענען געוועז אייגנטלעך מיינע ערשטע קאנצערטן. איך האב שפעטער געהערט שפילן די זעלבע ווערק פון די גרויסע מייסטערס דורך בארימטע פידלער און יעדעס מאל האב איך זיך געוואונדערט, ווי טיף עס לעבט אין מיר דאס, וואס איך האב געהערט פון דער שטוב קעגנאיבער. ווי באקאנט זענען זיי מיר די ווערק, אין די יארן פון דערוואקסנקייט און פון זקנה, אזש פון יענע ווייטע צייטן, ווען איך בין א יינגל געוועז און נישט געקענט אפילו די נעמען פון די קאמפאזיטארן.

פסח דער קלעזמער איז לאנג שוין טויט. ער לעבט נאך אבער אין מיר, פונקט אזוי, ווי ער לעבט אין דער לעגענדע. יא, פאראן א לעגענדע, און דער קאלקער קלעזמער איז אין איר איינגעוועבט לדורות.

לעגענדעס זענען לעגענדעס און נישט מעגלעך זיי צו קאנפראנטירן מיט דערווירקלעכקייט, אבער וויבאלד אזא לעגענדע גייט ארום, באווייזט עס, ווי טיף פסח דער קלעזמער האט געהאט אן איינפלוס אויפן געמיט פון די מענטשן פון דער געגנט. די לעגענדע, וואס איך האב געהערט, האט אויך געהערט זיין זון פישל שניצער, (פסחס פאמיליע איז געוועז שניצער). געהערט אין דער זעלבער ווערסיע ווי איך.

אט וואס עס ווערט דערציילט:

ווען די דייטשן האבן זיך דערנעענטערט, איז פסח אנטלאפן פון קאלק קיין אסאווע. דארט האבן געוווינט קרובים זיינע. אסאווע ליגט צענדליקער קילאמעטער טיף אין וואלד. קיין ברייטע וועגן פירן נישט צום שטעטל, וועלן דאך די דייטשישע חיילות דא נישט דורכגיין. וואס האבן זיי צו זוכן אין אזא אסאווע? אין קאלק האבן געוווינט עטלעכע טויזנט אוקראינער, און אין אסאווע — בלויז יידן. פסח דער קלעזמער זאל נישט האבן פארשטאנען, אז דווקא דאס, אז דא וווינען בלויז יידן, וועט צוציען סיי די אוקראינישע פאשיסטן, סיי די דייטשן. ס'איז נישט וויכטיק, וואס די יידישע פויערים פון אסאווע האבן געלעבט בשלום מיט די ארומיקע. עס איז די יארהונדערטיקע געמיינשאפט קיין פייס נישט ווערט. אין יענעם קאנט האבן זיך גיך געשאפן סאוויעטישע פארטיזאנער-טיילן. זענען באלד אנגעקומען דייטשישע אפטיילונגען צו ליקווידירן די פארטיזאנער, און מיט זיי איז גע-

ווען אן אוקראַינישער סטודענט פון קאוולע מיטן נאָמען האַרילאַ (אפשר א צונאָמען צוליב זיין שכרות, אָדער זיין ליידנשאַפט אונטערצוצינדן פוילישע דערפער און ידישע שטעטלעך), א "ספּעציאַליסט" איינצואָרדענען אַזוינע שׂרפות, אַז קיינער זאָל פון זיי נישט אַרויס מיטן לעבן (האָרילקאַ אָדער האָריט). ער איז געווען אין די דאַזיקע צוויי מלאכות א גרויסער "אויפטוער". אַט דער האַרילאַ איז צום אומגליק נאָך געווען א מנגן — געשפּילט אויף א האַרמאָניע און זיך מיט איר קיינמאָל נישט געשיידט. און זיין באַלעבאָס, דער עס-עס-אָפיציר, איז אויך געווען א פּאַרקאַכטער אין דער גריכישער געטין עוטערפּיאַ, וואָס איז געווען די אַפּוטרופּוסטע פון מוזיק. ער האָט תמיד מיטגעפירט מיט זיך א גראַמאָפאָן מיט פּליטן. ביי בראַנפן פלעגט זיין האַרץ זיך מחיה זיין מיט באַכן, מאָצאַרטן, בעטהאָווענען, שובערטן, שומאַנען, און נישט נאָר מיט וואַגנערן, דורך וועמען עס האָט צו אים גערעדט די שטימע פון דייטשישן בלוט. ווען דער דאַזיקער עס-עס-מאַן האָט זיך דערוווּסט, אַז אין שטעטל געפינט זיך א ידישער פידלער, האָט זיך אין אים אָנגעצונדן דער מנגן און ער האָט באַפוילן, מען זאָל אים אויפזוכן און ברענגען צו זיך.

מען האָט אים געבראַכט, פּסחן, אַן אַלטן, קראַנקן, צעבראָכענעם ייד, וועלכער האָט שוין לאַנג אין האַנט קיין פידל נישט געהאַלטן. אָפּזאָגן זיך שפּילן האָט פּסח נישט געקאָנט, און שפּילן האָט ער נישט געוואָלט, האָט ער געשטעלט א באַדינג: נאָכן שפּילן זאָל אים דער אָפיציר דערלויבן אויפן ידישן בית-עולם, כדי זיינע ביינער זאָלן ליגן צווישן אייגענע, און נישט ערגעץ אין א ראָוו. דער עס-עס-מאַן איז מסכים געווען. אָבער קיין וואָרט נישט געהאַלטן — געלאָזט דעם זקן לעבן, ער זאָל פאַר אים שפּילן. פּסח האָט געוווּסט, וואָס ער וויל: שטאַרבן אויפן ידישן בית-עולם! ווייל ער האָט זיך שוין גענוג אָנגעקוקט אויף שווימענדיקע טויטע גופים אויפן סטיר, אָפענע קברים מיט דערשאָסענע, און ער האָט געוואָלט אויסמיידן, זיין טויטער גוף זאָל זיין הפקר, האָט ער יעדעס מאָל איבערגעחזרט דעם באַדינג און יעדעס מאָל האָט דער דייטש צוגעזאָגט און נישט געהאַלטן וואָרט.

ווען פּסח, דער קלעזמער, האָט זיך אָבער דערוווּסט, אַז דאָס אַסאָווער געטאָ איז ליקווידירט, און אַלע יידן אויסגעהרגעט, האָט ער ביי דער נאָענטסטער באַגעגעניש מיטן תלין דערקלערט, אַז ער וועט מער בשום אופן נישט שפּילן. ס'האָבן נישט געהאָלפן די ברוטאַלע זידלערייען און ווילדע געשרייען פון האַרילאַן, די קלעפּ פונעם

דייטשישן אפיציר, ס'האט נישט אפגעשראקן די דראונג מיטן רעוואלווער. ניין און ניין. א צעהרגעטער, מיט בלוט פארגאסענער איז דער שטאלצער זקן געבליבן הארט ביי זיין באשלוס מער נישט אפצוטרעטן. דער אפיציר, באליידיקט אין זיין באנדיטישן האנאר, האט צוגעזאגט, אז היינט וועט ער אים אפפירן אויפן יידישן בית-עולם און אייגנהענטיק דערשיסן:

— מעגסט רואיק זיין, פארפלוכטער ייד, די ערע פון א דייטשישן אפיציר וועט נישט באפלעקט ווערן. לאס!

עס-עס-אפיצירן און עטלעכע אוקראינישע פאליציאנטן האבן געטריבן פאר זיך דעם קווארן, איינגעבויגענעם, צעביילטן און צעבלוטיקטן ייד. געטריבן מיט א זידלעריי, מיט חוזק און פייפעריי. דורך זיינע טראנטעס האט מען געזען זיין נאקעט לייב. זיין גרויסע ווייסע בארד האט געפלאטערט און געציטערט, אבער פון זיינע אויגן האט ארויסגעשפראצט מיט ברענענדיקער שווארצקייט דער האס און דער עקל צו זיינע פייניקער. דאס פידל האט ער געהאלטן אין דער האנט און נישט ארויסגעלאזט. ער וועט זיין ווארט האלטן, ער וועט פאר זיין טויט שפילן אויפן יידישן בית-עולם.

און די לעגענדע דערציילט: ער האט געשפילט. פונעם בית-עולם האט זיך געלאזט הערן דאס שפילן פון א פידל. פסח האט געשפילט אין א פריידיקער דערוואַרטונג, אז ער גייט אוועק פון א שמוציקער, הינטישער וועלט און וועט רוען צווישן אייגענע. זיין גאנץ לעבן איז געפלאסן פון די סטרונעס — יידישע ניגונים און א ריקוויעם פאר די טויזנטער קדושים וטהורים אומגעקומענע פאר אים, צו וועלכע ער פאראייניקט זיך מיט שטאלץ. אבער, ווען זיין פידל האט גענומען שטורעמען פון צארן, און הויכע, אפגעריסענע טענער האבן זיך צונויפגעמישט מיט שטילע טרערן און זיפצענישן, האט די באנדע פארשטאנען, אז דער כעס פונעם פידל איז געווענדעט קעגן זיי. די צווייפיסיקע שרצים האבן אפילו מיט זייער הינטישן געפיל דערשפירט, אז דאס פידל שעלט זיי. אינמיטן שפילן זענען געפאלן דריי שאסן...

ארויסלאזנדיק דאס פידל פון דער האנט, איז דער זקן געפאלן מיט צעשפרייטע הענט אויף א קבר און אים ארומגענומען, פארגיסנדיק די ערד מיט זיין בלוט.

ווארשיינלעך איז עס נישט בלויז קיין לעגענדע, אז פארן טויט האט פסח געשפילט אויף זיין פידל און דערשאסן געווארן בעתן שפילן — די קלאנגען זענען

איבערגעריסן געווארן צוזאמען מיט זיין לעבן. ווען עס וואלט אזוי נישט געווען, וואלט מן-הסתם נישט געבוירן געווארן די מיסטעריע, וואס גייט אין די קאנטן אי-בער פון מויל צו מויל און, ווי מען שמועסט, עד-היום.

עלטערע פויערים דערציילן, און די יינגע ווילן נישט גלויבן, אז איינמאל אין יאר הערט מען פון דעם פלאץ, וואס איז אמאל געווען דער אסאווער בית-הקב-רות, א פידל-קאנצערט. דער קאנצערט הערט זיך ווייט ארום אין די דערפער, און די פויערים באפאלט דעמלט א ציטער, און די אלטע נעמען זיך צלמען. דער פידל-קלאנג ווערט אנטשטומט ערשט דאן, ווען עס דערטראגן זיך פונעם זעלבן ארט דריי רעוואלווער-שאסן. די שאסן בארואיקן, נאטירלעך, די פויערים מיט א נישט ריינעם געוויסן.

איך בין זיך מודה ומתוודה, אז עס טרעפט, אז זיצנדיק אויף א פידל-קאנצערט שטייט אויף פאר מיינע אויגן פסח דער קלעזמער. מיט פארמאכטע אויגן הער איך זיך איין און דערקען זיינע קנייטשן און נייגן, זיין זייד און זיין סאמעט, זיין ווונדערלעכע ריינקייט, וואס קומט פון א ווונדערלעך-ריינער און שטאלצער נשמה, און אז דער פידלער ענדיקט, פיל איך ווי איך וואלט זיך אויפגעכאפט פון שלאף, און אז דאס האט זיך מיר געחלומט. האט זיך מיר דאס געחלומט, אדער איז דאס נישט געווען אמאל א־גלגול פון א ניגון? צי איז דאס נישט געווען פסח דער קלעזמער, צוזאמען מיט דעם פידלער, וועלכן מען אפלאדירט איצט אזוי הייס?

ער לעַבט אין מיר, דער אלטער קלעַזמעַר, ער לעבט אין מיר!

*

## דער שבט בנימין פון קאלק

* אין א זאוויערוכע *

דער וועג, געשליפן ווי קרישטאל, האט זיך געצויגן ווייט-ווייט און זיך א-ריינגעשניטן צום בארג-ארויף, מיט א בולטער ליניע אין הימל אריין, דירעקט צום השוכן במרומים.

לאנגזאם האט גענומען טונקעלער ווערן. פריער טונקל-גרוי, און נאכדעם — אלץ שווארצער. עס האט זיך אנגערוקט די נאכט, און דער פראסט האט זיך געשטארקט.

מיטן וועג זענען געלאפן צוויי פערד, איינגעשפאנט אין א לאנגן שליטן, אן אנגעפאקטן מיט זעק סחורה, און איבער זיי האבן זיך געשווארצט פארשוינען.

די פערד זענען געלאפן מונטער. צוריק אהיים בענקען שוין די סוסים: נאך דער ווארעמער שטאל און פארדינטער מנוחה נאך שווערער פראצע.

יוסף-בנימין האט די סוסים נישט אונטערגעאיילט. נשקשה, זיינע פירפיסיקע שפייזער וויסן אלץ אליין. דער פראסט האט שוין באדעקט מיט געפריר יוסף-בני-מינס בארד, וואנצן און די ברעמען, באדעקט מיט א דינעם אייז אפילו דעם קאלנער פון זיין בורקע, א ווייסע פארע האט געשלאגן פון זיין אטעם.

יוסף-בנימין איז אראפ פון וואגן, לייכט מיטגעלאפן, כדי זיך צו דערווארע-מען. מיד געווארן, האט ער זיך ווידער ארויפגעכאפט אויפן שליטן. די פערד, וועלכע האבן געשאנעוועט זייער באלעבאס, ווען ער איז מיטגעלאפן, האבן, ווען ער האט זיך אוועקגעזעצט, ווידער גענומען לויפן לעבעדיקער. יא, זייער באלעבאס איז שוין נישט אזא בריה ווי אמאל, האבן זיי מיט אים א פערדישע "צער בעלי-חיים"...

ביסלעכווייז זענען די איינציקע ביימער אין וועג פארשוווּנדן און ס'האט זיי ארומגערינגלט איין שטיק וואלד. אן אומגעהויער געדיכטער וואלד פון ביידע זייטן, און א שמאלער אויסגעשליפענער וועג אינמיטן. א וועג, מיט וועלכן ער איז געפארן

א גאַנץ לעבן, אין אַלע צייטן פון יאָר, און וועלכן ער האָט געקענט ווי זיינע צען פינגער. שטיל. שטיל. די שטילקייט קלינגט אַזש. בלויז דאָס קלאַפּן פון די פערדישע פיס איז דער איינציקער אינסטרומענט אינעם שטומען אָרקעסטער.

דער וואַלד האָט אויך אַ סוף. לאַנגזאַם איז געוואָרן דער פּעיזאַזש ברייטער, אַלץ ברייטער. דער וואַלד האָט גענומען אָפּטרעטן און זיך פאַראייניקט אין רוקן ווי איין שוואַרצער מאַסיוו, פון ביידע זייטן האָבן זיך גענומען ציען רחבותן, גרויסע טונקעלע פעלדער, ערגעץ-ווו פאַרשנייטע קוסטעס, ווי ווייסע קליינע בערגלעך. אַרום-און-אַרום אַ שנייאיקער מדבר און שנעל זיך באַוועגנדיקע פלעקן.

יוסף-בנימין זיצט איינגעגנורעט אויפן שליטן און עפּעס נישט קיין פריילעכע מחשבה פאַרגנבעט זיך פּלוצלינג אין זיין דמיון. ער נעמט אַפּטער קוקן אין הימל אַריין; זוכט דאָרט עפּעס אַ סימן. ער באַמערקט עפּעס און ווערט אומרואיקער. צי דען וועט ער זיך צעבושעווען דער רוצח?! פּלוצלינג פילט ער — די לופט איז געוואָרן פייכטער און וואַרעמער, עס האָט גענומען פאַלן אַ פייכטלעכער שניי, ווי שטיקלעך פייכטע וואַטע. דער הויך פון זיין מויל האָט גענומען צעלאָזן דעם געפריר אויף דער באָרד און וואָנצן. די שניי-פּלאַטערלעך אויף די פערדישע רוקנס האָבן גענומען צעגיין און אַראָפּרונען.

און ווידער האָט זיך די לופט געביטן. דער שניי איז געוואָרן טרוקענער און גענומען ליאַפּען געדיכט, און וואָס ווייטער — אַלץ געדיכטער. יוסף-בנימין איז שוין באַשאָטן מיט שניי און אויך זיינע מיטפאָרער, ווי די פעלדער אַרום. מען זיצט אַלץ איינגעגנורעטער, און די מענטשן אַליין נעמען שוין אויסזען ווי פאַרשאָטענע בערגלעך. קיין שעה איז נישט פאַרביי, און וסף-בנימין האָט גענומען פילן, אַז די סכנה לויערט אויף אים פון אַלע זייטן. ווו וועג און ווו וועגן? די פערד שלעפּן אַרויס די פיס פון שווערן שניי, וואַרפן מיט די קעפּ אין ביידע זייטן און ווי זיי וואָלטן געפּרוּווט אַנטאַפּן אַ וועג אונטער די פיס, באַוועגן זיי זיך זייער פאַרזיכטיק — אונטערן שניי איז אַלץ אַרום, אַלץ איז פאַרשוווּנדן.

יוסף-בנימין קריכט אַראָפּ פון שליטן, גיט זיך אָן ענערגישן שאָקל און עס פאַלן פון אים, ווי צעריסענע ליילעכער — גאַנצע שטיקער שניי. ער פּרובירט אויפמונטערן די פערד, אָבער די סוסים זיינע באַוועגן זיך אַלץ שווערער; טאַפּן מיט די רגלים דאָ רעכטס — דאָ לינקס. בנימין שרייט אויף זיינע פערד, געוואַלדעוועט:

די פערד מאכן זיך נישט ווילסנדיק. קענטיק, אויך אין זיי הערשט א שטארקע שרעק, שטארקער ווי די געהארכזאמקייט לגבי דעם באלעבאס. יוסף-בנימין, שוין בייז פון צארן, לאזט אין גאנג די בייטש, אבער אויך זי העלפט נישט. צו אלדע רוחות, אזא שטאל-געשליפענער וועג, ווו איז ער אהינגעקומען? ער טאפט מיט די אויגן דעם א-רום און געפינט נישט קיין פינטעלע, אין וואס זיך אנצוכאפן; געפינט נישט דעם מינדסטן אריענטיר, וואס זאל אים אונטערזאגן לכל הפחות די ריכטונג אהיים.

און דער שניי שיט און שיט. שיט מיט מזל-ברכה און מיט א משוגענער איינגע-שפארטקייט. עס נעמט וואיען א ווינט און ער הערט אין אים געלעכטער:

"יוסף-בנימין, ביי מיר זענען נישט פאראן קיין קנאקער. ביסט א פארפאלענער!"

יוסף-בנימין איז שוין איבער די קני אין שניי. ער טראכט און טראכט און גע-פינט נישט קיין אנדער אויסוועג, ווי פארלאזן זיך אויף די סוסים. אין אזעלכע אומשטענדן קאן מען זיך אויף זיי פארלאזן מער ווי אויף זיך. אויף דעם דארפן זיי דאך האבן שכל...

די פערד טוען דאס זייערס. זיי פילן, אז דער באדן אונטער זיי איז נישט קיין גלאטער, טאפן זיי אהין און אהער און באוועגן זיך ווי וואקלענדיקע שכורים. דער ווינט שטארקט זיך, דער שניי פאלט געדיכט און דרייט זיך אין א קאראהאד. א שווארצע נאכט און א ווייסער שניי. דער ווינט גלייכט אלץ אויס פארשיט אלע גריבער. א ווילדער שדים-טאנץ. א ווייסער שניי און א משוגענער געדריי, און ס'נעמט ארום יוסף-בנימינען א גרויסער רחמנות אויף זיך, אויף די פערד, אויף די פאר פארשוינען. ער שארט אראפ דעם שניי פון די פערדישע רוקנס און ווידער ווערן זיי באדעקט במשך פון א פאר מינוט. ער גלעט זיי, בארואיקט זיי. שטומע נשמות, מיט וואס האבן זיי פארזינדיקט? ער טראכט: בלייבן שטיין טאר מען נישט, מען מוז זיך באוועגן, באוועגן, פאר יעדן פרייז. אפשר וועט זיך באווייזן א פייערל, וועט מען זיך לאזן צום פייערל, אנקומען צו עפעס א ישוב, צו עפעס א כאטע.

די זאווירוכע האט זיך צעהוליעט גארנישט אויף קאטאוועס. די פערד זענען צעשראקן, נאר זענען זיך עוסק, קריכן פארזיכטיק אין שניי. עס וואיעט שוין, ווי סטאיעס וועלף וואלטן געוואיעט. נאר נישט שטיין בלייבן, נאר נישט פארשאטן ווערן! אמונה איז א גרויסע זאך!

ער זוכט דורך דער געדיכטעניש א פּייערל, כאַטש איין פּייערל. אַט האָט ער עס געזען, און אַט איז עס פאַרשוווּנדן. ער נעמט די לייצעס: ווו ס'וועט זיך באַווייזן דאָס פּייערל, אַהין וועט ער פירן די פערד. אַט איז עס! אַט איז עס!

פּלוצים האָט דער שליטן א קנאַל געטאָן, ווי ער וואָלט זיך איבערגעבראָכן. די פערד זענען שטיין געבליבן. בנימין דערזעט: דער שליטן איז שוין אין העלפט אויסגעבויגן און רוקט זיך אַלץ טיפער — א גרוב, א טאָל. די פערד האָבן זיך צונויפגעקלאַמערט איינס ביי דעם אַנדערן.

— אוי, אַן אומגליק! גאָט מיינער, נאָר נישט דאָס, נאָר נישט דאָס! — טראַכט בקול רם יוסף-בנימין.

זיין בולאַנער, דאָס בעסטע פערד אין שטעטל, האַלט זיך שוין אין אַראָפּלאָזן ווי אויף אונטערגעהאַקטע פיס. ער וואַרפט אַראָפּ די בורקע — אים איז הייס געוואָרן און ער וואַרפט זיך צו די פערד. אויסשפּאַנען זיי, וואָס גיכער אויסשפּאַנען!

און אַט שטייט שוין איין פערד אין א זייט — רואיק, אָבער דאָס צווייטע, דער בולאַנער, דאָס בעסטע פערד, ליגט אין שניי און סאָפּעט מיט די לעצטע כוחות, ווי ס'וואָלט זיך געשטיקט. יוסף-בנימין כאַפּט דאָס מעסער, איבערשניידן די פּאַסטראַנקעס. דאָס מעסער איז טעמפּ.

— העלפט! — שרייט ער — מען דאַרף אַראָפּשלעפּן דעם אַרטשיק!

אָבער דער אַרטשיק איז אָנגעצויגן ווי א סטרונע; מען קאָן אים נישט אָפּציִען. די פאַרשוויצטע מיען זיך, אַלע צוזאַמען שלעפּן, און דאָס פערד שטיקט זיך. צווייגעזונטע יונגען ראַנגלען זיך מיט די פּאַסטראַנקעס, זייערע פינגער זענען שוין אין בלוט, און זיי ציִען און ציִען. א מאָמענט האָט זיך אויסגעדאַכט: דער בולאַנער איז געראַטעוועט. אָבער ווען די פּאַסטראַנקעס האָבן ענדלעך אָפּגעלאָזט, איז דעם בולאַנערס קאָפּ ווי א שטיין אַראָפּגעפאַלן אויפן שניי — ער איז דערשטיקט געוואָרן.

דאָס אומגליק איז געווען גרויס. ווען מען האָט זיך דערשלעפּט, מיט איין פערד, קוים לעבעדיק אַהיים, האָט זיך דער יום-כפּור מיטן תשעה-באָב אָנגעהויבן אין שטוב. אַלע זענען ווי פאַרשטומט געוואָרן, און געגאַנגען ווי פאַרחלשטע. א קליינִיקייט, פּטרן אַזאַ פערד! ס'האָט אַוודאי געקאָסט זעכציק, צי זיבעציק זלאָטעס. ווו וועט מען נעמען אויף א צווייט פערד? אַפילו א בליקערס? נישטאָ פון וואָס אָפּצושפּאָרן: ניין מיילער דאַרפן עסן. א לאַבן ברויט אויפן טיש פאַרשווינדט בלויז פון אָפּקניפּן שטיקער פון אים; יאָ, נאָר פון אָפּקנייפּן.

*

* די ריחות פון יוסף-בנימינס שטוב *

נישטא קיין עצה — דער זכרון ווערט אפגעשוואכט. אבער פאראן בילדער, וואס האבן זיך איינגעקריצט און לעבן געבליבן — עד היום. איך קאן זיי ארויסרופן צו יעדער צייט — אזא כוח צום לעבן פארמאגן זיי.

איך דערמאן זיך אין יוסף-בנימינען, קומט פאר מיר באלד אויף זיין שטוב. די גלאנציקע פאדלאגע, ווי אויסגעשמירט מיט געלעכלעך. יעדן דאנערשטיק פלעגט די עלטערע טאכטער, חנה, צוזאמען מיט דער יינגערער, פריידע-מירל, זיך נעמען צו דער פאדלאגע. זיי פלעגן רייבן מיט א בארשט און שווענקען איינמאל און נאך א-מאל ביז די פאדלאגע איז געווארן אזוי ריין, אז מען האט געקאנט פון איר קאשע עסן. זי האט געגלאנצט ווי א שפיגל, ווי א פאיאנסענער טעלער, ווי א גוט אויס-געשליפענער גליטש-פלאץ.

איך געדענק אלץ, וואס האט זיך געפונען אין שטוב: דעם טיש, די טאבורעטן, די שטולן, די פענצטער, די בגדים-שאפע. איך בין געווען לאנגע יארן אין דער דאזיקער שטוב א בן-בית און געדענק אלע קעגנשטאנדן. און מאדנע: די פנימער דער-מאן איך זיך ווי דורך א מאטעווע גלאז. דאס וווּנדערט מיך. דאס מאטערט מיך. און איך קען עס זיך בשום אופן נישט קלאר מאכן: פארוואס? טויטע זאכן — יא, און לעבעדיקע פנימער — ניין.

אט איז געקומען אויף אורלויב פון דער ארמיי דער עלטערער זון — מאיר, איינער פון די שטעטלשע בחורים. א בחור ווי אויסגעטעסעט פון א דעמב. אין שוואר-צע, גלאנציקע, באשפארנטע שטיוול, אין מיליטערישן מונדיר מיט פיר פאסיקלעך אויפן קאלנער, מיט א קאנפעדעראטקע אויפן קאפ, מיט א שווערד ביי דער זייט. א קאוואלעריסט. א יאט, ווי א מאגנעס פאר די מיידלעך. זיי פלעגן אים פרעסן מיט די אויגן, טשמאקען מיט די ליפן: נאר צו פארקוקן זיך.

עס האט פון זייער שטוב תמיד געטראגן א ליבלעכע ווארעמקייט, תמיד א ריח ווי פון פריש געבאקן ברויט. איבער דער דייטשע שטייען איינגעבויגענע די צוויי שוועסטער: די הויכע, שלאנקע שווארצוכע חנה, מיט קורץ געשוירענע האר אַ לאַ גאַר-סאָן, אזא טונקל-הויטיקע און אזא דינע, און די יינגערע פריידע-מירל — א מיידל "מיט לייב", א געקרייזלטן קאפ און מיט א ברייט פנים ווי א זונען-רויז, גלאנ-

ציקע אויגן און שניי-בלאנקע ווייסע ציין. עס האט פון פריידע-מירל, דער "קא-זאטשקע", געשמעקט מיט כוח און געזונט. זי איז געווען נישט קארג אויפן ווארט, דו איר — איין ווארט, זי — אפגעענטפערט מיט צען ווערטער, הארטע ווי שטיי-נער, שארפע, ווי מעסערס. בעסער מיט איר זיך נישט פארמעסטן. ביי אלע מענער-ארבעטן געווען ווי א מאנצביל. זיי קנעטן דעם טייג ריטמיש און ציען פון אים די הענט ארויס מיט א פייף. זיי טונקען די הענט אין וואסער און ווידער גייט אן די קנעטעריי. זייער מאמע, בלומע, שטייט מיט די הענט אין די באקעס און שמייכלט. זי קווועלט אן פון נחת, קוקנדיק אויף זיי, אויף אירע צווילי מוידן. מיידלעך זענען דאס? — בלומען! רויזן!

פון אזא קנעטעריי פלעגט מען אפבאקן א צען גרויסע קיילעכדיקע און פאר-ברוינטע לאבנס ברויט. אויף די ברויטן גלאנצן, אז מען קאן אין זיי זיך שפיגלען.

די ריחות פון יוסף-בנימינס שטוב: פריש ברויט, געמישט מיט די ריחות פון זון-צעגליטע עפל און צעמאלטן קארן. איך געדענק זיי ביז היינט. איך האב זיי איינגעזאפט אויף תמיד.

*

* א ביכער-אוונט *

שבת צו נאכטס: פון אלע פענצטער שטראמט א גרויס ליכט, ווי זיי וואלטן גע-דארפט באלויכטן נישט בלויז די שטוב, נאר אויך די גאס, די קלאדקעס, די ביי-מער, דעם שליאך און ארויסכאפן פון דער חשכות די מילדע כשופדיקע שטריכן פון דעם גאנצן ארום. אין שטוב איז פול. א טומל, א גערודער, א רעדעריי פון בחו-רים און מיידלעך. מען שלעפט טישן פון די צימערן און פון די ארומיקע שכנים און מען שטעלט זיי אויס ווי איין לאנגן טיש, מען שטעלט ארום אים אויס אייגע-נע און אויסגעליגענע שטולן און טאבורעטקעס. די טישן ווערן באדעקט מיט ווייז-סע ליילעכער, און אויף דעם: גלעזער, טעלער, טעצלעך מיט צוקער.

וואס קומט עס דא היינט פאר? א קנס-מאל, א חתונה? צוליב וואס אזא גערודער, צוליב וואס זענען זיך צונויפגעקומען אזוי פיל מענטשן? וואס איז עס פאר א יום-טוב? ס'הייבט זיך נישט אן און ס'לאזט זיך נישט אויס. די סיבה איז: די מיטגלי-דער פון דער פרץ-געזעלשאפט האבן באשלאסן צו פארגרעסערן זייער ביבליאטעק דורך איינקויפן נייע ביכער. קומט דא היינט פאר א ביכער-אוונט. עס איז שוין צוליב

דער זעלבער סיבה געווען א דראמאטישער אוונט, א ליטעראַרישער אוונט, און היינט איז א ביכער-מסיבה. יעדער בחור אדער מיידל, צי ביידע צוזאמען, וועלן קויפן פאר דער ביבליאטעק צו איין ביכל.

צוליב דעם איז עס דער פריילעכער גערודער. דער "קאזאק", פריידע-מירל, איז די ערשטע סארווערין. אבער איר אויפגאבע איז נישט נאר באדינען — זי קאארדינירט. זי באשטימט ווער, ווו און מיט וועמען דארף זיצן. און איר ווארט איז דא היינט א באפעל. די צערעמאניעט זיך נישט, זי קאמאנדעוועט, און אלע פאלגן. חנה מיט דער מאמען גיסן אן טיי. שרה מאציווער און ליבע גאלדשמידט, חייקע ווילנער און מירעלע קאץ שטייען אין קיך און רייבן קארטאפל אויף לאטקעס; די מאמע פרעגלט. דער ריח צעטראגט זיך איבער די צימערן.

עס עפנט זיך די טיר — עס קומען פארשפעטיקטע. עס קומען אריין משה כיליטשיק — א פראנט, ער קליידט זיך שיין און קוקט אויף זיך אין שפיגל מער ווי א מאנצביל דארף קוקן. מיטאמאל דערהערט זיך א צונויפגעזונגענער כאר: "לאמיר אלע אינאיינעם, אינאיינעם משהן מקבל זיין"... עס זינגען אלע, און משה זינגט מיט; עס זינגען די מיידלעך אין קיך און די מאמע. יוסף-בנימין פארקאטשעט די בארד און קוקט, אן אנגעגעסענער, מיט נחת אויף דער סטעליע, ווי ער וואלט דארטן עפעס געזוכט און מורמלט אונטער "לאמיר אלע אינאיינעם"...

יעדן פארשפעטיקטן באגאגנט מען מיט א קבלת-פנים, נאר קיינער האט דאך נישט פארשפעטיקט — די לאטקעס שטייען נאך נישט אויפן טיש.

דער היינטיקער ביכער-אוונט איז אנדערש ווי די געוויינלעכע. עס איז פון פארויס נישט צוגעגרייט געווארן קיין פראגראם, פילט מען זיך פרייער. יעדער טוט וואס ער וויל: זינגט וואס ער וויל, דעקלאמירט וואס ער וויל; מען פארברענגט. מ'האט שוין געזוכט און מ'האט שוין געפונען די "שענסטע מארגאריטקע אין וואלד", ווי פונעם צווייטן עק טיש דערהערט זיך אן אנדערע מעלאדיע און גיסט זיך אריין, ווי א גאסט פון אן אנדערער וועלט: "מאי קא משמע לן דער רעגן, וואס-זשע לאזט ער מיך צו הערן". מען זינגט צוזאמען זלמן שניאורן מיט אברהם רייזענען, און — קיינער קריגט זיך נישט. מען זינגט בשלום. אבי מען זינגט. עמיץ, ביים טיש, דערציילט א וויץ און עס שיסט ארויס א געלעכטער און א פאטשן מיט די הענט. די געשרייען גרייכן צו דער סטעליע.

די פענצטער זענען אפן, און די געזאנגען, וויצן, געלעכטערס פליען אין דער וועלט ארײַן, און בײַ די פענצטער געפינען זיך שוין ווײַסע חברהניקעס און ליארעמען. מאטל וואליק, דער עלטסטער צווישן אונדז, שוין א באוײַבטער און מיט קינדער, פארציט "און דער רבי אלימלך" און באלד נעמט ער עס פידלען און פײַקלען. די גאס זינגט מיט. די שכנים, שוין נאך הבדלה, ווארפן אויך פון דער גאס א בליק דורך די פענצטער אין שטוב ארײַן. ײַדן גייען פון בית-מדרש, שטעלן זיך אפ א קוק טאן, ווי די יוגנט "קערט וועלטן" און "קריכט פון דער הויט ארויס". ווײַבער, מיט שאליקלעך אויף די קעפ, זענען אויך בעלנים זיך צוצוהערן. פרײַדציט אלעמען, געלעכטער ווארעמט, א ניגון — מונטערט — כאפט מען דעם רעפרען אונטער אויף דער גאס.

— שאט! שא! — שרײַט לײַבל — שטיל זאל זײַן! — און הייבט א, מיט זײַן הילכיקן באס דעקלאמירן: "העי, אנטאשע, טו א זונג און טו א קלונג אויף דער באנדורע, שורע, בורע, טורע, אט אזוי, העי, העי". מ'האט ארײַנגעטראגן די טעלער לאטקעס. מען כאפט זיך צו דער מויל-מלאכה, א זודיקע מלאכה; קיינער וויל מער נישט הערן קיין רעציטאציעס.

— באלד! די לידער קאנען צוווארטן, די לאטקעס נישט. זיי זענען געשמאק נאר דאן, ווען זיי זענען ווי אין חנוכה-ליד: "זודיקע, הייסע לאטקעס עסן מיר".

אפגעלײַדיקט די טעלער, האט מען זיך דערמאנט:

— העי, לײַבל, לייג ארויס דײַן סחורה! — און לײַבל האט "ארויסגעלייגט"

— אלע האבן געוווּסט, אז ער האט וואס און קען:

*"איז געדועץ דער דוכס ווײַס ווי שניי, ווײַס ווי שניי,*

*האט ער קינדערלעך אין פאלאץ — טעכטער צוויי, טעכטער צוויי."*

געענדיקט, און ווידער: שא, שטיל, מאכט נישט קיין גערודער...

— דאס, וואס איך וועל איצט לייענען, פאדערט שטילקייט, א רוח אין רשעס טאטנס טאטן ארײַן!

לײַבל הייבט אן, ווי פון דער ווײַט, בלחש, און...

ווידער — קולבאקן:

"האסטו ברויט?

ער האט געענטפערט שטילערהייט:

א, ליידער, ליידער, איצטער נישט,

אמאל האב איך געגעסן אלץ

אי ברויט, אי קרויט, אי רעטעכלעך מיט שמאלץ,

נאר איצטער נישט"

עס איז שטיל ביזן סוף. אונדזער עולם קאן נישט טומלען בלויז, ער קאן אויך שווייגן און הערן. מיך נעמט אויך אן א חשק צו ווייזן, וואס איך קען, צו ווייזן אן אנדערן קולבאק, און מיט דעם גאנצן דראנג פון דער יוגנט, שיס איך ארויס מיט א הייסן אטעם מיין באליבט ליד:

"אוך ס'האבן די גלאקן געקלונגען

און בראנזענע יונגען איז דעמלט באפאלן

א ווילן

צו שטילן

דעם צארן

פון יארן

וואס זענען פארלארן..."

ווען האט מען יענעם אוונט נישט רעציטירט? פרצן און קוויטקאן, לייוויקן און מארקישן און ביאליקן; דעם גרויסן העברעער האט מען אויך נישט פארגעסן. מ'האט אים דעקלאמירט אין יידיש:

"און גאט האט מיר געזאגט אזוי,

די רייס פון יעדעס הארץ אן 'אוי'

און שווער זאל זיין דער 'אוי' און ביטער,

אזוי די ערד זאל טאן א ציטער..."

דאכט זיך, אלע יידישע לידער אפגעזונגען, אפגערעציטירט און אט, ווי אומבא-מערקט, פארציט מען שוין ביים לאנגן טיש אוקראאינישע "דומקעס": "רעווע טאי

סטאַ'נע דניפּר שיראַקי" (עס רעוועט און קרעכצט דער ברייטער דניעפּר) און אַנדערע...

ער איז געווען געראָטן, דער דאַזיקער ביכער-אווּנט. אַלע זענען צופרידענע זיך פאַנאַנדערגעגאַנגען, און אויך דער ציל איז דערגרייכט געוואָרן: עס איז צונויפ-געזאַמלט געוואָרן אַ געוויסע סומע אויף איינצוקויפן נייע ביכער פאַר דער ביבליא-טעק.

דריי-פיר שטיבער נאָך יוסף-בנימינס שטוב האָט זיך דאָס שטעטל געענדיקט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די גרויסע פּריציש סעדער: ווייַנשל, קאַרשן, באַרן, עפּל — אַ יום-טוב פון קאָלירן.

זי שטייט מיר פאַר די אויגן, יענע נאַכט, איצט, ווען איך רעד לאַנגזאַם אַריין אינעם מאַגנעטאָפאָן די דאָזיקע שורות. איך זע זי, די נאַכט, פונקט ווי זי וואָלט געלעגן אַט-אָט הינטער די פענצטער פון מיין-וווינונג אין וואַרשע, אויף איינער פון די טומלדיקסטע,רוישיקסטע גאַסן.

עס איז אַ זילבערנע לבנה-נאַכט, אַ לבנה, ווי דאָס פּנים פון אַ כלה אונטער אַ ווייַסן שלייער. עס זילבערט אַרום און אַרום. אין זילבער זענען פאַרפּעדעמט די סעדער. עס איז אַזאַ שיינער מתיקותדיקער אומעט. אַ קליין קאַטויליש קלויסטערל שטייט אָפּגעזונדערט, אינגאַנצן ווי איינגעטונקען אין אַ צעלאָזענעם זילבער, און הינטער אים — שיטער צעוואָרפענע כאַטקעס. זיי שלאָפן נאָך. באַלד וועט דער זיל-בער ווערן העלער און צערינען אינעם פאַרטאָג, ס'וועט מיט יעדער רגע ווערן אַלץ ליכטיקער און ליכטיקער; אַ יונגער, פרישער, זוניק-צעשמייכלטער טאָג וועט קומען.

אַרויס פון יוסף-בנימינס שטוב האָט מען זיך נישט געאײַלט צו גיין שלאָפן. מ'האָט שפּאַצירט האַנט געשלאָסן אין האַנט, מ'האָט געשוויגן און געוועבט חלומות. גוט איז דאָס לעבן. שיין איז דאָס לעבן. מיר ווילן עס בעסער מאַכן. בעסער מאַכן פאַר דער גאַנצער וועלט.

די קלויסטער-גלאָקן רופן צו תפילה און זאָגן אויך אָן דעם אָנקום פון אַ נייעם טאָג. אָט דאַן ערשט לאָזט מען זיך צו די היימען, איינשלאָפן אויף אַ פּאָר שעה ביז די פראַצע וועט שטעלן אויף די פיס. דאָס שטעטעלע אונדזערס וועט זיך באַלד אויפ-כאַפּן און ס'וועט זיך אָנהייבן די טעגלעכע געוויינטע האָרעוואַניש.

*

ניין... ניין... דאס שטעטעלע וועט זיך שוין מער נישט אויפכאפן. נישט אויפ-
כאפן... אלץ איז פארשרפעט געווארן: די יידן, די הייזער, די יוגנטלעכע פרייד
און די גרויסע זארג פון די טאטעס. פארברענט, צעשטויבט, אפגעווישט.

נאך וועמען קלינגט היינט דער גלאק אין אונדזער שטעטלע? ער קלינגט נאך א
פארגאנגען לעבן, נאך די קינדער די געשאכטענע, נאך די בליענדיקע לעבנס, וואס
זענען אונטערגעזעגט געווארן.

עס קלינגט דער גלאק. איך הער אים. ער קלינגט דעם טויט ארויס, דעם טויט,
וואס האט פארשלונגען אלעמען, אלעמען.

*

## אונדזער יוגנט

ווי לאנג איז מען יונג? וואס הייסט יונג זיין? יוגנט? פאר דעם אלטווארג זענען מיר אלע געווען שנעקעס. אבער אפילו געהערנדיק צו איין דור, זענען מיר געווען ווי פארשידענע דורות. איך געדענק די עלטערע פון מיר, דהיינו: פיניע קאץ, מאניש כייטשיק, חיים שפיץ, זעליק, שמואליק און אברהם פייערשטיין א"אנד. איך געדענק זיי, ווען זיי זענען נאך גאנץ יונגע געווען, אבער איך בין געווען יינגער. איך געדענק מיינע חברים אין די זעלבע יארן, און איך געדענק די יינגערע פון זיך. איין דור — און פאר מיר זענען עס געווען דריי דורות.

— דו, למשל, האסט געהערט צו די יינגערע.

א געזונטע יוגנט איז עס געווען, א שטאלצע, א וויסנגיריקע. ווי פארשידן זיי זענען נישט געווען אין זייערע געדאנקען און פארשטעלונגען וועגן דער וועלט, אין זייערע געזעלשאפטלעך-פאליטישע סימפאטיעס, האט זיי אלעמען פאראייניקט די ליידנשאפט צו זען א בעסערע וועלט, מער גליקלעך דאס אייגענע פאלק, און זיי אלע זענען גרייט געווען בלב ונפש צו טאן פאר זייער זאך מיט אלע יינגע כוחות.

איידער מיר האבן נאך געקענט דעם אלף-בית פון פאליטישער "עברי", די פארשידענע אלף-ביתן, האבן מיר שוין אבער געוווסט וועגן פארוועטן זיך — ווער וועמען? אין שווימען, אין לויפן, אין שפרינגען, אין "קלאפן די פילקע". איידער ס'האבן זיך פארמאסטן מוחות, האבן זיך פארמאסטן יינגע מוסקולן און ברוינע, אפגעסמאליעטע פון זון און ווינטן, קערפערס. פארוועטן זיך באדייט — גובר זיין שוועריקייטן, דאס וואס ס'וועט שפעטער אויסקומען צו מאכן אינעם טאגטעגלעכן פארמעסט מיטן לעבן, וואס מיר האבן לכתחילה באקומען אומזיסט, אבער שפעטער געמוזט פאר דעם צאלן אלע יארן, און וואס ווייטער, מיט אן אלץ העכערן פראצענט. מיר פלעגן באוווּנדערן דעם אומגעוויינלעכן כוח פון טוליע גאטמאן, וועלכער פלעגט

ארונטערנעמען אן אייזערנע שטאבע אונטערן ארעם און זי ארומדרייען ווי א רצועה ארום דער האנט. געזונטע הענט, ביי אים און ביי אנדערע געווען, אבער ווען אונטערגעוואקסענע שוין, האט זיך פאר זיי געשטעלט די פראגע: וווהין אהינטאן די כוחות? זענען זיי געווען הילפסלאז, ווי ארויסגעווארפענע, אומנייטיקע, און לסוף — געמוזט זוכן אן אויסוועג אין עמיגראציע.

א יוגנט איז דאס געווען א זוכנדיקע, אן אינטעליגענטע, אבער נישט אלעמען האט צוגעשפילט דער מזל אריינצובאקומען זיך קיין ווילנע, אין "ירושלים דליטא", צו לערנען זיך אין די בארימטע בילדונגס-אנשטאלטן פון דער דאזיקער שטאט. אונדזער יוגנט האט נישט געוואלט בלייבן קיין "בלינדע, וואס טאפט אין דער פִינצטער", האט מען געמוזט אנגורטן נישט בלויז די לענדן, ווי דאס זאגט זיך, נאר קודם-כל — דעם ווילן. זיך אליין "צוקלאפן פאדקאוועס" צום ווייטן מארש. ווי דורשטיקע האבן זיך אונדזערע יוגנטלעכע א ווארף געטאן צום בוך — צום מקור פון וויסן, צום גרויסן פריינד, וואס גייט אנטקעגן יעדערן, וואס וויל עס...

א קליין שטעטעלע, אבער איר ביבליאטעק האט פונדעסטוועגן פארמאגט פינף הונדערט יידישע ביכער. נישט קיין גוזמא אמת, אבער פאר יענער צייט, פאר אונדז, נישט ווייניק. חוץ לזה האבן ועהאט ביבליאטעקן אלע פאליטישע ריכטונגען. קויפן א בוך איז נישט געווען פאר אונדזער קעשענע. אויך די ביכער אין ביבליאטעק זענען געווען פון געלטער געזאמלטע, טאקע געזאמלט ביי אונדזער געלטלאזער יוגנט. יעדנפאלס, מיין איך, אז די וויכטיקסטע ביכער אין דער יידישער שפראך האבן זיך אין איר געפונען. ווי ארעם מיר זענען נישט געווען אין וויסן, דאך האט אונדזער קולטור-ארבעט געבראכט ממשותדיקע רעזולטאטן.

קולטור-ארבעט איז, נאטירלעך, געווען פארבונדן אויך מיט פאליטישער טעטיקייט. יעדער האט געזען די זאך פון זיין פאליטישן "היפל". איך — פון מיינעם. איך ווייס: געווען א ציל, ווען מיר האבן ביי אונדז קאלפארטירט כמעט הונדערט עקזעמפלארן פון דער וואכנצייטונג "אונדזער וועג", 21 עקזעמפלארן פונעם חודש-זשורנאל "ליטערארישע טריבונע", 10 עקזעמפלארן "ליטערארישע בלעטער"; אויך פוילישע צייטונגען און ליטערארישע חודש-זשורנאלן, ווי: "מיעשענטשניק ליטעראצקי", "קוזשניא" און "לעוואר" א"אנד. איך ווייס נישט וויפל פעריאדישע שריפטן עס זענען פארשפרייט געווארן דורך די אנדערע ריכטונגען. מיר פלעגן זייערע אפ-

נעמער טרעפן אויף דער פאסט. איך ווייס אבער, אז אונדזער שטעטל האט טעגלעך פאר־שפרייט 35 עקזעמפליארן פונעם ווארשעווער "מאמענט", 11 — "היינט"ן, און 10 עקזעמפליארן "פאלקס-צייטונג", ווי אויך די ווילנער יידישע וואכנבלעטער. גע־ווען אויך העברעישע פעריאדיקן, אבער די האבן ביי אונדז געהאט נישט פיל לייע־נער. די קאלפארטירער זענען געווען גרעסטנטייל אפטלעכע און האבן געפירט צווישן זיך א פארמעסט: ווער ס'וועט מער פארשפרייטן.

מ'קאן ריזיקירן, זאגנדיק, אז ס'איז נישט געווען קיין איין יידישער שריי־בער, קיין פוילישער, אדער רוסישער שרייבער, אונדזער יוגנט זאל נישט קענען זיין נאמען, אויב מ'האט אפילו זייערע ווערק נישט געליינט. מ'האט אבער געוווּסט די פאליטישע סימפאטיעס פון יעדן שרייבער און זיין ארט אין דער ליטע־ראטור.

*

# דראמסעקציע ביי דער י. ל. פרץ-געזעלשאפט אין קאלק



פון רעכטס שטייען: פיניע קאץ, יידעלע פאליעווסקי, מאנעס אייזענבערג, טרליע גאטמאן, דניאל ווײינער, דויד קאץ
זיצן פון רעכטס: לייבל גאטמאן, ראזקע קאץ, איטקע קאץ, פריידע-מירל גאלדמאן, פישל שניצער
ליגן: הינדע קאץ, איטע גאדאמיצער



פון רעכטס שטייען: נירניא גילדין, הינדע קאץ, נפתלי גאטמאן, חנה גאלדמאן, נפתלי גרויסמאן
זיצן פון רעכטס: לייב טינע, ליבע גאטמאן, מאטל וואליק, פריידע-מירל גאלדמאן, דניאל ווײינער, חיה ווײינער
ליגן: דוד קאץ, ראזע קאץ, טרליע ליבערמאן

### אין יעדן לעבט א שטיקל אקטיאר

אין די אמאטארן-קרייזן פלעגט מען זעלטן טרעפן א פארבלאנדזשעטן אהער מענטש אין די מיטעלע יארן, אדער (נאטירלעך, גאר זעלטן) אין די עלטערע. דא איז גע-ווען איינער אזא, וואס האט זיך פון דער ליבהאבערישער חולאת נישט געקאנט אויס-היילן, און צו דעם געביט, ווי צו א פראפעסיע, נישט צוגעשטאנען. געוויינלעך איז די אקטיארישע ליבהאבעריי געווען איינע פון די קולטור-פארמען, אין וועלכע עס האט זיך אויסגעלעבט די יוגנט, וואס האט דערשפירט אין זיך א קינסטלערישן ניצוץ און געפרווווט די דאזיקע באדערפענישן צו רעאליזירן.

אין די לעצטע יארן איז מיר אויסגעקומען אין פארשידענע לענדער צו טרעפן זיך מיט מענטשן פון אונדזער שטעטל. די עלטער, ווי באוווסט, מאכט גרוי די פאה, און קילער — די דעה. די מענטשן איז אויסגעקומען נישט ווייניק איבער-צולעבן זינט יענע צייטן פון אונדזער יוגנט אין שטעטל, און דאך האט, בעת א שמועס, יעדער זיך דערמאנט אין אונדזער דראמאטישן קרייז, פונקט ווי דאס וואלט באמת געווען א זאך פון אזא קינסטלערישן ווערט, וואס איז כדאי געווען צו פאר-געדענקען. און דאך האט זיך פארגעדענקט, ווי מאדנע דאס זאל נישט זיין. דאס דערקלערט זיך געוויס דערמיט, וואס אין יעדן מענטש לעבט א שטיקל אקטיאר, און דערפילן דערפילט מען עס אין דער פריער יוגנט און דאן פרווט מען אויס דאס פינ-טעלע אין ערגעץ א דראמאטישן קרייז. מען מעג אפילו קומען צו דער מסקנה, אז ווען יעדער וואלט נישט געווען א שטיקל אקטיאר, וואלט בכלל דאס מין טעאטער נישט געווען אויף דער וועלט.

געשמאקן זענען פארשידענע, און יעדן האט זיך פארגעדענקט אן אנדערע ראל, אן אנדערער פראגמענט; ביי יעדן איז איבערגעבליבן א סענטימענט צו די דראמאטישע פרוון אונדזערע, כאטש ער האט שוין שפעטער געזען אין דער גרויסער וועלט אמתע

טעאטערס מיט גרויסע אקטיארן און שוין באמת געוווסט, אז אין פארגלייך מיט זיי, איז אֻונדזערס גאר קיין פארגלייך נישט געווען, פשוט קאמיש צו דערמאנען, און דאך — עס האט זיך פארט פארגעדענקט. און עס דערמאנט זיך מיט ווארעמקייט, און די איינדרוקן פון יענע יארן זענען נישט אויסגעטריקנט געווארן. אפשר איז עס אויך דערפאר, וואס טעאטער איז אייגנטלעך א חלום, א רעאליזירטער אויף א בינע. און ווען חלומט מען אזוי אפט און אזוי רייך ווי אין דער יוגנט?!

א השפעה אויף אונדזער דראמאטישן קרייז האט אן ספק געהאט א רוסיש עמיגראנ-טיש טעאטער, וואס פלעגט קומען צו אונדז גאנץ אפט צו פארן. עס איז געשטאנען אויף א קינסטלערישן ניווא און אויך געהאט אמאל בארימטע נעמען פון רוסישע שוי-שפילער. א קאמער-טעאטער, אייגנטלעך, מיט א שטענדיקן פלאץ אין ראוונע. דער ״טשוואק״ פון זייער רעפערטואר איז געווען טשעכאוו, און זיי אליין, די ארטיסטן, מיט זייער מינאר-לעבן האבן דערמאנט אין טשעכאווס פערסאנאזשן, די אפשטאמיקע מערסטנס פון יורדישע קלאסן. די שוישפילער זענען געווען מייסטערס אויף לאנגע מאנאלאגן, אויף השתפכות הנפש.

זייער ליטעראַרישער אנפירער איז געווען מיכאיל גאל. איך בין מיט אים געווען א גאנצער ״שמעלקע״ און אפילו באקומען א דריסת הרגל הינטער די קוליסן. דער עיקר האט מיך פארכאפט זייער גרימירן זיך, ווי זיי פארבייטן זייער פנים גאר-נישט צו דערקענען, אויסמאדעלירנדיק דורך שפארעוודיקע שטריכן כאראקטערס. די באקאנטשאפט האט מיר בכלל פיל געגעבן — נישט בלויז אין בעסער באנעמען פרא-בלעמען פון טעאטער, נאר אויך דערמיט, וואס מיכאיל האט מיך צוגעפירט צו די שוועלן פון דער רוסישער ליטעראטור, ווארעם פון זיינע שמועסן האב איך באקומען אזא חשק צו באקענען זיך מיטן שאפן פון די רוסישע שרייבער, אז איך האב זיך גענומען לערנען רוסיש.

גאל פלעגט מיר אפט אויך דערציילן וועגן יידישן טעאטער, און איך האב זיך תמיד געוואונדערט פונוואנען נעמט זיך ביי א רוס אזא באקאנטשאפט מיט יידיש טע-אטער און יידישע אקטיארן. ער האט, דרך אגב זאגנדיק, אלץ געוווסט וועגן דעם מאסקווער העברעישן טעאטער ״הבימה״. פיל יארן פלעגן זיי אראפקומען צו אונדז אין שטעטל, די ארטיסטן פונעם רוסישן אנסאמבל. שפעטער זענען זיי מער נישט גע-געקומען. נאך דער מלחמה האב איך זיך דערוווסט, אז גאל מיט זיין פרוי, א כשרע

רוסישע טאכטער, זענען פארברענט געווארן אינעם קרעמאטאריע-אויוון פון אשוויענ-טשים. זיין זון, "וואוואטשקע", וווינט איצט אין ישראל. איז מיר היינט שוין קלאר הן זיין אינטערעס, הן זיין באקאנטשאפט מיט יידיש טעאטער און מיט יידישע אקטיארן.

עס איז פאר מיר קיין ספק נישט, אז ווען מיר וואלטן געווען אונטער דער הש-פעה פון די יידישע טרופעס, וואָס מיר האבן געזען אין שטעטל, וואלטן אונדזערע אמביציעס, ווי ליבהאבער, געווען נישט אין פארגלייך קלענערע, אדער פשוט — נישטיקע. אדאנק דער רוסישער טרופע האבן מיר פשוט געגאשט בעסערע טעאטער-טרא-דיציעס. דא האבן מיר געהאט אקטיארישע ביישפילן, און דעם יידישן פערסאנאזש האבן מיר געשאפן אליין. ווען מיר וואלטן פאר א מוסטער גענומען די יידישע טרו-פעס, וואלטן מיר די טיפן פשוט קאפירט און קיין שום זעלבשטענדיקער שעפערישער עלעמענט וואלט נישט געווען אין דער טעטיקייט פון אונדזער דראמאטישן קרייז.

צוויי צענדליק בחורים און מיידלעך פלעגן וואכנלאנג טאגטעגלעך קומען אי-נעם לאָקאל אויף פראבעס, נישט געקוקט, וואס א טייל פון זיי זענען געווען שוין גענוג אויסגעמאטערט נאך א טאג שווערער פראצע. מען האט רעפעטירט ביז שפעט, כאטש אויף מארגן האט מען געדארפט אויפשטיין גאנץ פרי.

די פיעסע, איידער מען האט פארטיילט די ראלן, האבן מיר געקענט, ווי דאס זאגט זיך, "נא זובאקי". טאמער עמעץ האָט זיך ארויסגעזאגט, אז די פיעסע איז פאר אונדז "צו שווער", פלעגט מען אזא איינעם פארשרייען: "וואס? מיר זענען דען ערגער פון די ליבהאבער פון די גרעסערע שטעטץ?" דאס צעטיילן די ראלן איז קיינ-מאל נישט פארביי גלאטיק. יעדער האט דווקא געוואלט די "בעסערע" ראל און בא-וויזן מיט ראיות, אז צו דער ראל איז ער מער צוגעפאסט ווי אלע אנדערע... אויף דער בינע האט יעדער בחור געוואלט זיין א "קראסאוויעץ", און יעדער מיידל — א "קראסאוויצע", מען האט זיך געיאגט נאך די פאזיטיווע און נישט געוואלט נע-מען קיין נעגאטיווע ראלן. מיר האבן זיך אבער געלערנט ביי די רוסישע אקטיארן, וואס "גוט" איז, און מיט די געהעריקע ארגומענטן האט מען איבערצייגט יעדן אין דער באמת פאר אים צוגעפאסטער ראל. דער עיקר איז געווען די ראל ריכטיק צו אינ-טערפרעטירן. בעת די ספעקטאקלען האט זיך ארויסגעוויזן, אז מיר האבן צוגעטראפן און לויט אביעקטיווע קריטעריעס זיך איינגעטיילט מיט די ראלן.

אונדזער איינשטעלונג איז געווען: שפּילן אַן אַ סופליאַר. דער סופליאַר אין בודקע האָט געדאַרפט זיין בשעת הדחק, בעת אַ צרה, אַן אומגליק. דהיינו, מען האָט פלוצלונג פאַרגעסן, ווי מען האַלט אין דער וועלט און דאַן האָט דער סופליאַר געדאַרפט אַרויסהעלפן, אָבער בדרך-כלל — אויסקומען אַן אים, ווי אין די גוטע טעאַטערס, ווו מען אַרבעט איבער אַ פּיעסע לאַנגע חדשים... די טרייב-קראַפט צו שפּיל איז, ווייזט אויס, זייער אַ באַדייטנדיקע, ווען יינגע מענטשן זאָגן זיך אָפּ צו פאַרברענגען די אָוונטן מיט זייערע פּאַרטנערן, און אַנשטאָט דעם זיצן זיי און האַרעווען ביז האַלבע נאַכט איבערן וואָרט, איבערן זשעסט, איבער אַ מינע, וואָס גיט זיך נישט איין לייכט...

מיין שוועסטער, הינדע, פלעגט אין די אָוונטן, ווען מען איז שוין געלעגן אין די בעטן, שטעלן קעגן זיך דעם שפּיגל און מיט גוואַלדיקן ערנסט איבערחזרן די לעצטע פּראָבע. זי לייגט צונויף די הענט, שטרעקט זיי אויס, בלייבט שטיין אין איינגעבראָכענע און קוקט זיך אויפמערקזאַם צו צו אירע מינעס אין שפּיגל. מיר האָבן דאַן רעפּעטירט "יאַנקל ברילע" קאָברינס (אַדעה, ווי מען פלעגט די פּיעסע אויך אַנדערש רופן — "דער דאָרפס-יונג"). הינדע האָט געשפּילט די ראָל פון נאַטאַשען און כסדר איבערגעחזרט די ווערטער פון נאַטאַשען ערב איר זעלבסטמאָרד, איידער זי וואַרפט זיך אַריין אין אַזערע.

דאָס רעפּעטירן די ראָלן האָט זיך נישט געענדיקט מיט דער רעפּעטיציע אין לאָקאַל פון דער פּרץ-געזעלשאַפט. יעדער האָט נאָך מער רעפּעטירט פאַר זיך אין שטוב, מען קאָן זאָגן, בגנבה.

די דאָזיקע פּיעסע איז אין יענע יאָרן געווען זייער פּאָפּולער. אין לוצק געשטעלט געוואָרן אונטערן אָנפיר פון זייער פעיקן לייבטשיק לערנער, אין ראַזישטש — אונטער דער רעזשי פון פייטי קליינבורד, אויך אין אַנדערע שטעט פון וואָלין געהאַט אַ גוטן אָפּנעמער. אונדזער "דאָרפס-יונג" איז אָבער געווען אַן אַנדערער. מיר האָבן גוט געקענט דאָס לעבן פון די אוקראַיִנישע פּויערים און פון די פּישער, ווי אויך די יידישע ערד-האַרעפּאַשניקעס, האָבן זיך סיי די פּערסאָנאַזשן, סיי דער קלימאַט, דער אַרום אַרויסגעוויזן זייער נאַטירלעך; מען האָט געגלייבט אין יעדן דעטאַל אויף דער בינע. מיר האָבן געוואָלט זיך כאַטש איינמאָל באַווייזן אין לוצק, דערווייל האָבן מיר זיך אָבער באַגנוגנט מיט טראַכטנבראָד.

חוץ קאברינס "יאנקל בוילע" איז אין אונדזער רעפערטואר געווען "די שרפה", גארדינס "חסיה די יתומה", אשס "גאט פון נקמה" און א ריי אנדערע פיעסן. אונ-דזער קרייז האט זיך תמיד באמיט אונטערצושטרייכן די סאציאלע מאמענטן פון די געשטעלטע דראמאטישע ווערק, און אויס אידעאלאגישע טעמים אפילו צייטנווייז צו-געבן צום אינהאלט גופא, נישט בעטנדיק, נאטירלעך, קיין דערלויבעניש ביים מח-בר, בלויז זיך צוהערנדיק צו אונדזער אייגענעם סאציאלן געוויסן. אין "דארפס-יונג" האבן מיר אקצענטירט די "ליבע צווישן פעלקער", מיר האבן געוואלט פארשיטן די אנגעהויפנטע דורך דער געשיכטע בערג, וואס האבן זיך געשטעלט צווישן יאנק-לען און נאטאשען. אין "חסיה די יתומה" האבן מיר אקצענטירט די קלאסן-שנאה אין דער יידישער געזעלשאפט.

יארצענדליקער זענען פארביי, און אין זכרון זענען שטעקן געבליבן סצענעס פון אונדזער ליבהאבערישער, כ'וואג צו זאגן, קינסטלערישער טעטיקייט. אזוי, דהיינו, האב איך ביז איצט נישט פארגעסן לייבעלע גאטמאנען אין דער ראל פונעם אלטן פישער, באזונדערס אין דער סצענע פון זיין ליידנשאפטלעכן ווערטער-גע-ראנגל מיט יאנקלען, ווען ער דראט מיט אלע יסורים פון גיהנום פאר זיין תאוה צו נאטאשען און גייט איבער פון סאמע אנגעלאדענעם פאַרטע צו דער גרעסטער ווייכ-קייט און שטילקייט, אין וועלכער די דראונג מישט זיך צונויף מיט תחנונים, מיט געבעט נאך רחמים צו דער משפחה, וועלכער ער פארשווארצט דאס פנים. זיינע ווער-טער צערייצן יאנקלען צו אזא מדרגה, אז ער פארלירט די דעה איבער זיך און ראטע-וועט זיך מיט אנטלויפן. שפעטער רירט יאנקל ביז טרערן, ווען ער טענהט אזוי אומשולדיק צו זיין געליבטער: "נאטאשע, פארוואס ביסטו נישט קיין יידישע?" לײ-בע האט זיך אין אייניקע ווערטער אזוי איבערגענומען, אז ער האט באמת פארגעסן אויף וועלכער וועלט ער געפינט זיך. איך האב עס פארשטאנען, ווען מיר אליין איז באשערט געווען איבערצולעבן ענלעכס אויף דער בינע און, ארײנגײיענדיק מיט אלע אברים אין דער ראל, האב איך מיטביידע הענט אנגעכאפט דאס העמד אויף זיך און עס צעריסן אויף צוויי חלקים, צעריסן בפועל-ממש, ווארעם איך האב אויפגעהערט זיין "איך" און געווארן, אין יענע מינוטן, יענער, וועמען איך האב געשפילט. ערשט נאכן צערייסן דאס העמד, האב איך זיך דערשראקן און פארשטאנען, אז איך האב פאר-לוירן די קאנטראל איבער זיך.

איך האב וועגן דעם אינגאנצן געהאט פארגעסן. אבער איינמאל, זיצנדיק מיט איי-ניקע קאלקער ביי א גלעזל ווייַן צוגאסט ביי מאיר טשארטאריסקערן אין מאנטרעאל, האב איך פלוצלינג באמערקט, ווי דער באלעבאס קוקט זיך צו מיר צו, נעמט אלץ דייטלעכער שמייכלען, נישט אראפלאזנדיק פון מיר קיין אויג. מיטאמאל איז ער אויפגעשטאנען פון ארט, אוועקגעלייגט זיין האנט אויף מיין אקסל און א פרעג געטאן:

— זאג-נאר, דוד, הייַנט רייסטו אויך אויף זיך די העמדער?!"

ער האט זיך דערמאנט. און איך האב גלייך געמאכט א שטיקל חשבון, וואס האט מיר געוויזן, אז מאיר טשארטאריסקער איז נאך דאן, אן א ספק, געווען א קליין יינגל. און דאך — די סצענע איז אים פארבליבן אין זכרון.

אז אונדזער קרייַז איז באמת עפעס ווערט געווען, דארף עדות זאגן דער פאקט, אז אזא ייד, ווי מאטל לאמבאצינער, וועלכער האט נישט געהערט צום מין נאראנים און געוויס אויך נישט צו די סתם מנדבים, א ייד, וואס וואלט זיך נישט פארגי-נען צו ווארפן געלט אין בלאטע, האט ספעציעל ביי אונדז אויסגעבויט א טעאטער. איך געדענק נישט אויף וויפל זיצפלעצער — 200 אדער 300, נאר דאס איז געווען א היבשע און שיינע געביידע, מיט קוליסן, מיט א גארדעראב און בכלל מיט אלץ — מיט האקל, מיאקל, פלעקל, ווי א טעאטער באדארף זיין. אין דעם טעאטער פלעגן אויך שפילן רוסישע און אוקראינישע טרופעס. צו דער צייט, ווען מיר זענען, צו-ליב סיבות נישט אפהענגיקע פון אונדז, געצוווּנגען געווען צו פארענדיקן אונדזער טעאטער-טעטיקייט, האט ער זיך גיך ארומגעזען און איבערגעבויט דאס טעאטער אויף א פאסט, און פאראייניקנדיק אין אן אנדער הויז עטלעכע צימערן, געמאכט אן אנ-דער טעאטער-זאל. דאס איז שוין אבער נישט געווען דאס זעלבע. די גרונט-הכנסה האט ער פריער געהאט טאקע פון אונדזער דראמקרייַז.

נישט אלעמאל האט אונדזער קרייַז געהאט א בינע. דער זאל, וואס האט געהערט צו דער "גמינע", איז מען יידן זעלטן מסכים געווען צו פארדינגען. דער קרייַז האט געזוכט גרעסערע שטחים אין שטאלן, אין גרויסע קלוניעס. אבער מען האט גע-דארפן זיי געבן א וואסער נישט איז מענטשלעכן אויסזען. מ'האט געדארפן צונויפ-שלעפן ברעטער, צונויפזאמלען בענק און שטולן. דאס איז געווען אן ארבעט אויף וואכן און געארבעט האבן מיר דערבייַ גאנצע נעכט.

איך דארף דא באטאנען: מיר האבן זיך באמיט, אז אונדזערע פארשטעלונגען זאלן ברענגען הכנסה. מיר האבן געדארפט האבן געלט פאר אונדזער קולטור-ארבעט אינעם שטעטל און פאר אנדערע געביטן פון אונדזער טעטיקייט אין שטעטל און אין דער געגנט.

*

## ליטעראַרישע אווונטן

פון די פאַרשטעלונגען האָבן מיר געמוזט האָבן הכנסה, זענען מיר דעריבער צייטנווייז געגאַנגען אויף קאָמפּראָמיסן מיטן געשמאַק פונעם עולם; זיך צוגעפּאַסט צו אים, כאָטש מיר האָבן עס נישט געוואָלט. אָבער אין די ליטעראַרישע אווונטן זענען מיר אויף קיין שום קאָמפּראָמיסן נישט איינגעגאַנגען. אויף זיי איז געקומען, נאַטירלעך, א קלענערער עולם, אָבער דערפאַר מענטשן, וואָס האָבן געהאַט א שטיקל אָנונג אין ליטעראַטור און זי ליב געהאַט. אט דער עולם האָט גוט געהערט רעציטאַציעס, פראַגמענטן פון ווערק. דאָס פּובליקום איז אין פרט פון עלטער געווען א געמישט. ס'זענען געקומען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן קיין צייט נישט געהאַט צו לייענען, און דאָ בייגעווען, כדי זיך מחיה זיין מיט א קינסטלעריש וואָרט.

ס'האָט זיך מיר איינגעקריצט אויף שטענדיק אין זכרון דער יזכור-אווונט צו י. ל. פּרצעס 15-טער יאָרצייט. פּרץ איז געווען אונדזער סימבאָל, אונדזער וועג-ווייזער, אונדזער יחוס, אונדזער שטאָלץ, א וועזנטלעכע טייל פון אונדזער פּראָגראַם. די גאַנצע אַרבעט אונדזערע איז געפירט געוואָרן אין דער פּרץ-געזעלשאַפט. עס איז נישט געווען קיין שירמע, אונטער וועלכער מיר האָבן זיך באַהאַלטן, עס איז געווען די עסענץ פון אונדזער מענטשלעכן און יידישן אינהאַלט. דערפאַר טאַקע האָט אונדז דאָס אָרגאַניזירן אַזאַ פּרץ-אימפּרעזע פאַרשאַפט פיל זאָרג.

אַמביציעס האָבן מיר געהאַט גרויסע, אָבער מעגלעכקייטן אינטעלעקטועלע גענוג באַשיידענע. מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן אין דעם אווונט אויפצונעמען אין אונדזער לאָקאַל דאָס גאַנצע שטעטל; ס'זאָל ווערן א גרויסע קולטור-געשעעניש. אַרויסגעהאָלפן האָט אונדז א צופאַל. עס איז פלוצלינג אָנגעקומען אין שטעטל א גאַסט פון ווילנע, אַן אָנגעזעענער פּעדאַגאָג, סיאָמע קאַץ. מיר האָבן אים איינגעלאַדן צו האַלטן דעם פאָרטראָג. ער איז מסכים געווען. אָבער: וואָס פאַר א פּרץ וועט ביי אייך זיין? דער גאַסט ענטפערט מיט א געהיימען שמייכל: איין פּרץ איז פאַראַן, צוויי זענען נישט געווען.

דער עולם — קאפ צו קאפ. אלע צימערן פול, ביי די אפענע פענצטער — אויך א גרויסע ראד, ווי ביי די פענצטער פון א נגידישער שטוב בעת א חתונה. און עס איז געווען דער אמתער פרץ: דער בונטאר, דער זוכער, דער אומרואיקער, דער פיי-ערדיקער, דער מתנגד, וואס האט געוויזן די הויכע מדרגה פון פאלקסטימלעכן חסי-דות און פון חסידישן דעקאדאנס, דער רעאליסט, וואס האט זיך פריער צערעכנט מיט די "שטריימלעך", מיט די "פרומע קעץ", וואס האט געוויזן די נויט אין די קעלער-שטיבלעך, דעם בונט פון די אנגעווייטיקטע הערצער, וועלכער האט גערופן צו פאר-שיטן די תהומען צווישן מענטש און מענטש.

דער רעדנער האט גערעדט ברייט, ארומגענומען פרצעס שאפן אלזייטיק, ער האט געוווסט וואס צו זאגן און ווי צו זאגן; עס איז געווען אן אמתער יום-טוב!

בכלל איז דער פראגראם פון די ליטעראַרישע אוונטן פון פאריס גוט דורכגע-טראכט געווארן; נישט געווען אין אים קיין צופעליקייטן. ביי איין פרינציפ האבן מיר זיך געהאלטן: ערנסט, אבער נישט נודנע. א ברייטע טעמאַטיק, אבער פון אויג דערביי נישט ארויסגעלאזט דעם פאליטישן ציל. מיר האבן געגנוי געוווסט, וואס דעם עולם וועט אינטערעסירן און געוווסט ווי דורכצופלעכטן ערנסטע זאכן מיט הומאר; די שווערע ארטילעריע פארלייכטערן, אדער פארגיטיקן מיט א פלינק-"פיסיקער" הומארעסקע, פאראדיע, פעליעטאן.

ווען אונדזער חבר מאטל וואליק האט פארגעטראגן פון שלום-עליכמס "מנחם-מענדל", האט מען געהאט דעם איינדרוק, אז מנחם-מענדל אליין איז איינגעלאדן געווארן צו דערציילן וועגן זיך און זיינע געשעפטן. מען איז אזש צעשמאלצן גע-ווארן פון נחת, שאקלענדיק דערביי מיט די קעפ, ווי זיי וואלטן, מסכים זייענ-דיק, צוגעגעבן: ווו האט איר געזען א יידיש סוחרל, וואס זאל נישט זיין א שטיק פון מנחם-מענדלען? דאס איז דאך יידישע אויסזיכטלאזיקייט, יידישע לופט-פרנסות. אלץ איז, דאכט זיך, דא: פלינקקייט, שכל, ענערגיע און צו קיין פרנסה קומט עס נישט. פונעם קאלטן אינעם הייסן און פארקערט; א מפלה נאך א מפלה, אבער מוט נישט פארלוירן, דער בטחון שלעפט אים ארויס פון איין צרה און ווארפט אים ארײַן אין אן אנדערער, און בלויז צו באוווּנדערן, ווי אומאויסשעפּיק דער בטחון איז, און צוזאמען דערמיט די ווילדע, נערוועזע ענערגיע: ווען-נישט-איז מוז זיך דאך דאס רעדל א דריי טאן מיט א גליקלעך פנים צו אים?! פארוואס שמייכלט דער מזל

אלע טעג צו די ראטשילדס, צו די בראדסקיס, צו די וויסאצקיס, צו די מאראזאווס? פארוואס-זשע זאל עס איינמאל נישט א שמייכל טאן צו מנחם-מענדלען, וועלכער קוקט אויף אזא שמייכל אויס דאס גאנצע לעבן זיינס? וויפל עסקים טוט ער נישט און אין וויפל געשעפטן האט ער נישט אריינגעארבעט?

זיצט א ייד איו זאל און זעט פאר זיך א לעבעדיקן מנחם-מענדל און לאכט פון אים און לאכט אונטער פון זיך, וואס אויך ער קאן זיך נישט אויסהיילן פון בטחון, וואס עס היילט נישט טאקע, איז אבער פארט די איינציקע רפואה, וואס איז אים איבערגעבליבן.

אפילו אזעלכע, וואס האבן שלום-עליכמס בוך נישט געליינענט, האבן מיט מנחם-מענדלען זיך באקענט אויף תמיד. און א געלעכטער איז געשטאנען אין זאל, טאקע אזא געלעכטער, וואס היילט, כאטש עס טוען וויי די זייטן פון געלעכטער.

און ביי נאך א פרינציפ האבן מיר זיך געהאלטן ביים צונויפשטעלן די פראגראמען פון די ליטעראריש אוונטן. זיך נישט איבערחזרן. נאר זיך נישט איבערחזרן. מיר האבן געזוכט מאטעריאל צו די אוונטן אין דער פרעסע, אין די וועכנטלעכע זשורנאלן, אומאפהענגיק פון ריכטונג. דא געגומען א נאוועלע, דא אן אינטערעסאנטן ארטיקל אויף א ליטערארישער טעמע, א פרישן פעליעטאן, פראגמענטן פון א ניי בוך, א נייע פאעמע. מיר האבן באקענט אונדזער עולם מיט מוסטערן פון די ווערק פון פארשידענע יידישע פאעטן: קאציזנע, לייוויק, קולבאק, אברהם רייזען משה שולשטיין; די פאעטן פון "יונג-ווילנע", פרץ און פרץ מארקיש, פעפער און קושניראוו און נאך, און נאך. און מיר האבן נישט אויסגעמיטן א הומארעסקע אדער פאראדיע אויך פון טונקעלן. מען האט געגישטערט, געזוכט און געפונען; מען זאל וועלן קומען א צווייט מאל — נישט פון געוווינהייט בלויז, נאר ווייל עס איז אינטערעסאנט, און ביסלעכווייז זאלן זיך אלע דורכדרינגען מיט דער איבערצייגונג, אז די חברשאפט מיטן בוך איז די בעסטע חברשאפט אין דער בעסטער געזעלשאפט.

היינט, טראכטנדיק וועגן יענע אוונטן, בין איך זיכער, אז זיי זענען געווען איינע פון אונדזערע שענסטע אויפטוען. אי פארוויילעריש, אי זייער נוציקע, ווארעם זיי האבן באוייכערט אונדזער נשמה מיט פיל נייע איבערלעבונגען און מיט קינסטלערישן און אינטעלעקטועלן געגוס.

צענדליקער מענטשן וואלטן אפשר אן אונדזערע ליטעראַרישע אוונטן קיינמאל נישט געוווּסט וועגן א טביה דעם מילכיקן, א מנחם-מענדל, א באַנטשע שוייג, די פּערסאָ-נאַזשן פון אַפּאַטאַשוס "אין פּוילישע וועלדער", פון בערגעלסאָנס מירעלע (פון "נאָך אַלעמען"), וועגן קולבאַקס "זעלמעניאַנער"; וואלטן אפשר נישט געהערט וועגן לײ-וויקס "גולם", וועגן באַרײַשעס "זאַוול רימער", נישט געקענט די נעמען פון מאני לייב, גורשטיין, קוויטקאָ און צענדליקער אנדערע.

* * *

איינמאל, עטלעכע טעג נאָך א ליטעראַרישן אוונט, האבן מיר זיך, א קליינע גרו-פּע פריינד, געפונען נעבן דער שניידער-שול. די שול האט זיך אויסגעטיילט צווישן די אַרומיקע בידנע הייזלעך מיט איר פּאַרנעם. אויף דער גאַס האבן זיך געפונען פיל מענטשן, טייל אין טליתים, ווי אויף א רגע זיך אַרויסגעכאַפּט בעלן צווישן עולם. שניידער, קירזשנער, אנדערע בעלי-מלאכות. מיטאמאל זענען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך מתפּללים, און איינער פון זיי, אַלטער-לייב דער שניידער, מיטן צו-נאָמען "אַלטער סאַסנע" האט אַזוי זיך א פרעג געטאָן:

— זאָגט נאָר, חברה לצים, ווו וווינט דער פּאַרכשופטער שניידער?

אט, נא-דיר, אן אָפּקלאַנג פון אונדזער לעצטן ליטעראַרישן אוונט! די מתפּללים זענען געווען איבערצייגט, אז די מעשה האט פּאַסירט מיט איינעם פון די שניידער פון די שטעטלעך אַרום אונדז. גיי גיב זיי דעם אַדרעס, אז מיר קענען אים אליין נישט. אפשר האט שלום-עליכם געוווּסט, אבער נישט אויסגעזאָגט, וואָרעם זלאַדעיעוו-קע זעט אויס ווי אן אויסגעטראַכטער נאָמען, און אפשר נישט, ווער קאָן וויסן? נאָר איינער פון אונדזער גרופּע האט זיך אַנגעשפּאַרט אין דער וואַנט און גענומען די יידן דערציילן, אז זלאַדעיעווקע געפינט זיך ערגעץ נישט ווייט פון מאַזעפּעוו-קע, וואָס איז נישט ווייט פון כאַפּלאַקאָווע און גאָר נאָענט פון קאַזעדאַיעווקע צווישן יאַמפּעלע און סטריטס, ביי דעם וועג, ווו מען פאָרט דורך פישערכוואַסט און יאַגעדע, דורך פּעטראָוויץ קיין יעהופּעץ.

דער נאָמען פון דעם מענטש איז שמעון-עליע און גערופן האט מען אים שמעון-עליע, שמע קולנו, ווייל ביים דאַווענען אין שול האט ער געהאַט אַזאַ טבע — ער פלעגט זיך וואָרפן, שרייען, זיך רייסן צו די הימלען. דער מענטש איז געווען א געוווינלעכער שניידער.

און דא האבן מיר זיך אריינגעמישט, צו העלפן אונדזער חבר, און גענומען דער־ציילן וואס פאר א שנײדער דאס איז געווען. נישט עפעס אזא פון די גרויסע זשור־נאלן, נאר א ספעציאַליסט אין ארויפלייגן א לאטע אויף א לאטע. אלע לעכער, וואס פלעגן אריינפאלן אין זיינע הענט, פלעגן פארצירעוועט ווערן אזוי, אז מיט די בעסטע אויגן וואלט מען קיין לאך נישט געפונען. און, אז ער פלעגט איבערניצע־ווען א בגד, א פאר הויזן, א פידזשאק, האבן אלע געמיינט, אז דאס איז נאר פון געוועלב געבראכט. פון א לאנג אפגעטראגענעם כאלאט האט ער געמאכט א שיינע קא־פאטע, פון דער קאפאטע איז נאכדעם געווארן א פאר תחתונים, און פון דעם האט ער שפעטער געקאנט אויסשטוקעווען אן אונטערהעמדל, און אז מען האט עפעס געדארפט, איז עפעס אנדערש אויך...

שמעון־עליע — האבן מיר די יידן ווייטער דערציילט — האט געהאט נאך א פע־לער: ער האט נישט געקאנט גוט לעבן מיט די נגידים. ער האט זיך אריינגעווארפן, אריינגעדרייט, אריינגעמישט אין אלע קהלשע געשעפטן. ער פלעגט זיך תמיד אננע־מען פאר דער עולה פון ארעמעלייט. ער פלעגט בפרהסיה ארויסזאגן זיין מיינונג וועגן אלע כלל־טוער פון שטעטל און זיי אלע פלעגט ער אויסמישן מיט דער בלאטע, און וועגן שוחטים, רבנים פלעגט ער זאגן, אז זיי זענען אין איין האנט מיטן בעל־תקיף. ער פלעגט שרייען, אז דאס זענען בלוטזויגער, איין באנדע, א שייקע גנבים...

אט דער דאזיקער שמעון־עליע שמע קולנו האט געהאט א ווייב. געהייסן האט זי ציפע־ביילע־רייזע; איז זי געווען פונקט דאס פארקערטע וואס ער. א הויכע, א ברייטע. מיט איין ווארט — א יידענע א קאזאק. און ווייל איר שכנה נחמה־ברכה האט געהאט א ציג, האט ציפע־ביילע־רייזע געפאדערט פון איר מאן, ער זאל אפלייגן אלץ און גיין קיין קאזאדאיעווקע קויפן א ציג.

הכלל, אט אזוי, האבן מיר, חברה לצים, גענומען דערציילן דער חברה יידן־מתפללים די געשיכטע פון שמעון־עליע מיט דער ציג, מיט דעם שענקער, מיט דער פארבייטעניש, מיט דער דין־תורה, און די יידן האבן געקייכט און זיך געהאלטן פאר די בייכער פון געלעכטער און בשום אופן נישט געקאנט קומען צו זיך; זיך בארויקט א ווײלע, און ווידער אויסגעשאסן. מיר האבן זיך ממש דערשראקן, אז מיט די יידן זאל, חס וחלילה, נישט געשען עפעס פונעם געלעכטער. זיי האבן גע־לאכט, געלאכט, האט זיי איינער פון "אונדזערע" געזאגט:

— לאכט, יידן, לאכט, פאלגט די עצה פון שלום-עליכמען, וועלכער האט געלערנט: "לאכן איז געזונט, דאקטוירים הייסן לאכן".

אט דאס דאזיקע געלעכטער איז אויך געווען אן אפקלאנג פון אונדזערע ליטעראַרישע אוונטן. מיר האבן זיך באמיט, אז אונדזערע שרייבער זאלן ווערן היימישע מענטשן אין יעדער שטוב ביי אונדז, און זיך נישט ווייניק אין דער הינזיכט דערשלאגן.

*

## ליטעראַרישע משפטים

פאַר אַ באַזונדער קולטור-קאַפּיטל דאַרפן פאַררעכנט ווערן די די ליטעראַרי-שע משפטים. מיר האָבן צוגעצויגן דורך קאָמוניקאַטן אויך בעלנים פון די אַרומי-קע שטעטלעך. מיר פלעגן צו וויסן געבן, אַז דעם און דעם פרייטיקסצונאַכטס קומט פאָר אין דער פּרץ-געזעלשאַפט אין קאַלק אַ ליטעראַרישער משפט. די משפטים זענען געווען אַטראַקציאָנעלער פון אַנדערע קולטור-אונטערנעמונגען, און במילא — מער דערפאָלג געהאַט. עס זענען געווען ריכטער, אַ פּראָקוראָר, פאַרטיידיקער און, נאַטירלעך — ווי קאָן עס אַנדערש זיין? — עדות. דער באַשולדיקער איז געווען אַ ליטעראַרישער העלד.

מען האָט זיך אַרומגעאַמפּערט און אַרומגעקריגט, פּונקט ווי דער העלד וואָלט געווען נישט קיין ליטעראַרישע פיקציע, נאָר דיווירקלעכקייט אַליין — אַ "העלד", וועלכן מען דאַרף צושטעלן "צום וואַנטל", אָדער באַפרייען, אָדער אויך אויסגעפונען "מילדערנדיקע אומשטענדן" פאַר אַ לייכטערן "פּסק".

פאַרגעדענקט האָט זיך מיר דער משפט איבער שלום אַשס אַ ליטעראַרישן פּערסאָ-נאַזש — "מאָטקע גנב".

איך געדענק: אין דעם דאָזיקן "פּראָצעס" איז פאַרטיידיקער געווען אַבאַ שטיימאַן, און באַשולדיקער — חיים באַטלין. עס זענען געקומען נישט בלויז יוגנטלעכע, נאָר אויך מיטעלע און עלטערע מענטשן. אַן עולם איז אַפילו געווען פאַרזאַמלט ביי די אָפענע פענצטער אינדרויסן.

נאַטירלעך, אַז אין אַזאַ אונטערנעמונג האָט אַ גרויסע ראָל געשפּילט נישט בלויז די טעמע, נאָר אויך די וויכטיקסטע אַנטיילנעמער. אַבאַ שטיימאַן האָט געהאַט אַ "נאָ-מען". אַ זון פון אַ שמיד אין ראַזשישטש, אַ קליין שטעטל אין וואָלין, אַ בחור אָן העכערער און אַפילו אָן מיטעלער בילדונג, וועלכער האָט ביז אַכצן יאָר געקלאַפּט מיטן גרויסן האַמער ביים טאַטן אין דער קוזניע, האָט בינו לבינו, צווישן, אַזוי צו

זאגן, האמער און קאוואדלע, ארײַנגעכאַפּט אין זיך, און גוט אײַנגעהאַלטן, א שפּאַר ביסל װיסן. נאכן אפּװישן פון זיך דעם שװײס, און אפּװאַשנדיק זיך פון סאַזשע, האט ער זיך א כאַפּ געטאָן, נאָך מיט מער חשק װי צום האמער, צום ביכל. נעכט איז ער אפּגעזעסן איבער ביכלעך: פיזיק, מאַטעמאַטיק, פּױלישע גראַמאַטיק, אבער די ליבע שבליבעס זײַנע איז געװען די נײַגונג צו ליטעראַטור. די פּױלישע שפּראַך, װאָס ער האָט געלערנט מיט זעלטענער פלײַס, האָט געדאַרפט זײַן דער טױער צום גן-עדן — צו בילדונג. זײַן חלום איז געװען עפּענען א ביוראָ צו שרײַבן ביטעס. צו דעם האט מען געמוזט שטודירן יוריסטיק. קודם-כל זײַן באַאַוונט אין די רעכט-געזעצן װעגן ערד, װאָרעם די קומענדיקע קליענטעלע האָט געדאַרפן באַשטײן פון פּױערים.

שטײמאַן האָט זײַנס דערגרײכט — באַלײגט עקזאַמענס און טאַקע אױפן אָרט — בײַ אונדז אין שטעטל, הײסט עס, און דאָ געעפנט א ביוראָ.

זײַן ײדיש איז געװען פּונקט אַזױ פאַרװאָרפסלאַז, װי זײַן פּױליש. דאָך האָט מען געפּרוּװט בײַ אים צונעמען זײַנע באַרעכטיקונגען צוליב דעם, װאָס זײַן פּױליש האָט, כלומרשט, אביסל אונטערגעהונקען. "אונטערגעהונקען" דערפאַר, װאָס מען האָט געװאָלט זײַן ביוראָ און קליענטעלע צונעמען פאַרן זון פון א פּאָליציי-קאָמענדאַנט פון א נאָענט שטעטל. שטײמאַן האָט אבער געזיגט, און טאַקע מיט זײַן שײנעם פּױליש, קעגן דעם פּאָליציײאישן זינדל, װעלכער האָט זיך אַרױסגעװיזן פאַר א קנאַפּערן קענער פון זײַן מוטער-שפּראַך.

א פולשטענדיקער קאַנטראַסט צום רױאיקן, באַהערשטן און עלעגאַנטן אבא שטײמאַן איז געװען חײם באַטלין. א שמאַל, אױסגעצױגן פּנים, שפּיציקע נאָז און גרױסע צײן, א פלאַכער שטערן און ברענענדיקע שװאַרצע אױגן, הינטער די גרױסע, קײלעכדיקע ברילן. גערעדט האָט ער, שטאַרק זשעסטיקולירנדיק, פּונקט װי די װערטער װאָלטן געקומען נישט פון זײַן מױל, נאָר פון זײַנע ידים. ער האָט אױסגעריבן זײַנע הױזן נישט אױף אײן באַנק אין די ישיבות. זײַן הילוך איז געװען װי אין אברהם רײזענס "מאי קא משמע לן":

*"אָרן די שטיװל לאַנג צעריסן אָרן איך גאַס א גרױסע בלאָטע,*

*אָט ורעט באַלד דער װינטער קומען אָרן נישטא קײן װאָרעמע קאַפּאָטע."*

צום סרף איז אים דערעסן געווארן צו קוקן פארשעמט אין פרעמדע טעלער, האט ער זיך א שארפן דריי געטאן און זיך גענומען צו וועלטלעכער בילדונג, און אויך ער האט דערלעבט די גדולה צו האבן א שילד אויף זיין וווינונג: "ביורא צו שרייבן בקשות — ח. מ. באַטלין". די קאנקורענץ איז געווען גרויס, אבער ארבעט האט געקלעקט פאר אלע — די פויערים האבן זיך געפונען אין א פערמאנענטער קעגנזייטיקער מלחמה און זיך געמשפט איבער יעדעס פיצל ערד.

אט די צוויי אויטאדידאקטן זענען עסארויסגעטראטן איינער קעגן אנדערן בעת די ליטעראַרישע פראצעסן. דער מענטש, זאגט מען, איז דער סטיל. צוויי פארשידענע מענטשן — צוויי פארשידענע סטילן — אין אויפנעמען, אין רעדן, אין ארגומענטירן. איינער — רואיק, דער צווייטער — נערוועז.

שטיימאן האט ליב געהאט אין זיינע ארויסטריטן באנוצן זיך מיט אויסלענדישע ווערטער און באלד זיי פארטייטשן. חוץ דעם פלעגט ער זיך פאררופן אויף מעשהלעך און אויף דער גריכישער מיטאלאגיע.

חיים באטלין האט באנוצט פיל העברעיזמען, זיך פאררופן אויף תנ"ך, אויפן תלמוד, און אנשטויסנדיק זיך אויף עפעס, וואס עס איז פארן עולם נישט צוטריטלעך, פלעגט ער גלייך צוטרעטן צום פארטייטשן און אויסטייטשן; דערצו פלעגט ער שפרודלען מיט ווערטלעך און וויצן, און זיין צונג, ווי אחלף, האט "געשאכטן". ווי צו דעם, וואס האט געהאט דעם שלימזל טרעפן אויף זיין צונג.

אט פארוואס, ווען דער עולם האט אויף די מודעות וועגן א ליטעראַרישער אימפּרעזע געטראפןביידע נעמען, פלעגט ווערן ממש א צונויפגעלויף, ווי אויף א רעכטן געשלעג אין גאס.

דער פארזיצער עפנט דעם משפט, דערקלערט ווער עס זיצט אויף דער באשולדיקונגס-באנק, אינפארמירט וועגן דער פראצעדור, וואס וועט אפגעהיט ווערן אויפן משפט, און, ווי דער שטייגער איז, באקומט דאס ערשטע ווארט דער באשולדיקער.

באטלין רעדט שארף. לאזט אין גאנג די צונג און ביידע הענט. קודם אנאליזירט ער איינס נאכן אנדערן די מעשים פון מאטקע גנב. שילדערט זיי מיט אן אלץ שטייגנדיקן שוידער, נעמט זוכן די סיבות פון זיין כאראקטער און פירט און טאפט אָן אַן אטאוויסטישן אדער: שוין ביי דער מאמען אין בויך איז ער געווען א גנב, און געקומען אויף דער וועלט איז ער מיט א סקאנדאל. געמאכט ווילדע געשרייען און אויס-

געשפּיגן דאָס שמאַטקעלע מיטן זיסן וואַסער; ער וויל נאָר דער מאַמעס ברוסט, אָבער די פאַריאָגטע און פאַרפלאָגטע מאַמע האָט נישט אַזויפיל מילך אין איר דאַרער ברוסט, וויפל דער סקאַנדאַליסט פאַדערט. באַזונדערס וויל ער נישט בלייבן אַליין. שוין אַלס זויג-קינד האָט ער זיך נישט געוואָלט באַגנוגענען דערמיט, וואָס דאָס לעבן גיט; אַרויסגעוויזן שטריכן פון אַן אמתן באַצווינגער. זיין גאַנצער וועג, דער ווייטערדיקער, איז פאַראַזיטיש און אויסנוצעריש; זיין לעבן — עקספּלאַטאַ-טאָריש, פון יענעמס פּראַצע. ער האָט דאָס, וואָס ער איז געוווען, געטראָגן אין זיין בלוט, וואָרעם עס זענען פאַראַן ביאָלאָגיש-פאַרברעכערישע טיפּן, און מאַטקע גנב איז איינער פון אַזוינע ביישפּילן.

באַטלין לאָזט זיך אַריין אין ווייטע עקסקורסיעס פון קרימינאַלאָגיע, פאַררופט זיך אויף אויטאָריטעטן, באַווייזט די פּסיכישע פאַרקריפּלונגען, דעם מאַנגל פון מענטשלעכע נאָרמעס ביי קרימינאַליסטן, רעדט וועגן זייער לשון, ברענגט ביישפּילן פון דער ליטעראַטור, בכלל גענומען, און פון דער שיינער ליטעראַטור — בפרט, רעדט וועגן דער פילאָזאָפיע פון פאַרברעכן, פאַררופנדיק זיך אויף דאָסטאָיעווסקיס "פאַרברעכן און שטראָף". פריער וואָגט מען זיך צו פאַרמעסטן אויף יענעמס אייגנ-טום, נאָכדעם, ווען דאָס איז מיט דעם פאַרבונדן — אויף יענעמס לעבן. עס שיטן זיך נעמען, ליטעראַרישע ביישפּילן, דער עיקר פון דיקענסן, ער רופט פאַר אַן עדות אפילו זיגמונט פרוידן, ער פאַרוואַרפט מיט ציטאַטן פון פאַרשידענע מקורים און, לסוף, רעדט ער וועגן דער סאָציאַלער סכנה פון גנבה און די שעדלעכקייט, די סאָ-ציאַלע, פון אַזוינע טיפּן ווי מאַטקע גנב. ער שטעלט אים אַוועק מחוץ דער געזעל-שאַפט, ער פירט דורך איבער אים אַ מאָראַלישע עקזעקוציע. ער פייערט און מאַנט, און זיינע אַרגומענטן קלינגען ווי אומדערשיטערטע, וואָס אומוואַרפן זיי קאָן מען נישט.

אַ פּראָקוראָר אַן אמתער, ממש אַ רצחישער, גאָט זאָל שומר ומציל זיין. ער לאָזט נישט אין מאַטקען קיין גאַנצן אבר. און ווען נאָך אַ האַלבער שעה שטורעמען, לאָזט ער זיך אַראָפּ אויפן שטול און נעמט אַרויס אַ קאַלירט טיכל, זיך אויסצווווישן מיט הת-מדה זיין פאַרשוויצט פּנים, שטעלט ער אַן זיינע שוואַרצע פייערדיקע אויגן אויפן עולם אין זאַל, פאַרשנדיק אויף די פּנימער דעם איינדרוק, וואָס ער האָט איבערגע-לאָזט.

נאר אט שטייט אויף דער פארטיידיקער. רואיק, באשיידן און דאך צו עלעגאנט פאר איינעם פון אונדזער שטעטל. ער גיט א פיר מיט דער האנט איבער די האר, וואס האלטן אין שיטערער ווערן, נעמט ארום מיט א מילדן בליק די ארומיקע און מיט זיין שמייכל צעשמעלצט ער די שווארצע כמארע, וואס האט זיך אנגעקליבן פון די ווערטער און פאקטן, ווען עס האט גערעדט דער פראקוראר, ווייל ווען עס האט גע-רעדט דער פראקוראר, האט זיך יעדער געגומען פילן פונקט אזוי, ווי אים וואלט מען חושד געווען אין א שטיקל פון מאטקע גנב. איצט האט זיך געוואלט ראטעווען מאטקען פון דער תליה.

שטיל האט גערעדט דער פארטיידיקער. אויך ער האט זיך באנוצט מיט ליטעראַרישע ביישפילן, ארויסגעוויזן באהאותטקייט אין פילאזאפיע, אבער ער האט אויף זיך גע-נומען די ראל פון א גוטן מלאך, וואס זוכט דעם פארברעכן אין די סיבות און נישט אינעם פארברעכער. קיינער ווערט נישט געבוירן נישט קיין פראקוראר און נישט קיין אדוואקאט, נישט קיין ריכטער און נישט קיין פארברעכער. אלע ווערן געבוירן ווי עפעס, וואס ווערט געפורעמט און אויסגעקנאטן פון לעבן, דורך דער סאציאלער סביבה און דורך די סאציאלע באדינגונגען. אויב די טעאריע פון "טאבולא ראסא" קאן אפגעפרעגט ווערן אין א געוויסן זין, איז אבער די טעאריע וועגן דעם, אז דער מענטש ווערט געפורעמט קודם-כל דורך זיינע אבות, א צוגאנג א פאטאליסטישער, און דערמיט — געפערלעכער. אויב דער מענטש ווערט געבוירן מיט דעם, וואס דע-טערמינירט זיין לעבן ביזן סוף, צוליב די געירשנטע שטריכן פון זיין כאראקטער, דאן זענען איבעריק אלע באמיונגען, וואס ווערן געמאכט צו פארמירן די מענטשלע-כע עקזיסטענץ אין די געזעלשאפטלעך-גייסטיקע ראמען. מיר פארגעסן יעדן טאג פון אונדזער זיין אויף דער וועלט, אז מיר זענען נישט בלויז די שעפער פון אונדזער גורל, נאר אויך א פראדוקט. א פראדוקט פון וואס? — א פראדוקט פון דער סאציא-לער אנטוויקלונג, פון דער נאענטסטער און ווייטער סביבה, פון די מענטשלעכע צווישנפארהעלטענישן און פיל-פיל אנדערע קאמפאנענטן, וואס ווירקן אין דער אנט-וויקלונג פון יחיד. געוויס זענען פאראן יחידים מיט פארברעכערישע נייגונגען, אבער פארברעכן, אין כלל גענומען, איז א פראדוקט א סאציאלער. די נויט, די מענטש-לעכע איינזאמקייט און איזאלירטקייט — זיי זענען די פאקטארן, וואס פראדוצירן דעם פארברעכער און די פארברעכנס...

נאטירלעך, אז ווען מען באקומט פונעם טאטן נישט קיין ירושה פון אייגנשאפטן, נאר א ירושה פון געלט, פאבריקן און בענק, ווערט מען נישט קיין קעשענע-גנב ווי מאטקע, מען גנבעט אין הורט אויפן חשבון פון טויזנטער מענטשן, וואס ארבעטן אויף זיי, מען קאנטראלירט די בירזשעס און מען גנבעט אויפן חשבון פון די אפ-שפארער, וואס האבן געקארגט, כדי צו האבן אויף א פינצטערן טאג. אט די פארברעכנס ווערן נישט באשטראפט דורך קיין שום געזעצן, פארקערט, די דאזיקע פארברעכער זע-נען עס די יעניקע, וואס פארמשפטן די, וואס גנבענען דאס ברויט פארן הונגעריקן מאגן. גנבה איז צייטנווייז, א מיטל זיך צו ראטעווען קעגן א הונגער-טויט. אין דעם האט פארגעסן דער באשולדיקער, זייענדיק אינגאנצן דורכגעדרונגען מיט מידות הדין און פארגעסנדיק לחלוטין אין מידת-הרחמים, אין דעם, אז אפטמאל שטיט דער מענטש אינגאנצן א פארלוירענער לגבי דעם גורל, וואס נישט ער האט זיך אים צוגעגרייט. מיר, יידן, האבן פיל ווערטלעך, הן וועגן יושר, הן וועגן געלט, והן וועגן גנבה.

ערשטנס, וויל איך אייך דערמאנען, וואס דאס פיל-דערפארענע פאלק אונדזערס זאגט: "גאלד איז דאס בעסטע זייף — עס נעמט ארויס דעם גרעסטן פלעק". אויף ווע-מען זאגט מען: "ער קאן אויסטאן דאס לעצטע העמד פון לייב" — וועגן א גנב צי וועגן א גביר, א מלווה, צי א פראצענטניק? גאט באהיט, איך נעם נישט אין שוץ קיין גנב. גנבה איז א מיאוסע זאך. אבער פארמשפט נישט דעם גנב, וואס גנבעט ברויט, און האלט נישט פאר קיין צדיק דעם גדול, וואס באגנבעט א וועלט. זייט מיט איינזען. געדענקט אויך, אז די נויט שאפט גנבים, פונקט ווי זי שאפט פראסטי-טוציע. געדענקט, אז נישט דווקא די ערגסטע ווערן גנבים. צייטנווייז זענען עס די, וואס ווילן נישט שעמעוודיק שטארבן אין א ראוו, נאר וואגן צו נעמען מיט כוח דאס עלעמענטארסטע, וואס די געזעלשאפטלעכע ארדענונג האט ביי זיי צוגענומען, אדער אפגעזאגט צו געבן. גנבה איז א יחידישער ענטפער אויף גבירישער גזלה. מיר ווילן נישט נעמען אין שוץ גנבה, מען קאן אבער נעמען אין שוץ, אין קאנקרעטע באדינגונגען, א גנב. געדענקט דעם קלוגן פאלקס-שפרוך: "נישט יעדער, אויף ווע-מען הינט בילן, איז א גנב". און נישט יעדער, וואס איז א גנב, וויל עס זיין. אויב איר ווילט שטעלן דעם דאזיקן פראבלעם אין א מאראלישן אספעקט, וואלט איר געדארפן קענען ענטפערן אויף אזא פראגע: לאזן קליינע קינדער שטארבן פון הונ-

גער, אדער גיין פאר זיי גנבענען, און דערמיט ראטעווען זיי דאס לעבן? זאל ווער מיט א לייכט געמיט פרווון געבן אן ענטפער אויף דער דאזיקער קשיה? ווייל ער וועט דערביי דארפן ענטפערן אויף אן אנדערער שאלה: וואס איז א שווערערער פאר-ברעכן: גנבענען צי באגיין א מארד? זעט איר, נאר אין קאנקרעטן מוז מען געפינען דעם ענטפער. פאראן לענדער, ווו מען ווייסט נישט פון קיין גנבות — לענדער, ווו עס ווערט געטראכט וועגן א לעבנס-מינימום. איך מיין, אז אין דער גרעסטער מער-הייט זענען גנבים קרבנות פון דער געזעלשאפט, און די געזעלשאפט דארף מען משפטן, ווייל זי איז אוממענטשלעך און מעסט אלץ לויטן טייסטער. וועגן גביר זאגט מען: "דער נגיד האט זיין שכל אין טייסטער". דערפאר גנבעט דער גנב דעם טייסטער און קוואפעט זיך אינגאנצן נישט אויפן שכל פונעם נגיד.

פונקט ווי פריער האט אויסגעזען, אז באטלינס ארגומענטן זענען אומדערשיטער-לעך און לאזן זיך נישט אפפרעגן, אזוי האבן, בעת שטיימאן האט גערעדט, די פאר-זאמלטע ממש געזען, ווי מיט די אייגענע אויגן, ווי עס ווערן אפגעווישט איינע נאך דער אנדערער אלע ראיות פונעם פריערדיקן רעדנער, און זייערע סימפאטיעס זע-נען אריבערגעטראגן געווארן אויפן פארטיידיקער.

עס איז געווען זייער אן אינטערעסאנטער גראנגל און ער האט זיך פארגעדענקט דער יוגנט, וואס האט אנגעפראפט דעם לאקאל פון דער פרץ-געזעלשאפט.

*געדענקסט, פריינד מיינער, דעם דאזיקן אורנט? איינעם פון די אורנטן אין דעם דאזיקן לאקאל, וואס האבן געגעבן שטאף צו טראכטן, וואס האבן באררייכערט אונדזערע קענטענישן און פארשארפט די וויסנגיריקייט, מיט וועלכער אונדזער שטעטלשע יוגנט איז געווען באשאנקען?*

אזוינע אוונטן זענען גלייכצייטיק געווען פאליטישע, אידעאלאגישע שלאכטן. זיי האבן מאביליזירט דעם געדאנק פון די צוהערער און צוגעגרייט דעם באדן פאר נייע גרופעס אידעישע חברים. אזא אוונט פלעגט פיל טעג נאכדעם זיין "די טעמע פון טאג" אין שטעטל. נאך אזא אוונט פלעגט דאס בוך פון א מחבר, וואס איז גע-ווען די טעמע, חדשים-לאנג אויסגעבארגט ווערן אין דער ביבליאטעק. דארף מען דען בעסערע מיטלען צו פראפאגירן די יידישע ליטעראטור?

*



שטייען פון רעכטס: 1. יאסל כייטשיק, 2. א. זילבערבערג, 3. זישיע כייטשיק,
4. מאיר טשארטאריסקער, 5. מאיר ציפעס, 6. טאני פייער-
שטיין,

זיצן פון רעכטס: 1. מאיר איזענבערג, 2. בעריש עגבער, 3.שלום גארבאטש,
4. מאיר בעקער, 5. לייבוש קאצאן, 6. (נישט דערקענט),
7. יאסל קליימאן,

זיצן אויף דער

פאדלאגע: 1. רייזל סימצעס, 2. שלמה דרוקער

## קעסטל-אוונטן

קאנסט אפשר פרעגן, מיין פריינד, צוזואס דערצייל איך אזוינע זאכן. פארוואס? איך פרעג זיך אליין: פארוואס? איך מיין, אז דערפאר, וואס די דאזיקע זכרונות-שפליטערס וועגן קולטור-ארבעט אין אונדזער שטעטל, טראגן די חתימה פון א פאר-ניכטעטן דור, וואס איז ארויסגעריסן געווארן מיטן ווארצל. און דאס, וואס איז געשען ביי זיין לעבן און זיין ארבעט, וועט נישט איבערגעחזרט ווערן דורך קינ-דער און אייניקלעך, ווי דאס איז געווען ביזן חורבן. מיר ווילט זיך באווייזן, ווי וויסנגיריק זענען געווען אונדזערע שטעטלעך, ווי זיי האבן געפרווט מאכן גייסטיק אינטערעסאנטער זייער לעבן.

אט נעם אונדזערע קעסטל-אוונטן: געהאנגען איז זיך א הילצערן קעסטעלע אין אונדזער פרץ-געזעלשאפט און אהין האט יעדער געקאנט ארייננווארפן א צעטעלע מיט א טעמע אדער מיט א פראגע, וואס ער איז פאראינטערעסירט, מען זאל אויף איר ענט-פערן, אדער ארומרעדן, באהאנדלען. געמיינזאם באהאנדלען, ווייל קעסטל-אוונטן זענען אייגנטלעך געווען דיסקוסיע-אוונטן.

ארייגלייגן א צעטעלע האט מען געקאנט, ארויסנעמען — נישט. עס איז אויפן קעסטל געהאנגען א שלאס.

איינמאל אין חודש האט מען דאס קעסטל געעפנט — בעתן קעסטל-אוונט טאקע. א-לע צעטלעך ארויסגעשאטן אויפן טיש, און ווער עס האט געוואלט, האט אויף זיי געענטפערט, נאכן איבערלייענען די פראגע. אויף אזא אופן האט מען געוואלט די גאנצע תורה אויסלערנען אויף איין פוס. פון דעם מין פראגעס האט מען געזען די פאראינטערעסירונגען פון דער מיטגלידערשאפט. און זיי זענען געווען זייער ברייט. פאקטיש האבן מערסטנס געענטפערט אויף די פראגעס די פרעגער אליין. מען האט א-רייגעווארפן א פראגע אן א חתימה, א גאנצן חודש אפט זיך צוגעגרייט צו ענטפערן אויף איר, און אויף אזא אופן א בליץ טאן מיט ערודיציע פאר די אלע פארזאמלטע.

אזוינע פאלן זענען אויך געווען. ווי ס'זאל נישט זיין, אבער א פאקט איז, אז איניקע האבן געוווסט, וואס פארא פראגעס עס זענען פאראן אין קעסטל און זיך באצייטנס צוגעגרייט — דאס איז דווקא געווען צום נוצן פאר אלעמען — אנשטאט פלוידעריי פלעגט מען באקומען זאכלעכע ענטפערס און אינפארמאציעס, ווי אויך ס'האט זיך אנטוויקלט א סאלידע דיסקוסיע. צו דער איבערראשונג פונעם פרעגער, וואס האט אליין זיך צוגעגרייט צום ענטפער, האבן זיך אויפן אוונט געפונען א-זוינע, וואס, קענענדיק די פראגע, האבן זיי זיך נאך בעסער צוגעגרייט ווי דער פרעגער גופא, אזוי, אז יענער איז געווען פריטשמעלעט דורך די אלצוויסנדיקע חברים זיינע.

ס'פלעגן אויך אבער טרעפן פראגעס, וואס קיינער האט נישט געוווסט "מיט וואס מען עסט דאס". א פאליטישער קעגנער, למשל, האט אין קעסטל אריינגעווארפן א קלאץ-קשיה, וואס האט אונדז געשטעלט אין אן אומבאקוועמער לאגע. אבער "יענער" האט זיך פאר עמעצן אויסגעפלאפלט, און דאס איז דערגאנגען צו אונדז, האבן מיר דאן געשיקט ספעציעל א פארשטייער אונדזערן קיין לוצק (15 קילאמעטער מיט דער באן, און 30 - מיט פערד און וואגן), און דארט איז מיט א חבר צוגעגרייט גע-ווארן אן ענטפער, פון וועלכן די פרעגער זענען געבליבן, ווי אפגעשמיסענע און קיין פיפס נישט געטאן.

כדאי אין דעם ארט אפצומערקן, אז קומען צו אונדז אין לאקאל, האט באדייט קאמפראמיטירן זיך אין די אויגן פון דער פאליציי, וואס האט פון אונדז קיין אויג נישט אראפגעלאזט. דערפאר האבן די פחדנים און קעגנער אויסגעמיטן בדרך-כלל יעדע מגע ומשא מיט אונדז.

מיר זענען געווען יונג, און פון יונגשאפט - איילן קען. געמיינט, אז אלץ קאן מען דערגרייכן מיט איין קלאפ: מיר וועלן זיך אן עצה געבן מיטן גאנצן בייז אויף דער וועלט, ווי מ'שניידט אויס עפעס א בלאטער און אויפבויען א שפאגל-נייע וועלט, וואס וועט גלאנצן ווי די זון. שפעטער אבער האט דאס לעבן מיט אונדז 'געלערנט בלק'; אפטמאל צעמישט די וועגן, צעפלאנטערט די גורלות. דער זעל-בער, וואס האט אונדז אונטערגערוקט די "קאווערזנע" פראגע און האט אונדז גע-

צוװונגען דורכצומאכן הונדערט קילאמעטער הין-און-צוריק, כדי קריגן א פאסיקן ענטפער, איז געפאלן אויפן פראנט אין דער בארימטער קורסקער שלאכט.

דער בחור איז געקומען צו אונדז קיין קאלק צוזאמען מיט זיין טאטן פון ראוו-נע. דער טאטע איז געװען א סטאלער, און אייזיק שפרינגער - זיין געהילף. צו-ליב ארבעטסלאזיקייט פלעגן זיי זיך א גאנצע וואך פארנעמען מיט סטאלעריי און טעסלעריי ביי די פויערים אין די דערפער, און בלויז אויף שבת און זונטיק זיך אומקערן אין שטעטל. אייזיק איז געווען א "רויטער", נאר פון אן אנדער מין רויט ווי מיר. מיר האבן געוואלט באפרייען די גאנצע וועלט, און ער - זיין "אייגן הייפלי", ווי מיר פלעגן עס רופן. הכלל - ער איז געווען א "באראכאוויסט". די "קשיה" זיינע האט אויך געדארפן זיין דער ענטפער: דער איינציקער וועג פאר דער יידישער יוגנט איז דער, וואס עס האט אנגעוויזן בעראכאוו. נאך דער קאנסולטאציע אין לוצק זענען מיר געווען באוואפנט מיט ציטאטן און מיט ידיעות, און שווארץ אויף ווייס באוויזן, אז "באראכאוויזם" איז אן אוטאפיע און ציט אפ די מאסן פו-נעם דירעקטן קאמף אויף די ערטער. אונדזערע ענטפערס, וואלטן מיר זיכער היינט אויסגעזען פאר שטארק פרימיטיוו, אבער דאן האט עס אין אונדזערע אויערן געקלונ-גען ווי די העכסטע מדרגה פון "געלערנטקייט", פון כולו וויסן, פון דעם איינ-אונאיינציקן אמת, אין וועלכן מיר זענען געווען נישט ווייניקער איבערצייגט, ווי א גלויביקער ייד — אין משיחס קומען.

די קעסטל-אוונטן זענען פאר אונדז דאן געווען א מין אײגנארטיקער אוניווער-סיטעט, א מקור פון גייסטיקער בארייכערונג.

*

## אונדזערע מאמעס

דאס טייערסטע אין דער וועלט איז — א מאמע, אבער נאך טייערער זענען קינדער ביי א מאמען, דערפאר פארגלייכט מען זיי "מיטן אויג אין קאפ". איך קאן נישט זינגען קיין הללויה אונדזערע מאמעס, פשוט דערפאר, ווייל איך קען נישט זינגען.

אונדזערע מאמעס האבן פארדינט דאס שענסטע פון די געזאנגען — נישטא אבער אין דער וועלט אזוינע זינגער, וועלכע זאל באשערט זיין זיך צו דערהייבן צו דער מדרגה, אז זייערווארט און זייער קלאנג זאל זיין אדעקוואט צו דעם, וואס מיר טראגן פאר אונדזערע מאמעס אין אונדזערע הערצער. וואס מיר זאלן נישט זאגן, וועט קלינגען באנאל, נישט דערוואקסן, אלץ איז שוין געזאגט געווארן בעסער. אונדזערע ערשטע זכרונות זענען וועגן איר, דער מאמען, דאס שענסטע קול האבן מיר געהערט ביי אונדזער וויגל, דער צארטסטער גלעט איז געווען פון אירע הענט, און דער גרעסטער ווייטיק - די טרער אין איר אויג, די זון האבן מיר געזען אין איר שמייכל, איר פנים איז אבער פארגעדענקט געווארן צוליב איר שווער לעבן, ווי די זון אונטער כמארעס, און ווען אירע טרערן זענען געווען טרערן פון גליק, און דער שמייכל האט באשיינט איר געזיכט — איז עס געווען די שיינקייט פון א זון מיט א רעגן.

אונדזערע מאמעס. אונדזערע מאמעס - זיי זענען געשטאנען הינטער אונדז ווי פעסטונגען, דורכגעמאכט שווייגנדיק און באהבה אונדזער אייגן נישט לייכטן וועג, געקרענקט מיט אונדז צוזאמען, צוזאמען מיט אונדז דורכגעגאנגען א קלאס נאך א קלאס. אונדזערע אפציכענונגען זענען געווען אירע אייגענע; אונדזער פרייד — איר פרייד. זי איז געגאנגען מיט אונדז אין די טורמעס, געפייניקט געווארן צוזאמען מיט אונדז און געשלעפט אונדזערע קייטן.

אירע - דער מאמעס - פארלאנגען זענען געווען אזוינע באשיידענע! איר חלום — אויסהאדעווען אירע קינדער פאר לייטישע, ערלעכע מענטשן - "מיט א פאך אין האנט" - זיי זאלן, חלילה, נישט דארפן אנקומען צו"א פרעמדנס האב".

און ווען די קינדער זענען אויסגעוואקסן, און דאס לעבל ברויט האט נישט גע-סטייעט, האבן זיי גענומען פארלאזן די נעסטן און זיך צעפליען ווי די פייגל אין די ווייטע לענדער, זענען זיי געשטאנען מיט צעבראכענע הערצער, די מאמעס, מיט שרעק אין זייערע הערצער, פאר דעם אומבאקאנטן גורל פון זייערע קינדער און באמיט זיך נישט ארויסווייזן אונדז דעם גרויסן פיין, מיט וועלכן עס זענען פול געווען זייערע נשמות בעת דער צעשיידונג, פונקט ווי פריער, ווען זיי האבן בא-האלטן פאר אונדז זייער פארצווייפלט געזיכט, ווען זיי האבן זיך צוגעהערט צו די פראצעסן אין געריכט, וואס זענען געפירט געווארן קעגן אונדז, און כדי אונדז נישט מצער זיין, מיט כוח רואיק אויפגענומען די אורטיילן. א קלייניקייט - אי-רע קינדער פארן קיין ארגענטינע - פלעגן ציטערן מאמישע הערצער; קיין בראזיליע, קיין קאנאדע! דאס מוז דאך זיין הינטער די הרי-חושך. פריער האט זי, די מאמע, קיינמאל נישט געהערט אפילו אזוינע נעמען, אזוינע לענדער, ווהין עס לאזן זיך אויף גאטס באראט אירע קינדער. שווער איז אויפן געמיט, מיט טרערן זענען דורכ-געשווענקט די אויגן, דער צער שלאגט אין הארץ זיך אפ, פונקט ווי ים-כוואליעס — אין פעלדזן, און זי האלט זיך, די שוואכע מאמע, זי האלט זיך, זי האלט זיך. א ברירה האט זי? - זי מוז זיך האלטן...

און נאכדעם איז געקומען דער גרויסער גזר-דין פאר אלע יידישע מאמעס און אלע יידישע קינדער. וועגן דעם איז בעסער נישט צו דערמאנען. מען איז דאך סוף-כל-סוף נישט פון אייזן: די מלחמה, דאס געטא, די לאגערן, די ברודער-קברים, די גאז-קאמערן, וואס האבן דערשטיקט, ווי מיט ריזיקע רוצחישע הענט דעם גארגל.

מאמעס, יידישע מאמעס!

נישט נאר גאנצע ביכער, גאנצע ביבליאטעקן קאנען פארשריבן ווערן. און אלע צוזאמען וועלן נישט מסוגל זיין איבערגעבן דאס אומגליק. דער גרעסטער נס פון אלע ניסים איז דאך דער, וואס איז געשען מיט די, וואס זענען נצול געווארן.

ווי לעבט מען עס איבער, ווי לעבט מען דערמיט, וואס איז באשערט געווען איבערצולעבן. און דאך קערן מיר זיך אום צו דעם. קערן זיך אום, כאטש א גליק וואלט געווען די שכחה. אבער איין בילדל, איין געשריי פון א מאמען וויל איך דא פארצייכענען, איין געשריי פון דעם גיהנום-יאמער צווישן קאנאנאדעס.

צביה, גרינע קאצס טאכטער האט מיר דערציילט, ווי זי איז צעשיידט געווארן פון איר מאמען. גרינע האט געלעבט שווער, אבער קיינמאל האט זי זיך נישט באקלאגט. יונג איז זי געבליבן אן אלמנה מיט צוויי קליינע קינדער אויף די הענט. זי האט אלץ געטאן, עס זאל מקוים ווערן איר גרויסער חלום: אירע קינדער זאל באשערט זיין א בעסער לעבן ווי אירס.

*

ווען עס איז אויסגעבראכן די מלחמה, האט זי זיך געפונען צוזאמען מיט אירע קינדער אין אן עוואקואציע-צוג אין סארנע. אין צוג — זענען דאך שוין, דאכט זיך, אלע געראטעוועט. א מורא איז נאר געווען פאר די דייטשישע עראפלאנען. ווען דער צוג וועט זיך רירן פון דער סטאציע, האט קיינער נישט געוווסט. א יידישער אפיציר פון קאלק האט די מוטער געבעטן, זי זאל ארויס פון וואגאן און צוהיטן אויף א רגע זיין פעקל. האט זי אים געטאן די טובה. און פלוצלונג, אן א סיגנאל, האט זיך דער צוג גערירט פון ארט און גלייך אנגענומען אימפעט. די קינדער: צביה און חוה, האבן דערזען זייער מאמען אויף דער ערד מיט אויסגעצויגענע הענט און מיט גרויסע, אפענע, צעשראקענע אויגן. איין מאמענט, א מאמענס — א גזלן, האט ביי איר צוגענומען אירע קינדער, וועמען זי האט געשענקט דאס גאנצע לעבן אירס.

די אויגן פון דער מאמען — דאס איז פארבליבן אין די הערצער פון די קינדער, און די שטוינונג-שרעק פון די קינדער אינעם פארבייפליענדיקן צוג — אינעם הארץ ביי דער מאמען, צוזאמען מיט איר אייגענעם געשריי, אין וועלכן זי האט נישט דערקענט איר קול. אט דאס איז שטעקן געבליבן אין אירע געהירן אויף אייביק. די מאמע האט געפונען איר טויט אינעם קאלקער געטא.

* * *

*

פאר מיר איז אויף אייביק פארבליבן א בילד, וועגן וועלכן צביה האט מיר דער-
ציילט; איינגעקריצט זיך אויף אייביק אין מיין זכרון.

וועז איך וואלט א קינסטלער געווען, וועז איך וואלט
א סקולפטאר געווען, ווען איך וואלט פון שטיין
געקאנט מאכן א מאנומענט
פון א פרוי מיט גרויסע אפענע אויגן ווייגענדיקע,
נאר אן טרערן,
מיט אן אפן מויל,
פון וועלכן עס טראגט זיך ארויס א שרעקלעכער געשריי,
א געשריי אן א קול און אן ווערטער,
מיט אויסגעצויגענע הענט צום גליק,
וואס אנטלויפט פון איר. —
א דענקמאל פאר אונדזערע מאמעס!
פאר די פארשחטענע יידישע מאמעס!

*

## שורות פאר געשיכטע

טייערער פריינד!

עס איז געווען א קאלק, און אינעם שטעטל יידן. קיין זכר איז נישט איבערגע-בליבן פון דעם ישוב; קיין איין יידישע משפחה לעבט נישט דארט, ווו עס איז גע-ווען אונדזער אנהייב. און עס ווילט זיך וויסן: ווען איז געווען דער אנהייב? דעם סוף קענען מיר דאך.

איך האב געזוכט אין ארכיוון, געזוכט מקורות. זיי זענען נישט צוּפיל. אבער פון דעם אלץ, וואס איך האב צוזאמענגעקליבן, קאן מען עפעס זאגן וועגן דעם בראשית פון אונדזער שטעטל.

שוין אין 14-טן יארהונדערט איז אויף דעם ארט א ישוב געווען. פאראן א לע-גענדע. אמת, זי זעט אויס אביסל אנדערש אין די מקורות - אנדערש אין רוסיש, אנדערש אין פויליש און אנדערש אין אוקראיניש. דאס איז פארשטענדלעך. די גענע-זע איז אבער כמעט די זעלבע. לויט דער לעגענדע האט דא עקזיסטירט א ישוב "אויפן צווייטן זייט פון וואסער" — פון אלע זייטן אן ארומגערינגלטער מיט געדיכטע וועלדער און זומפן. איינמאל, דערציילט די לעגענדע, איז אינמיטן נאכט אויסגע-בראכן א שלאקס-רעגן מיט דונערן און בליצן. פלוצלונג האט זיך די ערד געשפאלטן און איינגעשלונגען די הייזער מיט די איינוווינער, מיט די שאף און רינדער, און אפילו פון דעם קלויסטער איז קיין סימן נישט געבליבן. עס האבן זיך געראטעוועט בלויז די, וואס זענען על פי צופאל נישט געווען אין דער היים. ווען זיי האבן זיך אומגעקערט, איז זיי א טויט-שרעק באפאלן, ווייל גאנצע נעכט פלעגט זיך פון די טיפענישן פון דער ערד טראגן א מענטשלעך געוויין און א געקלאנג פון גלאקן. זיי האבן אבער דאך געפרווט זיך צוריק איינוואַרצלען אויף דעם ארט און גענו-מען זיך אויפסנייַ בויען.

איז אויסגעבראכן א גרויסע שרפה און אלץ האט אפגעברענט, צוזאמען מיט גרויסע שטחים וואלד ארום. דאן האבן זיך די גראטעוועטע אריבערגעקליבן אויף דער צווייטער זייט פון וואסער און דא גענומען בויען, אבער היות ווי ארום האבן אומעטום געשטארצט דרענגער פון אפגעברענטע ביימער, האט מען דעם נייעם ישוב אנגערופן "קאלקי" - דרענגלעך.

ווען זענען אהער אנגעקומען די ערשטע יידישע איינוווינער? קיין מקורות דירעקטע זענען נישט פאראן. עס ווערט אבער דערמאנט, אז אין דער ערשטער העלפט פון 15-טן י"ה האט דער ליטווישער גרויספירשט, וויטאלד, געגעבן האנדלס-רעכט די יידן פון לוצק, און זיי האבן געפירט מסחרים מיט זייערע "אמונה-ברידער" אין קאלק. די געגנט איז, לפי ערך אין דער זעלבער צייט, געווען באקאנט אלס א גרויסער צענטער פון האנדל און פראדוקציע פון האניק. מיט דעם האבן זיך פארנומען, סיי יידן, סיי נישט-יידן. צום האניק האט מען געדארפן האבן פעסער, און אזעלכע פעסער האבן געמאכט יידישע באנדערס (באנדעריי איז אין גאנץ ליטע, ווייסרוסלאנד און אוקראינע געווען א יידישער פאך). פעסער זענען געווען: גרויסע, מיטעלע און קליינע. די גרויסע פעסער מיט האניק פלעגט מען שיקן אין ווייטערע גרעסערע שטעט: לוצק, לודמיר און קרעמעניעץ), די מיטעלע און קלענערע פלעגן צעשיקט ווערן איבערן גאנצן לאנד, אזש ביזן באלטיק.

יידן, הייסט עס, האבן אין קאלק געוווינט, און פארנומען געווען מיט האניק און באנדעריי. אבער קיין ציפערן זענען נישט פאראן. פונעם יאר 1570, ווען קאלק האט געהערט צום גרויספירשט סאנגושקא, וועלכער האט דא אויך געהאט זיין שלאס, איז באוווסט, אז די ארטשאפט איז באוויינט געווען דורך מענטשן פון "קאטוילישן, פראוואסלאוונעם און יידישן גלויבן". עס איז אויך באוווסט, אז אין 1589 איז אין דער קאסע פונעם פריץ אריינגעפלאסן פון אפצאלן און שטייערן פאר פארשידענע רעכט, ווי צ"ב: צו באנוצן זיך מיטן פריצס וועגן, פארן באוועגלעכן פארמעגן, פאר די רעכט צו זיין פישער, מילנער, קצבים, ארענדארן — א סומע פון 80 פלארענען און דריי גראשן. פופציק פראצענט פון דער דאזיקער סומע איז אריינגעפלאסן פון יידן. דערביי דארף דערמאנט ווערן, אז די פויערים, אלס לייב-אייגענע פונעם פריץ, האבן קיין שטייערן נישט געצאלט. פאראן אויך א ריי אנדערע מקורות, פון וועלכע ס'איז צו זען, אז יידן זענען שוין געווען איינגעווארצלטע תושבים.

פאראן ידיעות פון כמיעלניצקיס צייטן. אין 1648 איז לוצק ארומגערינגלט גע-
ווארן דורך כמיעלניצקיס קאזאקן אונטערן אנפיר פונעם אטאמאן האלאדקא, און
ווען זיי האבן פארנומען די שטאט, האבן זיי דורכגעפירט א גוואלדיקע הריגה
צווישן די יידן. אנהייב 1649 זענען דריי פולקן אפגעשיקט געווארן קיין קאלק,
צו טאן דאס זעלבע. אין דער ריכטונג פון קאלק האבן די קאזאקן געטריבן די יידן,
וועלכע האבן זיך פאר זייערע שחיטות אויסבאהאלטן אין די וועלדער, ווי אויך די
יידן פון די ארומיקע דערפער. די קאלקער יידן האבן זיך דערפון דערוווסט און
באשלאסן אפצוראטעווען די ספרי-תורות. דריי פורן מיט דריי תורות און פארשידע-
נע רעליגיעזע ספרים האבן אין דער באגלייטונג פון א גרופע יידן זיך געלאזט
אין די וועלדער, מיט דער האפענונג זיך אויסצובאהאלטן. מען האט אבער צו וויסן
געגעבן די קאזאקן און זיי זענען געכאפט געווארן. די קאזאקן האבן זייערע קרב-
נות איינגעוויקלט אין די תורה-פערגאמענטן און זיי לעבעדיקערהייט פארברענט.
ערשט דאן זענען זיי צוגעטראטן אויסצוהרגענען די יידן פון שטעטל און פארברע-
נען זייערע הייזער, נאכן אויסרויבן פריער זייער האב-און-גוטס.

ס'איז אויך פארשריבן אזא פרט: אין דעם ארט, וווּ דער סטיר צעטיילט זיך אין
צוויי געלעגערס, זענען דאן געווען זומפן. האט מען לויטן באפעל פונעם אטאמאן
געטריבן די יידן פון שטעטל צו די זומפן און זיי דארט אויסגעהרגעט. פון די
טויטע קערפערס האט ער געהייסן אויפבויען א גרעבליע קעגן פארפלייצונגען אויף
אן אפשטאנד פון 3-2 קילאמעטער. אויף דער גרעבליע פון גופים האט מען אנגע-
ווארפן א דינעם שיכט ערד און אזוי זאלן האבן אנטשטאנען די גרעבליעס צווישן
קאלק און ראזניטש (ווען מיר האבן פארבראכט אויף די גרעבליעס און געזונגען
לידער, זיצנדיק אונטער די ווערבעס ביים טייך, האבן מיר נישט געוווּסט, אז די
דאזיקע ערד איז א טייל פון אונדזער אייגן לייב און בלוט... עס קאן אבער זיין,
אז די, וואס האבן דורכגעפירט די שחיטה איבער יידן בעת דער צווייטער וועלט-
מלחמה, האבן דאס דווקא יא געוווּסט).

אפגעווישט זענען געווארן דורך די קאזאקן הונדערטער יידישע ישובים, און
דאך האט ווידער אויפגעשפראצט יידיש לעבן אויף דער ערד, אדורכגעווייקטער מיט
זייער בלוט. אין 1664 יאר, ווען דא איז אויפגעבויט געווארן א קאטוילישער

קלויסטער דורך דעם אדמיניסטראטאר פון דער פוילישער קעניגלעכער קרוין, סאמו-
על לעשטשינסקי, זענען אין האלק געווען אוקראינישע מיעשטשאנעס און יידן, וועל-
כע האבן געצאלט שטייערן. אין פארשידענע צייטן האט דער ישוב געהאט פארשידענע
באלעבאטים: ראדזשיווילן, לעשטשינסקין און קאזשוכאווסקין.

אין דער ערשטער העלפט פון 17-טן יארהונדערט איז נישט ווייט פון קאלק אדורך
דער "גרויסער טראקט", וואס האט געפירט פון טיף פוילן דורך קרעמעניעץ, לודמיר,
לוצק - קיין דובנע און פינסק, און ווייטער - קיין רוסלאנד. אין קאלק זענען
דאן פארגעקומען גרויסע יאר-יארידים אין טאג פון הייליקן פיאטר, אין חודש יוני.
צוליי וואכן האט אנגעהאלטן אזא יאריד און איז געווען א צענטער פון האנדל-אויס-
טויש צווישן פוילן, ליטע און רוסלאנד. דא איז, חוץ מיט אנדערן, אנגעגאנגען א
גרויסער האנדל מיט זאלץ. הונדערט וואגנס מיטן "געזאלצענעם מינעראל" האבן זיך
געצויגן דורך די סטעפעס פון אוקראינע און איבער די וועגן פון מאלדאוויע. אזעל-
כע יארידים זענען אין קאלק פארגעקומען ביזן ערשטן פערטל פון 19-טן יארהונ-
דערט.

עס זענען פאראן דאקומענטן, פון וועלכע עס איז צו זען, אז אין 1870 האבן
אין קאלק געוווינט 829 יידן, און א גרעסערע צאל יידן אין די ארומיקע דערפער.*
קאלק האט דאן פארמאגט דריי בתי-מדרשים, א ביר-ברויעריי און א בראנפן-פאבריק,
40 קלייטן, 45 האנטווערקעריי-ווארשטאטן. פון די ידיעות פון אן ערך צען יאר
שפעטער איז צו זען, אז דאס שטעטל האט שוין געציילט פינף הונדערט און פערציק
הייזער, דריי בתי-מדרשים און א גרויסע שול, קענטיק די זעלבע שול, וואס פיל
פון אונדז געדענקען נאך, ווארעם זי האט אפגעברענט אין אנהייב פון דער ערש-
טער וועלט-מלחמה. זי איז געווען אין סטיל פון די אלטע סינאגאגעס אין דער לי-
טע. איינוווינער זענען דאן געווען 4360. אין אנהייב פון 20-סטן י"ה — 4500
איינוווינער, און פון דעם 60 פראצענט יידן.

---

** לויט דער "יעוורעיסקאיא ענציקלאפעדיא" זענען אין 1847 יאר געווען 1593
יידן. אין 1897 יאר זענען געווען 4394 איינוווינער; אין דער צאל יידן - 2587.*

ס'איז אויך קיין ספק נישט, אז במשך פון גאנצן 18-טן י"ה האט זיך אין קאלק קאנצענטרירט דער האנדל מיט געטריקנטע שוואמען, געטריקנטע יאגדעס און ניס. די סחורה פלעגט צעשיקט ווערן איבער גאנץ אייראפע.

אין דעם ערשטן יארצענדליק פון אונדזער יארהונדערט האט שוין דאס שטעטל גע-ציילט 673 הייזער. אין 1913 האבן פונקציאנירט צוויי מילן, א האלץ-טארטאק, 99 קראמען און א גרעסערע צאל האנטווערקעריי-ווארשטאטן, אין וועלכע עס האבן געאר-בעט נישט מער ווי ביז דריי פערזאן. עס איז אויך געווען אן אפטייק, א פאסט און א האלב-מיטלשול.

אין סעפטעמבער 1915 יאר איז ביים טייך סטיר פארגעקומען א גרויסע שלאכט מיטן דייטשישן מיליטער און דאס שטעטל האט דאן אפגעברענט; פאקטיש בלויז דער יידישער קווארטאל. די יידן זענען זיך צעלאפן אין די ארומיקע שטעט, און ערשט נאך דער מלחמה זיך צוריקגעקערט.

און נאך איין ציפער: אין 1941 יאר זענען אין קאלק געווען העכער 3000 יידן.

*

## פערל טינע דערציילט...

מאנטרעאל. מיר זיצן זאלבעפערט: גיטל קופערשטיין, מאיר טשארטא, איך און הערן ווי פערל טינע דערציילט.

מיר הערן נישט בלויז מיט די אויערן, נאר מיט אונדזערע גאנצע וועזנס, און זי דערציילט. פון צייט צו צייט ציטערט איר שטימע און ווערט איבערגעריסן. זי מוז אפכאפן דעם אטעם, זיך באהערשן, זיך צונויפנעמען מיט די געדאנקען און מיר רייסן נישט איבער די לאנגע, שווערע פויזעס מיט קיין איין ווארט נישט. עס ווייזט זיך אונדז אויס, אז אין געוויסע ערטער פארגעסט זי אין אונדזער בייזיין און רעדט ווי צו זיך אליין. זי רעדט מיט א שטילן קול, עפנט און פארמאכט די אויגן.

מיטאמאל גיט זי זיך נערוועז און שארף א ווענד צו מיר:

— דוד, דו מוזסט דווקא וויסן אלץ? אלץ, וואס איז דאן געווען? ווילסט נאכגיין שעה, נאך שעה אונדזער וועג צום טויט און מיטמאכן מיט אונדז אלץ? אומזיסט דיין מי. מענטשלעכע ווערטער זענען נישט אימשטאנד איבערצוגעבן דאס, וואס מיר האבן איבערגעלעבט. דער, וואס איז דארט נישט געווען, וועט אלץ איינס נישט באנעמען. דו האסט שוין נישט איינמאל און נישט פון איינעם שוין דאס אלץ געהערט, און דו ווילסט נאך אלץ הערן, זיך דערוויסן מער פרטים, אבער אלץ איינס וועסטו נישט לעבן מיט דער זעלבער לופט, ווי מיר האבן געלעבט, דו וועסט נישט פארשטיין דעם סוד פון באליידיקטע נשמות, וואס ווערן פארטעמפט, אבער נישט פאר-פאנצערט. אלע באליידיקונגען דרינגען דורך דורכן פאנצער פון צוגעוווינען זיך דורך שעהן, טעג און חדשים, פון צוגעוווינען זיך און טעמפ ווערן צום ארום, צו ווייטיקן. צום ווארטן יעדן טאג אויפן טויט, וואס מוז קומען, קאן מען זיך נישט צוגעוווינען. מיט יענעמס געפייניקטער נשמה קאן מען נישט לעבן, פונקט ווי מען קאן נישט לעבן מיט יענעמס געפייניקטן גוף. אזא איז שוין די מענטשלעכע נאטור.

דער ערשטער קלאפּ: אין די ערשטע טעג, ווי נאָר די דייטשן זענען געקומען קיין קאלק, האבן זיי צונויפגענומען פערציק יידן - געוויס לויט א געננוי אויסגערעכנטער רשימה: באלמעלאכעס, סוחרים, עלטערע מענטשן און יינגע - זיי אוועקגעפירט, און מער האט מען זיי שוין קיינמאל נישט געזען.

ווייסטו שוין מן-הסתם די ווייטערדיקע קלעפּ. נישט אלץ מוז איך איבערחזרן. די גזירות זענען אויף אונדז געקומען איינע נאך די אנדערע, ווי די צען מכות אויף פּרעהן. יעדעס מאל עפּעס אנדערש.

אפּגעבן די שטיוול. קיין איין פּאר שטיוול האט נישט געטארט בלייבן אין קיין איין יידישער שטוב. אן אונטערשיד - נייע צי אלטע, אפּגעבן מוז מען אלע שטיוול. און ווי איז, אז ס'זענען נישט פאראן אין שטוב קיין שטיוול? איז גנבע, קויף, "דאביווע" פון אונטער דער ערד - אבער ברענגען שטיוול מוזסטו!

אפּגעבן די פעלצן! - פוטערס קורצע און לאנגע, קאזשוכן /פעלצן/; אלץ אן אויסנאם, וואס געהערט צו פעלצווארג - אלץ, וואס האט אמאל געהערט צו דער פעל פון א חיה.

אפּגעבן ווארעמע בגדים: הענטשקעס, האלדז-טיכער, סוועטערס, סקארפעטן. מוזסט געבן. זיי א בריה און גיב נישט, וועסטו אפּטראגן אויפן בית-עלמין דעם דערהרגעטן מאן, ברודער, שוועסטער (דעמלט האט מען נאך געקאנט מקבר זיין אויפן בית-עולם).

אפּגעבן! אפּגעבן! אפּגעבן אלץ! - טעלער, שיסלען, טעפּלעך, גאפּל, מעסער. אפּגעבן! אפּגעבן! אפּגעבן! פּרווו נישט אפּגעבן!

נישט אלץ האבן די "נעמער" אפּגעגעבן אין היטלערס מלוכה-אוצר. נישט ווייניק יידיש האב-און-גוטס איז איבערגעבליבן ביי די שכנים - אוקראאינישע פּויערים.

און דאך איז נישט אלץ אפּגעגעבן געווארן. ווי גרויס עס איז נישט געווען די מורא פאר'ן אקופּאנט, איז אבער נישט קלענער געווען די מורא פאר א צווייטן געפערלעכן שונא - דעם הונגער. מען האט געמוזט עפּעס איבערלאזן אויף אויסצובייטן אויף א שטיקל ברויט. יידן האבן נישט געהאט קיין רעכט עפּעס צו האבן - נישט קיין ברויט, נישט קיין מעל, נישט קיין ברעקל פּוטער. לעבן האט מען געמוזט פון דעם שטיקל ליים-ברויט, וואס די דייטשן האבן באוויליקט צו געבן זייערע "פארפלוכטע יודען-קנעכט". זיי פלעגן מאכן רעוויזיעס און צונעמען אלץ. זוכן נישט

בלויז אין די שאפעס, אין קיך, נאר אויך אונטער די קישנס און אונטער די בעטן. האבן זיי געפונען און צוגענומען, האט מען נישט זעלטן אויך מיטגענומען דעם "שולדיקן".

אין מורא האט מען געלעבט בײטאג און בײנאכט; די נשמה האט קײנמאל נישט גערוּעסט וועגן קיין רו און וועגן אפרו.

איז פארגעקומען בײ די נישט ווײטע שכנים א חתונה, און ס'האבן זיך אין די נעכט דערטראגן די קלאנגען פון א הארמאשקע און די שיכורע געזאנגען פון די צע-הוליעטע געסט, צווישן וועלכע עס האבן נישט געפעלט קיין דײטשן, פלעגט מען זיך לײגן אין אנטועכץ און א גאנצע נאכט האט קיין אײן ייד נישט צוגעמאכט קיין אויג, מיט טויט-שרעק געווארט טאמער פארגלוסט זיך דער שײנער חברה זיך לאזן ווילגײן אין געטא. אײן מאל זענען זיי אזוי געקומען בײנאכט צו אונדז אין שטוב. מיר האבן דערהערט דאס קול פון געארגן (אזוי האט געהײסן דער ארטיקער אנפירער פון די דײטשן) און מיר האבן דערפילט אינסטינקטיוו א גרויל: ער גײט צו אונדז. זיי זענען ארײן זאלבעצווײט: ער מיט זײנעם א חבר - א צווײפיסי-קער, וואס איז ענלעך געווען צו א צווײהונדערטקילאגראמיקן חזיר. זײן רעדן איז אויך געווען, ווי דאס "כריוקען" פון א חזיר. זײער קומען "צוגאסט" איז זיך דווקא צוזאמענגעפאלן מיט מײן מאנס קומען פון דער ארבעט אין דארף. פאר-אײנוועגס האט ער אין דארף אויסגעביטן זײנעם אן אנצוג אויף א פאר קילא קארנ-מעל און צוויי קילא גערשטענע גרויפן. איך האב דעם דאזיקן "אוצר", דאכט זיך, גוט פארבאהאלטן, זיי האבן אים אבער דאך דערשנאפט, און פאראײנוועגס צוגענו-מען - נאך א גרינטלעכער זוכעניש - דרײ היבשע טשעמאדאנלעך מיט דאס סאמע לעצ-טע, וואס האט זיך נאך בײ אונדז אויפגעהיט. דאס איז נישט געווען בלויז און-דזער אײגנס. צוזאמען מיט אונדז האבן אין דעם הויז געוווינט נאך פינף משפ-חות, און אין די טשעמאדאנלעך האט זיך געפונען אלעמענס לעצטער פארמעגן. אלע זענען מיר איצט געבליבן הויל און נאקעט. און געווען זענען מיר דאך גליקלעך, וואס מיר האבן כאטש געראטעוועט דאס נאקעטע לעבן. דאס גרעסטע, מישטײנס גע-זאגט, גליק, ווײל צו וועלכע רוחות האבן מיר געדארפט אט דאס דאזיקע מיאוסע לעבן? אבער אזא איז שוין, קענטיק, די טבע פון א מענטש - ער איז גרײט אלץ מקריב זײן פאר... - זאל דאס זײן בלויז א שעה... - אבי לעבן!...

פון אונדז זענען זיי ארײַן אין שטוב פון חיים כאסיס, אבער ביי אים האבן זיי גארנישט נישט געפונען, זיי האבן שוין אלץ צוגענומען ביי פריערדיקע אזוי-נע וויזיטן. האט זיך אין זייערע טײַוולאנישע הערצער אנגעצונדן א שרפה — זיי האבן באפוילן די פאליציאנטן ארויסצוווארפן אינדרויסן די נעבעכדיקע רעשטלעך פון זייערע מישטיינגעזאגטע מעבל און געמאכט פון זיי א תל. אלץ, וואס האט אפילו געהאט דעם מינדסטן ווערט, האבן זיי פארהאנדלט אויפן ארט - אויף דער סוויניאטשע-גאס, אויפן וויגאן. קיין קונים האבן נישט געפעלט.

קורץ - מיר האבן געבענטשט גומל, אז עס ענדיקט זיך דערמיט. אין פיל פאלן האט זיך עס געענדיקט אנדערש - אין געטא זענען צוגעקומען נייע אלמנות און נייע יתומים.

אלע יידן האבן געמוזט ארבעטן - דאס ווייסט איר. אבער איר ווייסט אפשר נישט, אז מען האט געטריבן צו דער ארבעט קראנקע מיט פערציק גראד היץ, און מענטשן וואס האבן געשפיגן מיט בלוט. פאר קליין און גרויס, פאר א יינגל און פאר א זקן, א באלאסטענעם מיט יארן, וואס קוים די נשמה האלט זיך אין אים, האבן די דייטשן געפונען ארבעט. ביי דעם פוילישן דארף כאלאדניצע, אכט קילאמעטער פון קאלק, זענען געווען גריבער מיט קאלך. פריער האבן א פאר פולישע פויערים זיך דא פארנומען מיט אויסברענען וואפנע, איצט האבן די דייטשן פון די דאזיקע גרי-בער געמאכט א גאנצע פאבריק. פופציק—זעכציק יידן האבן דא געארבעט און גאר זעלטן האט מען זיי געלאזט זיך אומקערן אין געטא. זיי האבן געמוזט "לעבן" אויפן ארט. זיי פלעגן אפהארעווען דעם גאנצן טאג, נאכדעם א שעה פיר איבערנעכ-טיקן אין א שייער, און דאן פלעגט מען זיי ווידער אויפהייבן צו דער ארבעט.

די דאזיקע מענטשן האבן, אפשר מער מיטן געפיל ווי מיטן שכל, פארשטאנען, אז עס דכרנעענטערט זיך דער טויט. ווי באוווסט איז: "נויט ברעכט אייזן" — האבן זיך עטלעכע בחורים דערקלערט, און נישט ווייט פונעם פוילישן דארף טאראזש אין די נעכט אויסגעבויט א טיפן בונקער, און אים פארמאסקירט. די ארבעט האט גע-דויערט, מיט סכנת נפשות, כמעט א גאנצן זומער. חוץ זיי גופא האבן די איבעריקע אין שייער אפילו נישט געוווסט, אז זיי פארשווינדן אין די נעכט אויף א געפער-לעכער מלאכה.

פערל טינע איז ווידער אנטשוויגן געווארן. דאס מאל באזונדערס לאנג. נאכדעם האט זי זיך אפגעטרייסלט, ווי פון א קאשמאר, און אונדז מיט פארנעפלטע בליקן אנגעקוקט.

— יא, די לעצטע גזרה אין געטא איז געווען דער באפעל: דאס געטא מוז תיכף צונויפזאמלען צוואנציק קילאגראם גאלד. איר הערט? צוואנציק קילאגראם! מען האט פארשטאנען, אז דאס איז א שפיל מיטן טויט, האט מען אפגעגעבן קידושין-רינגע-לעך, אויערינגלעך, מעדאליאנען, וואס האבן געהערט צו די באבעס און עלטער-באבעס און איבערגעגאנגען בירושה, דרשה-געשאנקען, גאלדענע בעכערלעך, פון עלטער-זיי-דעס אן איבערגעגעבענעם אליהו-הנביא-כוס, און נישט געקוקט דערויף, האט מען קיין סך נישט געקאנט צונויפקלויבן. די דייטשן, גוט-דערפארענע אין רויב און אין גזלה, האבן פארשטאנען: גיי נעם אפ ביי א מת דאס חיות; ער איז טויט און קאן אפילו נישט אפגעבן דעם אטעם.

איך געדענק נישט גענוי, ווען דאס איז געשען, דאכט זיך, צווישן ראש השנה און יום-כפור. ווי קאן מען געדענקען, ווען יעדן טאג איז ביי אונדז געווען א יום-כפור, און יעדן טאג האבן מיר זיך געפונען פארן בית-דין און געוווסט, אז קיין אנדער אורטייל וועט נישט זיין, ווי די העכסטע שטראף: צונעמען דאס לעבן!

איינמאל, אין א פרייטיק-פארטאג, האב איך אפגעבאקן א פאר ברייטלעך און זיי הייסערהייט פארשטעקט אין א באהעלטעניש (אפשר ליגן זיי נאך איצט דארט?). מיר האבן געוווינט ביים קצב מענדל בורקא. ער האט געהאט, אויב איך געדענק, א ווייב. חייטשע האט מען זי גערופן. עפעס האט מיך א צי געטאן ארויסצוגיין אינדרויסן. איך בין ארויף אויפן בריקל, זיך ארומגעקוקט, און גארנישט נישט געזען, אבער טאקע לחלוטין גארנישט. אלץ ארום איז געווען אויסגעשטארבן. א טויטע שטילקייט. און די שרעקלעכע שטילקייט האט מיך דערשראקן. נעכטן זענען געקומען נייע עס-עס-לייט — מען זעט קיינעם נישט פון זיי. ארום דעם געטא איז נישט פאראן קיין איין אוקראאינישער פאליציאנט. מען פירט נישט און מען טרייבט נישט צו דער אר-בעט. אינערגעץ עפנט זיך נישט קיין טיר; מען גייט נישט ארויין אויף א רגע צו א שכן. אזא שטילקייט! קיין שום רויש, קיין שום באוועגונג. האבן דען אלע יידן פון געטא, ווי מיט איין הארץ, דערפילט, אז די סכנה לויערט, אז דער טויט גייט, דערנעענטערט זיך צו זיי אויף די שפיץ פינגער, אז זיי האבן זיך אזוי פארטיי-

עט? מיט פחד בין איך אריינגעפאלן צו מיין עלטערער שוועסטער גאלדע, זעליק פייערשטיינס ווייב. זי האט דאן געוווינט ביי אברהם איציקלס - דער זעלבער, וועלכער האט געהאנדלט מיט שמאטעס. לויף איך, הייסט עס, און אטעם אריין צו מיין שוועסטער גאלדע און זאג איר:

— עס געפעלט מיר נישט די טויטע שטילקייט. עפעס געשעט געוויס ארום, און מיר וויסן נישט. איך קאן נישט פארשטיין, פארוואס איז היינט שטילער ווי אלע-מאל? פארוואס? מיין הארץ זאגט מיר: עפעס שלעכטס קומט אן. עס וועט געשען אזוינס, פון וואס מען מוז אוועק. קום, גאלדע, לאמיר גיין פון געטא.

ענטפערט זי מיר:

— וווהין קאן איך גיין מיט פיר קליינינקע קינדערלעך? ווו וועל איך זיך מיט זיי אהינטאן? וואס איז דער אונטערשיד ווו מען וועט אונדז אויסהרגענען? לאמיר כאטש זיין אלע אינאיינעם, און צוזאמען אויפנעמען דעם טויט. דו ווילסט? קאנסטו גיין. דיין מאן, וואווע, ארבעט דאך אין כאלאדניצע, גיי צו אים, אפשר וועט איר ווי נישט איז זיך אן עצה געבן?

האב איך אזוי געטאן. גענומען די קינדער, און אוועק. מיין ייִנגעלע איז אלט געווען פינף יאר - גייט ער נאך מיר. איין מיידעלע האב איך גענומען אויף די פלייצעס; דאס צווייטע - א ניינחדשימדיקע — אויף די הענט. מיר גייען און גייען. קיינער פארהאלט אונדז נישט, קיינער קוקט זיך אויף אונדז אפילו נישט אום. אלץ ארום איז ווי אויסגעשטארבן. געוויינלעך, ווי נאר דו פלעגסט פרווון ארויס פון געטא, פלעגט ווי פון אונטער דער ערד אויסוואקסן אן אוקראאינישער פאליציאנט, אדער אן אנדער שווארץ יאר, און אט-איצט זענען זיי אלע, ווי אין דר'ערד אריין, דארט, ווו ס'וואלט פאר זיי דאס פאסיקסטע ארט געווען... קורץ, איך בין דערגאנ-גען קיין כאלאדניצע. די יידן האבן מיך ארומגערינגלט און גענומען אויספרעגן. איך האב זיי דערציילט, אז ס'האט מיך דערשראקן די אומגעוויינלעכע, טויטע שטיל קייט. עס איז נישט קיין טאג ווי אלע טעג. שטיל. נישט מען טרייבט צו דער אר-בעט, נישט מען יאגט, נישט מען שלאגט. קיינעם זעט מען נישט. מוז דאך עפעס גע-שען.

שפעטער האבן קיין כאלאדניצע גענומען אנלויפן אנדערע יידן פון קאלקער געטא — צעבלוטיקטע און פארווונדעטע, אין הוילע פידזשאקלעך, אוועק ווי פון פייער.

פון זיי זענען מיר געוווּיער געוואָרן, אַז ס'האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע ליק-ווידאַציע. די דייטשן זענען באַפאַלן דאָס געטאָ אומגעריכט, אַרומגערינגלט עס, און יעדן, וועמען ס'איז נישט געלונגען צו אַנטלויפן אָדער זיך ערגעץ פאַרשטעקן, גע-טריבן צו די ביאַלע ברעגעס.

די יידן פונעם שייער זענען אַנטלאָפן אין וואַלד אַריין. פיל האָבן זיך אַריינ-באַקומען אינעם אויפגעבויטן צו דער צייט בונקער. וואַווע האָט געקראָגן אַ פור, און מיך מיט די קינדער אַוועקגעשיקט אינעם פוילישן דאָרף אַזשיטש. דאָרט האָט מען מיך מיט די קינדער אין קיין שום שטוב נישט אַריינגעלאָזט, ביז איינער האָט זיך פאַרט מרחם געווען, און נישט געקוקט דערויף, וואָס ער אַליין האָט געשטעלט זיך און זיינע הויזגעזינד אין אַ גרויסער סכנה, און אַריינגענומען אונדז צו זיך. זיין נאָמען האָב איך פאַרגעדענקט מיט דאַנקבאַרקייט אויפן גאַנצן לעבן. ער האָט גע-הייסן איגנאַצי ליפּינסקי.

אין צוויי טעג שפּעטער איז געקומען מיין וואַווע און שמואליק טשאַרטאָריסקער. מיין וואַווע איז געווען אינגאַנצן אַ צעבלוטיקטער און מיט אַ דורכגעשאָסענער האַנט. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז די יידן אין בונקער זענען אַלע אויסגעהרגעט געוואָרן. זיי האָבן געמיינט, אַז קיינער ווייסט נישט וועגן זייער באַהעלטעניש, און קיינער האָט טאַקע לכתחילה נישט געוווּסט. אָבער אויף מאָרגן, נאָך דער ליקווידאַציע פונעם געטאָ, האָבן זיך דייטשן און באַנדעראָווצעס געיאָוועט ביים בונקער. זיי אַלע זע-נען געקומען נישט אויף מלחמה, נאָר אויף יאַגד. אָפּגעבן אַ ריי סעריעס אין דער טיף פונעם בונקער און אָפּגעוואַרט. נאָכדעם, נאָך אַ היבשער הפסקה, אַריינגעוואָרפן עטלעכע גראַנאַטן און מיט פאַרגעניגן זיך צוגעהערט צו קולות און קרעכצן, וואָס זענען פון דאָרט דערגאַנגען. אָפּגעוואַרט, און דאַן אַריינגעוואָרפן אַ דינאַמיט-באָמ-בע, און אַזוי ווייטער – ווידער גראַנאַטן, אַ צינד-באָמבע, ווידער סעריעס. פאַר-צויגן זייער "פאַרגעניגן" אַזוי לאַנג, ווי ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

ווען וואַווע און שמואליק זענען געקומען צו אונדז, האָבן זיי זיך נישט פאַר-האַלטן, נאָר גענומען ביים פויער צוויי לאָפּעטעס און אַוועק אין וואַלד אויסגראָבן אַ גרוב. מיין יינגעלע און מיידעלע האָב איך איבערגעלאָזט אין דאָרף, און מיט זיך אין גרוב מיטגענומען מיין ניינחדשימדיק עופהלע. די קליינינקע האָט אַפילו נישט געוויינט, ווי זי וואָלט געווען אַ בר-דעת און פאַרשטאַנען אין וואָס פאַר אַ

מצב מיר געפונען זיך. איך בין אזוי געווען אויסגעשעפּט פיזיש און גייסטיק, אַז איך בין פּשוט נישט אימשטאנד געווען צו באַנעמען, אַז דאָס קינד וויינט נישט, ווייל עס האָט פּשוט קיין כּוח נישט — איך האָב עס נישט ארויסגעלאָזט פון מיינע הענט, און אַזוי איז עס, אויף מיינע הענט, אויסגעגאַנגען מיין קליינינקע טעכ-טערל.

אין איינער אַ נאַכט האָבן מיר, מער מיט די חושים דערשפּירט, ווי דערהערט, אַז עמעץ דערנענטערט זיך צו אונדז. אונדז איז אפילו נישט איינגעפאַלן צו אַנטלויפן — זאָל געשען וואָס עס איז באַשערט. מיר האָבן אָבער ארויסגעקוקט און באַמערקט, אַז דאָס גייט צו אונדז ליפּינסקיס זון און פירט פאַר דער האַנט אונדזער מיידעלע. דאָס האַרץ האָט זיך אין מיר אָפּגעריסן. דער יינגער ליפּינסקי האָט אונדז דערציילט, אַז עמעץ האָט זיי פאַרמסרט ביי די דייטשן, אַז זיי באַהאַלטן אויס יידן. דעם טאַטן האָבן פאַרנומען עס-עס-לייט. דער טאַטע ווייסט, ווו ס'געפינט זיך די באַהעלטעניש, קאָן ער אַמאָל נישט אויסהאַלטן די פּייניקונגען, דאָס שלאָגן, די אכזריותן, איז דע-ריבער בעסער מיר זאָלן עוקר זיין פונדאַנען און מיטנעמען דאָס קינד.

וואָווע האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס מיידעלע אונדזערס אויף די הענט, און אָן איבער-לייגעניש און נישט פאַרלירנדיק אפילו קיין רגע, זענען מיר אַיליק אַוועק. ווו גייט מען? וווהין? גאָט אין הימל! איצט וועט דאָך אונדז קיינער שוין איבער דער שוועל נישט לאָזן!...

איינער איז נאָך פאַראַן, אונדזערס אַן אַלטער באַקאַנטער, אַלשעווסקי, אין אַ כו-טאַר, זעקס קילאָמעטער פון כאַלאַדניצע. אויף אים, ווי אויף דער לעצטער קאַרט, שטעלן מיר אין קאָן אונדזער לעבן.

— טייערע — האָט אונדז געזאָגט אַלשעווסקי, ווען מיר זיינען צו אים געקו-מען — איך קאָן אייך מיט גאָרנישט נישט העלפן. אַרום און אַרום שווימלט מיט פּאָ-ליציאַנטן, און אין דאָרף ביי אונדז זענען פאַראַן נישט ווייניק טיפּן, וועלכע וועלן זיין גרייט אַוועקלויפן צו די דייטשן אייך פאַרמאָסרן...

מיר האָבן זיך געלאָזט גיין, וווהין די אויגן טראָגן. ארויסגעוויזן האָט זיך, אַז מיר איילן אין דער ריכטונג פונעם דאָרף טאַראַזש. פּלוצלינג בין איך געבליבן שטיין, ווי צוגעקאַוועט צו דער ערד — איך זע נישט. איך זע גאָרנישט אַרום, נישט דעם וועג, נישט דיביימער. אַ שטאַק פינצטערניש האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער מיר.

איך האב פארלוירן די ראיה. מיר איילן אבער ווייטער, ווי דער טויט אליין וואלט אונדז נאכגעיאגט אין רוקן, וואווּ טראגט דאס קינד אויף דער האנט, און דאס קינד הערט נישט אויף צו וויינען. איך האלט זיך אן אין טשארטאריסקערן, און אזוי, צוגעדריקט איינער צום אנדערן, שפאנען מיר. איצט ווייסן מיר שוין וווהין מיר גייען — קיין טאראזש, קיין טאראזש. וואס גיכער קיין טאראזש. איך פארשטיי, אז אן מיר וואלט זיי געווען לייכטער. איך זע נישט די וועלט. מיר איז שוין אלצאיינס. איך בין בלויז א באלאסט, א פענטע. אבער מיר שפאנען. אין טונקעלן אוונט קומען מיר אן אינעם דארף און גנבענען זיך אריין אין אלשעווסקיס שייער. מיר פארקריכן אין שטרוי און באמיען זיך בפועל ממש נישט צו אטעמען אונטערן שטרוי, וואס פארדעקט אונדז מיט די קעפּ.

אבער דער הונט האט דערשמעקט פרעמדע אינעם שייער, האט ער גענומען בילן. ער בילט און בילט, און וואס קאן ער אויסבילן מער ווי א נייעם אומגליק פאר אונדז? די אלטע אלשעווסקא איז ארויס בארויקן דעם הונט און אריין אין שייער. זי האט אונדז נישט געזען, נאר פארשטאנען האט זי. נעמט זי צו אונדז רעדן פונקט ווי מיר וואלטן געשטאנען פנים אל פנים:

— קריכט ארויס פון שטרוי — זאגט זי — און זעצט זיך, באלד וועל איך צוריקקומען.

צוריקגעקומען איז זי מיט א גרויסן טאפּ הייסע, זודיקע קארטאפל, נארוואס אראפּגענומענע פון פייער.

— עסט, טייערע — זאגט זי — אבער דא בלייבן טארט איר נישט. איך האב קינדער, אייניקלעך, איך האב א זון; איך האב מורא. זיצט דא ביז ביינאכט און ווערט נעלם.

א ברירה האבן מיר געהאט? ביינאכט האבן מיר זיך ווידער געלאזט אין וועג. דאס מיידעלע אונדזערס האבן מיר איבערגעלאזט ביי א פויער אינעם דארף אבורקי. מיין זכרון האט זיין נאמען פארגעדענקט עד היום. קאזלאווסקי האט ער געהייסן. האבן מיר בי אים איבערגעלאזט דאס קינד און איילִיק געלאפן ווייטער. אין דארף טשערניש האט וואווּ געהאט א באקאנטן אוקראאינער. טאדל קיינמאל נישט די גאנצע וועלט! צווישן די אוקראאינער האבן זיך אויך געפונען לייטישע, אנשטענדיקע מענטשן. מיר האבן אנגעקלאפּט אינעם פענצטער ביים פויער, וועלכן מיר האבן היימיש גערופן

יאשע, יאשקע. ער האט אונדז דערקענט און גלייך געעפנט די טיר, ארייַנגעלאָזט אין שטוב אריין. פונעם אויוון האט ער באלד ארויסגענומען א טאפ מיט הייסן בארשטש, אנגעשניטן ברויט און געהייסן עסן.

מיר זיצן און עסן, און אין אונדזערע הערצער פארגנבעט זיך א האפענונג: אפשר וועט ער אונדז ביי זיך איבערלאזן, נישט משלח זיין, געפונען פאר אונדז א שטיקל מקום-מנוחה. מיר עסן, און ער שווייגט; זאגט קיין ווארט נישט. ערשט ווען מיר זענען פארטיק געווארן מיט דער סעודה, רופט ער זיך אן:

— מיר בלוטיקט דאס הארץ, קוקנדיק אויף אייך. אבער אלע ארום אונדז טוען גארנישט, נאר זיי זוכן יידן, ווי דאס וואלט געווארן דער ציל פון זייער לעבן. מיין ברודערס זין זענען בולבאווצעס, אמתע חיות, וואס דורשטן נאך בלוט. אט מיט דער האק, וואס שטייט אינעם ווינקל וועלן זיי צעשפאלטן אייערע קעפ, און מיין קאפ אויך. מוזט איר דעריבער פונדאנען אוועק, און דערצו וואס גיכער.

ער האט געגעבן די מאנצבילן א לאפעטע און צוויי לאבנס ברויט און מיט תחנו-נים אייַנגעטענהט:

— גייט, גייט אין וואלד אריין.

מיר זענען אוועק טיף אין וואלד און דערזען א בערגל א באוואקסנס מיט קוס-טעס. מיר האבן גענומען גראבן. ס'איז געווען דעצעמבער. די ראיה האט זיך אלץ נישט אומגעקערט, איך האב געלעבט אין חושך און אן האפענונג, די פיס זענען ביי מיר שוין געווען האלב אפגעפרוירן. שמואליק מיט וואוויען האבן מיטן משוגענעם אימפעט פון פארפאלגטע געגראבן במשך פון א פאר טעג און געשאפן פאר אונדז א גרויסע און גוט מאסקירטע באהעלטעניש. ס'איז דארט אפילו נישט קאלט געווען. אינמיטן, מיט געפונענע צוגעפאסטע שטיינער, געמאכט אן ארט פאר פייער. עס איז אזוי כיטרע געבויט געווען, אז דער רויך פלעגט ארויס ווי א שמאל פאסיקל צווישן די געדיכטע צווייגן און צעקראכן זיך אינעם געצווייג. די מאנצבילן האבן "דער-טאפט" קארטאפל-בורטן און אנגעגרייט צוויי גרויסע זעק. געפונען אפילו אן אלטע שיסל. מיר פלעגן זי אנפילן מיט שניי, צעלאזן אויפן פייער, און אזויארום האבן מיר געהאט וואסער. א בלינדע, פלעג איך זיך דאך אן עצה געבן מיט אנרייבן די קארטאפל אויף א ריבאייזן, און די מאסע אריינווארפן אין שיסל אריין; ס'האט זיך דערפון באקומען קראכמאל, און דאס האבן מיר געגעסן.

האט מען דאך שוין יא געקאנט לעבן, זענען מיר געשלאגן געווארן מיט א נייער מכה: מיר זענען באשאטן געווארן מיט לייז, וואס האבן זיך געשפּייזט מיט אונדזע- רע אויסגעסאכניעטע לייבער און געווען גרויס און פעט, און הונגעריק, און אונדז שיער נישט דערפירט ביז משוגעת.

טאמער איז ווייניק געווען פאר אונדז אזא שוידערלעך-מיוס לעבן, האבן זיי עס נאך מיאוסער געמאכט; ס'האט אונדז גענומען עקלען פון זיך אליין. מיר האבן זיך מיט די לייז בשום אופן קיין עצה נישט געקאנט געבן: וואס מער מיר האבן זיי פארניכטעט, אלץ מער זענען זיי געווארן. אויך אין דער דאזיקער מלחמה זענען מיר געווען די פארשפילטע, ביז שמואליק האט געפונען א נייעם קאמפס-מיטל. ער האט געפונען ערגעץ א ברעטל. דאס ברעטל אוועקגעלייגט אויף צוויי פאלענעס נאענט צום פייער. דער רויך האט ארומגעוויקלט אין א געדיכטער נעץ דאס ברעטל. אויף דעם ברעטל האבן מיר אוועקגעלייגט אלץ, וואס מיר האבן געהאט אויף זיך. זיי, די לייז מיין איך, האבן פארלאזט זייערע נעסטן, ארויסגעקראכן און פארסמאליעט געווארן, אריינפאלנדיק אינעם פייער. נאך אזא גרינטלעכער פראצעדור האבן מיר אונדזערע אויסגערויכערטע שמאטעס פלייסיק אויסגעקלאפט מיט שטעקנס, און נאכדעם זיי גע- טרייסלט איבערן פייער. מיר האבן לייכטער אפגעאטעמט. דער נצחון איז געווען אויף אונדזער זייט. אבער נישט אויף לאנג. רעגלמעסיק האבן מיר זיך געמוזט אומ- קערן צו דער דאזיקער פראצעדור.

אזוי האבן מיר איבערגעווינטערט אינעם גרוב.

דער פרילינג איז אנגעקומען מיט איין קלאפ. עס איז געווארן זוניק און ווא- רעם. עס איז אונדז געווארן ליכטיקער אויף דער נשמה. דער וואלד איז געווארן גרינער און טרוקענער. מיר האבן אפילו געפרוווט ארויס אויף גאטס ליכטיקער וועלט, אויסצווואַרעמען די פארשטארטע גלידער. מיר זענען געווען זיכער, אז מיר האבן געפונען דאס ריכטיקע ארט צו ראטעווען זיך. און ווען די האפענונג האט זיך אין אונדז צעוואקסן, איז דאס געשען...

פארנאכט-צו, ווען מיר האבן זיך געקליבן אריינצוגיין אין אונדזער מקום-מקלט, זענען ווי פון אונטער דער ערד ארויסגעשפּרונגען קליינע פאסטוכלעך. מיר זענען גע- בליבן שטיין, ווי איינגעוואקסענע אין דר'ערד. דאס קליינוואַרג האט זיך אבער נישט ווייניקער דערשראקן ווי מיר. מיר זענען נישט ענלעך געווען אויף מענטשן.

באוואקסן ווי די מאלפעס, און דערצו אין טראנטעס... די פאסטעכלעך האבן זיך עט-לעכע רגעס אין אימה געצלמט און גענומען אנטלויפן.

מיר האבן אויך נישט געווארט. פארשטאנען: אונדזער באהעלטעניש איז דורכגע-פאלן. האבן מיר געכאפט דאס נייטיקסטע, און קודם-כל די לאפעטעס, און גענומען לויפן אין א פארקערטער ריכטונג. געלאפן זענען מיר מיט אימפעט, און זייער לאנג, מיט די לעצטע כוחות.

שמואליק און וואווע זענען שוין געווען גרויסע ספעציאליסטן אין געפונען א פאסיק ארט, און גאנצע "ארכיטעקטן" ביים בויען בונקערס. א וואסערע צוואנציק קילאמעטער פון אונדזער ביז איצטיקן גרוב האבן זיי אויסגעבויט א נייעם קבר פאר לעבעדיקע... אבער די דייטשן און זייערע משרתים האבן שוין אויך געוווסט ווו צו זוכן און שוין מאסן באהעלטענישן דערשנאפט, ווי גוטע הינט, און טאקע אויך מיט דער הילף פון פירפיסיקע הינט אזוי, אז דער בעסטער בונקער איז שוין נישט געווען זיכער. ווען אין אונדזערע נשמות פלעגט אומגעבעטן קומען די שרעק, אדער ווען מיר האבן באמערקט אין וואלד עפעס, וואס האט אונדז אויסגעזען פארדעכטיקט, פלעגן מיר נישט לאנג טראכטן און זוכן א ניי ארט. גרויסע וועלדער, אבער אונדז איז געווארן אלץ ענגער און ענגער. דערנעענטערן זיך צו מענטשן האבן מיר מורא געהאט. ווי דערקענט מען א מענטש? א מענטש פון אן אוממענטש? א פריינד פון א שונא? מיין יינגעלע איז געווען באהאלטן ביי גוטע מענטשן. מיין מיידעלע איז שוין אויף דער וועלט נישט געווען. מיר האבן געוואנדערט. כסדר געוואנדערט און כסדר געציטערט פאר א מענטשלעכן שאטן.

מיר געפונען זיך דריי טעג אין א פוילישן דארף פשעבראזשע און געמוזט גיין ווייטער... ווייטער... מיר האבן אלץ געזוכט דעם וועג צו די פארטיזאנער. איין מאל האבן מיר פונדערווייטנס דערזען א גרופע און אונדז איז איינגעפאלן, אז ענד-לעך האבן מיר אנגעטראפן אויף פארטיזאנער-שפורן. פלוצלונג האבן גענומען קנאלן אויטאמאטן. דאס זענען געווען באנדעראווצעס. איך בין געבליבן אליין...

איך בין געבליבן אליין. ביסלעכווייז איז צוריקגעקומען די ראיה און זיך אלץ פארבעסערט. איצט האב איך געהאט איין ציל און איין האפענונג: די פארטיזא-נער...

לסוף איז מיר געלונגען צו געפונען דעם וועג צו א פארטיזאנישן אפטייל פון פעדאראווס פארטיזאנישער מחנה. מיט זיי, און ביי זיי, בין איך געווען ביזן סאָ-מע סוף. אין קאלק און אין אנדערע שטעטלעך ארום זענען שוין אלע יידן געווען אויסגעמארדעט. די לעצטע צום טויט זענען געווען דער בעקער חנא ליפלעווסקי און מיין שוואגער זעליק פייערשטיין. זיי האבן געבעטן אויף זיך דעם טויט, אפילו געבעטן ביי די מערדער אונדזערע, אבער די דייטשן האבן זיי פארעקשנט געלאזט לעבן כל-זמן זיי האבן די צוויי יידן געדארפן.

פערל טינע איז געבליבן זיצן שטום, מיט א געזונקענעם קאפ. זי האט זיך, קענ-טיק, ווידער אין די רעיונות געפונען — אין ים פון טויט און מיט פארשטשמעטע ליפן געלאזט אין זיך באלעבאטעווען דעם ווייטיק פון איר נשמה.

מיר האבן זיך שווייגנדיק אויפגעהויבן, און ווערטער געמומען איר האנט אין אונדזערע און געדריקט. שטיל, רוישלאז, זי איבערגעלאזט א שווייגנדיקע און אוועק מיט קאמען טרערן אין די העלדזער, קאמען, וואס מיר האבן נישט געקאנט אראפשלונ-גען...

*



אויפן בילד געפונען זיך: יאנקל באלוט, שרה קליימאן, שלום גארבאטש, ח. בע-
קער, יאסל קליימאן, מלכה סימצעס, מאיר טשארטאריסקער, הערשל ביבער, בעריש
עגבער, צביה זילבערבערג, מאיר בעקער, זישיע כייטשיק, שרה פאלעווסקי, לײ-
ביש קאצאן, שבע לאמבאדינער, נחמן מעכליך, און איין פערזאן נישט דערקענט

## וואס די אויגן האבן געזען...

טייערער דוד! איך לייען דיינע ארטיקלען וועגן קאלק אין דער צייטונג, און דארף דיר זאגן, אז דו שרייבסט געטרוי, ווי דו וואלסט אליין איבערגעלעבט דאס אלץ, וואס מיר האבן איבערגעלעבט אין קאלקער געטא. דאס איז קענטיק דערפאר, וואס דו האסט געקאנט אויסהערן מיט געדולד און גרויס אינטערעס דאס, וואס מענטשן האבן זיך אראפגערעדט פון הארץ. אויך איך וויל זיך פאר דיר אראפרעדן פונעם הארץ. און אויב מיינע רייד זענען נישט צום דרוקן, בין איך אבער זיכער, אז אויסהערן קאן מען זיי, ווייל איך וועל דערציילן נאר דאס, וואס מיין אויג האט געזען, וואס מיין הארץ האט געפילט און מיין שכל האט באנומען. איך בין נישט געבאקן פון זעמל-מעל; ליגנט האב איך פיינט, און דער אמת גרידשעט מיין הארץ, און אזויפיל פארגאנגענע שוין יארן זענען צו דעם קיין טרופה נישט.

עס ווערט אין מיר אויפגעקאכט דאס בלוט, ווען מענטשן זאגן - און מיט אזא לייכטקייט - אז מיר האבן זיך געלאזט פירן ווי שאף צו דער שחיטה. דו ווייסט דאך יא, אז מיר זענען קיין שעפסן נישט געווען. ווען כוליגאנעס פלעגט זיך פארגלוסטן מאכן א פאגראח אויף יידן - און ווען האבן זיי דאס נישט געוואלט? — פלעגן אונדזערע "שעפסענע" יידן ארויסגיין מיט ארטשיקעס, מיט לאמען און דרענגער קעגן זיי, וואס האבן אונדז געוואלט באפאלן אויף די יארידן. בעת אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה פלעגן די שטעטלעך פלוצלונג בלייבן אן א מאכט, פלעגן מיר זיך גלייך ארגאניזירן אין א זעלבשוץ, זיך באוואפענען מיט וואס עס האט זיך געלאזט און נישט דערלאזן די פויערים פון די ארומיקע דערפער זיך ארייננבאקומען אין די יידישע שטעטלעך, צו רויבן זייער האב-און-גוטס. נישט איינמאל האבן זיך אויף דעם פארמאסטן די פויערים פון סעמקע, פון קאפיל, פון ראזניטש, סטאראסינע און אנדערע דערפער. מען האט זיי פשוט איבערן בריקל צום שטעטל נישט אריינגעלאזט; יידן האבן דיזשורירט בייטאג און ביינאכט.

פארוואס-זשע, ווען היטלער, ימח שמו, איז אנגעפאלן, זענען מיר פלוצים אזוי-נע פחדנים געווארן און געלאזט מיט זיך טאן אלץ, וואס זיי האבן געוואלט. פאר-וואס זענען די קאוואליעס, די סטאליארעס, די סטעלמאכעס און אנדערע געזונטע יונ-גען ווי פאראליזירט געווארן? וואס, ס'זענען ביי זיי אפגענומען געווארן הענט און פיס?

נאך איידער די דייטשן זענען אריין אין אונדזערע שטעטלעך, זענען שוין די ארטיקע שונאים אונדזערע גרייט געווען - און גוט ארגאניזירט געווען - אונדז אויסמארדן. די מחנות אוקראאינישע נאציאנאליסטן האבן נישט געדארפןווארטן אויפן דייטשישן באפעל. זיי האבן געלויערט ווי ווילדע חיות און זיך נישט געקאנט דער-ווארטן. שפעטער, לויט דער ריי, האבן זיי פאר זיך געהאט אנדערע שונאים אויף אומצוברענגען: פאליאקן, סאוויעטישע פארטיזאנער. אויפן ערשטן פייער זענען אבער מיר געווען. נאכדעם, ווי די באנדעראווצעס און אוקראאינישע פאליציאנטן האבן דורכגעפירט די ערשטע הריגות, זענען געקומען די דייטשן. די דייטשן זענען גאר אנדערע "לויטע". זיי טוען אלץ פינקטלעך און אויסגערעכנט; מיט א פלאן. זיי נארן אפ, זיי פראוואצירן, שטעלן זיך אפילו ארויס פאר גוטינקע. די, וואס האבן זיי נישט געזען ביי אזא ארבעט, ווייסן נישט וואס זיי זענען און וואס זיי קע-נען. זיי נעמען צו עטלעכע יידן פון שטעטל און לאזן זיי נאכדעם אפ צוריק צו זייערע משפחות. זיי טוען אזוי עטלעכע מאל. אויף אזא אופן פירן זיי אריין אין א טעות זייערע קרבנות, און נאכדעם גיבן זיי א כאפ עטלעכע צענדליק מענטשן, כלומרשט אויף טראף. אבער, אין דער אמתן, מיט א חשבון, לויט א רשימה: א למדן, וואס האט א השפעה און א שמיד, וואס קאן א גוטן זעץ געבן. נאכן אוועקנעמען א פופציק יונגעלייט, ווערן די איבריקע אפהענטיק. אז מען האט יענע דערמארדעט, זאגן די דייטשן נישט - זיי זענען אויף ארבעט. מיין טאטע האט שוין נישט געלעבט, אבער פאר אונדזער משפחה האט דאס געדארפן הייסן, אז ער איז אויף ארבעט. כדי אונדז און אנדערע איבערצוצייגן, גיט מען אונדז נאך א פארציע ברויט דערפאר, וואס אונדזער טאטע ארבעט זייער גוט...

איצט גיי ווייס: ווער עס לעבט, ווער נישט. און אויב עס איז שלעכט מיט די אוועקגענומענע, וועלן זיי אונדז שוין מן-הסתם לאזן צו רו. וואס איז די פעולה פון מארדן מענטשן? וואס קאן מען האבן פון טויטע?! מען וויל האפן. א מענטש דאס איז א האפנדיקע בהמה. אויס ווילן צום לעבן וועט ער אין אלע ליגנס גלויבן.

איך וויל נישט זאגן, אז אלע אוקראינער זענען געווען גזלנים; געווען אזעל-כע, וואס האבן געהאלפן יידן. אבער וויפל זענען געווען אזוינע?! די פויערים אין די דערפער, וואס וואלטן אונדז אפשר יא געהאלפן, האבן מורא געהאט, אבער אפענע מיטהעלפער לטובת די דייטשן זענען געווען זייער א סך. אין די ארומיקע פוילישע דערפער זענען געווען מער גוטע מענטשן, וועלכע האבן געהאלפן יידן. מען דארף אבער נישט איבערטרייבן, צווישן זיי האבן זיך אויך געפונען נישט ווייניק אזעלכע, וואס האבן זיך געחברט מיט די באנדעראווצעס און זיי צוגעהאלפן אין זייער גאזלאוואי.

אן איינדרוק האבן מיר געהאט, אז אין די דערפער, האט דער דורכשניט געוואלט זיך האלטן נייטראל. אפשר איז זיי אפילו נישט געפעלן געווארן די רוצחישע אר-בעט פון די שכנים, אבער קעגן זענען זיי נישט ארויסגעטראטן. היינט גיי ווייס, וואס יעדער האט זיך געטראכט ביי זיך אין הארץ.

די לאגע האט זיך געענדערט דאן, ווען דער יידישער וואלין איז שוין געווען א בית-עולם, און די נייע קרבנות זענען געווארן די פאליאקן. ווען עס זענען אונטערגעצונדן געווארן פוילישע דערפער, געמארדעט געווארן פוילישע פרויען און קינדער, דאן איז די באציאונג צו יידן געווארן א מער ווארעמע. מ'האט ארויסגע-האלפן מיט א שטיקל ברויט, און די מער דרייסטע פלעגן אויך ריזיקירן און לאזן א ייד איבערנעכטיקן. דער אומגליק איז געווארן א געמיינזאמער.

חוץ די אפיציעלע באנדעס האבן נישט ווייניק אויסוואורפן זיך ארגאניזירט אין קלענערע גרופעס און געמאכט "א לעבן", זוכנדיק אנטלאפענע יידן, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, און צוגענומען ביי זיי אלץ. אט די דאזיקע "פרי-וואטע" באנדעס זענען נישט געווען, חס וחלילה, קיין אומלעגאלע; די דייטשן האבן זיי באוואפנט, באצאלט, און דער רויב האט אויך געהערט צו זיי.

פרעג איך דיך, דוד: ווי האט מען זיך געקאנט קעגנשטעלן? עס איז געווען איין פראנט קעגן יידן. און דער פראנט איז געווען אומעטום, ווו נאר א ייד האט גע-פרווט ראטעווען דאס לעבן: אין א בונקער, אין א גרוב, אונטער א קוסט, אין די גערטנער, אין יעדער שפארונע. דער ייד איז געווען איינער קעגן מחנות רוצחים; תמיד איינער קעגן חיות-רעות.

*

איך בין דבורה ציפעס. אבער צי בין איך די זעלבע דבורה ציפעס, וואס איך בין געווען? נישט צוליב דעם, וואס איך בין עלטער געווארן - אין דעם איז נישט פא-ראן קיין אונטערשיד - אלע ווערן מיר עלטער. "עלטער" איז אויך א היפש ביסל אנ-דערש. איך טראכט, נאכדעם ווי מ'האט אזוינס געזען מיט די אייגענע אויגן, ווי איך האב געזען, קאן מען נישט זיין די זעלבע. יעדער לעבט מיט די זכרונות פון די קינדער- און יוגנט-יארן, אבער קיינער קאן נישט לעבן מיטן דורכגעלעבטן שוי-דער, וואס בלייבט איבער אין די געהירן אויף אייביק. מ'קאן נישט לעבן און מען לעבט. ווארעם דאס לעבן איז שטארקער פונעם טויט. מיר, וואס האבן דעם טויט יארן דערוואַרט: יעדן טאג, יעדע שעה, יעדע מינוט געלעבט מיטן טויט צוזאמען — מיר לעבן ווייטער... לעבן...

איך בין, ווי דו ווייסט, א קאלקערין. חתונה געהאט אין אסאווע און דארט געוווינט מיט מיין מאן.

*(אין דעם ארט, פיל איך, דניאל קאץ, פאר נייטיק איבעררייסן אויף א רגע דבורה ציפעס דערציילן, כדי צו געבן א שטיקל אינפארמאציע וועגן אסאווע, וואס איך האב ארויסגענומען פון דער "יעווריעיסקאיא ענציקלאפעדיא", דערשינען אין פעטערבורג פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה. אט וואס דארט ווערט געזאגט:*

*"אסאווע, א יידישער אגראר-ישוב אין וואלינער גובערניע, ראוונער אויעזד. אנטשטאנען אין יאר 1836. אין 1898 האבן דארט געוווינט 121 יידישע משפחות, 575 נפשות. זיי האבן אין אייגענעם באזיץ פארמאגט 2525 'דיעסיאטין' באדן. די יידישע קאלאניסטן זענען געווען זייער ארעם. חוץ מיט ערד-ארבעט האבן זיי זיך געמוזט פארנעמען אויך מיט אנדערע שווערע ארבעטן").*

*דערמיט איז מיין ארײַנמישונג געענדיקט, ווייטער רעדט דבורה ציפעס:*

אין אסאווע האט געוווינט נאר איין קריסטלעכע משפחה. די דייטשן האבן זי א-רויסגעשיקט, די אסאווער יידן זענען געווען פויערים און בעלי-מלאכה, דער עיקר זענען זיי געווען גערטנער. די דייטשן האבן די אסאווער יידן לכתחילה גע-לאזט צורו. זיי פלעגן קומען צו פארן און צונעמען דאס גאנצע מילך, פוטער, דאס פלייש, קארן און ווייץ. מ'האט געקאנט מיינען, אז אסאווע וועט בלייבן א פריד-לעך אינדזעלע אין דער ארומיקער שרפה. די דייטשן דארפן עסנווארג. וואס קאן זיי

ארן, אז די אסאווער יידישע פויערים וועלן פראצעווען פאר זיי? זיי פלעגן זיך צוקוקן צו זייער ארבעט און טענהן: "דאס זינט קיינע יודען!" יעדנפאלס זענען דאס געווען "נוצלעכע יודען". דאס האט אריינגעפירט אין א טעות.

פונעם שטעטל האט מען גענומען פירן מאנסבילן אין וואלד אריין, כלומרשט אויף אויסהאקןביימער פאר די סמאליארניעס, און פאר דער באן-סטאציע קאסטאפאל. צוריק איז שוין קיינער נישט געקומען. אבער די פעלדער און גערטנער האט מען געמוזט באארבעטן. האבן דאס געטאן די זקנים, פרויען און קינדער. פון צייט צו צייט פלעגן די דייטשן ארומרינגלען ביינאכט דאס שטעטל, ארייננשיקן א באנדע אוקראיני־שע פאליציאנטן, זיי זאלן זוכן דאס, וואס דא איז שוין לאנג נישט געווען - תבואה און אנדער עסנווארג. נאך אזא נאכט זענען אין שטעטל געווען א צען-פופצן לוויות.

איך געדענק נישט וויאזוי, נאר אין שטעטל האט מען זיך דערוווסט, אז אין וואלד געפונען זיך פארטיזאנער פון קאלק, האבן זיך די ערשטע דרייסטע יינגלעך דאן געלאזט אין וואלד אריין. קעגן דעם האבן די דייטשן געהאט א גוט און אויס־געפרווט מיטל. אויב זיי פלעגן זיך כאפן, אז עמעץ איז אנטלאפן, האט מען באלד געכאפט די גאנצע משפחה זיינע ארויסגעפירט הינטערן שטעטל און דערשאסן. די דייטשן האבן געמאלדן: עס וועלן דערשאסן ווערן די גאנצע משפחות פון די, וואס וועלן אנטלויפן. האט יעדער יינגער ייד, וואס האט זיך ארייננגענומען א געדאנק אנטרונען צו ווערן פונעם שטעטל, כדי ראטעווען דאס אייגענע לעבן, אדער כדי צו גיין נקמה נעמען, קודם-כל געמוזט זיך גוט באקלערן, צי איז ער גרייט צו ווערן א מערדער פון זיין אייגענער משפחה, וואס וועט צוליב אים אויסגעמארדעט ווערן דורך די דייטשן?

"פארוואס האט איר זיך געלאזט פירן ווי שאף צו דער שחיטה?" — ווילדע ברי־אות, טיפשים, צי פארשטייט איר, ווי שוידערלעך אומזיניק און ווי געמיין איז גאר צו שטעלן אזא פראגע?! "פארוואס האט איר זיך נישט געווארפן מיט קיין האק און מיט קיין מעסער אויף די שונאים? פארוואס זענט איר אין וואלד נישט געגאנ־גען?" — און עס פאלט זיי גארנישט איין, אז אפטמאל, ריכטיקער, אלעמאל איז עס געווען דאס זעלבע ווי נעמען א האק און א מעסער און זיךווארפן אויף דיין איי־גענעם טאטן און מאמען; אויף דיין אייגן קינד! מען איז געבליבן און געווארט ביז דער טויט איז געקומען צו אלעמען. זאלן די דייטשן זיין די מערדער, און

נישט מיר די מערדער פון די אייגענע. מען האט דען געהאט צו טאן מיט מענטשן? דאס זענען געווען מערדער. אויף דער זייט פון די מערדער איז געשטאנען דאס געזעץ, די מאכט, דער יושר-פון א וואלף, די מאראל פון א שאקאל. זיי זענען גע-ווען מער הינט ווי די הינט, מיט וועלכע זיי האבן פארפאלגט זייערע קרבנות.

און דאך... דאך האבן מיר זיך פארט נישט אפגעזאגט צו פאראייניקן מיט די פארטיזאנער פון קאלק. אין קאלק איז שוין געווען נאך דער צווייטער "אקציע", דאס הייסט - נאך דער צווייטער בלוט-באד.

ווען מיין מאן איז צום ערשטן מאל געקומען פון וואלד, איז ער געווען זייער אומעטיק. די קאלקער פארטיזאנער זענען באוואפנט. זיי האבן שוין "אפגעלייגט" עטלעכע פאליציאנטן. אבער ווי קאנען מיר גיין צו זיי, ווען מיר האבן א ניין-חדשימדיק קינד אויף די הענט? און איך האב צו אים געזאגט דאס, וואס ער האט זיך בשום אופן נישט דערוואַרט הערן פון מיר:

— גיי, טייערער, גיי אהין, ווו אלע מענער. פריער-שפעטער וועלן זיי אונדז אלעמען אויסהרגענען.

ער האט זיך שרעקלעך צעשריגן, מיין מאן:

— משוגע! איך וועל דיך אליין דא מיטן קינד נישט איבערלאזן! אויב גיין, איז אלע צוזאמען, מיטן קינד. איך ווייס ווו די קאלקער פארטיזאנער געפונען זיך, ווען ס'וועט ווערן סכנהדיק, וועלן מיר אַוועק.

פון אסאווע זענען שוין ביז דאן אנטלאפן נישט ווייניק יידן, זיי זענען אבער אויסגעהרגעט געווארן דורך די שכנים, דורך די ארומיקע, נישט דורך די דייטשן.

אלע יידן פון די ארומיקע שטעטלעך זענען שוין געווען אויסגעשאכטן, און אין אסאווע האט מען געווארט. פויערים רייסן זיך שווערער אפ פון די ערטער, שווערער איז זיי אויך געווען צו טראגן די געלע לאטע. אסאווע האט שוין אויך נישט גע-לעבט, נאר געזשיפעט. עס פלעגט טרעפן, אז יידן, וואס האבן זיך געראטעוועט פון טויט, פלעגן קומען זוכן א רעטונג אין אסאווע. די דייטשן האבן שטרענג פארבאטן אויפצונעמען א זייטיקן. דאך האט מען אויסבאהאלטן פליטים אויף די בוידעמער, אין די קעלערס; אין פארשטעקענישן. אומבאמערקט איז אויף אזא אופן די עדה יידן אין אסאווע א געוויסע צייט געוואקסן. אונדז האט זיך געדאכט, אז די דייטשן ווייסן און מאכן זיך דערוויל נישט וויסנדיק, כדי אומגעריכט אונדז צו באפאלן און פארנעמען אלעמען מיט איינמאל — די אסאווער יידן און די פליטים.

מיר האבן זיך געריכט אויף א שווארצן סוף, און איינמאל, אין א מיטן נאכט, איז דער שווארצער סוף געקומען - דאס שטעטל איז געווארן ארומגערינגלט.

פארטאג האבן דייטשישע זאנדער-אפטיילונגען און גאנצע "האלאטעס" אוקראינישע פאליציאנטן, אונטער דער אנפירונג פונעם געביטס-קאמיסאר, גינטער, געגומען טרייבן די יידן פון שטעטל אין דער ריכטונג פון קאסטאפאל. זיי האבן צונויפגע-יאגט די יידן אין עטלעכע פונקטן. אבער די יידן פלעגן זיך צעלויפן. אנטלויפנ-דיק, האבן זיי נישט ווייט אנגעטראפן אויף פארשפארונגען, איינגעארדנטע דורך אוקראינישע פאליציאנטן. אין וועלכער ריכטונג מען איז נישט געלאפן, אומעטום אנגעטראפן אויף א וואנט פון טעמפע פנימער, לאכנדיקע און מיט אויסגעשטשירעטע ציין. א פאסטקע. א פאסטקע פאר מייז... די מנובלים פארווילן זיך. געשרייען דערגרייכן צום הימל. זיי דארפן, ווי עס זאגט זיך, שפאלטן הימלען, אבער זיי שפאלטן נישט... זיי וואלטן געדארפט צערייסן הערצער, אבער זיי צערייסן נישט... די שוידערלעכע סצענעס, ווי קינדער קראמפן זיך איין מיט אלע כוחות אין זייערע מאמעס און טאטעס און ווערן פון זיי אוועקגעריסן; ווי טאטעס צעטומלטע פון שרעק און שוידער שלעפן נאך זיך זייערע טעכטער, לויפן ארום הין און צוריק, זוכנדיק א שפארונע אנטרונען צו ווערן, און געפונען זיי נישט — דאס אלץ איז א ספעק-טאקל פאר טיירולנים. זיי - די מנובלים - זענען שיכור געווען און זיך געוואלט פארווילן; געלאכט, ווען א פרוי מיט א קינד ביי דער האנט האט זיך אויף זיי געווארפן מיט א שטעקן, זיי פלעגן שיסן בלויז אין מאמענטן, ווען זיי האבן זיך געפונען אין סכנה. זיי האבן זיך פארווילט... זיי האבן זיך פארווילט...זיי האבן זיך פארווילט מיט דעם גיהנום פאר זייערע אויגן. אך, נישט אויסמיידן זאל זיי דער גיהנום, די סמאלע און דאס שוועבל; עס זאלן זיך סמאליען זייערע נשמות אויף אייביק.

און דאך האבן מענטשן אין דער העלדישקייט, וואס די טויט-סכנה אנטפלעקט, האבן זיך דורכגעריסן. ווי געיאגטע חיות זענען זיי אנטרונען אין די וועלדער און פעלדער. איך בין געלאפן צוזאמען מיטן מאן און מיטן קינד אויף די הענט. אין דער בהלה האבן מיר זיך פארלוירן. איך האב גארנישט נישט פארשטאנען, נישט באנומען, און גארנישט נישט געזען ארום זיך. איין פארלאנג האט געלעבט אין מיר, איין קול האט גערופן אין מיר: "דבורה, ראטעווע דאס קינד!"

איך בין געלאפן אין דער ריכטונג צו די אוקראַינישע וועכטער ארום דעם שטעטל — זיי האבן צו מיר נישט געשאסן, נאר בלויז געיאגט צוריק. דער שטח ארומצו-לויפן איז געווארן אלץ קלענער און קלענער. איצט האבן שוין קליינע גרופעס יידן גענומען שטעלן א ווידערשטאנד, און צו זיי האט מען געשאסן - אן אויפהער געשאסן. נישטא שוין וווהין צו לויפן. איך האב אין דער נאענט באמערקט בייטן מיט הויכע פאסאליעס. איך האב פארשטאנען: דאס איז נישט קיין באהעלטעניש, אבער עס האט מיך א צי געטאן אהין. צווישן די בייטן זענען געווען ריוון. איך האב זיך א ווארף געטאן מיטן קינד אין א ריוו, און דער געדיכטער פאסאליעס-געפלעכט האט אונדז צוגעדעקט. עס האט זיך באלד ארויסגעוויזן, אז מיר זענען נישט אליין דא אינעם ריוו. דא איז געלעגן מיין שוועגערין מיט דריי קינדער, שכנות מיט קינדער. ע-פעס האט זיי אלעמען אינסטינקטיוו א צי געטאן צום זעלבן ארט. די פיצלעך האבן נישט געוויינט. שטיל געווען. ביז היינט קאן מיין ארעמער שכל נישט באגרייפן: מיט וואס דערקלערט זיך דאס? פארמאגן קינדער אין זיך עפעס, וואס פארבייט זיי שכל און דערפארונג? נעמען זיי אויף מיט עפעס א חוש די סכנה, וואס גיט זיי סיגנאלן צו שווייגן?

נישט לאנג האט דאס געדויערט. מיר האבן נישט באוויזן אפכאפן דעם אטעם, ווי עס זענען אנגעקומען דייטשן און פאליציאנטן. זיי האבן צוגענומען מיינע שכנות מיט די קינדער, מיין שוועגערין מיט די דריי קליינינקע. איך בין געלעגן מיט אן איינגעהאלטענעם אטעם און געשוויגן, געווארט, עס זאל אנקומען מיין ריי. זיי האבן מיך מיטן קינד נישט באמערקט. ווי האבן זיי נישט געקאנט באמערקן?! זיי זענען פארביי מיר דורך; ווי האבן זיי געקאנט נישט דערזען? אוממעגלעך! אפשר נאכן געראטענעם יאגד אויף מאמעס מיט קינדער, האט זיך עפעס א באוועג גע-טאן ביי זיי אין דער נשמה און זיי האבן זיך געמאכט, אז זיי באמערקן מיך נישט? אוממעגלעך! דאס איז דאך אויך אוממעגלעך: ווי קומט צו די "מענטשן" רחמנות?! צו אזוינע, וואס באטייליקן זיך אין אזא יאגד?!

איך האב זיך נישט גערירט פון ארט. איך האב געהערט א שיסעריי. איבער מיין קאפ האבן נידעריק געפייפט קוילן. מענטשן זענען געפאלן. מענטשן האבן פארענ-דיקט זייערע לעבנס, זיך געשטיקט מיט זייער בלוט אין האלדז און איך פיל דאס אלץ. ליג און ריר זיך נישט פון ארט, מיט א שווייגנדיק קינד אין מיינע ארעמס.

איך האב געקלערט, פּאַרטונקלט געקלערט: נאָר נישט איבערלאָזן מיין קינד אין זייערע הענט. זאָל די קויל אונדזביידע טרעפן מיטאַמאָל.

פּלוצלינג האָט זיך נעבן גאָרטן, וווּ איך בין געלעגן, אָפּגעשטעלט אַן אויטאָ. פונעם אויטאָ איז אַרויס אַ דייטשישער אָפיציר און אָפּגעגעבן אַ באַפעל איבערגיין אויף אַנדערע פּלעצער, ווייל דאָ זענען שוין "אַללע ערלעדיקט!"...

איך ליג. אַרום מיר איז שטיל. שפּעטער האָב איך זיך דערוווּסט, אַז ווען איך בין, אַן על-פּי-נס ניצול-געוואָרענע, געלעגן אין ריוו מיט מיין קינד, האָבן זיך אין אַסאָווע אויפן ברוק געוואַלגערט הרוגים. דאָס זענען געווען די, וואָס האָבן זיך גלייך קעגנגעשטעלט די פּאַליציאַנטן און די, וואָס זענען אומגעקומען ביים אַנטלויפן. די איבעריקע, פּאַרווונדעטע און גאַנץ געבליבענע, האָט מען געלאָדן אויף לאַסט-אויטאָס און אָפּגעפירט אין דער ריכטונג פון קאַסטאָפּאָל.

איך בין געלעגן אַ גאַנצן טאָג! יאָ, אַ גאַנצן טאָג!... דאָס קינד מיטן ברוסט-נאַפּל אינעם מיילעכל, עס זאָל נישט וויינען. ניין, עס וויינט נישט. עס איז שטיל. די טויטע שטילקייט נאָך דער בהלה און דער שיסעריי האָט עס אויך נישט אויפגע-וועקט צום וויינען. איך ליג דאָך אין אַ ריוו, אין אַ גאָרטן אין אַסאָווע, און אַסאָווע איז שוין נישטאָ... אַזאַ אַלט יידיש פּויערים-שטעטל; ווי ווייניק צייט האָט מען געדאַרפט עס וויסט, און פּוסט, און טויט צו מאַכן?... הרוגים אויף די גאַסן, גערטנער — אומעטום. טירן און פענצטער אָפן, שויבן אויסגעהאַקט, שטובן אויסגעליידיקט.

איצט, אין דער שטילקייט, פּאַרוואַנדל איך זיך אין אַ הוילן געהער. איך, דבורה ציפּעס — לעב, און הער, און זע: אומעטום — טויטע. און יעדער מת אין דער פּאָ-זע, ווי דער טויט האָט אים געטראָפן. אַ האַרבסטיקע זון האָט דאָס אַלץ צוגעזען...

די מערדער זענען אָפּגעפאָרן. ביסלעכווייז זענען אָנגעקומען די "ליבהאַרציקע" שכנים פון אַרום. זיי שמעקן מיט די נעזער די לופט און קוקן זיך אַרום, וואָס איז נאָך דאָ צו נעמען און צו שלעפּן צו זיך. די "כודאַבעס", די בהמהלעך, די קעל-בעלעך זענען אַרויס פון די שטאַלן. אויך זיי האָבן געשמעקט, אַראָפּגעלאָזט נידעריק די מאָרדעס און עפּעס אַרומגעשמעקט... נאָכדעם זיך צעלאָפן איבער די גערטנער, קוקנ-דיק מיט זייערע גרויסע, קייילעכדיקע אויגן, כמעט מענטשלעכע אויגן: "וואָס איז דאָ געשען? האַ?! וואָס איז דאָ געשען?"...

איך בין א גאנצן טאג געלעגן מיטן קינד אינעם ריוו און זיך צוגעהערט, צו-געקוקט; געזען שוין נישט בלויז מיט די אויגן, נאר אויך מיט די אויערן; דאכט זיך אויך מיט דער הויט, מיטן גאנצן גוף. שטיל און מיט פארוווּנדערונג געטראכט. איך האב געהאט דאס געפיל, אז כל-זמן עס לעבט מיין קינד, וועל איך אויך לעבן. אז דאס קינד אונדזערס מוז בלייבן לעבן — האט אין מיר איינגעפלאנצט מיין מאן, מיין מנחם; מנחם האט ער געהייסן, און דאס איז געווען זיין טרייסט פאר זיך און פאר מיר. וואס עס זאל נישט געשען: אונדזער קינד מוז בלייבן לעבן. אז עס קאן זיין אנדערש, האבן מיר זיך אפילו פארשטעלן נישט געקאנט.

איך בין געלעגן און געווען אויג און געהער. אויג און געהער! וואס איז גע-שען מיט די בהמהלעך? זיי זענען עפעס נערוועז געווארן. פון די גערטנער און פעלדער גענומען צוריק לויפן אין די שטאלן. ארייננגעפאלן, און ווידער ארויסגע-לאפן פונדארטן. די בהמות, די קעלבלעך, די פאר אקסן האבן גענומען רעווען. רע-ווען, ווי באנומענע. מוראשקעס האבן מיר גענומען לויפן איבערן רוקן. דאס הארץ איז פארשטשעמעט געווארן: יא! דאס באוויינען זיי דאך זייערע אויסגעשאכטענע, דערמארדעטע באלעבאטים!...

איך האב אויך איצט דאס געפיל אז אזוי איז עס געווען, כאטש מען האלט מיר אין איין אויפקלערן, אז דאס האט זיך מיר געדאכט. די בהמות האבן גאנץ איינפאך געהאט פולע אייטערס מיט מילך. עס איז געקומען די צייט זיי צו מעלקן, און מען האט זיי נישט געמאלקן.

איך האב געווארט, אבער זיך שוין גענומען באאומרואיקן. באלד וועלן אהער קו-מען די אוקראינישע פאליציאנטן, צונויפצונעמען דאס לעצטע, וואס איז איבערגעב-ליבן נאך די אויסגעהרגעטע יידן. מען דארף וואס גיכער פונדאנען אוועק. מיט מיין מאן האבן מיר זיך צונויפגערעדט, אז אויב מיר וועלן זיך פארלירן, וועלן מיר זיך טרעפן אין אן ארט נישט ווייט פון די קאלקער פארטיזאנער. אבער פון דעם ארט, וווּ איך האב זיך געפונען, האב איך נישט געקענט דעם וועג וויאזוי אהין אנצוקומען.

פונדערווייטנס האבן זיך שוין באוויזן מער מענטשן מיט ליידיקע זעק אונ-טער די ארעמס; אנדערע אפילו מיט וועגעלעך. עס האט מיך א הייב געטאן און איך האב גענומען, מיטן קינד אויף די הענט, לויפן.

איך בין דערלאפן צו די קוסטעס ביים ראנד פון וואלד און פארקראכן אונטער א געדיכטן קוסט. שפעטער האב איך גענומען פאמעלעך זוכן א מער זיכער ארט, און זיך פארשטעקט אין א טיפן פארוואקסענעם ריוו. איך בין געלעגן און געווארט אויפן אנקום פון דער פינצטערניש. פלוצלינג האב איך באמערקט א סילועט, וואס דערנענטערט זיך אין דער ריכטונג צו מיר. איך בין שוין געווען אינגאנצן אויסגעשעפט און קענטיק געהאט האלוצינאציעס. איך האב זיך פארטייעט, זיך צוגעקוקט און דערקענט אין דעם ווייסן, זיך באוועגנדיקן מת, פסח - דעם קלעזמער. די בארד צעפאטלט דאס פנים ווייס ווי קאלך; א בארוועסער און אונטערן ארעם דאס פידעלע. דאס האט דאס פידעלע אנגעקלאפט זיך אין די צווייגן, וואס איך האב פונדערווייטנס אנגענומען ווי דאס פארטשעפען זיך אין די צווייגן פון א ביקס.

איך האב אים שטיל א רוף געטאן. ער האט מיך נישט דערקענט. ער האט בלויז, ווי אראפ פון זינען, איבערגעחזרט כסדר: "ווו זענען מיינע קינדער? ווו זענען מיינע קינדער?" פלוצלינג האט ער זיך אפגעשטעלט, מיך דערקענט. מיר האבן זיך ארומגענומען און ביידע געוויינט. מיטאמאל האט זיך צעוויינט מיין ניין-חדשימדיק יינגעלע. זיין געוויין האט אונדז ביידע געצוונגען פארשווייגן: מיר האבן זיך דערמאנט אין דער סכנה.

מען האט מיר שפעטער דערציילט, אז פסח איז נאכדעם עטלעכע טעג ארומגעבלאנקעט זיך צווישן די געראטעוועטע אין וואלד און געזוכט זיינע קינדער. ווען ער האט זיך צום סוף איבערצייגט, אז קיינער פון זיינע אייגענע איז נישט איבערגעבליבן, האט ער זיך אומגעקערט צו די דייטשן, וועלכע זאלן אים האבן צוגעזאגט, אז אויב ער וועט פאר זיי שפילן, וועלן זיי דערפילן זיין פארלאנג און אים דערשיסן אויפן יידישן בית-עולם. אזוי איז טאקע געשען. דודי דאס, וואס דו האסט געשריבן איז נישט קיין לעגענדע, נישט קיין אויסגעטראכטע מעשה — דאס איז ריינער אמת.

דריי מעת-לעת האב איך זיך ארומגעדרייט צווישן די קוסטעס אין וואלד. מיר אליין גלויבט זיך נישט, ווי האב איך דאס געקאנט מיט א קינד אויף די הענט דריי מעת-לעת ארומוואגלען פון ארט צו ארט אן עסן און אן א שלונג וואסער. דאס קינד פון אויסמאטערונג האט שוין נישט געקאנט וויינען. עז איז שטיל. אן איינגענורעטס געלעגן ביי מיין ברוסט... אט-אט און עס וועט אויסגיין. פארלירן האב איך נישט וואס. האב נישט מורא, ווען ס'איז נישטא קיין ברירה...

איך האב זיך דערנעענטערט צום שטיבל פונעם נאכט-וועכטער. ווען איך האב זיך געקליבן אנקלאפן, איז פונעם שטיבל ארויס א יינגע פרוי. איך האב בײַ איר געבעטן א ביסל מילך פאר מיין קינד. זי האט א קוק געטאן אויף מיר און גלייך אפגעשאצט, אז כאטש מיין מאנטל איז שמוציק און אביסל צעריסן, קאן ער דאך טויגן פאר איר. זי האט זיך נישט צערעמאניעט: גיב מיר דעם מאנטל, וועל איך דיר געבן ברויט און מילך און ווייזן דיר דעם וועג צו יידן, וואס באהאלטן זיך אויס נעבן דעם דארף ווישקאפ. בײַנאכט גייען זיי ארויס, זוכן עפעס עסן, וועסטו זיי טרעפן.

חרטה איז נישט סוחרות. מיר זענען אײַנגעגאנגען אויף די באדינגונגען. אין אונטן בין איך, אן א מאנטל, מיטן קינד אויף די הענט, געזעסן אויף א שטעגל אין וואלד און געווארט. זיך דערווארט — געטראפן בײַנאכט טאקע א גרופקעלע יידן — אונדזערע שכנים פון אסאווע.

פון זיי האב איך זיך דערוווסט, אז מיין מאן לעבט, און אויך אז מיין שוואגער מיט צוויי קינדער האבן זיך געראטעוועט.

עס האט זיך אנגעהויבן א לעבן אין וואלד. שוין איין מאל א לעבן! געווען טעג, ווען סיהאט זיך געדאכט, אז ענדלעך האבן מיר שוין געפונען א שטיקל זיכער ארט, ווו מיר וועלן קאנען, בוכשטעבלעך אײַנגעגראבענע אין דער ערד, אבער דאך לעבן. פלעגן, ווי פון אונטער דר'ערד ארויסוואקסן פאליציאנטן. דער גיהנום האט זיך ווידער אנגעהויבן: שיסערייען, געוויינען, דערהרגעטע. מען פלעגט זיך צעלויפן אין אלע ריכטונגען, ווו-נאר די אויגן האבן געטראגן. לויפנדיק, זוכנדיק א נײַעם מקום מקלט, פלעגט מען זיך אנשטויסן אויף נײַע גרופקעס יידן, פרווון זיך ווידער "אײַנארדענען" אין גריבער און, נאך נישט באוויײַזנדיק אנצוווארעמען די פיס, זענען מיר ווידער איבערגעפאלן געווארן דורך אונדזערע פארפאלגער. וועגן מיין מאן, האט מען גערעדט, אז ער האלט אין איין ארומזוכן די קאלקער פארטיזא-נער. דאס ווארט "פארטיזאנער" איז געווען א טרייסט, א האפענונג; געווען א ציל און אונדז אויפגעהאלטן בײַם לעבן.

ווידערשטאנד! קעגנשטעלן זיך! ווען מען זאגט ארויס די דאזיקע ווערטער, דארף מען שטענדיק געדענקען די סיטואציע. איך האב געזען מענטשן, וואס האבן מיט א שטיין, אדער מיט א שטעקן געשפאלטן דעם קאפ אן אוקראינישן פאליציאנט. איז דאס געווען ווידערשטאנד?

אין דער ערשטער צייט האבן מיר געהאט דריי, פיר און פינף אבלאוועס א טאג. מיר האבן זיך געדארפט ראטעווען, כסדר ראטעווען. מיהאט געטראטן אויף אונדזערע שפורן; א טאג רו נישט געגעבן. מיר האבן זיך נישט אונטערגעגעבן, זיך נישט גע-לייגט אונטערן מעסער, נאר ווי פארפאלגטע חיות געזוכט פאר זיך אלץ נייע ״קאנו-רעס״.

צי איז דאס ווידערשטאנד? אין צענדליקער אבלאוועס מיט א קליין קינד אויף די הענט — איז עס ווידערשטאנד?

— זאג! איז עס ווידערשטאנד?

ווען אין אסאווע האט מען זיך נישט געלאזט טרייבן אין די גריבער, נאר ווי די רוחות זיך געטראגן פון ארט צו ארט...

— משפט, ריכטער: איז עס געווען ווידערשטאנד?

מענטשן זענען געפאלן, געשטארבן; א שיסעריי פון אלע זייטן, און מענטשן מיט ליידיקע הענט גייען נישט גוטוויליק צום שעכטן...

— איז עס ווידערשטאנד?!

א רוח אין אלע מאמעס ארײַן, וואס ברענגען קינדער, פון וועלכע וואקסן אויס מערדער, אדער קינדער, וואס וועלן ווערן קרבנות — געשאכטן צו ווערן... צי זע-נען מיר, וואס האבן אזוי געוואלט לעבן און פארן פרייז פון די גרעסטע ליידן געוואלט ראטעווען די קינדער, אין דער צייט, ווען די הינט, וואס האבן געהאט אזא ריזיקע מאכט און האבן זיך באשווירן אונדז אלעמען ״קאלטי״ צו מאכן, אונדז מיט אלע מיתות-משונות פון דער וועלט באזייטיקן, צי זענען מיר געווען ווידער-שטענדלער?... און כאטש זיי האבן אונדז יעדן טאג געפייניקט ערגער ווי אין גי-הנום — האבן מיר געוואלט לעבן ביי אלע תנאים... געוואלט לעבן!...

— וויל איך וויסן, וויל איך סוף-כל-סוף וויסן: הייסט דאס — זיך קעגנגע-געשטעלט, אדער זיך נישט קעגנגעשטעלט?!

נעבן דארף אסוווקא האבן מיר זיך פנים אל פנים געטראפן מיט א גרויסן אפטייל אוקראינישע פאליציאנטן. דאן איז געפאלן איידעלשטיין פון קאלק מיט צוויי קינ-דער, אויך מיין שוויגער איז דארט געפאלן. די אנדערע זענען זיך צעלאפן. און איך האב זיך אוועקגעלייגט אונטער א בוים, און די פאליציאנטן זענען פארביי מיר

אדורכגעלאפן אזוי נאענט, אז זייערע שטיוול זענען געווען עטלעכע טריט פון מיין פנים. די פארפאלגטע האבן זיך געטיילט מיטן לעצטן ביסן, מיטן לעצטן טראפן וואסער. איך בין נישט איינגעבראכן געווארן. דאס איז געשען ערשט דאן, ווען מיין שוואגערס יינגעלע, וועלכן איך האב געטראפן אין וואלד, האט מיר דערציילט, אז ער, מיט מיין מנחמען, זענען צוזאמען מיט אנדערע אנטלאפן פון אן אבלאווע, און ער האט מיט די אייגענע אויגן געזען ווי מיין מאן איז דערהרגעט געווארן. דאס קינד מיינס וועט מיר ביי אזא לעבן געוויס אויסגיין אויף די הענט; מיין מאן איז טויט — צוליב וואס זאל איך זיך ווייטער מאטערן?

עס האט זיך שפעטער ארויסגעוויזן, אז מיין מאן לעבט. דער פאליציאנט, וואס האט זיך געיאגט נאך מיין מאן, א יינגער אוקראינער פון מאידאנעק, האט אים זייער גוט געקענט. האט ער צו אים אין דער לעצטער מינוט א געשריי געטאן: "פאל!" און געשאסן העכער, שיסנדיק די גאנצע צייט ווייטער.

דעם מאן מיינעם האבן פויערים פון א כוטאר דערציילט, אז זיי אליין האבן מיך באגראבן צוזאמען מיטן קינד. אזוי האבן מיר ביידע, לעבנדיק, קעגנזייטיק געטרויערט איבער אונדזער "טויט". איך מוז זאגן, אז נאכדעם ווי איך האב באקומען די פאלשע ידיעה, בין איך געגאנגען פאר זיך אן א ציל, נישט פרווונדיק זיך אפילו אויסבאהאלטן, שוין פארלאנגנדיק פאר זיך דעם טויט, ווי אן אויסלייזונג, ווי א מתנה פון זיין ליבן נאמען...

אויך מיין מאן האט שוין א מאך געטאן מיט דער האנט אויף זיין לעבן און געווארט רואיק אויפן טויט. צופעליק איז ער אריין אין א כאטע צו א פויער בעטן א פאר קארטאפל, האט ער דארט געטראפן יאסלען, מיין שוועגערינס ברודער. פון אים איז ער געוויר געווארן, אז איך מיטן קינד לעבן מיר. דאן זענען זיי ביידע צוזאמען געקומען צו מיר

דער מאן האט מיר דערציילט, אז די קאלקער פארטיזאנער-גרופע האט ער נישט געטראפן. ווען ער איז געקומען אין וואלד אריין, וווּ זיי האבן זיך געזאלט באגעגענען, האט זיך דווקא אנגעהויבן אן אבלאווע. די יידן זענען זיך צעלאפן. די פארטיזאנער זענען אפגעטראטן אויף אן אנדער ארט. מיר האבן געוווסט, אז אויב מיר וועלן זיך פארבינדן מיט א גרעסערע גרופע, וועלן מיר לאנג אזא לעבן נישט אויסהאלטן.

איך מיטן מאן האבן מיר באשלאסן אויסצובאהאלטן זיך אין ערטער נעענטער צו די דייטשן. קיינעם וועט נישט איינפאלן, אז אזוי נאענט צו דער דייטשישער געפאר, וועלן יידן זיך פרווון אויסבאהאלטן. דאס קינד אין אזוינע באדינגונגען וועלן מיר נישט קאנען ראטעווען. אפגעבן אים ערלעכע באקאנטע האבן מיר נישט געקאנט, ווייל א געמלט יידיש קינד וועט מען באלד דערקענען. אפילו די, וואס וואלטן געוואלט ראטעווען, וועלן אזא ריזיקע אויף זיך נישט נעמען. דאס הארץ האט זיך אין מיר צעריסן. אוועקגעבן עמיצן דאס קינד?! אבער אויב איך וויל דאס קינד זאל לעבן, מוז איך עס אפגעבן אין הענט, ווו עס וועט אפשר פארט געראטעווועט ווערן. עס האט זיך מיר ממש געמישט אין קאפ. איך האב געפילט, אז דאס צעשיידן וועל איך נישט קאנען איבערלעבן.

מיין מאן טענהט איין מיט מיר: עס זענען פאראן בלויז צוויי וועגן: ארויסגיין צום שליאך, מען זאל אונדז אלע דריי דערמארדן, אדער איבערלאזן דאס קינד ביי גוטע מענטשן, און אליין דאך פרווון זיך דערשלאגן צו א פארטיזאנער-טייל.

מיר זענען געווען שמוציק, פארלייזיקט, אפגעריסן הונגעריק. וואס טוט מען? איך האב געפילט, אז מיין מאן גלייבט אליין נישט, אז עמעץ וועט מסכים זיין צו נעמען דאס קינד. ער וויל אויסקלייבן דעם טויט אויפן שליאך — אלע דריי. אבער אים האט געעקבערט דער געדאנק: מען קאן דאס קינד דערשיסן, און דאן וועלן זיי בלייבן אליין. מען קאן אים דערשיסן, און איך וועל בלייבן אליין מיטן קינד; מען קאן מיך דערשיסן, און ער קאן בלייבן מיטן קינד. ניין! אלע צוזאמען אומקומען! אלע צוזאמען! אבער וויאזוי דערגרייכט מען דאס?

דער שטארקערער צד בין איך געווען: מיר דארפן זוכן דאס לעבן און נישט דעם טויט! מיר זענען אוועק צו א באקאנטן פאליאק — מאריאן. מיר האבן אים געבעטן, ער זאל גיין קיין אסאווע און ברענגען פון דארט דאס ביסל זאכן, וואס מיר האבן באצייטנס באגראבן. ער האט עס געבראכט. מיר האבן זיך דערמיט צעטיילט. זיין ווייב, מאטילדע, האט גענומען אונדזער קינד און עס אוועקגעטראגן צו א פארפאלק פון איר משפחה, קינדערלאזע. דריי טעג איז מאטילדעס מיידעלע געזעסן מיט אונדזער עופהלע, עס זאל זיך צו איר צוגעווינען און נישט וויינען.

אזוי האבן מיר זיך צעשיידט מיטן קינד און אוועק אינעם פארשנייטן וואלד. עס האט זיך אנגעהויבן דאס געוויינלעכע וואגלען. דא זיך פארשטעקט אין א סטויג היי, דארט איבערגענעכטיקט אין א שטאל, אין א פארלאזענעם בונקער, אין וועלכן, די אמאל דא באהאלטענע יידן, זענען געווארן אויסגעמארדעט. מיר זענען געקומען צו דער איבערצייגונג, אז צומערגסטן איז אין וואלד; אומעטום איז מען מער זי-כער, ווי דארט. פוילישע פויערים פלעגן זיך מאכן נישט זען, ווי מיר נעכטיקן איבער אין א קלוניע.

איך האב זיך פארבענקט נאכן קינד און דערפילט, אז די נשמה גייט אין מיר אויס. האבן מיר זיך אמאל אריינגעגנבעט אין דער כאטע און דאס קינד נישט דער-קענט. עס איז געזעסן אונדזער יינגעלע, אן אויסגעוואשענער, א ריין-אנגעטוענער און געשמייכלט. יא, דאס זענען געווען לייטישע מענטשן. זיי האבן אונדז געלאזט איבערנעכטיקן, אנגעקארמעט זאט, און פארטאג זענען מיר אוועק, אבער א געפיל האב איך געהאט, אז איך זע מיין קינד צום לעצטן מאל.

געווען אין כוטאר כאטעס, אין וועלכע מיר פלעגן שטיל אנקלאפן, ווען ס'איז שוין קיין אנדער אויסוועג נישט געווען. מען פלעגט אונדז אנקארמענען און לאזן איבערנעכטיקן. מען האט אונדז נישט געטריבן. מיר האבן אליין געוווסט, אז מיר מוזן אוועק, כדי נישט צו ברענגען קיין אומגליק אויף די גוטע מענטשן. געוויינ-לעך זענען די שטאלן און בוידעמער געווען פארקלאפט מיט טשוועקעס, יידן זאלן נישט קאנען אריין. אבער מיר האבן זיך פונדעסטוועגן אריינבאקומען — דורך לע-כער, דורכן דאך - און אויסליגן זיך עטלעכע שעה. צומבעסטן איז געווען זיך ווא-רעמען ביי דעם בהמהלע. אזוי האבן מיר דורכגעלעבט די קאלטע נעכט. מיר פלעגן זיך פונדערווייטנס ארומדרייען ארום די כאטעס, און ווארטן ביז עס פלעגט אויסגעלאשן ווערן די שיין אינעם פענצטערל, און דאן זיך געלאזט יעדעס מאל צו א נייעם נאכט-לעגער.

דאס הארץ האט מיר קיין גוטס נישט פארגעזאגט. דאס אומגליק איז געקומען: אונ-דזער קינד איז קראנק געווארן אויף א "שווינקע"; באקומען גרויסע היץ און גע-שטארבן.

מיר האבן געבראדזשעט ווייטער, געווארט אויף א נס, געזוכט פארטיזאנער. מיר האבן שוין באגעגנט פארטיזאנער פון ווייסרוסלאנד, אבער נעמען צו זיך האבן זיי

נישט געוואלט. זיי האבן זיך געפונען אין שטענדיקן קאמף מיט די דייטשן, באנ-דעראווצעס, אוקראינישע פאליציאנטן און אנדערע באנדעס. זיי פלעגן, די פארטי-זאנער, אונדז ארויסהעלפן מיט ברויט, אפילו מיט א בגד, אבער אריינעמען אין דער מחנה נישט געוואלט.

געענדיקט אויסשעכטן די יידן, האבן די באנדעראווצעס זיך א נעם געטאן מארדן פאליאקן. אין דער ערשטער ריי - זייערע מיטשותפים. זיי האבן בארויבט די רוי-בער, דערמארדעט זיי און אונטערגעצונדן זייערע היזער. דער צווייטער עטאפ איז געווען - ווילדע פאגראמען קעגן אלע פאליאקן פון דער געגנט. איך מיט מיין מאן האבן זיך דאן אויפגעהאלטן געהיים אין דער הוטא סטעפאנסקא. דא פלעגט מען אונדז און אנדערע יידן געבן עסן און אפילו געלאזט איבערנעכטיקן. אונדז האט געהאלפן א פוילישע משפחה. דער באלעבאס האט געהייסן מאריאן שעלימאווסקי. ער מיט דער פרוי זענען דערמארדעט געווארן, די דריי טעכטערלעך זייערע זענען אנטלאפן קיין פוילן. א, ווי עס ווילט זיך מיר וויסן, צי זיי לעבן? איינע האט געהייסן הע-לענא, די צווייטע - בראנקא; דעם נאמען פון דער דריטער האב איך פארגעסן.

די הוטא סטעפאנסקא האבן די ארומיקע פאליאקן גערופן סטאליצא. דא איז גע-ווען א פוילישע זעלבסטשוץ; זענען אהער אנגעקומען אנטלאפענע ארומיקע פאליאקן. די פארטיזאנער האבן געווארנט די פוילישע איינוווינער, זיי זאלן אוועק אין די וועלדער, ווייל די באנדעס וועלן זיי אויסמארדן. זיי האבן זיך אבער צו דער עצה נישט צוגעהערט.

אין איינער א נאכט האבן זיך צום הימל גענומען טראגן שווארצע וואלקנס רויך. ס'האט א זעץ געטאן א פייער און רויט געמאכט דעם הימל. דאס האבן געברענט די ארומיקע פוילישע דערפער. געברענט ליכטיק - מעננ'צא, אזשגוץ, ווילטשא, באריש און אנדערע. הוטא סטעפאנסקא, ווו עס זענען געווען צונויפגעזאמלט זיכער א צען טויזנט נפשות, איז ארומגערינגלט געווארן דורך פיל טויזנטער באנדיטן. א טייל פון זיי איז געווען באוואפנט מיט אויטאמאטן, ביקסן, קוילנווארפער, מיטן נייסטן געווער, וועלכן עס האבן געהאט די דייטשן. באזונדערע אפטיילן זענען א-בער באוואפנט געווען בלויז מיט העק, מעסערס, קאסעס וכדומה געווער. די פאר-טיידיקונג פונעם דארף דורך דער זעלבסטשוץ האט לאנג נישט אנגעהאלטן. עס האט זיך אנגעהויבן א בהלה. מען האט גענומען לויפן צופוס און אויף פערד צום נאענטן

וואלד. און דעמלט איז געשען דאס זעלבע ווי אין די יידישע שטעטלעך. די יידן פלעגט מען אבער צוניפטרייבן צו די פריער אויסגעגראבענע גריבער און זיי צע-שיסן; דא האבן די באנדעראוועס זיך געלאזט דעם "פארגעניגן" צעשפאלטן קעפ מיט העק, שניידן מיט קאסעס, מעסערס. פון אלע זייטן, ווי צעווילדעוועטע חיות, זע-נען זיי באפאלן די שוצלאזע פוילישע באפעלקערונג און פארוואנדלט אלץ ארום אין א יאטקע. הונדערטער טויטע קערפערס זענען געבליבן ליגן אין זייער אייגן בלוט.

דאס איז געווען א שוידערלעכע בלוט-באד. עס ווערט ממש פארגליווערט דאס בלוט אין די אדערן ביים דערמאנען זיך. די, וואס זענען געלאפן צום וואלד, און די וואס האבן זיך שוין געפונען צווישן די ביימער, זענען באפאלן געווארן דורך באנדעראוועס אויף פערד מיט קורצע העק און האלב-רונדע מעסערס אין די הענט. זיי האבן געשניטן, וואיענדיק, פייפנדיק, שרייענדיק, זידלענדיק, לאכנדיק, היר-זשענדיק; משוגע פון בלוט און פון מארד-לוסט. זיי זענען געווען אין די הונדער-טער, די רייטער, די שליחים פון טויט. פונדערווייטנס דערהערט זיך א שיסעריי — דאס פארטיידיקן זיך נאך די רעשטן פונעם פוילישן זעלבסטשוץ.

איך בין געלאפן צוזאמען מיטן מאן און אנדערע אויסבאהאלטענע יידן און פא-ליאקן — מיר האבן געזוכט ווו זיך צו פארשטעקן; געלאפן, געטריבענע דורכן אינ-סטינקט, און נישט דערפאר, ווייל איך האב געוואלט ראטעווען דאס לעבן. ווער דארף אזא לעבן און ווער דארף אזא הינטישע וועלט?! לאמיר זי איבערלאזן, די ערד, פאר די צווייפיסיקע חיות, פאר די באנדעראוועס, בולבאוועס און אנדערע, ווי זיי הייסן נאר - צוזאמען מיט די היטלעריסטן. זאלן זיי טאנצן אויפן קבר פון דער וועלט, וואס וועט ווערן זייער קבר — אויף זייער קבר. וואס איז דער טויט, ווען מען לעבט אלע טעג מיט אים, ווען ער קוקט דיר אריין אין רוקן און שטשי-רעט אויף דיר די ציין? נעכטן, היינט, מארגן - איין שדים-טאנץ: מיט העק, מיט קאסעס, מיט מעסערס. דער טויט האט שוין געביטן אפילו זיין נאמען - ער הייסט שוין היטלעראוויעץ, עס-עס-מאן, באנדעראוויעץ, צי א צענדליק אנדערע נעמען זיי-נע. די דייטשן - שיסן, די באנדעראוועס - קעפן, שעכטן, פייניקן...

עטלעכע וואכן האבן מיר צוזאמען מיט פאליאקן געבראדזשעט אין די וועלדער. עס האט זיך איבערגעחזרט דאס אלץ, וואס מיר האבן שוין איבערגעלעבט נאך דער

שחיטה אין אסאווע און נאך ערגער. אלע כוטארן זענען געווען פארברענט; קיין סטויג היי, קיין גרוב. נישטא ווו צו עפענען א טיר. אין וואלד גאנצע פולקן באנדעראווצעס. מען ליגט ווי לעבעדיק-טויטע, מען רירט זיך נישט. דער דורשט מא-טערט נאך מער ווי דער הונגער.

מיר האבן דאך שוין געהאט א גרויסע פראקטיק ווו זיך צו פארשטעקן. ווען מען באהאלט זיך אויס, דארף מען זיין וואס ווייניקער. א גרופקע מענטשן האבן מיר זיך אפגעטיילט פון די אנדערע, און וואס ס'וועט זיין - זאל זיין; מיר זענען ״אויף בלינד״ אוועק. עס האט אונדז אפגעגליקט: מיר האבן זיך אנגעשטויסן אויף א גרופע פארטיזאנער און דערקלערט זייער קאמאנדיר, א סטארשינא, אז אויב ער וויל, קאן ער אין אונדז שיסן, מיר וועלן אבער פון זיי נישט אפטרעטן. מיר ווילן מיט זיי דורכשניידן די באן-ליניע קיין ווייסרוסלאנד.

— נין! און ניין! — איז געווען זיין ענטפער. זיי גייען אויף א קאמפס-אויפגאבע, און מיט ציווילע וועלן זיי זיך נישט פארנעמען.

מיר האבן אויסגעהערט זיינע ווערטער און ווידער דערקלערט, אז מיר וועלן פון זיי נישט אפטרעטן.

איך ווייס נישט ווי וואלטן די געשעענישן זיך אנטוויקלט ווייטער, אבער אין דעם מאמענט האבן זיך אומגעקערט פון אויסשפיר עטלעכע ״ראזוויעדטשיקעס״-פארטי-זאנער, אנגעטאן אין אויטענטישע מונדירן פון די באנדעראווצעס מיט זייער עמבלע-מע ״טריזוב״ (דריי וועלפישע ציין) אין די היטלען און מיטגעטיילט, אז א וואסע-רע 15 קילאמעטער פונדאנען האבן זיי אנגעטראפן א גרופע באנדעראווצעס, וועלכע טרעטן אויף זייערע שפורן, און ווי-נאר דער פארטיזאנישער אפטייל וועט זיך רירן פון ארט, וועלן זיי אים באפאלן פון ביידע זייטן און פארניכטן.

אויסהערנדיק דעם באריכט, האט דער סטארשינא געביטן זיין באשלוס. ער האט אונדז איבערגעגעבן אין וואס ס'האנדלט זיך און געהייסן, מיר זאלן זיך באווא-פענען מיט שטעקנס און אונטערן אנפיר פון א פאר פארטיזאנער זאלן מיר זיך לאזן אין דער ריכטונג פון די באנדעראווצעס.

— די באנדעראווצעס — האט דער סטארשינא אויפגעקלערט אונדז אונדזער אויפ-גאבע — וועלן זיכער זיין, אז איר זענט עס דער פארטיזאנער-אטריאד, וועלן זיי אייך נאענט צולאזן צו זיך. אונדזערע פארטיזאנער, וואס וועלן זיין מיט אייך,

וועלן עפענען אויף זיי א פייער פון ביקסן, כדי זיי זאלן זיין איבערצייגט, אז איר זענט עס די ווירקלעכע פארטיזאנער, וועלכע זיי זוכן. מיט א געשריי "הוראו!" וועט איר דרייסט זיך א ווארף טאן אויף די באנדיטן. אין דעם זעלבן מאמענט וועלן מיר, די פארטיזאנער, זיך א ווארף טאן אויף זיי פון צוויי זייטן און מאכן פון זיי א תל.

אט אזוי זענען מיר ארויס דעם טויט אנטקעגן. אפגעגאנגען דריי קילאמעטער, האבן מיר זיך מיט "זיי" צוזאמענגעשטויסן. די באנדעראווצעס האבן געעפנט אויף אונדז א געדיכטן פייער. זיי זענען געווען אויף פערד. איידער זיי האבן זיך געכאפט, האט איינער פון די פארטיזאנער אין דער טונקלקייט אויסגעשאסן א רויטע ראקעטע. פון אלע זייטן האבן זיך אויף די מנובלים א ווארף געטאן די פארטיזא-נער. די באנדיטן האבן אויסגעקערעוועט די פערד און מיר האבן בלויז דערזען זייערע רוקנס, ווי זיי אנטלויפן אין גרויס פאניק.

אביסל שפעטער האבן זיך די פארטיזאנער צונויפגעזאמלט, און מיר צוזאמען מיט זיי. אויך צווישן אונדזערע זענען געווען א סך קרבנות. האבן מיר זיך שוין געפילט ווי א טייל פון דער מחנה, ווי אנטיילנעמער אינעם נצחון. דער סטארשי-נא האט צוגערופן צוויי פון אונדזער גרופע און זיי געזאגט:

— דורך דער באן-ליניע קאנען מיר אריבער בלויז דורך א קאמף. לענגאויס דער באן-ליניע זענען אויסגעזעגט די ביימער, און די דייטשן באשיסן יעדערן, וואס דערנעענטערט זיך צו די רעלסן. אלזא, אן קרבנות וועט מען זיך נישט באגיין. ריכט זיך אויף דעם.

א צוואנציק קילאמעטער האבן מיר זיך באוועגט לויט זייערע אנווייזונגען, לויט די אריענטיר-סימנים, וואס ער האט אונדז געגעבן. ביים אויסגעהאקטן וואלד-ראנד האבן מיר זיך געלאזט לויפן. די דייטשן האבן כלומרשט געשאסן. זיי האבן אבער געמיינט, אז מיר זענען אמתע פארטיזאנער און געוואלט דערפאר בעסער אויסמיידן אן אמתע שלאכט. מיר זענען אריבערגעלאפן די רעלסן און געלאפן עטלעכע קילאמע-טער אן אן אטעם-פויזע דורכן וואלד. מיר האבן באדארפט דערלויפן צו א טייכל, אריבערגיין אויף דער צווייטער זייט מיט א בריקל, און דארט האט זיך שוין אנ-געהויבן די פארטיזאנישע ערד. און ווו ס'איז שוין געווען פארטיזאנישע ערד, האבן זיך דארט מורא געהאט צו באווייזן נישט בלויז באנדעראווצעס, נאר אויך דייטשן.

הכלל, מיר האבן אנגעטראפן אויף פארטיזאנישע פאטרולן. מ׳האט אונדז באגעגנט פריינדלעך. אין די כאטעס האט מען אונדז אריינגעלאזט. די פאלעשוקעס האבן אונדז ווי געהעריק אנגעקארמעט, כאטש זיי זענען געווען זייער ארעם. מיר האבן אבער געמוזט אויך פונדאנען אוועק, ווייל דא פלעגן זיך פון צייט צו צייט באווייזן גרעסערע אפטיילן דייטשן.

מיר האבן זיך געלאזט אין וויטערדיקן וואגל. באגעגנט אונדז אן אלטיטשקע פּויערטע און דערקענט באלד, אז מיר זענען יידן:

— טייערינקע — גיט זי אונדז אן עצה — אנטלויפט, מיינט נישט, אז דא לעבן בלויז גוטע מענטשן. קומט, איך וועל אייך ווייזן דעם וועג צו א פארטיזאנישער "זאסטאווע".

מיר האבן איר געטרויט און מיטגעגאנגען מיט איר. די פארטיזאנער האבן זי גע-קענט, האט מען אונדז נישט פארהאלטן. פון דער "זאסטאווע" זענען מיר אנגעקומען צו א צענטראלער פארטיזאנישער באזע. פון דארט פלעגט מען אפשיקן נייע קאנדידאטן אין פארטיזאנישע טיילן, וואס האבן זיך ערשט פארמירט. טאקע דארט זענען אנטשטא-נען די אטריאדן אויף די נעמען פון וואנדא וואשילעווסקא, קאשטשיושקא, בודיאני און פיל אנדערע. דא איז געווען א מיש-מאש פון פעלקער: רוסן, אוקראינער, פא-ליאקן, און גאר א סך יידן. באמת, זייער פיל יידן. די מענער זענען געווען בא-וואפנט, און פרויען, נישט זעלטן מיט גאנצע משפחות, האבן זיך געפונען אין ספע-ציעל געשאפענע לאגערן.

ווען די פארטיזאנער פלעגן בייטן די באזעס, האבן זיי אונדז פארויס געמאלדן וווהין מיר דארפן גיין. דער פארטיזאנישער צענטער האט זיך געפונען אין דאלסק, ביי פינסק. דא איז אייגנטלעך געווען דער פראנט. דא, קאן מען זאגן, איז געפירט געווארן א פאזיציע-מלחמה: פון איין זייט די פארטיזאנישע בריגאדעס, פון דער אנדערער — די דייטשן. די פארטיזאנער האבן לאנג בלאקירט די דייטשן ביי פינסק; נישט ארויסגעלאזט זיי פון דער געגנט.

אין מערץ 1944 זענען די דייטשישע אעראפלאנען געהאנגען איבער דער געגנט ביי-טאג און ביינאכט. אן אויפהער באמבארדירט די פארטיזאנישע פאזיציעס.ביים א״ג "קרולעווסקי קאנאל" האט זיך די דייטשן איינגעגעבן דורכצורייסן דעם פראנט. די פארטיזאנער האבן די משפחה-לאגערן נישט איבערגעלאזט אויף גאטס באראט. מיר

זענען צוזאמען געגאנגען איבער די וועגן פון ווייסרוסלאנד. מיין מאן און די אנדערע מענער פון די פליטים, זענען געווען מיט די פארטיזאנער, און מיר האבן צופוס אדער אויף וועגענער מיטגעמאכט דעם וועג ביי דער זייט.

מיר זענען שוין געווען מענטשן און נישט קיין פארפאלגטע חיות, וועמען עס איז אפגעזאגט געווארן דאס רעכט צו לעבן, צו אטעמען; ארומצוגיין אויף דער ערד. א- בער מיר זענען געווען אויסגעשעפט, קראנק, אויסגעצערט; זענען מיר געווען די ערשטע קרבנות פון טיף. דער וועג איז נישט געווען קיין פרידלעכער שפאציר. זיי- ער אפט פלעגן אונדז די דייטשן באפאלן פון דער לופטן און נישט ווייניק פון אונדז זענען געשטארבן אויפן שליאך. צווישן די ציווילע זענען געווען מענטשן, וואס האבן זיך שוין נישט געקאנט רירן אויף די אייגענע פיס, פלעגן קומען אונ- דזערע פארטיזאנער און זיי געטראגן אויף די פלייצעס. מיין מאן האט אויף איין זייט געטראגן די ביקס, און אויפן רוקן מיך געטראגן. איך האב זיך געפונען אין א מצב פון פולשטענדיקער אויסשעפונג; מיין בליק איז געווען פארנעפלט. איך האב תמיד געהאט פאר די אויגן א טונקל-גרינעם נעפל. די טעמפעראטור פלעגט שטייגן ביז פערציק. אזוי האב איך זיך באוועגט מיט דער פארטיזאנישער מאסע אויפן רוקן פון מיין מאן. אט אזוי האבן מיר זיך דורך פעלדער, זומפן און וועלדער גערוקט אין דער ריכטונג פון ראכוואלאווקע, צו געגנטן, וואס זענען שוין באפרייט גע- ווען דורך דער רויטער ארמיי. הונדערטער פארטיזאנישע קברים זענען געבליבן אויף די ראנדן פון אונדזערע מארשרוטן.

אין ראכוואלאווקע האט דער "וואיענקאמאט" (מיליטערישער קאמיסאריאט) צונויפ- געזאמלט די איבערגעבליבענע פארטיזאנער, זיי געשיקט אין ניי-פארמירטע אטריאדן ביי קאוועל - אויף דער אנדערער זייט פון דער פראנט-ליניע. מיין מאן איז איינ- געגלידערט געווארן אין דער ארמיי. ראכוואלאווקע איז אויך כסדר באמבארדירט גע- ווארן. אבער, פונקט ווי פריער - האט זיך מיר מער לעבן נישט געוואלט, אזוי איז מיך איצט, להיפוך, באפאלן א גוואלדיקער חשק צו לעבן. און דווקא איצט האב איך זיך געדארפן צעשיידן מיט מיין מאן. דאס הארץ האט מיר געזאגט, אז מיר צעשיידן זיך אויף אייביק. איך האב געוויינט, ארער ער האט זיך אנגענומען מיט מוט און געזאגט:

— אט איצט ערשט וועל איך האבן די מעגלעכקייט נקמה צו נעמען! נקמה: פאר די אויסגעמארדעטע יידן פון קאלק און אסאווע, פארן נישט-אויסגעלעבטן לעבן פון אונ-דזער יינגעלע!

אלע יונגעלייט פון קאלק, פון אסאווע, דאמבראוויעץ, אליק, וואס זענען מיט אונדז געווען און לעבן געבליבן, זענען פון דער פארטיזאנטקע אריבער אין דער ארמיי. עטלעכע פרויען, בתוכם אויך איך, האבן זיך פארנומען אין דער ריכטונג פון קיעוו, ווייל מ׳האט אונדז געזאגט, אז דארט געפינען זיך אונדזערע מענער.

דאס איז, באמת, א באזונדער קאפיטל, וויאזוי מיר האבן זיך מיט צופעליקע עשא-לאנען דערקליבן בארוועסע און נאקעטע, אן א גראשן ביי דער נשמה, קיין קיעוו. אונדזערע מענער האבן מיר דארט נישט געטראפן. מיר האבן זיך ארומגעוואלגערט הונגעריקע און מיט אויסגעליידיקטע נשמות איבער קיעוו ביז מען האט אונדז אוועק-געשיקט אין אן אפגעברענטן סאווכאז. דא איז אויך געווען ביטער און פינצטער. די הייזער - אן דעכער, מיט ארויסגעזעצטע פענצטער. ס׳איז אבער געווארן ווארע-מער. און דא האב איך געטראפן צום ערשטן מאל ווידער דייטשן, אבער דייטשן, וואס שיסן נישט. דייטשן, פאר וועלכע מ׳דארף נישט מורא האבן; דייטשן—קריגס-געפאנ-גענע, וועלכע זאגן "גוט-מאען", נעמען אראפ די מיצע, גייען אנגעטאן אין זייע-רע מונדירן, קריגן עסן און ווערן גוט באהאנדלט...

פארוואס קומט עס זיי אזא גוטע באהאנדלונג?! אזא מענטשלעכע באציונג? מיר האבן נישט ווער ס׳זאל וועגן אונדז זארגן. זיי ווערן באזארגט. זיי וועלן דא די פיס זייערע נישט אויסציען!...

צוזאמען מיט א פאר אנדערע פרויען האבן מיר באשלאסן פרווון צוריקפארן קיין ראכוואלאוקע — דארט האבן מיר איבערגעלאזט די אדרעסן, אויף וועלכע אונדזע-רע מענער דארפן צו אונדז שרייבן. מ׳האט אונדז נישט אפגעלאזט פון דער ארבעט אין סאווכאז. זענען מיר פון אים אנטלאפן ביינאכט. דער וועג אויף מערב איז גע-ווען נאך פיל שווערער ווי אויף מזרח. מיר זענען "געפארן" מיט צענדליקער בא-נען. האט מען אונדז ארויסגעווארפן פון איין באן, האבן מיר זיך ארייבנאקומען אין א צווייטע. מיר זענען געפארן שטיקלעכווייז, סטאציעווייז, אבי זיך דערנע-ענטערן צום ארט, פונוואנען מיר זענען ארויסגעפארן — צו ראכוואלאוקע. א נסי-עה אויף די טרעפלעך, אויף די דעכער פון וואגאנען, אדער צווישן זיי. צום סוף

דערפארן. ווי נאר איך בין אריין אין שטוב, אויף וועלכערס אדרעס מיין מאן האט געדארפן שרייבן בריוו צו מיר, האב איך גלייך פון די פנימער פון די באקאנטע "אויסגעלייענט" דעם גזר. יא, ס'איז שוין געווען א בריוו פאר מיר. אינעם בריוו האט מען מיר מיטגעטיילט, אז אין יולי 1944 איז מיין מאן געפאלן מיט א העלדן-טויט אויפן פראנט, אין קאמף מיט די פאשיסטן.

איך האב דאך שוין דעם גזר אראפגעלייענט פון די פנימער, און דאך נישט גע-קאנט אפרייסן די אויגן פונעם פאפיר. ווי דאס הארץ וואלט זיך מיר אפגעשטעלט, בין איך געבליבן שטיין ווי א פארגליווערטע. נאך אלע שוידערלעכע מאטערנישן, נאך אזא עקשנותדיקן קאמף פארן לעבן - אזא גיכער טויט, אזא סוף?

איך בין געבליבן אליין. וואס, וועל איך דיר גיין דערציילן, ווי ס'פילט זיך א מענטש אין אזא לאגע? עס האט קיין זין נישט. אזעלכעס האבן איבערגעלעבט צענד-ליקער טויזנטער. נאר צי איז נישט ביי אלעמען געבליבן שטעקן אין האלדז און אין הארץ די פראגע: פארוואס אזא אומגערעכטיקייט?! איז טאקע ווערט דאס קורצע מענטש-לעכע לעבן, מען זאל פאר אים דארפן באצאלן מיט אזויפיל צער, און פיין, און ליידן?!

דאס לעבן איז שטארקער פונעם טויט. איך בין אין ישראל. איך האב חתונה גע-האט א צווייט מאל פאר סענדער בוסליקן, פאר א מענטש, וואס האט דורכגעלעבט דאס זעלבע, וואס איך. איך האב קינדער. איך האב אייניקלעך. מיין מאן איז געווען א נקמה-נעמער. איך בין אויך א נקמה-נעמערין. דער שונא האט געוואלט אונדז אפ-ווישן פונעם אויבערפלאך פון דער ערד. דאס האט זיך אים נישט איינגעגעבן. אן אפגעגאנגענער פון בלוט לעבט פארט אונדזער פאלק. נקמה האב איך גענומען: איך האב א נייעם דור געבראכט. זיי, אונדזערע קינדער, וועלן זיין אונדזערע יור-שים. די קייט וועט זיך ציען און ציען אין דער אייביקייט אריין. אויף צו להכ-עיס אלע שונאים!

אויף אונדזער געסל וועט נאך זיין יום-טוב. א לאנגער יום-טוב אין ווייטע יארהונדערטער אריין!...

*

# קינדער און זקנים

דריי מיידעלעך — דריי שוועסטערלעך, דריי קיילעכדיקע יתומימלעך. בלויז א ברודער האבן זיי געהאט, מאנעס האט ער געהייסן, און ער איז געווען זייער מא-מע און טאטע, זייער איינציקער שפייזער און דערציער. האט מען זיי דערפאר גע-רופן ''מאנעסעס'': כייקע מאנעסעס, סאניע מאנעסעס, און חנהלע מאנעסעס - די יינג-סטע. זייער פאמיליע איז געווען אייזענבערג, אבער די פאמיליע האבן זיי באנוצט, ווען מען איז אויסגעוואקסן, אבער ''מאנעסעס'' זענען זיי אלץ איינס געבליבן. אפילו ווען זיי זענען ראויות לחופה געווארן, חתונה געהאט און אליין קינדער געהאט, האט מען זיי אין שטעטל נאך אלץ גערופן ''מאנעסעס''.

שטייען זיי פאר מיינע אויגן ''די מאנעסעס'' — אי ווי קליינינקע, אי ווי דערוואקסענע. איך געדענק: דער גורל האט געוואלט, אז איך זאל כייקען טרעפן ביי איר שטוב א טאג פאר דעם, ווי איך בין אנטלאפן פון שטעטל. זי האט געפרעגט:

— דו פארסט אוועק?

— יא — האב איך געענטפערט.

האט זי געזאגט:

— הייסט עס, מיר זעען זיך איצט צום לעצטן מאל — און ווייזנדיק מיט דער האנט אויפן שטעטל, צוגעגעבן: — דאס אלץ זעסטו צום לעצטן מאל.

אזוי איז טאקע געשען. נישט איינמאל האט אין מיין הארץ אפגעקלונגען איר נבואה: ''דאס אלץ זעסטו צום לעצטן מאל''...

אזוינע מענטשן ווי כייקען קאן מען נישט פארגעסן. זי האט געוווסט, אז זי פארמאגט שיינע, אומרואיקע אויגן. יא, אירע אויגן האבן אלע פארגעדענקט. זי האט געוווסט, אז זי געפעלט, אז זי פארמאגט א לענגלעכן האלדז ווי פון ווייסן מארמאר, קורצגעשוירענע שווארצע האר, וואס הילן איין איר שיינעם קאפ, געטאקטע פיס. נישט קיין גרויסע איז זי געווען, אבער אזא צוציענדיקע — א שיין פיגורל,

ווי אויסגעטאקט דורך א מייסטער. די ברעמען און וויעס, כאטש געניג שווארצע, האט זי אונטערגעשווארצט. זי האט פארמאגט דאס, וואס די דיכטער רופן "דאס איי-ביק ווייבלעכע".

איך האב זי געקענט לאנג און זי קיינמאל נישט געזען, בייטאג צי אין אוונט, זי זאל נישט זיין אנגעטאן און פארקעמט אזוי, ווי זי וואלט זיך געקליבן אין טעאטער, אדער גאר אויף א חתונה.

כייקע מאנעסאס! מיר איז שווער אין מיין דמיון זיך פארצושטעלן ווי האט זי אויסגעזען, ווען די בלוט-באד האט אויפגעקאכט, אין וואס האבן זי פארוואנדלט די צרות. איך ווייס, אז פון שטעטל איז זי אנטלאפן, און אלץ, וואס איך האב זיך דערוווסט, האב איך אנגעקליבן פון שטיקלעך און ברעקלעך.

איך ווייס אויך: ווען דמיטרי סאטשקאווסקי האט מיט זיינע שוץ-פאליציאנטן צונויפגעטריבן די יידן אין שול, און זיי דארט פארשפארט, איז דארט געווען די יינגסטע פון די שוועסטער — חנהלע, א יונג, שיין מיידל. די פארשפארטע האבן געוווסט, אז דאס איז דער סוף, און די שטימונג איז געווען ווי ערב פון דער עקדה. מען האט זיך געזעגנט מיטן לעבן, ווידוי געזאגט, מתפלל געווען מיט קעפ פאררוקטע אינעם אפענעם ארון-קודש אריין.

די יונגינקע חנהלע האט אזוי מורא געהאט פארן טויט, אזוי געוואלט לעבן. האט זי זיך קיין ארט נישט געפונען פאר פחד, ארומגעבלאנקעט צווישן די פארשפאר-טע און נישט אויפגעהערט פארצווייפלט יאמערן.

— איך וויל לעבן! איך וויל לעבן!

האבן ווייבער און זקנים געפרווט זי בארויקן:

— חנהלע, מיר אלע ווילן לעבן...

חנהלע האט אבער געוווסט, אז ווען ס'וועלן קומען די דייטשן, וועט זיין א סוף צו זייער לעבן. מען וועט די פארשפארטע טרייבן צו די ביאלע ברעגעס און זיי צעשיסן אין די פארטיקע, שוין צוגעדרייטע אפענע גריבער. חנהלע וויל עס נישט. דער טויט איז איר אזוי ווילד-פרעמד, אזא עקלדיקע, פארשיווע חיה; שרייט זי:

— איך וויל לעבן! איך וויל לעבן!

איר פיין, איר פארצווייפלונג, האט פארווילט די רוצחים. זיי האבן זיך גע-קאטשעט פון געלעכטער. אבער סאטשקאווסקין האט עס דערעסן. ער איז צו צו חנהלען

און מיט קראפט איר א זעץ געטאן מיטן הענטל פונעם רעוואלווער, און א שיפע גע-
טאן:

— איצט וועסטו לעבן!...

חנהלעס פנים איז פארגאסן געווארן מיט בלוט און זי איז אנטשוויגן געווארן.
שלום געמאכט מיטן טויט.

כייקע מאנעסעס איז צווישן די פארשפארטע נישט געווען. זי איז מיט איר נייַן-
יעריק יינגעלע אנטלאפן פון קאלק קיין אסאווע, צו זיין זיידן פסח דעם קלעזמער.
ווי פסח דער קלעזמער, איז כייקע אויך זיכער געווען, אז אין דער טיפקייט פון
די וועלדער וועלן די דייטשן נישט קומען. די דייטשן זענען אבער יא געקומען.
פיל יידן זענען בעת דער שחיטה אין אסאווע זיך צעלאפן אין די וועלדער, אין די
טיפע, ארום. כייקע איז אויך געלאפן און א צווייט מאל ניצול געווארן. אבער
דאס יינגל איז נעלם געווארן, און כייקע איז אינגאנצן איינגעבראכן געווארן.
זי איז געווען זיכער, אז דאס יינגל איז מער נישט פאראן צווישן די לעבעדיקע.
זי האט זיך געענדערט צוליבן אומגליק ביז נישט צו דערקענען. א שוידער האט
דורכגענומען, קוקנדיק אויף איר. א בארוועסע, מיט צעריסענע קליידער, פון אונ-
טער וועלכע ס'האבן זיך ארויסגעזען נאקעטע שטיקער לייב. מיט צעפלאשעטע האר
און געשוואלענע הענט, באדעקט מיט וואונדן, האט זי זיך געיאגט פארויס מיט בי-
טערער איינגעשפארטקייט. אין אירע אויגן האט געברענט א שווארצע שרפה. זי איז
געגאנגען, נישט אומקוקנדיק זיך, פארויס. צענדליקער קילאמעטער אלץ מיטן זעלבן
אימפעט פארויס און פארויס קיין טראסטעניעץ, וווּ ס'האט געוווינט איר שוועסטער
סאניע מיט צוויי קליינע קינדערלעך. זי האט פארגעסן אין אלע געפארן, נישט אויס-
געמיטן קיין דערפער און קיין מענטשן, ווי דער רוח וואלט זי געטראגן. זי איז
געגאנגען, ווי זי וואלט געבראדזשעט אין בלוט, און נישט אויפגעהערט מיט פאר-
חלשטע ליפן איבערחזרן:

— בלוט! בלוט! בלוט! בלוט!

געטראפן א מענטש, איז זי אים פארבייגעגאנגען מיט די זעלבע ווערטער. די א-
רומיקע פויערים האבן זי געזען און געשוויגן. אפילו באגעגנטע דייטשן זענען
פארבייגעגאנגען, נישט אומקוקנדיק זיך. דאס האט אזוי געיאגט פארויס דאס אומ-
גליק, די פארצווייפלונג, די אוממענטשלעכע בראך.

קיין טראַסטעניעץ איז כּייקע אָנגעקומען, מיר האָט זיך אָבער נישט איינגעגעבן פעסטצושטעלן, ווען און וויאַזוי זי איז אָנגעקומען.

פון דעם, וואָס ס'האָט זיך מיר יאָ איינגעגעבן צו דערוויסן, דרינגט אַרויס, אַז די דייטשישע זשאַנדערמעריע איז געקומען ליקווידירן דעם יידישן ישוב אין טראַסטעניעץ אין יאָר 1942. דאָרט האָבן בסך-הכל געוווינט עטלעכע יידישע משפחות, וואָס האָבן זיך מיט גאָרנישט נישט אונטערשיידט פון די אָרומיקע פּויערים. געוווינט אין פּונקט אַזעלכע אייגענע כאַטעס און געפּראַצעוועט אין פעלד און אין שייער.

מען דערציילט, אַז שוין אין דער ערשטער יידישער שטוב דאָ, האָט די דייטשישע זשאַנדאַרמעריע אָנגעטראָפן אויף אַ ווידערשטאַנד. דער ייד מיט זיינע צוויי זין האָבן געמיתט די דייטשן ביז זיי זענען אַליין געפאַלן אין קאַמף. אַן אַנדערער טראַסטעניעצער יידישער פּויער האָט מיט אַ לאָפּעטע אַראָפּגעהאַקט דעם קאָפּ ביים דייטשישן האַופּטמאַן קרעמער. דאָ האָבן די דייטשן יידן געהרגעט אויפן אָרט, אין טראַסטעניעץ גופא, ווו נאָר זיי האָבן אַ ייד געטראָפן. מעגלעך, אַז מיט אַזאַ טויט איז אומגעקומען אויך כּייקע אייזענבערג, כּייקע מאַנעסעס.

טראַסטעניעץ איז געלעגן 18 קילאָמעטער פון קאַלק. אַזוינע דערפער פלעגן די אוקראַינער רופן "סעלאָ ראַי" — אַ דאָרף - אַ גן-עדן. עס האָט זיי באַזונגען די אוקראַינישע פּאָעזיע און געשילדערט די ליטעראַטור. די כאַטעס זענען דאָ געווען אַלטע, אָבער אין אַ גוטן צושטאַנד, איינגעפונדעוועטע, ווי זיי וואָלטן אויסגעוואַקסן פון עם באָדן גופא. אַ שטרויענער דאַך איז דאָ געווען אַ זעלטנהייט. די דעכער האָט מען געדעקט מיט שינדלען אָדער מיט בלעך. די פענצטער-ראַמען און גאַניקלעך זענען געווען קאַלירטע. ביי יעדער שטוב אַ ווייגשל-סעדל און ביימער מיט בלומען קאָליריקע. ביים אַריינגאַנג אינעם דאָרף טראַסטעניעץ איז געשטאַנען אַן אַלטע ווינטמיל מיט לאַנגע הילצערנע פליגל. ווער האָט אין דער גאַנצער געגנט אַרום נישט געקענט מאַטל עפּשטיין, מאַטל טראַסטעניעצערס מיל?! זי איז געווען, די מיל, איינגעפּאַסט אינעם אַרום, ווי אַ בילד אין אַ ראָם. ווו דו וואַרפסט אַ בליק — קאָלירטע גערטנער. אַ יאַרמאַרק פון קאָלירן — פון קאַיאַר-אָן ביז די שקיעה האָט זיך אינעם בראַנד פאַנאַנדערגעגאָסן. פונעם פּרימאַרגנדיקן בלאַסן בלוי — ביז דעם בלוט-רויט פון די פאַרנאַכטן. די מאַן-בלומען מיט די פאַררייסענע צאַרטע קעפּלעך, די געלע פלאַמענדיקע טעלער פון די זון-רויזן — זיי האָבן אַרויסגעוווּנקען פון צווישן ביי-

מער און כאטעס און אנגעזעטיקט דאס אויג. און די לופט האט געקאנט פארשיכורן, ווי ווײַן, און די רײַפע דיניעס האבן ארויסגעשטארצט ווי שוואנגערע יונגע בײַכלעך.

דעם גן-עדן התחתון האט מען פלוצלינג פארוואנדלט אין טעג און נעכטפון שרעק, פון בלוט און פון טויט.

אין די פרעכטיקע גערטנער האבן ייִדישע ייִנגלעך געזוכט א רעטונג פונעם טויט, וואס האט געלויערט אויף זיי פון אומעטום, ווי הונדערטער הונגעריקע וועלף וואלטן אויסגעווארט אויף א קרבן צו שטילן זייער הונגער. צווייפיסיקע וועלף און קליינע ייִדישע ייִנגלעך, וואס דארפן אנזעטיקן זייערע פארפאלגער מיט זייער בלוט. צווייפיסיקע זאטע וועלף אין יאגד אויף קליינע אויסגעמארעטע און אויס-געחושכטע ייִדישע ייִנגלעך פון הוילע הויט און ביינער. קליינע קינדער, ווי גרויס איז געווען זייער ווילן צו לעבן! דאכט זיך, זיי זענען אויסגעמארדעט געווארן ביזן לעצטן, אבער דאך באווייזן זיי זיך פלוצלינג ווי איבערגעשראקענע העזעלעך צו כאפן א מער, ארויסרײַסן א בוריקל, ארויסשארן א פאר קארטאפל צו דערהאלטן די נשמה. זיי באווייזן זיך און פארשווינדן, ווייל אויף טריט און שריט קוקט די געפאר.

הענריק ציבולסקי, דער אנפירער פון א פוילישער קאמפס-גרופע קעגן די אוקראי-נישע פאשיסטן דערציילט:

עס האט זיך אויסגעדאכט, אז קיין לעבעדיק באשעפעניש איז נישט געבליבן אין די ייִדישע שטעט און דערפער. די הײַזער פוסט, זייער האב-און-גוטס אויסגערויבט ביזן לעצטן חפץ, ביזן לעצטן לעפל און טעלער. די שויבן - צעבראכן, די טירן - אפן. טויט! און דאך, פלוצלינג, ווי פון אונטער דער ערד, פלעגט זיך באווײַזן א ניין-, צען-, עלף-יאריק ייִדיש קינד. באווײַזן זיך, ארומקוקן זיך און פאר-שווינדן. ווי האבן זיי געלעבט? נישט צו פארשטיין. עס האט זיך אין זיי אויס-געארבעט אן אינטואיציווו געפיל, וואס האט זיי אונטערגעזאגט ווו מען מעג זיך דערנעענטערן, צו וועמען קריגן צוטרוי און פון וועמען מען דארף פארשווינדן גיכער ווי א בליץ. "דיאדיענקא, דאי קוסאק כליבא!" (פעטערל, גיב א שטיקל ברויט). און זיי פלעגן זיך נישט אפנארן. דער, צו וועמען זיי האבן זיך געווענדט, האט געגעבן. זיי האבן זעלטן א טעות געהאט. א טעות איז געווען געגליכן צום טויט.

אין 1943 יאר האבן נאך געלעבט פארשטעקט אין זייערע נארעס אין די וועלדער פון: קיווערצע, טראסטעניעץ, צומאן - א היפשע צאל יידישע קינדער. די אוקראי-נישע שוץ-פאליציי און אוקראינישע פאשיסטן האבן איינגעארדנט אויף זיי אבלא-ווען. פיל זענען דערשאסן געווארן, פיל האט מען דערהרגעט, צעשפאלטנדיק זייערע קעפלעך אין די שטאמען פון ביימער. און נישט געקוקט אויף די אבלאוועס, פלעגן זיי זיך ווידער באווייזן אט דא, און אט דארטן. די דרייסטערע האבן זיך דערנע-ענטערט צו די גערטנער אין טראסטעניעץ. יעדע "גנבה" אין די גערטנער איז געווען א רעטונג פאר זיי און זייערע, אין די וועלדער פארשטעקטע, חברימלעך. אבער א שוידער צו דערמאנען: די פאשיסטן האבן אין זייער בלוטיקער ארבעט אריינגעצויגן יונגינקע רוצחים. זיי פלעגן זיך פארשטעקן אין די גערטנער און אויסווארטן אויף א יינגל, וואס דער הונגער האט אים דא פארטריבן, און זיי פלעגן זיך וועטן צווישן זיך, ווער ס'וועט דערהרגענען א קליין יידיש "גנבל" מיט איין זעץ מיט דער דובינע.

הענריק ציבולסקי האט דערציילט מיט וויפל שכל און איינפאל די יידישע קינ-דער פלעגן איינארדענען זייערע באהעלטענישן. מען האט פיל מאל געקאנט פארביי-גיין די ערטער, ווו זיי זענען פארשטעקט געווען און גארנישט נישט באמערקן.

פונעם שטעטל אליק זענען אין די וועלדער געקומען צוויי קלייניקע יידישע יינגלעך, וועלכע האבן ביז דאן זיך אויסבאהאלטן ביי אן אוקראינישער משפחה. זיי האבן אבער געמוזט אנטלויפן, ווארעם עמיץ האט זיי פארמסרט, און גוטע מענטשן האבן זיי וועגן דעם געווארנט. די יינגלעך האבן פון בלעטער און צווייגן מיט דראט אויסגעמייסטערט א צודעק און ווען עס פלעגט זיך דערנעענטערן א געפאר, פלעגן זיי ארויפקריכן אויף באבלעטערטע ביימער מיט זייער צודעק און דארט אפ-ווארטן גאנצע מעת-לעתן. אין דער גאנצער געגנט איז שוין קיין איין יידיש יינגל נישט איבערגעבליבן, און זיי זענען ניצול געווארן...

אבלאוועס זענען געווען אפטע. ס'האט מיט זיי אנגעפירט סאטשקאווסקי. מ'האט געזוכט און גענישטערט יעדן קוסט, זיך באנוצט מיט הינט. דאס איז געווען א מל-חמה קעגן די סאמע שוצלאזע. די קינדער האבן געוווסט, אז סאטשקאווסקי מיט זיי-נע באנדיטן — די אוקראינישע פאליציאנטן פון סיטניצע, האמעלנע, קאלק און אנ-דערע ישובים — לאזן קיין איין יידיש קינד נישט איבער ביים לעבן און דערמארדן

זיי אויפן ארט, ווו זיי ווערן געכאפט. דערפאר, ווען זיי זענען דורכגעפאלן, האבן זיי געוווסט, אז יעדערער פון זייערע פארפאלגער איז זייער מלאך-המות. זיי האבן נישט געוויינט, נישט געשריגן, נישט געבעטן קיין רחמנות, נאר זענען, ווי זייערע אבות אין די ווייטע יארהונדערטער, געגאנגען ווי אויף קדוש השם. בלויז פונקען פון צארן האבן זיך געשאטן פון זייערע אויגן, וואס האבן זיך גע-דארפן באלד פארמאכן אויף אייביק... זיי זענען געשטארבן אונטער די קלעפ פון די אויסוורפן. ביי אזוינע אבלאוועס זענען אומגעקומען אברהם "דעם פוילישנס" קליין יינגעלע, כייקעס יינגעלע — דאס אייניקל פון פסח דעם קלעזמער — איציקל שניצער, און אויך דער צעניאריקער ארעלע וויינער — דער זון פון מיין בעסטן חבר.

אין דער פארצייכענונג וועגן זיינע איבערלעבונגען האט דער פערצן-יאריקער אברהמל פון קאמאראווע, וועלכער האט זיך שוין ווי א ניין-יאריקער אויסבאהאלטן אין וואלד, געשריבן: ..."ווען איך האב דערהערט ביינאכט ווי דער ווינט רוישט אין דיביימער, אדער ווי עס ברעכט זיך אפ א צווייגל, אדער א האז איז דורכגע-שפרונגען, איז מיך באפאלן א שרעק — אפשר גייט עס א מענטש."

נישט פאר קיין חיות און נישט פאר רוחות האבן מורא געהאט די פארשטעקטע קינ-דער, נאר פאר מענטשן — ווי קאן דאס פארטראגן אפילו דא סאמע געווויסנלאזע מענטשלעכע געוויסן?

איינער פון די אזוי דערמארדעטע קינדער איז געווען דאס אוראייניקל פון קלמן דעם קצב. אלע, וואס האבן געשטאמט מזרע קלמן, זענען געווען קצבים. דער אוקראי-נישער שרייבער פון וואלין, פאליקארפ שאפיעטא, ווען ער באשרייבט די באנדיטישע מלאכה פון סאטשקאווסקין, ווייסט נישט, נאטירלעך, ווי ס'האט געהייסן דאס ניין-יאריקע יינגעלע, וועלכער האט זיך וואכנלאנג אויסבאהאלטן אינעם קוימען פון אן אויוון. די פויערים האבן דעם שרייבער דערציילט, אז דאס איז געווען "א יינגל פון די קלמנס". סאטשקאווסקי האט זיך דערוווסט וועגן דער באהעלטעניש; זיך אליין מטריח געווען, געקומען אויפן ארט, מיט די אייגענע הענט ארויסגעשלעפט דאס קינד פונעם קוימען. דאס פארשווארצטע באשעפענישל האט מיט א דין ציטערנדיק-געפרוירן שטימעלע געבעטן:

— פאניע קאמענדאנט, נע אוביוואיטע מענע!

אבער דער מערדער האט אין די אויגן פון אלע פארזאמלטע שכנים ארויסגענומען דעם רעוואלווער און דערמארדעט דאס יינגעלע מיט א שאס אין קאפ.

ביי פאליקארפ שאפיעטא בין איך אויך געוויזער געווארן וועגן טויט פון בן-ציון סטאווקער.

*　　　*

*

דעם נאמען בן-ציון סטאווקער האט מען ביי אונדז אין שטעטל תמיד ארויסגערעדט מיט דרך-ארץ. מער — מיט יראת הכבוד.

איך געדענק שוין נישט, צי מיין חבר לייבל סטאווקער איז געווען א קינד פון בן-ציונס שוועסטער אדער פון זיין פארשטארבענעם ברודער. אבער לייבל איז געווען א קיילעכדיקער יתום און דערצויגן געווארן ביי זיין פעטער. איך בין געווען אן אפטער גאסט אין דעם הויז. געווען ממש פארליבט אין דער אטמאספער, וואס האט דא געהערשט. קיין שעמעוודיקער בין איך נישט געווען, אבער אין דער שטוב בין איך עפעס שטילער געווארן, צוריקגעהאלטענער, סאלידער; אפטער אראפגעלאזט די אויגן; פשוט געוואלט געפעלן ווערן. איך האב געהאט גרויס אפשיי פאר די מענטשן פון דער דאזיקער שטוב.

דאס איז געווען דאס איינציקע הויז אין שטעטל, ווו מען האט אבאנירט צוויי יידישע און איין העברעישע צייטונג. א שאנק מיט רבנישע ספרים איז געווען אין פיל הייזער, אבער גאנצע יארגענג פון צייטונגען און חודש-אויסגאבעס האט זיך געפונען בלויז אין דער שאנק פון סטאווקערן. דערין גאנצע יארגענג פון אויסגא-בעס פון פאר דער ערשטער וועלט-מלחמה, וואס זענען דא פארהיט געווארן על-פי-נס פון דער שרפה. איך מיט לייבלען פלעגן מיט פארגעניגן בלעטערן יארגענג פון די "ליטעראריש בלעטער". איין מאל האבן מיר זיך אפגעשטעלט אויף א רעצענזיע וועגן א פארשטעלונג פון שעקספירס "דער סוחר פון ווענעדיק". איז פארביי ר' סטאווקער, ארייגעקוקט, וואס מיר לייענען און געזאגט:

— צו 17 יאר, יינגלעך, אינטערעסירט איר זיך שוין מיט "שיילאקן"? ווען מען האט 17 יאר דארף מען האבן חשק צו לייענען שעקספירן אין אריגינאל.

דאס האט אונדז איבערראשט. וועגן דעם האט זיך אונדז אפילו נישט געחלומט. יידיש איז געווען בי אונדז דער גרעסטער יחוס און אונדזער גרעסטע ליבע, מיר

האבן בלויז געחלומט צו קענען רעדן מיטן ווילנער דיאלעקט. און ער, א שטעטלשער ייד, האט געהאלטן, אז א ייִנגער מענטש דארף שטרעבן צו לייענען די וועלט-קלאַסי-קער אין דער שפּראַך, אין וועלכער זיי האבן געשריבן. דער יראת הכבוד צו דעם דאַ-זיקן מענטש איז ביי מיר נאך מער געשטיגן.

בן-ציון סטאַווקער איז געווען א טיף רעליגיעזער ייד. אבער ער איז נישט גע-ווען קיין פאַנאַטיקער. זיין אמונה איז געווען א רואיקע, א טאָלעראַנטע — ער האט זי קיינעם נישט אנגעוואָרפן, געווען צו איר צוגעבונדן ווי א פאַרליבטער צו זיין אויסגעוויילטער.

זומער, אין א שבת ביי טאָג, זענען מיר געזעסן מיט לייבלען ביי סטאַווקערן אין שטוב. די פענצטער זענען געווען ברייט-צעעפנט. פאַר דער שטוב א לאַנג בריקל. אויף דעם בריקל איז געזעסן אויף א שטול בן-ציון, און אַרום אים, אויף די טרעפּ, ווי אין אן אַמפיטעאַטער, זענען געזעסן זיינע אַרומיקע שכנים — די בעלי-מלאכות, וועלכע האבן א גאַנצע וואָך געפּראַצעוועט אין די דערפער, און אויף שבת געקומען אַהיים צו זייערע געזינדן.

דער טאָג איז געווען א הייסער. מען איז געזעסן אן קאַפּאָטעס, אין ווייסע אונטער-קראַכמאַליעטע העמדער, טייל אין טלית-קטנס, טייל אין קאַמזוילן. יידן, פאַרברוינ-טע פון זון און פון ווינט, מיט בערד שוואַרצע, בלאַנדע און ווייסע. אויף די שפּיץ קעפּ — קאַשקעטלעך. בן-ציון סטאַווקער האט גערעדט, און זיי האבן שווייגנ-דיק געהערט, פאַרקוקטע אין זיין פּנים און ווי דורשטיקע אַראָפּגעריסן די ווערטער פון זיינע ליפּן. איך מיט לייבלען האבן ביים אָפענעם פענצטער צוגעהערט זיך. פאַר אונדז, ווי פאַר זיינע אַנדערע צוהערער, איז דאָס, וואָס ער האט גערעדט, גע-ווען אן אַנטפּלעקונג.

ער האט דאַן גערעדט וועגן עמיל זאָלאַ און געבראַכט אים ווי א ביישפּיל פון דעם, וואָס עס דאַרף זיין א ריכטיקער מענטש. דאָס איז געווען א שרייבער — האט בן-ציון דערציילט — וואָס האט נישט פאַרליטן קיין עוולות און זיך געשטעלט אין שוץ פון אומשולדיקע. ער האט פיל מאַטעריאַל פאַר זיינע ווערק גענומען פון גע-ריכט-אַקטן, ווייל ער האט געוואָלט מיט זיין שאַפן נאָענט זיין צום ווירקלעכן לעבן און זיך אַריינמישן אין אים. ער האט זיך מיט דער גאַנצער געוואַגטקייט גע-שטעלט אין שוץ פונעם אומשולדיקן יידישן קאַפּיטאַן דרייפוס, וואָס איז דורך די

פינצטערע כוחות אויסגעקליבן געווארן ווי א ציל-ברעט צו פארשפרייטן אנטיסעמי-טישע העצעס און שנאה צו יידן. ער האט אפגעדרוקט זיין רוף צו דער וועלט אין אן עפנטלעכן בריוו, וואס ער האט א נאמען געגעבן "איך באשולדיק".

ער האט דערציילט די געשיכטע מיט דרייפוסן, דעם קאמף פון זאלאן, וויאזוי ער האט געמוזט אנטלויפן פון זיין לאנד קיין ענגלאנד, אבער אויך פון דארט נישט אויפגעהערט זיין מלחמה פארן אמת ביז די גערעכטיקייט האט געזיגט, און דער יידישער קאפיטאן איז באפרייט געווארן פון טורמע און פון שולד.

מען האט אים געהערט מיט א פארכאפטן אטעם, און אויך די, וואס האבן געוווסט וועגן דער געשיכטע, האבן געהערט מיט א נישט קלענערער אויפמערקזאמקייט, ווייל סטאווקער איז נישט בלויז געווען אן אינטערעסאנטער דערציילער, נאר ער האט פאר-איינוועגס באריכערט מיט עטישע פראבלעמען, פארבונדענע מיטן דערציילטן.

צו דער מעשה האט זיך אויך צוגעהערט די פיש-הענדלערין פעסיע, וועלכע האט ביי די שטעטלשע יידן געהייסן "פעסיע די פלוטיכע", קענטיק פאר איר צעלאזענער צונג. ס'איז געווען טשעקאווע זיך צוקוקן ווי די דאזיקע יידענע האט זיך צוגע-הערט צו סטאווקערס רייד. עפעס גאר אן אנדערע יידענע, ווי א גאנצע וואך, אזא פארענדערטע. זי איז געזעסן אויף א הערכערן טרעפל, נעענטער צום דערציילער, און-טערגעשפארט מיט דער האנט די גאמבע און געהערט מיט אזא פארטיפטער ערנסטקייט, ווי זי וואלט געהערט נישט קיין אנדערן ווי אליהו הנביא. דער גאנצער אינדער-וואכן איז פון איר אראפ און ס'האט פון איר געלויכטן שבתדיקע רוחניות. זי איז, דאכט זיך, יינגער און שענער געווארן, די פלאפלערין, די יידענע מיט די "ניין מאס רייד".

מען קאן נישט זאגן, אז צו פעסיע "דער פלאפלערין" פלעגן זיך ווייבער נישט צוהערן. זי האט אליין אויך געהאט א טאלאנט צו דערציילן. איצט האט זי געקראגן א נייע טעמע: עמיל זאלא. דאנערשטיק פלעגט זי נעמען פארקויפן די ווייבער פיש אויף שבת, און דאן פלעגט זי נעמען אויף זיי אויסגיסן די ניין מאס רייד. איצט האט זי געגומען מיטן זעלבן אייפער באריכות דערציילן וואס פאר א מענטש עס איז געווען עמיל זאלא, דער פראנצויזישער שרייבער, וועלכער האט "וועלטן איינגעריסן" צו פארטיידיקן דרייפוסן. וועגן דרייפוסן האבן טייל יידן אין שטעטל געוווסט, אבער וועגן עמיל זאלא האבן זיי געהערט צום ערשטן מאל. פעסיע די פיש-הענדלערקע

איז געווארן דער איבערגעגעבענער פראפאגאנדיסט פון זאלא אין שטעטל. ווען בן-ציון סטאווקער פלעגט הערן ווי ווייבער רעדן וועגן עמיל זאלא, פלעגט ער שמייכלען אין זיין לאנגער שיינער בארד נישט אן הנאה.

*

בן-ציון סטאווקער איז אין שטעטל געווען דער לעצטער בורר. ווען צוויי פלעגן זיך פארוויקלען אין א וויכוח, און פון א וויכוח אריבער צו קריגערייַ, פלעגט מען קומען אויסהערן די מיינונג פון ר' סטאווקער, און ווי ער פלעגט זאגן, אזוי פלעגט עס בלייבן.

אין זיין וויסן און אויטאריטעט האט קיינער נישט געספקט. ווען צוויי צדדים פלעגן קומען צו א הסכם: "גיין צו מענטשן", זענען עס די "מענטשן" געווען איין מענטש — בן-ציון סטאווקער.

אויך מיט זיין אויסזען האט זיך סטאווקער אויסגעצייכנט פון אלע אנדערע אין שטעטל. ער איז געווען א הויכער, א שטאלטנער, א שמאלביינערדיקער און זיך געהאלטן גלייך, ווי א בוים. זיין גרויסע, ווייסע, לאנגע בארד האט נישט געוווסט פון א שער, אבער געווען איז זי פונקט ווי ער וואלט זי געכאליעט ביי א פריזירער. צו זעכציק, און אפילו זיבעציק א בן-שבעים, איז זיין פנים געווען גלאט, אן קנייטשן, און די עטלעכע קנייטשעלעך ארום די אויגן זענען געווען ווי שטריכן אין א פארטרעט צו מאכן בולטער די שיינקייט פון זיין פנים. זיינע בלויע אויגן האבן געקוקט מיט גרויס מילדקייט, און זיינע הענט, אזוינע הענט האט נאר ער אליין געהאט — דינע, ווייסע, מיט שיינע לאנגע פינגער. ער איז געווען קארג אין הע́ויה, אפגעהיט אין א ווארט און געצוימט אין זיינע באוועגונגען. אן איידלמאן אין בעסטן זין פון ווארט, דעליקאט אין אלע פרטים.

סטאווקער! — א שיינער מענטש, א קלוגער, א פריינדלעכער און באשיידענער.

*

דער אוקראינישער שרייבער פאליקארפ שאפיעטא האט דערציילט, אויפן סמך פונעם עדות זאגן פון די פויערים פון אונדזער געגנט, וועגן דעם, ווי עס איז אומגעקומען בן-ציון סטאווקער. איך פערזענלעך האב געשמועסט מיט מענטשן, כדי זיך צו דערוויסן עפעס מער.

אין 1941 יאר האט דער פאליציי-קאמענדאנט פון קאלקער אומגעגנט, דמיטרי סאטשקאווסקי, צונויפגעטריבן עטלעכע צענדליק זקנים און קינדער אויף א פעלד אויף דער אנדערער זייט פון טייך סטיר, נישט ווייט פון דער בריק, אויף דעם "לוג", ווי מען פלעגט עס ביי אונדז רופן.

מ'האט אויף די צוזאמענגעטריבענע אנגעשטעלט אויטאמאטיש געווער און זיי געצוווּנגען צו קריכן אויף אלע פיר און עסן גראז. "פרעסט יידישע חיות!" — האט געריטשעט אויף די אומגליקלעכע סאטשקאווסקי, און ביי יעדן געשריי אויסגעקליבן א נייעם קרבן וועמען צו באהאנדלען מיט קלעפּ. אלע זענען געווען צעבלוטיקט און צעהרגעט, ווען ער האט זיי באפוילן אויף אלע פיר לויפן צום טייך זיך אנטרינקען.

סטאווקער איז געשטאנען א גלייכער און זיך צוגעקוקט צו דער טײַוולאנישער שפיל, צו דער ווילדער פאַרוויילונג פון דעם דאזיקן הענקער. פלוצלונג האט סאטשקאווסקי באמערקט דעם מאיעסטעטישן זקן, צוגעשפרונגען און אויסגעשריגן:

— פארוואס קניסטו נישט, פארשאלטענער ייד? פארוואס עסטו נישט קיין גראז?

סטאווקער האט געקוקט אויף דעם וואסער פונעם טייך, ווו עס האט זיך אפגעשפיגלט דער הימל, און אפילו נישט א קוק געטאן אינעם פרצוף פונעם מנובל; אפילו זיך נישט אומגעקערט אין זיין זייט.

א פאר הונדערט מעטער פון אים איז געשטאנען זיין גרויסע הילצערנע שטוב ביי דער בריק ביים סאמע טייך. ער האט פונדערווייטנס מיט דעם אלעמען זיך געזעגנט. רעכטס, האט ער געזען די אלטע הילצערנע שיל און געוווסט, אז מער וועט ער אין איר נישט מתפלל זיין, מער וועט נישט פליסן זיין קול ביים עמוד און מער וועט ער נישט הערן די תחנונימדיקע תפילות פון דער עדה הארעפאשנע יידן. דריי אויסגעדארטע, טויטע ביימער, אן בלעטער און אן לעבן זענען געשטאנען שוין זינט יארן דאָרט, און ער אליין איצט, שטייענדיק אָ-דאָ, האט ער געוווסט, אז ער איז אויך שוין געווארן א בוים אן צווייגן, אן בלעטער און אן לעבן...

ווער ווייסט מיט וואס זענען געווען פארנומען די לעצטע מחשבות פון סטאווקערן, ווען ס'האט א הילך געטאן א ווילדער געשריי:

— אויף די קני!

אין דער זעלבער צייט האט אפגעהילכט א שאס פון א רעוואלווער און אומגעווארפן דעם זקן אויף דער ערד.

— דאבי מענע! — האט, ליגנדיק אין בלוט, אויסגעקרעכצט דער 84-יאריקער זקן.

— ניק! — האט דער רוצח ארויסגעשיפעט דורך די ציין און איז אוועק.

קיינער האט נישט געזען ווי דער זקן האט אויסגעהויכט די נשמה; פון קיינעם האט מען נישט געקאנט אקרויסקריגן, ווי לאנג ער האט זיך געמאטערט. ער איז גע-ווען, און ביזן סאמע טויט פארבליבן א ייד, וואס איז נישט געשטאנען אויף די קני!

*  *

*

דמיטרי סאטשקאווסקי, דער יידן-מערדער, איז געווען אפילו צווישן מנובלים א מנובל. דער פוילישער שרייבער און היסטאריקער, זביגניעוו זאלוסקי, דער-ציילט, אז סאטשקאווסקיס אמתער נאמען איז געווען סאטשקא, ער האט אבער געשטרעבט מיט אלע כוחות צו מאכן א קאריערע, האט ער, כדי אויסצונעמען ביי דער סאנאציע-מאכט, און קריגן דעם אמט פון א וויט, פארפוילישט זיין פאמיליע-נאמען און חתונה געהאט מיט א פויליש מיידל. בעת דער היטלעריסטישער אקופאציע האט ער ווי-דער איבערגעדרייט דאס רעדל: צוריק געווארן סאטשקא און, כדי ווייזן, אז ער איז אן עכטער אוקראאינישער נאציאנאליסט און טריי זיינע עסעסישע קאמראדן, האט ער אויפגעהאנגען ביי זיין שטוב, מיט זיינע אייגענע הענט, זיין פויליש ווייב.

פולקאווניק זאלוסקי האט אינפארמירט: "דער פראווידניק" — דער אנפירער פון דער וואלינער ארגאניזאציע פון אוקראאינישע נאציאנאליסטן — "קאבור" (אמתע פא-מיליע - קליאטשקאווסקי) האט מוחל געווען סאטשקאווסקין זיינע באגאנגענע חטאים, אים רעהאביליטירט און אפילו געגעבן א "געהייליקטן" סערפ-מעסער, א געבענטשטן דורך א גלח. ער האט ווידער געביטן זיין גלויבן, געווארן א פראוואסלאווונער.

ביים קראך פון "דריטן רייך" האט ער, מיט דער מיטהילף פון זיינע עסעסישע חברים, דורך בערלין און רוים זיך ארייננבאקומען קיין קאנאדע. מען ווייסט, אז ער האט געלעבט רואיק און באקוועם אין טאראנטא. לויט דעם, וואס איך האב גע-לייענט אין דער לוצקער טעגלעכער צייטונג פונעם 10-טן סעפטעמבער 1978, האט דער דאזיקער באנדיט געביטן זיין טאראנטער מקום-מנוחה אויף וויניפעג. ער לעבט אונטער זיין אייגענעם אדער אונטער א פרעמדן נאמען,דאך דארף נישט שווער זיין

אים צו דערשנאפן און שטעלן פאר א געריכט, ער זאל ענדלעך באצאלן פאר זיינע שוידערלעכע פארברעכנס — פאר דערמארדן קינד און קייט אין וואלין, פאר זיין עקלדיקן איזדיעקעווען זיך איבער זיינע קרבנות, פאר די טייכן בלוט, וואס ער האט פארגאסן אין די שטעט און דערפער פון אונדזערע אלטע דורות איינגעזע-סענע היימען.



בן-ציון סטאווקער



*איזיא שניצער (פסח דעם קלעזמערס איינעקל)*

## איינער פון די חסידי אומות העולם

*אין שווערע צייטן, ווען מענטשן ווערן געפרווט, ווערן זיי אויך אויסגעפרווט. ערשט דאן דערקענט מען דעם תוך — דעם מענטש ווי דעם אוממענטש. פלוצלינג אנטפלעקט זיך דער פריינד און דער שונא, דער העלד און דער פחדן.*

*איך וויל דא דערציילן וועגן איינעם, וועלכער האט בעת סכנה אנטפלעקט זיינע אלע שיינע מענטשלעכע אייגנשאפטן — איך וויל דערציילן וועגן וויטאלד פאמענקא.*

ער איז געבוירן געווארן אין ווארשע, אין 1905 יאר. זיין טאטע איז געווען א פוילישער קלעזמער, א געוויינלעכער קלעזמער צווישן פיל אנדערע. מ'האט שווער געלעבט. האט דער ראש המשפחה געמיינט: משנה מקום, משנה מזל — צונויפגענומען די ארעמע בעבעכעס און אריבערגעפארן קיין כעלעם. וויטאלדן האט מען אפגעגעבן אין א לערער-סעמינאר. דאס לערנען האט ער אבער געמוזט איבעררייסן, כדי צו העלפן מפרנס זיין די משפחה. ער איז געווען פון קינדווייז-אן מוזיקאליש; גע-שפילט אויף א קלארנעט און אנדערע בלאז-אינסטרומענטן. זיין לערער איז געווען זיין אייגענער טאטע. די נויט איז דער משפחה הארטנעקיק נאכגעגאנגען פון ווארשע קיין כעלעם; עס איז געווען, קאן מען זאגן, אויסגעביטן א שוך אויף א לאפעטש... האט מען געוואנדערט ווייטער, און די זלידנע מכשפה איז נאכגעגאנגען פוסטריט, און אזוי איז מען צוזאמען פארפארן קיין לוצק.

אין 1925 האט זיך וויטאלד ענדלעך איינגעארדנט. און גוט איינגעארדנט — אין מיליטערישן ארקעסטער פון 24-סטן פוסגייער פולק. א סטאבילע מלוכהשע שטעלע. צום ערשטן מאל האט די נויט באקומען א גוטן בריק אין הינטן-אריין, און אפגע-טראטן.

ווו די משפחה זאל נישט האבן געוואנדערט, האט זיך שוין אזוי געמאכט, אז ס'איז איר אומעטום אויסגעקומען צו לעבן צווישן יידן. אין ווארשע אזוי, אין לוצק אזוי. אין לוצק האט וויטאלד געשפילט אויך מיט יידישע מוזיק-אמאטארן. און ווי געוויינלעך אליין אויך געשאפן מעלאדיעס, זיי זענען געווען חצי - פוי-ליש, חצי - יידיש.

אין "ספר לוצק" ווערט דערציילט:

"דעם יינגן וויטעק האט מען באקענט מיט דעם סטאלענער רבין, א צדיק, וועל-כער איז געווען באוווסט אלס גרויסער מנגן און אליין אויך געשפילט אויפן פידל. גערעדט האט וויטעק יידיש פון די קינדער-יארן-אן. האט ער דעם רבין אין פראסט יידיש פארגעלייגט, אז ער וועט שאפן א ניגון פאר די סטאלענער חסידים. דער רבי האט געוווסט, אז וויטעק איז נישט קיין ייד, דאך איז ער אויף דעם איינגעגאנ-גען.

פאמענקא האט געשאפן פיל מעלאדיעס. זיי האבן געהאט דעם קאלאריט פון די או-קראינישע פעלדער, און דעם סאמעט פונעם יידישן טרויער. האבן זיי געקלונגען ווי תפילות אן ווערטער.. דעם רבין — האט מען געשמועסט — זענען פאמענקאס ניגו-נים געפעלן געווארן, און די חסידים האבן זיי געזונגען מיט גרויס התלהבות. מען האט אויך גערעדט, אז צוזאמען שפילן זיי, דער רבי און פאמענקא, אויף זייערע פידלען..."

ווען ס'זענען געקומען די יארן פון שרעק, פון גרויל און אומקום, האט פאמענ-קא גענומען פירן אין געהיים א טאג-בוך. אט זענען איי ניקע שפליטערס פון דעם דאזיקן טאג-בוך:

*"פילאנטראפן זענען די, וועלכע ווייסן אליין נישט, אז זיי זענען עס"...*

*"ווען מען זאגט מיר: איר זענט אן אנשטענדיקער מענטש, דאכט זיך מיר, אז מען מאכט פון מיר חוזק"...*

*"דער גרעסטער גייסטיקער כוח פון א מענטש איז זיין גלייבן אין א בעסערן מארגן"...*

*"...ווייס'ט, טייערער פריינד, פונקט אזוי גוט ווי איך, אז פיל פון אונ-דזערע שכנים און פריינד האבן דעמאנסטרירט זייער פריינדשאפט, ווען דאס האט זיי גארנישט נישט געקאסט און גארנישט נישט געדראט. ביים ערשטן נסיון האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס איז א ליגן."*

פאמענקא האט נישט דעקלאמירט וועגן גלייכקייט און פעלקער-ליבע. ער האט גע-פירט דאס טאג-בוך, כדי צו פארשרייבן דעם שוידער. ער נעמט עס פירן דעם 26-סטן יוני 1941 יאר, און דאס לעצטע זייטל פארענדיקט זיך מיט דער דאטע פון 25-סטן דעצעמבער 1943 יאר, ווען אין לוצק האט שוין נישט געלעבט קיין איין ייד.

פאמענקא פארשרייבט אלץ: די ערשטע פלאקאטן קעגן יידן, דעם פארבאט פאר יידן צו גיין מיטן טראטואר, דעם באפעל, אז יידן מוזן אראפנעמען דעם הוט פאר יעדן דייטש, די אכזריותן פון די אוקראאינישע פאשיסטן:

*"צענטער יולי 1941: אלע יידן מוזן טראגן ארעם-בענדער מיטן מגן-דוד. דער ערשטער ארבעטס-לאגער אויף קראסנע."*

*"ערשטער דעצעמבער 1941, זיבן אזייגער פרי — געשאפן געווארן דאס לוצקער געטא."*

*"17-טער אויגוסט 1942. צווייטע קאנטריבוציע: טויזנט קילא זייף, הונדערט קילא ליכט, 210 פאקעטן מיט שטאף."*

*"19-טער אויגוסט: מיטוואך. ארומגערינגלט דאס לוצקער געטא."*

*"23-סטער אויגוסט. מען זוכט יידן, וואס באהאלטן זיך אויס. די געכאפטע פירט מען צום שלאס. אפגעריסענע, קראנקע, פארבלוטיקטע. מען טרייבט זיי צום ברודער-קבר."*

*"פונעם 20-סטן ביזן 23-סטן אויגוסט — אויסגעהרגעט אין לוצק 17.500 יידן."* און אזוי א טאג נאך א טאג. מיט דער גרעסטער גענויקייט.

*"די גרייס פון די גריבער: 150 מעטער די לענג, 5 מעטער די ברייט, 2,5 די טיף."*

*"דעם 23-סטן אויגוסט, זונטיק, האב איך געזען קליינינקע קינדער, וועלכע זע-נען טויטע געשווומען אויף די וואסערן פון טייך סטיר. עס האט זיך מיר איינגע-קריצט אין זכרון א בילד, וואס פארפאלגט מיך כסדר: א קליין שווארץ מיידעלע מיט ברוינע לעגטעס, אויסגעבונדענע ווי א בלום. א ווייס פנימל מיט אפענע אויגן, ווי זיי וואלטן עפעס געזוכט אין הימל."*

אונטער דער דאטע פון צענטן אויגוסט איז פאראן א קורצע נאטיץ: *"פרידע-מירל — א ברייד אוך א גאלדן רינגל."*

א סך שפעטער וועלן מיר זיך דערוויסן וואס די נאטיץ באדייט. עס רעדט זיך וועגן יוסף-בנימינס טאכטער, פריידע-מירל, "דעם קאזאק". זי האט דאן געוווינט אין לוצק מיט איר ניין-יעריק מיידעלע. אין דעם בריוו ווערט בפירוש געזאגט:

*"איך וועל נאך לעבן צוויי טעג... אריב די מלחמה וועט זיך אמאל ענדיקן, שיקט איבער דעם בריוו צו מיין מומען קיין ניו-יארק, צו בעטי פאלאק. זאלן מענטשן אויף דער וועלט וויסן וואס דא איז פארגעקומען."*

איך האב געפרווט פעסטשטעלן, וויאזוי האט פריידע-מירל געקאנט וויסן, אז זי וועט לעבן "בלויז צוויי טעג". אבער יעדעס מאל, ווען מיר האט זיך אויסגע-דאכט, אז איך בין שוין אויף א דרך, האט זיך דער פאדים איבערגעריסן. איך וויל צונויפנעמען אלץ אין איין גאנצעס און עס לאזט זיך נישט. זיכער איז: אין לוצ-קער געטא איז געווען א געהיימער קאמיטעט, וועלכער האט זיך באמיט ארויסצוהעלפן מיט פראדוקטן און מיט א מלבוש די ארעמסטע צווישן די ארעמע. געווען, פאר פא-מענקאן, נאך עטלעכע, וועלכע פלעגן, ווי ער, ארייננשמוגלען אין געטא א ביסל קארטאפל, מעל, עטלעכע צענדליקער קעפלעך קרויט. פאמענקא דערציילט, אז דאס פלעגט פריידע-מירל אנווייזן ווער זענען די נויטבאדערפטיקסטע, וועלכע מען דארף העלפן אין דער ערשטער ריי.

פריידע-מירל האט געהאט א "גוטן אויסזען" און גערעדט אוקראאיניש ווי אן עכ-טע פויערטע — פלעגט איר געלונגען זיך ארויסצובאקומען פון געטא אין די ארומי-קע דערפער און זיך קאנטאקטירן מיט באקאנטע. זי האט געהאט אויך א פארבינדונג מיט יידן אין קאלק און שיענקעוויטשקע. אויך פון דארט פלעגט מען ארייננשמוגלען אביסל שפייז אין געטא. אין דער ארומיקער געגנט האט מען אויך געזוכט געווע[illegible] פאר דער קאמפס-גרופע, וואס איז געשאפן געווארן אין לוצקער געטא. זי האט זי-כער אויך באקומען אויפגאבעס פון די ארבעטער פון דער סטאלערליי-פאבריק, ווו עס איז צוגעגרייט געווארן א באוואפנטער ווידערשטאנד.

זיגלבוים-סאוויצקי דערמאנט: "קיינער און קיינמאל וועט זיך וואַרשיינלעך נישט דערוויסן, וויאזוי ס'איז ארגאניזירט געווארן דער ווידערשטאנד פונעם 12-טן דעצעמבער 1942. אורטיילנדיק לויט דער פייער-קראפט, דארף מען אננעמען, אז די צוגרייטונגען האבן געדויערט א לאנגע צייט."

עס איז קיין ספק נישט, אז פריידע-מירל איז געווען איינע פון די, וועלכע האבן געקענט דעם וועג צו די פארטיזאנער. די שווארצע נבואה וועגן איר טויט איז געווען מקוים געווארן.

צו דעם בריוו, וועלכן האט אויסבאהאלטן וויטאלד פאמענקא, גיב איך נישט צו קיין איין ווארט. איך דרוק אים איבער אין עקסטענסא. אט איז ער:

*לוצק, דעם 10-טן אויגוסט 1942*

*טייערע מומע, בעסיע פאלאק!*

*איך נעם דיר איצט שרייבן א בריוו, און דאס וועט זיין א מין ווידוי פאר דעם טויט. ווען דו וועסט לייענען דעם בריוו, וועל איך שוין זיין לאנג טויט, נאר וואס קאן מען טאן.*

*טייערע מומע! דעם לעטער לאז איך איבער ביי א קריסט, און אז די שרעקלעכע בלוטבאד וועט זיך ענדיקן, און דער איידעלער קריסט וועט דערלעבן, וועסטו דעם בריוו דערהאלטן, און דאן וועסטו ערשט וויסן וועגן דער יידישער טראגעדיע דא אין דער פארשאלטענער בלוטיקער אוקראינע.*

*טייערע מומע, דער קריסט, וואס איך לאז אים איבער דעם דאזיקן בריוו, איז זייער אן איידעלער, און ער איז ווערט באשריבן צו ווערן אין דער געשיכטע, ווייל דאס, וואס דער קריסט טוט אויף פאר יידן אין געטא, איז נישט צו באשרייבן. זיינע ערלעכע פארדינסטן, וואס ער פארדינט, שענקט ער אוועק פאר ארעמע יידישע קינדער, און אליין לעבט זיך דער מענטש זייער געווינלעך. אבער, ליידער, קאן ער ראטעווען מענטשן בלויז פון הונגערטויט, אבער נישט פון קיין בייזע חיות.*

*טייערע מיינע מומע און קוזינס, און בכלל אמעריקאנער יידן, ווער פון אייך קאן זיך פארשטעלן די טראגעדיע פון די יידן אין אוקראינע? — קיינער נישט! דער מענטשלעכער געדאנק קאן דאס גארנישט פארנעמען. וואס הייסט? מען נעמט מענטשן, יונגע, געזונטע און פעיקע צו לעבן און ארבעטן, און מען באגראבט זיי לעבעדי-קערהייט. אדער, עווענטועל, מען שיסט זיי. פארוואס? ווייל זיי זענען יידן.*

*אלזא, מיין טייערע מומע, איך וועל דיר דערציילן אינקורצן פונאנהייב. איך געפין זיך שוין צען יאר אין לוצק. פלוצלינג איז אויסגעבראכן די מלחמה. איך פיר טעג ארום זענען אריין די דייטשן. און באלד האט מען אנגעהויבן כאפן יידן. האט מען דא, אין לוצק, ווי אויך אין אלע אנדערע שטעט אנגעהויבן אויסצורוימען*

צרביסלעכרוויז די יידן. מען האט זיי פארכאפט אין די טורמזנעטער, און מען ווייסט נישט ביזן היינטיקן טאג ווו זייער געביין איז אהינגעקומען. ס'איז שוין פערצן מאנאטן אין דעם. דערנאך האט מען אנגעהויבן אויסצוהרגענען דא ביסלעכווייז די יידן.

טייערע מומע, דער ערשטער קרבן איז געווען מיין טאטע, מיין מאמע, כייקעס מאן - מענדל, און מיין חנהס מאן, און כייקעס צוויי קינדער. מען האט זיי פאר-כאפט, און מען ווייסט נישט ביזן היינטיקן טאג ווו זיי זענען.

איצט האט מען אנגעהויבן אויסצוהרגענען אין די שטעט און שטעטלעך אלע יידן, און דער מענטשלעכער געדאנק קאן דאס גארנישט באנעמען: וואס הייסט, מען נעמט צונויף עטלעכע טויזנט מענטשן, פרויען, מענער און קינדער, מען פירט זיי ארויס אין פעלד, מען שניידט זיי אויס, ווי מען שניידט קארן.

שטעל זיך פאר, מומע: עלטערן דארפן צוקוקן ווי מען שיסט זייערע קינדער. גאט, גאט! ווו איז דער יידישער גאט? וואס זענען שולדיק די פיצלעך קינדער?

מומע טייערע, איך האב שוין נישט קיינעם. איין ברודער איז מיר געבליבן.

יענע וואך איז געווען די שחיטה אין קאלק, און די מערדער האבן דערהרגעט מיין טייערע מאמע און מיין שוועסטער חנה מיטביידע קינדער, חיה-ריווען מיט דריי קינדער, חיימען מיט זיין ווייב און א קינד, מאירס ווייב און כייקען מיט די קינדער, מענדלס ווייב מיט די קינדער, מיין טאטנס ברודערס שוועסטער און קינדער.

ווייי, ווי קאן מען דאס אויסהאלטן, הערנדיק — פון אזא גרויסער פאמיליע איז מיר געבליבן איין ברודער. נאר מיין טייערער ברודער מאיר איז מיר געבליבן.

איך האב איצט פון מאירן דערהאלטן א בריוו, שרייבט ער מיר, אז ער וויל לעבן נאר צוליב נקמה. גאט ווייסט, צי ער וועט דאס דערלעבן.

איצט, טייערע מומע, ווייסן מיר דא אין לוצק, אז מיר זענען פאראורטיילט צום טויט, מיר ווייסן נישט, ווען דער אורטייל וועט אויסגעפירט ווערן. היינט שרייב איך דעם בריוו, און איך ווייס נישט, צי וועל איך מארגן אין דער צייט לעבן, ווייל זיי פאלן אריין אינמיטן דער נאכט, מען נעמט ארויס די יידן פון די שטיבער און מען שעכט זיי אויס ווי די עופות.

ליבע מומע און טייערע אמעריקאנער יידן, אייער גורל איז א בעסערער פון אונ-דזערן, פארזוימט-זשע נישט צו נעמען נקמה פאר אונדז. עס ליגט אויף אייך דער חוב, ווייל אמעריקאנער יידן האבן געהאלפן בויען דעם היטלעריזם, און איצט פאר-ניכטעט ער די יידן פון אייראפע.

איך שרייב נישט מער.

עס איז מיר נאר א שאד מיין יונג קינד, אזא שיין קינד, אזא טייער קינד דארף גיין צו דער שחיטה. זי וויל נעבעך לעבן. נאר ליידער, גאט ווייסט.

טייערע מומע, אויב דו לעבסט און דיינע קינדער לעבן, וועט איר געוויס אמאל לייענען דעם דאזיקן בריוו, און איר וועט זיך ערשט דערוויסן וועגן אונדזער טראגעדיע.

דער קריסט וועט אייך געוויס שרייבן וועגן אלץ, ווייל ער רעדט יידיש ווי איך און שרייבט יידיש.

אויך פון אים וועט איר זיך אלעס דערוויסן.

בלייבט אלע געזונט. גליקלעך זענט איר, ווייל איר זענט אין אמעריקע.

### דייך פלימעניצע פריידע-מירל

...איך זיץ אין מינסק ביי אהרנען, יוסף-בנימינס יינגסטן זון, איצט — אן אנפירער פון א גרויסער טראנספארט-ארגאניזאציע. מיר רעדן צוזאמען ארום פארשי-דענע פאקטן, וואס מען האט אים דערציילט, און פרוון זיי פארבינדן איינע מיט די אנדערע, כדי צונויפשטעלן א נישט-מאטעריעלע מצבה פון יוסף-בנימינס שבט.

— ווארט צו, דוד — זאגט אהרן, נעמענדיק א בלייפעדער אין דער האנט — וויפל האט געציילט אונדזער משפחה? ברידער, שוועסטער, שוואגערס און זייערע קינדער. אלזא, נאר די נאענטסט משפחה?

אלע בייזייענדיקע העלפן אויפשטעלן די רשימה: אברהם דער שלאסער, מענדל דער שניידער... עס שיטן זיך נעמען און פאכן — אלץ הארעפאשניקעס, וועלכע האבן גע-פראצעוועט אויף זייער לחם לאכול. אנגעציילט — 57. בלויז די נאענטסטע — 57. אין וויפל וואלטן זיי זיך פאנאנדערגעוואקסן פאר די אלע יארן, וואס זענען ביי זיי מיט א ווילדער גזלנות אפגענומען געווארן? דאס דארף אויך גענומען ווערן אין חשבון. נישט בלויז די געבוירענע, נאר אויך די, וואס זענען אונטערגעשניטן

געוואָרן פאַרן געבוירן ווערן. זיי אַלע דאַרפן מיר באַוויינען, ווייל באַוויינענ-דיק זיי, באַוויינען מיר זיך אַליין, וואָס אונדזערע וואַרצלען זענען אונטערגע-שניטן געוואָרן און קאָנען מער נישט געבן קיין לעבעדיקע פּרות.

וועגן די פאַרשניטענע ווייסט מען עפּעס. זייערע ביינער האָבן זיך געפונען אין די גריבער נעבן סיטניצע, נעבן סטאַראָסילע, אין די גרויסע גריבער פון די ביאַלאַ-ברעגעס. ווו איז מאיר, דער, וואָס האָט געשריבן צו פריידע-מירל קיין לוצק, אַז די נקמה מאָנט? מען האָט אים געזען אין 1943 אין דאָרף נאַוואָסילקי. מאיר איז געווען אַן אויספירער אין אַ פּאַרטיזאַנישן קאַוואַלעריע-טייל, אונטערן אָנפיר פון ברינסקי. ווו איז ער אַהינגעקומען? ווו איז זיין קבר? קיינער ווייסט נישט.

בלויז נאָך איינער פון דער משפחה, חוץ אַהרנען, איז לעבן געבליבן, דאָס איז ראובן פוקס, דער שלאָסער-אַרבעטער מיט אַן אַמפּוטירטן פוס, וואָס לעבט און אַרבעט אין אַמסק. ער האָט געקעמפט מיט געווער אין האַנט פונעם ערשטן טאָג פון דער מלח-מה און געפירט אַ בלוטיקן חשבון מיטן פיינט פאַרן לאַנד, פאַרן פאָלק, פאַר זיין משפּחה אויף פיל פראָנטן. לאַנג געקעמפט אויף די פראָנטן אַרום סטאַלינגראַד און אין סטאַלינגראַד גופא, שווער פאַרוואונדעט געוואָרן, און נאָכן אַרויסגיין פונעם שפּי-טאָל, ווידער צוריקגעקערט זיך אין דער אַרמיי און מיט איר דורכגעמאַכט דעם וועג, אין כסדרדיקע קאַמפן, קיין ליטע, קיין קעניגסבערג, ווו ער איז ווידער שווער פאַרוואונדעט געוואָרן און פאַרלוירן אַ פוס.

אַזוי האָט פאַרענדיקט די מלחמה איינער פון דעם שבט בנימין, אַ ווירדיקער גליד פון אַ ווירדיקן שבט.

סאַך אַ טרויעריקער סך-הכל!

*

## צוויי, וועלכע זענען געווען די לעצטע...

דעם אפטייקער פון קאלק, מענדל פייערשטיין, האבן די שטעטלשע יידן צווישן זיך מיט גרויס דרך-ארץ באטיטלט: "מענדל דער למדן".

מענדל איז אליין געווען דער לערער פון זיינע קינדער, זיי אלעמען געבראכט צו א תכלית. זיין בכור, שמואליק, איז געווארן גאר נישט קיין שלעכטער אפטיי-קער. אמת, אן אפטייקער אן א דיפלאם. געהאלטן האט ער א דראגעריע, נישט געהאט קיין רעכט צו מאכן רפואות, אבער ער האט זיי געמאכט. "אומלעגאל". אין פרט פון זייער ווערט און ווירקונג זענען זיי געווען נישט ערגער פון די לעגאלע.

דער מיטעלער זון, זעליק, איז געווארן גאר נישט קיין שלעכטער פעלדשער. אמת, אן א דיפלאם און, במילא, אן רעכט זיך צו פארנעמען מיט דעם דאזיקן פאך. ער האט זיך אבער יא פארנומען.

מענדלס צוויי אנדערע זין זענען געווארן העברעישע לערער. אויך זיין איי-דעם, אגב אורחא געזאגט, איז געווען א לערער פון העברעיש און מיט גאר הוי-כע קוואליפיקאציעס.

הכלל: עס איז געווען א נישט-דורכשניטלעכע משפחה — אן אינטעליגענטע, מער: פון כולו אינטעליגענץ.

מענדלס אלע זין און זייערע משפחות זענען אומגעקומען: אין קאלק, אין ראוו-נע, אין לוצק. אין סך-הכל — העכער צוויי צענדליק נפשות. בלויז איינעם איז באשערט געווען דער גורל צו זיין איינער פון די לעצטע צוויי יידן אין קאלקער געטא, נאכדעם ווי אלע זענען שוין געווען אויסגעמארדעט. די דייטשן האבן אים נישט געוואלט אומברענגען — זיי האבן אים געדארפט. נישט פאר זיך. זיי האבן אים געדארפט אלס א פעלדשער פאר זייערע משרתים — די אוקראינישע פאליציאנטן.

לויט זיין אויסזען אינעם טויטן און חרוב-געווארענעם געטא, האט ער גיכער געהערט צו די שוין געשטארבענע. דער פריער היפש געפאקטער און ברייטפלייציקער

זעליק איז שוין לחלוטין נישט געווען ענלעך אויף זיך אליין: הויט און ביינער. שארפע שטארצנדיקע קינבאקן. גרויל באוואקסענע, ווי אלטער וואלד-מאך, איינגע- פאלענע באקן. אינגאנצן ענלעך צו א שארבן אויף א שטעקן. בלויז די אויגן זיינע האבן קרענקלעך געגלאנצט פון שטענדיקן פיבער.

מיר איז נישט לייכט אנגעקומען זיך עפעס צו דערוויסן וועגן טויט פון די לעצטע צוויי יידן. די, וואס האבן געפרוווט וועגן דעם אויספרעגן די קריסטלע- כע שכנים, האבן באקומען זייער קארגע און זייער מאגערע ענטפערס. יעדער האט אויסגעמיטן צו רעדן קלארע דיבורים. אפשר צוליב דעם, וואס דאס געוויסן איז ביי זיי געווען נישט ריין, אפשר צוליב דעם, וואס זיי האבן אליין צוגעלייגט א האנט צו זייער טויט, אדער געגנאכט פון די פארמעגנס פון די אויסגעשאכטענע.

מען האט געדארפט פון זיי יעדעס ווארט ארויסציען ווי מיט צוואנגען. דערפאר טאקע האב איך זיך קוים דערוווסט פיצלעך און ברעקלעך, און פון דער-א צונויפ- געזאמלטער שטאמלעניש — און פון דער צווייטער האנט — זיך באמיט צונויפשטעלן דעם דאזיקן פראגמענט.

באוווסט איז: די דייטשן האבן פארבאטן זעליקן צו דערשיסן. אבער זעליק האט לעבן נישט געוואלט. האט ער דערפאר כסדר פראוואצירט, אין דער האפענונג טאמער וועלן זיינע שונאים נישט אויסהאלטן, און אים פארט פטרן. ער האט אויף זיי גע- שריגן, ער האט זיי געזידלט, געשאלטן: באנדיטן! ווילדע ברואים! מנובלים! מענטשנפרעסער! מערדער! בלוטיקע הינט! זיינע פאציענטן האבן אים געהאסט מיט דער גרעסטער שנאה, מיט דער גאנצער קראפט פון זייערע פארדארבענע הערצער, אבער עובר זיין אויפן דייטשישן פארבאט, האבן זיי נישט געוואגט. האט זעליק געלעבט און זיי געמישט מיט דער בלאטע צוגלייך.

ביז עמעץ האט דאך עובר געווען דעם פארבאט.

מען דערציילט:

אין איינעם א פרימארגן, ווען א פאליציאנט איז געקומען אים נעמען אויפן מע- דיצינישן פונקט, האט ער אים געפונען זיצן אויפן טאבורעט מיטן קאפ אין די דלא- ניעס, אנגעשפארט אויפן טיש. אן אומבאוועגלעכן. א פארגליווערטן. אויפן טיש איז געלעגן א האלבער קארטאפל, און אין אים א שווארץ קנייטל פון אן אויסגעברענט ליכטל. פונעם פארגליווערטן בלוט אויף דער פאדלאגע האט געפירט א פארגליווערט

ריטשקעלע צום קאפ, און דאס לעכל, ווו די קויל האט געטראפן, איז געווען פון בלוט א חתימה ווי פון טריפּוואקס.

ווער איז געווען זיין מערדער?

פארוואס איז זעליק געזעסן אין אזא פאזע, ביי א ליכטל אין א קארטאפל? אפשר איז דאס געווען א יארצייט-ליכטל נאך זיין ווייב און פיר אומגעבראכטע קליינע טעכטערלעך?! ער איז געזעסן, ווייזט אויס, א פארטראכטער אין טיפער עצ-בות ביי דעם ליכטל, ווען דער טויט איז צו אים געקומען — דורך אן אומגעריכטן שאס אין נאקן.

*　　　*

*

דעם זיידן ליפּלעווסקי האב איך גוט געקענט — ער איז געווען א בן-בית ביי אונדז אין שטוב. זיינע זין געקענט פיל ווייניקער. אויך זיין זון, חנא, איז מיר געווען ווייניק באקאנט. איך געדענק אבער, אז אין שטעטל פלעגט מען זאגן, אז דער בעקער חנא גייט "אינטעליגענט געקליידט". דאס האט געמיינט, אז אין א "געוויינלעכן מיטוואך", נאך דער ארבעט, פלעגט ער זיך ווייזן אין גאס אין גוט-אויסגעפּרעסטע הויזן מיט א שארפן קנייטש, ווי א מעסער, מיט א ווייס, קראכמא-ליעט העמד, מיט א שניפּס. אזא הילוך האט געוויזן אויף אינטעליגענץ, און חנא, דער בעקער מיטן גוט אויסגעפּאסטן פּידזשאק, איז טאקע געווען א קולטורעלער מענטש, און דערצו זייער א שיינער מאנצביל. ער האט פארמאגט א געדיכטע טשופּרינע טונקל-גרויע און גלאנציקע, זייער פלייסיק פארקעמטע האר — נישט בלויז מיט א קעמעלע, נאר אויך מיט א בערשטעלע. הגם ער איז געווען העכער פון פופציק, איז זיין פארברוינט פנים פונעם אויוון-פלאם געווען פריש און אן דעם מינדסטן קנייטשעלע. די ברוינקייט האט אים צוגעגעבן חן, און די ווייבער פלעגן מיט פארשעמטע בליקן כאפּן א קוק אין זיינע תמיד צעשמייכלטע אויגן, וואס האבן געגלאנצט מיט א בלוי פּייערל. חנא איז תמיד געווען אין א גוטער שטימונג, און פאר יעדן יחיד און פאר יעדער גרופּע מענטשן שטענדיק געהאט א גוט-צוגעפּאסטן, און אויפן ארט גע-זאגטן, וויץ, ווערטל, אפאריזם — תמיד א סובטעלן און מיט סובטעלקייט ארויסגע-רעדטן. און וואס עס האט נאך מער פארוואונדערט — ער האט זיך קיינמאל נישט אי-בערגעחזרט. איבעריק צוצוגעבן, אז יידן האבן ליב געהאט זיין געזעלשאפט.

די שטוב פון די ליפלעווסקיס האט אין 1915 בעת דער גרויסער שרפה נישט אפגעברענט. זי איז געווען א נידעריקע, וויאַזוי־רעד ארײַנגעוואקסן, און אירע פענצטער זענען אויך געווען זייער נידעריק אזוי, אז אריינקוקנדיק, האט מען גע- זען נישט בלויז די שטוב, נאר אויך אלע, וואס האבן זיך דא געפונען. גייענדיק פארביי דער קליטקע האט מען געקאנט זען אלץ אינעווייניק — אן אפענע שטוב פאר אלעמענס אויגן.

פרייטיק צונאכטס, ווען יידן פלעגן זיך לאזן שפאצירן אין דער ריכטונג פון די אוקראאינישע געסלעך, פלעגט מען ארײַנקוקן דורך די פענצטער צו די בעקער. אלץ האט געבלענדט — דער ווייסער טישטעך אויפן טיש, דאס ווייסע טיכל איבער די צוגעדעקטע חלות; די לייכטערס האבן געגלאנצט ווי זילבער; די פאדלאגע — ריין ווי א געלעכל. נאכן עסן פלעגט מען קאנען זען, ווי די בנים שטייען פון אלע זייטן טיש און קוקן איינע אויף די אנדערע, ווי די הענער, וואס אט-אט וועלן זיי ארײַנטרעטן אין קאמף. זיי דיסקוטירן אזוי, און זייער רייד קאן מען דערהערן אינדרויסן. משה, בנימין און יאנקל שרייען זיך איינע די אנדערע איבער — יעדער שרייט דאס זייניקע, און אלע צוזאמען. א געפילדער. מ'לייגט ארויס מיט איינגעשפארטקייט די אני-מאמינס.

— בדם ראש איז דאס לאנד אומגעקומען, און מיט בלוט און פייער וועלן מיר עס צוריק אפנעמען און אויפבויען.

— נישט מיט בלוט און נישט מיט פייער, נאר מיט א לאפעטע, מיט א קירקע, מיט שווייס אקערן, מיט שווייס זייען און מיט שווייס און געזאנג די געוועטענישן צונויפנעמען. פרדסים וועלן מיר פלאנצן און ווייזן דער וועלט: מיר זענען די זעלבע ווי אלע.

דער דריטער איז נישט מסכים מיט די צוויי ברידער און טענהט רואיק, אבער מיט זיכערקייט:

— איר ווילט גרין מאכן א קליין אינדזעלע, א ווינקעלע, מען קאן זיך אבער באפרייען, ווען מען וועט די גאנצע וועלט באפרייען — יידן, נישט-יידן, אלע פעלקער: ווייסע, שווארצע, געלע, רויטע. אלע אינאיינעם דארף מען קעמפן פאר א יושרדיק און בעסער לעבן.

זייערע שטימען ווערן אלץ העכער, און יעדער פילט זיך פארן איינציקן גערעכטן; יעדער האט דעם אמת אין זיין קעשענע, אלע איבריקע אמתן זענען פאלשע. יעדער האט ארגומענטן פאר זיך "אייזערנע". ווען דער טומל דערגרייכט שוין עד לב השמים, רופט זיך אן חנא, דער טאטע, וועלכער זיצט רואיק מיט די הענט אין שויס (דערשיינער מאנצביל זיצט מיט די הענט אין שויס, געמיטלעך ווי א יידענע) און זאגט, מאכנדיק דערביי א שטרענגע מינע:

— גענוג! איבערמאכן די וועלט! בריות! מ'האט זי שוין וויפל מאל איבערגעמאכט פאר אייך, און מען וועט זי איבערמאכן נאך אייך, און אפשר אפילו אינגאנצן, און דווקא, אן אייך. קינדערלעך, אין חדש תחת השמש.

די זון גיבן א קוק אויפן טאטן, און דער פלאמיקער וויכוח ווערט איבערגעריסן ווי מיט א מעסער.

באלד נאכן עסן פלעגן די אנדערע משפחה-מיטגלידער, און די שכנים ארום, זיך צעגיין אין אלע עקן פון שטעטל, און דאן — אזוי האט מיר אנומלט דערציילט יאנקל — פלעגט חנא ארויסגיין אויפן גאניקל, זיך זעצן אויפן בענקל און שטיל, הארציק און פארבענקט אפגעזיפצט, און דאן ערשט גענומען זינגען זיין "אל תשליכנו לעת זקנה, ככלות בוכנו אל תעזבנו". טאמער פלעגט עמעצער פון די בנים זיין אין שטוב, פלעגט ער אונטערכאפן דעם טאטנס ניגון.

אזוי האט מען געלעבט פון יאר צו יאר — אן ערלעכע, א הארעפאשנע יידישע משפחה. ביז... ביז דער אומגליק איז געקומען...

ווען די מלחמה איז אויסגעבראכן, האט מען באלד בנימינען און יאנקלען מאבילידירט. אויף די וועגן האט זיך געטאן חושך. די דייטשן האבן זיי באמבארדירט אן אויפהער, באמבארדירט צוגן, און זייער פיל מענטשן זענען אומגעקומען. אין דער בהלה האבן זיך פארשפרייט פארשידענע ריכטיקע און פאלשע און, נאטירלעך, נישט קאנטראלירטע ידיעות, וועגן אומגעקומענע, אין געפאנגענשאפט גענומענע, דערשאסענע אויף דער שטעל. אויב-ידיעות (פאלשע) זענען אויך אנגעקומען צו חנאן און זיין ווייב סאסל — זיינע ביידע מאבילידירטע זין זענען אומגעקומען. ווען די דייטשן זענען אריין, איז משה אנטרינען געווארן; זיך ערגעץ אויסבאהאלטן, אבער די עלטערן זענען זיכער געווען, אז אויך ער געפינט זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. איז דאס וויניק? האט דער מאמעס הארץ באקומען דעם לעצטן קלאפ, און איר

דמיון האט, ווייזט אויס, נישט אויסגעהאלטן — אין א גרופע נאר-וואס דערשאסע-נע דורך די דייטשן איז געווען איר יינגסטע — דאס טעכטערל אירס פייגעלע. די שטוב, די לעבנדיקע, האבן אויפגעהערט פאר איר עקזיסטירן. זי האט נישט גערוימט און נישט געקאכט, די טעלער זענען נישט אראפגענומען געווארן פונעם טיש, די בעטן נישט פארבעט. סאסל איז געזעסן אן איינגעבויגענעביים פענצטער — א חרו-בה אין דער חורבה. די פאדלאגע, וואס זי האט אזוי פיל יארן געשייערט און גע-וואשן, איז שווארץ געווארן ווי די ערד.

חנא טראגט דעם ווייטיק אין זיך. ער איז שרעקלעך פארנומען ער איז דער ערש-טער, דער וויכטיקסטער ייד ביי די דייטשן. ער איז א בעקער, און זיי דארפן ברויט, א סך ברויט, וואס ווייטער — אלץ מער. נישט פאר די יידן, וואס באקומען דעם ליימיקן ראציאן ברויט, נאר פאר די דייטשן, וואס ווילן גוט ברויט. האט חנא קיין צייט נישט. ער פאלט איין פאר די אויגן. די שטוב איז אים חרוב, דארט זיצט נאר סאסל, זיין ווייב, א פארגליווערטע ביים פענצטער און מורמלט תמיד די זעל-בע אומזיניקע ווערטער: "האליא, האליא, בנימין רעדט, איר הערט מיך?" "האליא, האליא, בנימין רעדט, איר הערט מיך?" — אט די דאזיקע ווערטער האבן זיך איינ-געקריצט אין איר מוח און זי חזרט דעם זאץ איבער ווי אן איבערגעפירטער גראמא-פאן.

אין 1940 יאר האט בנימין געארבעט אויף דער פאסט, ביי א טעלעפאן, און גע-זוכט פארבינדונג מיט לוצק, ראוונע, קאוועל און אנדערע שטעט און פלעגט כסדר עקשנותדיק אריינרעדן אין טרייבל: "האליא, האליא, בנימין רעדט, איר הערט מיך?"

סאסל פלעגט זיך פלוצעם א הייב טאן פון איר ארט, זיך ווייזן אין גאס, גיין אין דער ריכטונג צום שליאך, וואס פלעגט אמאל פירן, פון, און - צום שטעטל, און האלטן אין איין איבערחזרן דאס זעלבע, ווי א דיבוק וואלט אין איר אריין. עס האט געמאכט דעם איינדרוק, ווי זי וואלט עס גערופן צו דער גאנצער וועלט: "האליא, איר הערט מיך?"...

חנא איז געבליבן אן קינדער און אן א ווייב, אן עמעצן, מיט וועמען מען זאל קאנען אווארט אויסרעדן. סאסל איז איינמאל ארויס אינדרויסן מיטן זעלבן "פזמון" אין איר מויל, און מער נישט צוריקגעקומען...

אפילו ביי די פארשווארצטע געטא-יידן האט זיין אויסזען ארויסגערופן צער, כאטש יעדן איז אויסגעפאלן אויף זיין אייגענעם גורל די זעלבע תוכחה. חנאס אויגן זענען געווען ווי אויסגעלאשענע, טויטע, אין דעם מינדסטן צאפל אין זיי, פארשטיינ-טע אויגן...

אין באלטימארע האט מיר זיין זון, יאנקל, דערציילט, אז אן אוקראאינישער שכן, א מענטש, וועלכן מען מעג גלייבן, האט אים דערציילט, אז ער האט געטראפן חנאן און אים פארגעלייגט: "קום צו מיר, איך וועל דיך אויסבאהאלטן." חנא האט אים אנגעקוקט, ווי ער וואלט אים געזען דאס ערשטע מאל אין לעבן. עטלעכע מאל האט דער שכן איבערגעחזרט דאס, וואס ער לייגט אים פאר, און אז ענדלעך איז עס צו חנאן דערגאנגען. האט ער געענטפערט: "ניין, ניין! איך וויל צו מיין סאסלען, צו מיינע קינדער. איך וויל נישט לעבן!" — האט ער זיך צעשריגן אויף א קול. — "זאלן זיי מיך דערהרגענען! פארוואס ווילן זיי מיך נישט דערהרגענען?!"

און אן אויפפירונג האט זיך חנא אנגעוואורפן א מאדנע; עפעס א פארדעכטיקטע פאר א זייטיקן. פארנאכט פלעגט ער זיך ארויסלאזן מיט א זאק איבער די טויטע געסלעך, ארייננגיין אין די אויסגערויבטע שטיבער, דארט עפעס ארומזוכן און צוריק-קערן זיך אהיים מיט א פולן זאק. נישט זעלטן פלעגט ער ארומזוכן אין די בתי-מדרשים, און אויך פון זיי ארויסטראגן עפעס אין זאק. קיינער האט אים נישט נאכ-געקוקט, דעם האלבן מת, קיינער איז אים נישט נאכגעגאנגען. אן עלנטער, א פאר-געסענער. ווער דארף אים? שפעט ביינאכט פלעגט ער ארויס פון זיין אבלדיקער שטוב אינעם גארטן, מיט א לאפעטע אויסגראבן א גרוב, ארויסטרייסלען אלץ פונעם זאק אינעם גרוב, און אלץ פארשיטן.

קיינער האט נישט געזען, דאכט זיך, קיינער האט נישט באמערקט, און דאך האבן די פויערים ארום געגומען זיך סודען, אז דער בעקער פארנעמט זיך מיט גאר פאר-דעכטיקע זאכן. האבן זיי זיך נישט געפוילט, זיך אונטערגעגנבעט, און פונדער-ווייטנס זיך צוגעקוקט, ווי ער דרייט זיך ארום איבער די הייזער און ווי ער איז אין די נעכט זיך עוסק אינעם גארטן.

זיי האבן, ווייזט אויס, נישט געדארפט זיך לאנג ארייננלאזן אין טראכטענישן. עס איז דאך קלאר ווי דער טאג, וואס חנא טוט דארט אין די נעכט. ער ווייסט גע-

וויס אלע באהעלטענישן, ווו יידן האבן באהאלטן זייער גאלד (אז אלע יידן האבן גאלד, זענען זיי זיכער געווען), נעמט ער ארויס די טייערע זאכן, און ביינאכט באגראבט ער דאס אין דער ערד, מען זאל עס ביי אים נישט צונעמען.

— דאס וועט אים נישט געלונגען, דעם ייד! — האבן די שכנים באשלאסן — זאל ער זאמלען, מיר וועלן עס אויסגראבן און פאר זיך צונעמען און האלטן צווישן זיך די זאך בסוד-סודות, די דייטשן זאלן זיך נישט דערוויסן און ביי אונדז עס נישט צונעמען...

איינמאל, אין א זונטיק, זענען זיי, די שכנים, געקומען מיט לאפעטעס און אויפגעגראבן די גריבער; געזוכט דעם באהאלטענעם אוצר. זיי האבן דערזען, אז ד א ר ט ן, ווו ס'דארף זיין דער אוצר, ליגן גאר עפּעס ביכלעך, אלטע, איינגעבונדענע, און באזונדערע בלעטער - גרויסע און קליינע - אלע פארדרוקטע.

— דער ייד איז כיטרע — האבן זיי געטראכט — ער האט דעם אוצר פארשאטן מיט פאפיר, כדי זיי אפצונארן, און דעם אוצר — דאס גאלד — דאס האט ער באגראבן טיפער...

גראבן זיי טיפער, און טיפער. זיי וועט מען נישט אפנארן. זיי גראבן און גראבן, אבער דער אוצר ווייזט זיך נישט. אין אלע גריבער — דאס זעלבע. פארגעלטע, אלטע בלעטער, טאוולען אלטע!...

זיי צעווארפן די שמות מיט כעס...

— א משוגענער ייד! אינגאנצן פון זינען אראפ! בלעטער, שמוציקע פאפירן! וואס פאר א ווערט האבן זיי, וואס ער באהאלט זיי אין דר'ערד?

זיי באנעמען נישט, אז פאר דעם ייד, דעם בעקער, איז עס געווען אן עבודה קדושה. זיי פארשטייען נישט, אז ער האט צונויפגעזאלט די שמות, מען זאל זיי נישט מבייש זיין. דאס זענען דאך הייליקע רעשטן, אין וועלכע די נשמות פון זיינע אבות האבן אריינגעלייגט אזוי פיל ליבע און אמונה; אזא טריישאפט צו זיי נאך טויזנטער יארן!... חנא האט דאס פארשטאנען אלס זיין לעצטע שליחות...

ער האט געבראכט צו קבר-ישראל די רעשטלעך פון א גאנץ יידיש שטעטל; זענען זיי דאך געוויס נאך הייליקער, ווי אין אנדערע, שלומדיקע צייטן, ווען יידן פלעגן מקבר-זיין די רעשטן פון אלטע ספרים, סידורים און מחזרים.

ער טוט דאס אפגעהיט. ער האט מיט זיך אפגעמאכט, אז ער וועט נישט איבערלאזן אויף מבייש זיין קיין איין בלעטל, קיין איין געדרוקטן יידישן אות, קיין איין ספר זאל נישט געטראטן ווערן מיט די פיס. ער איז דער לעצטער פון א קהלה, און ער וועט דערפילן דעם חוב און דאן וועט ער רואיק ווארטן אויפן געבענטשטן טויט.

*

אבער איידער דער טויט איז געקומען, איז געשען נאך עפעס שוידערלעכערס. ער איז געווען זיכער, חנא, אז אלץ, וואס געהערט צו זיין שטאם, איז אפגעווישט געווארן פון דער ערד. ער האט קיין אנונג נישט געהאט, אז משה לעבט און, אז אין איין פיינעם טאג וועט אים א צי טאן אהיים. צי האט ער געוווסט, אז זיין טאטע לעבט? באוווסט איז נאר, אז ער האט פארטייעט, אין איינעם א פארנאכט, אי-בערלויפנדיק פון איין שטוב צו דער צווייטער, דערנעענטערט זיך צו דעם פאטערס שטוב. געווען זיכער, אז קיינער האט אים נישט באמערקט. מען האט אים אבער יא באמערקט און מ'האט אים גענומען נאכלויפן און נאכשיסן.

משה האט זיך געלאזט לויפן צום סטיר. אינעם טיפסטן ארט, דא ווו ס'האט זיך אמאל געפונען אן אלטע וואסער-מיל, איז ער אריינגעשפרונגען אין וואסער.

ער איז געווען באקאנט אלס א גוטער שווימער. ער איז אריינגעשפרונגען, און מער האט אים קיינער נישט געזען. אפשר איז ער לכתחילה געשווומען מיטן שטראם אונטער דער איבערפלאך פונעם וואסער, און שפעטער דערשווומען צו א ברעג און דורכגעמאכט ווייטערדיקע וואגלעניש, אדער קאמפן, און לסוף ערגעץ פארפאלן געווארן אדער אומגעקומען? און אפשר האט נאכן שפרונג זיין טויטן קערפער מיט-גענומען דער סטיר אין זיין ווייטערדיקן אייביקן לויף?

*

חנא, זיין טאטע, דער בעקער, איז דערשאסן געווארן. דורך וועמען? א דייטש האט געצילט אין זיין דינעם גוף, אדער אן אוקראאינישער פאליציאנט? און אפשר א פויער, וועלכער האט אויפגעגראבן די שמות-גריבער און קיין גאלד נישט געפונען?

*

אברהם סוצקעווער

## א נעם טאָן דאָס אײַזן

די יחוסדיק-אַלטע געשיכטלעכע הונדן —
עס האָבן די זיידעס אין תּפֿילין געבונדן.
מיר טראָגן זײַ אָפֿן, אָן צודעק, אָן פּאַנצער,
דאָס איז אײנעם פֿײַן דער פֿאַרמעגן דער גאַנצער.
נאָר אויכעט די ווונדן צערײַבן די שונאים,
פֿאַרברענען, דערשטיקן מיט ערד די סימנים.
און מיר וואַרטן שטיל, אַז א נס וועט זיך ווײַזן?

*ניט וואַרטן באַרוט,*
*מיט בלוט פֿאַר בלוט —*
*א נעם טאָן דאָס אײַזן!*

מיר קענען די גופֿן אין גײַסט ניט פֿאַרוואַנדלען
און פֿריידיק אין ליכטיקע שײַטערן וואַנדלען.
נאָר ס'אײַזן פֿאַרקערן אין גײַסט קאָנען יאָ מיר,
ווען ס'טרײַבט אונדז דער טײַוול צום שעכטהויז, טאַ לאָמיר,
און פֿרײַ אין דער ליבע, און שטאָלץ אין דער גלײַבונג:
דאָס פֿאַלן זאָל ווערן דעם פֿאָלקס א דערהייבונג,
און דעמלט — מיר וועלן די שאַנד איבערשפּרײַזן.

*ניט וואַרטן באַרוט,*
*מיט בלוט פֿאַר בלוט —*
*א נעם טאָן דאָס אײַזן!*

זאל אפדארן יענעם דער ארעם דער רעכטער,
אויב ער וועט ניטווארפן זיך קעגן דעם שעכטער!
מיר מוזן דערפילן די לעצטע געבאטן
פון אלע, פארשלונגען אין אייביקן שאטן,
עס זאל ניט פארשעמט זיין דאס הייליקע פלעמל,
וואס צאנקט און גייט אויס אינעם אשיקן דרעמל,
און האט ניט קיין כוח מיט וואס זיך צו שפייזן.

*ניט ווארטן בארוט,*
*מיט בלוט פאר בלוט —*
*א נעם טאן דאס אייזן!*

*

*     *

## אין שפאנישן בירגער-קריג

ווייניק זענען מיר געווען קאלקער, אבער אומעטום זענען מיר געווען. ווו נאר עס איז אנגעגאנגען דער קאמף אויף טויט און אויף לעבן, דארט זענען געווען אונדזערע חברים, געבוירענע, אדער פארבונדענע מיט קאלק. איך וויל דאס אילוסטרירן מיט אייניקע פארטרעטן, אפשר וועט דאס געבן יענע פארשטעלונג, וואס איך וועל זיך באמיען ארויסצובאקומען פון די פאקטן, און נאר פון פאקטן.

טוליע גרויסמאנען וויל איך דערמאנען.

א לאנגער שמאלער קארידאר, א ליימענער דיל, איין פענצטער, וואס גיט ווייניק שיין, א שמאלער, לאנגער טיש. פיר ברעטער אויף ברעטערנע פיס — אט דאס רופט זיך טיש. א גאנצן טאג איז איבער דעם געשטאנען איינגעבויגן א הויכער דארער ייד, מיט א טונקל בערדל, מיט דראטענע ברילן אויף דער נאז, אין א לאנגן קאמזויל. ער האט לויט טאוולענע מוסטערן צוגעשניטן קאנפעקציע צו פארקויפן אויפן מארק. ער איז געווען אנגעשטרענגט, ווייל צושניידן האט מען געדארפן אזוי, אז וואס ווייניקער מאטעריאל זאל גיין לאיבוד. מען האט זיך צו אים, צום צושניידער, נישט געטארט אנרופן מיט א ווארט, אזוי קאנצענטרירט איז ער געווען. ביי דער צווייטער זייט איז געשטאנען א ניי-מאשין — אויף דעם האט אין א גוואלדיקן טעמפ געשטעפט זיין זון נפתלי.

טוליע גרויסמאן — האבן מיר אים גערופן. ער — ביי דער מאשין, די צוויי שוועסטער האבן אויסגעענדיקט מיט די הענט, און אז די מאמע פלעגט אפטאן די גאנצע שטוב-ארבעט, מיטן איינקויפן, קאכן, אנקארמענען דאס הויז-געזינד, רוימען, וואשן, האט זי זיך אויך געאיילט צו איר טאבורעט און גענומען ארודעווען מיט דער נאדל. און עס איז געווען ביי דער גרויסער שווערער הארעוואניע, ווי ביי אנ-סקין "דער שניידער נייט, די נאדל גייט, ס'איז גרויס די נויט, נישטא קיין ברויט."

הארבסט-צייט, ווען עס האט זיך דערנעענטערט דער סעזאן, פלעגט אין הערש-לייב גרויסמאנס פענצטער א גאנצע נאכט ליכטיק זיין. די גאנצע משפחה האט געפּראצעוועט.

ענג, פינצטער, אן לופט, שווערע הארעוואניע פון קינדווייז-אן, און דאך איז טוליע געווען א הויכער, א שלאנקער, מוסקולירטער בחור — פאר אים איז דער קא-רידאר צו קליין געווען. האבן זיך געמאכט פרייע שעהן, פלעגט טוליע לייענען, און אלץ — וועגן דער ווייטער וועלט, וועגן לענדער און שטעט העט-העט. וואס טוען מענטשן אויסער שניידעריי?!

אין א שמועס פלעגט ער זיך מודה זיין: אלץ קאן איך אויסהאלטן, איך האב פאר גארנישט קיין מורא, חוץ פאר דער תפיסה-קאמער. הונגער? גוט, איך וועל אויסהאלטן, קראנקהייטן, פייניקונגען אויך, אבער פארשפארט זיין אין א תפיסה-קאמער — דאס וואלט איך נישט אויסגעהאלטן. און אלץ, קענטיק, דערפאר, וואס ער איז געווען צוגעשמידט צו דער ניי-מאשין, און דער קארידאר איז געווען זיין טורמע.

טוליע איז געווען צופרידן, ווען מען האט אים גענומען אין מיליטער — נייע מענטשן, א נייע שטאט. ווען איך האב זיך מיט אים שפעטער געטראפן אין ווארשע, האב איך זיך געוווּנדערט, ווי שנעל ער האט זיך אדאפטירט אין דער גרויסער שטאט. פונקט להיפוך צו מיר. מיר איז עס אנגעקומען נישט לייכט. אין עטלעכע וואכן איז ער שוין געווען דא אן אייגענער, געפילט זיך ווי א פיש אין וואסער, געווען איינער פון די יוגנטלעכע שניידער אין ווארשע. און אין דער זעלבער צייט האט אים געצויגן ווייטער אין דער וועלט, און באלד, ווי ער האט באקומען ארבעט, האט ער גענומען קלייבן געלט צו ווייטערדיקע נסיעות.

— איך וויל קיין פראנקרייך — האט ער מיר נישט איינמאל געזאגט.

ער איז דארט געווען, אבער...

היטלער איז געקומען צו דער מאכט, און אויף דער וועלט איז געווארן אומרו-איק — אלע האבן אפגעפילט, אז כמארעס רוקן זיך אן. די ברוינע כוחות זענען גע-וואקסן, צעלייגט דאס דייטשישע פאלק און אים צעמענטירט. אין 1936 איז אויסגע-בראכן די בירגער-קריג אין שפאניע.

היטלער און מוסאליני האבן דירעקט אין איר באלד גענומען אנטיילנעמען מיט זייערע חיילות. די מערבדיקע דעמאקראטיעס האבן אנגעהויבן דאס עקלדיקע "נישט אריינמישן זיך", געלאזט די אומבאוואפנטע שפאניע אפגיין אין בלוט. אבער דאס

בעסטע, וואס איז געווען אין דער וועלט, האט פארשטאנען דעם טיפערן זין פון די געשעענישן און צוגעשטאנען צו די שפאניער אין זייער עקשנותדיקן "נאן פאסאראן" — דער שונא וועט נישט דורכגיין; דער מארד איבער די שפאנישע רעפובליקאנער וועט שטראפלאז נישט דורכגיין. פרייוויליקע האבן פארלאזט זייערע היימען, גע-גנבעט גרענעצן און מיט זייער גוף געגאנגען פארטיידיקן די פרייהייט פון א פרעמד פאלק קעגן דעם פאשיזם. דאס איז געווען איינער פון די שענסטע, איינער פון די מענטשלעכסטע קאפיטלען פון רעוואלוציאנערן קאמף און פון אינטערנאציא-נאלער סאלידאריטעט פון די פראגרעסיווע כוחות אין דער וועלט.

באזונדערס שווער איז געווען דער וועג פון די פרייוויליקע פון פוילן. מען האט זיך געדארפט אויסבאהאלטן פונעם ערשטן מאמענט-אן פון אננעמען דעם באשלוס צו קומען די קעמפנדיקע שפאניער צו הילף. מען האט געגנבעט נישט איין גרענעץ, נאר פיל גרענעצן, מען איז געפארן מיט פראכט-צוגן, זיך אויסגעהיט פאר דער פא-ליציי אין די אנדערע לענדער, ווייל צוריק געשיקט ווערן, האט באדייט תפיסה. דאס האבן געדארפט דורכמאכן מענטשן, וועלכע האבן נישט געקענט קיין פרעמדע שפראכן, נישט געהאט קיין געלט.

מיט איינער אזא גרופע האט זיך דורכגעשמוגלט קיין פראנקרייך, און פון פראנק-רייך קיין שפאניע, טוליע גרויסמאן. דארט איז נאך נישט געווען קיין אינטערנא-ציאנאלע בריגאדע. ער איז פשוט אריינגעטראטן אין אן אפטייל פון דער רעפובליקא-נישער ארמיי.

איך האב גערעדט מיט מענטשן, וועלכע האבן גוט געקענט טוליען אין שפאניע. לעאן רובינשטיין איז א לענגערע צייט געווען דער קאמאנדיר פון דער באטווין-קאמפאניע. דאס איז, ווי אלגעמיין באוווסט, געווען א יידישער אפטייל פון דער פוילישער פרייוויליקער בריגאדע אויפן נאמען פונעם גענעראל יאראסלאוו דאמב-ראווסקי. איך האב זיך אויך נאכגעפרעגט ביי איגנאצי קראקוס, א יידישן בחור פון קראקע, ער איז שפעטער געווען א קאמאנדיר פון א גרויסן פארטיזאנישן טייל אין ליאן — אין פראנקרייך.ביידע האבן וועגן טוליען, ווי וועגן א שלאכטמאן, געהאט א הויכע מיינונג.

אין דער פוילישער ארמיי האט טוליע געדינט אין אן אפטייל פאר שווערע קוילנ-ווארפער — איינער פון די וויכטיקסטע מלחמה-ספעציאליטעטן. איז ער דעריבער צו-

געטײלט געװאָרן אַלס אַן אינסטרוקטאָר צו שפּאַנישע גרופּעס, װאָס האָבן באַדינט שװערע קױלנװאַרפער. לעאָן רובינשטײן האָט געטראָפן טוליען אין קאַמף, װען ער איז געשטאַנען בראָש פון אַ גרופּע בײם שװערן מאַשין-געװער. אין די שװערסטע מינוטן האָט אים נישט פאַרלאָזט די רואיקײט און אומדערשראָקנקײט. ער איז געװען נישט בלױז אַ קאָמאַנדיר און לערער, ער איז אױך געװען דער מוסטער; זיך אַן עצה געגעבן, דאַכט זיך, אין פולשטענדיק אױסגאַנגסלאָזע סיטואַציעס. זײן אײפער און קאַמפּסלוסט איז געװען אַזאַ, פונקט װי ער װאָלט געהאַט אַ פּאַרגעפּיל דערפון, װאָס דער שונא, װעלכער שטײט אים אנטקעגן, װעט שפּעטער טאָן מיט זײן טאַטן, מאַמען, מיט זײנע שװעסטער. װען די דײטשישע און איטאַליענישע שטורם-טײלן האָבן דורכגעריסן דעם פראָנט בײ אַראַגאָן, און די רעפּובליקאַנער האָבן אײליק אונטערגעװאָרפן פאַרשטאַרקונגען, איז צװישן זײ געװען טוליע מיט זײן אָפּטײל. פון אַלע זײטן אַרומגערינגלט דורכן שונא, האָבן זײ פיר טעג געפירט, אָן שפּײז, אָן װאַסער, אָן שלאָף און אָפּרו — דעם אומגלײכן קאַמף, און לסוף זיך אַרױסבאַקומען פון דער אַרומרינגלונג. אָבער באַזונדערס שטאַרק האָט זיך טוליע אױסגעצײכנט, װען די רעפּובליקאַנער זענען געװען געצװונגען זיך צוריקצוציען. אין די סאַמע באַדראָטע ערטער האָט ער מיט זײנע קױלנװאַרפער, דורך אַ הוראַגאַן-פײער, דערמעגלעכט דאָס אַרױספירן אין אָרדענונג די רעפּובליקאַנישע טײלן.

זײ האָבן אױך דערצײלט װעגן גרױסן אױטאָריטעט, װאָס טוליע האָט געהאַט בײ די זעלנער אַדאַנק זײנע מיליטערישע קענטענישן און פּערזענלעכער געװאַגטקײט. װען פולשטענדיק אױסגעשעפּט, איז די זעלנער פאַרגעשטאַנען אַ רעאָרגאַניזאַציע, און ס'האָט זיך אױסגעדאַכט, אַז קײן זאַך װעט נישט מסוגל זײן אױפצוהײבן די מענטשן פון אָרט, זענען געניג געװען טוליעס עטלעכע װערטער, און אַן אָפּפרישונג, אַ נײער כוח איז אַרײן בײ די אונטערגעאָרדנטע, און זײ האָבן אין שלימות אױסגעפירט די נײע אױפגאַבע.

אין דער זעלבער צײט, װען ײדישע און פּױלישע רעװאָלוציאָנערן האָבן זיך געשלאָגן פאַר דער פרײהײט פון שפּאַניע, האָט דאָן פּױלן פון די פּאָלקאָװניקעס זיך אינטערעסירט מיט פעסטשטעלן די נעמען פון אירע בירגער, װאָס פירן אַזאַ קרבנות-גרײטן קאַמף אין דער פרעמד. מיט דעם האָבן זיך פאַרנומען פּױלישע דיפּלאָמאַטן אין אױסלאַנד און פאַרשידענע אַנדערע באַאַמטע.

ווען אין יוני 1939, איז אין בערלין ארגאניזירט געווארן אן אויסשטעלונג וועגן דער מלחמה אין שפאניע, זענען דארט געווען אויסגעשטעלט פאטאגראפיעס און נעמען־רשימות פון די, וואס האבן געקעמפט אויפן צד פון די רעפובליקאנער. די קארטאטעקעס מיט אזא מאטעריאל וועגן פוילישע בירגער איז פונעם גענעראל־קאנסולאט אין בערלין איבערגעשיקט געווארן קיין פוילן צום פוילישן אינערן־מיניסטעריום. אין דער דאזיקער קארטאטעקע איז געווען דער נאמען פון נפתלי גרויסמאן, מיט געגעבענע וועגן אים. א פאר חדשים פארן איבערפאל פון היטלער־דייטשלאנד אויף פוילן איז פאר די קעפ פונעם רעזשים וויכטיק געווען זיך צו פארנעמען ווער פון די פוילישע בירגער האט געקעמפט קעגן דעם בלוט־שונא פונעם פוילישן פאלק אין שפאניע. דער וועג פאר די העלדן צוריק אהיים איז אויף אזא אופן געווען אפגעשלאסן. אין אפריל 1939 יאר האט דאס אינערן־מיניסטעריום ארויסגעגעבן א צירקוליאר צו די וואיעוואדישע זיכערהייטס־אמטן, עס זאלן פארפירט ווערן פראצעסן קעגן די פוילישע בירגער, וואס האבן געקעמפט אין שפאניע — ס'האט זיי געדראט 5 יאר טורמע. צווישן אנדערע האט אויך דער לוצקער וואיעוואדישער פאליציי־אמט צונויפגעשטעלט דאקומענטן קעגן די פארדעכטיקטע אין באטייליקן זיך אינעם שפאנישן בירגער־קריג. דארט געפונען זיך די נעמען: האלפערן, ברוך ווייצמאן, צימרינג, און אויך דער נאמען פון אונדזער נפתלי גרויסמאן, דער זון פון הערש־לייבן און מינדל, געבוירן דעם 22־סטן יולי 1907 יאר, אין קאלק, פון פאך א שניידער. אין דער רשימה געפונען זיך פיל נעמען פון יידישע קעמפער פון וואלין.

וואס פאר אן אומגליק וואלט געשען פוילן, ווען די לעבן־געבליבענע קערן זיך אום אינעם לאנד? וואלטן דאך צוגעקומען נייע העלדן אינעם קאמף פאר פוילנס כבוד און אומאפהענגיקייט. אט האט זיך דער יינגער סטודענט פון לוצק, פנחס קארטין, צוריקגעקערט. ער איז באקאנט אין די אננאלן פון דער געשיכטע אלס לעגענדארער קאפיטאן פון די שפאנישע שלאכטן — אנדזשעי שמידט. אומלעגאל זיך צוריק אריינבאקומען קיין פוילן, און דא געווען איינער פון די אקטיוויסטע ארגאניזאטארן פון דער קאמפס־ארגאניזאציע פונעם ווארשעווער געטא און געפאלן אין קאמף.

ווו, און ביי וועלכע באדינגונגען, האט פארענדיקט זיין לעבן טוליע גרויסמאן? דאס איז ביז איצט געבליבן נישט אויפגעקלערט געווארן.

דער שוין דערמאנטער יצחק קראקוס דערציילט, אז ס'זענען פאראן פארשידענע השערות: איי‌ניקע האלטן, אז ער איז אומגעקומען אין פראנקרייך אין קאמף מיט עס-עס-לייט; אנדערע, ווידער, דערציילן, אז ער איז געווען אן אינסטרוקטאר ביי די פראנצויזישע ארבעטער הינטער פאריז און דערשאסן געווארן אין געסטאפא.

איך האב אין ווארשע געזוכט שפורן, און נישט געפונען, כאטש איך האב געשמועסט מיט פיל דאמבראווושטשאקעס, וואס האבן אים געקענט פון שפאניע. ליידער האב איך אין מאטעריאלן געפונען בלויז זיין נאמען אלס א באטייליקער אין די קאמפן פאר שפאניע.

אין אנדערע היסטארישע מקורות זענען אפגעמערקט דריי גרויסמאנס: מאיר גרויס-מאן פון פאריז, וועלכער איז אומגעקומען אין א קאמף מיט געסאפא; א צווייטער גרויסמאן איז אומגעקומען ביים אויפרייסן א צוג מיט אמוניציע; א דריטער איז אומגעקומען אין מאראקא — אין קאמף מיט די דייטשן. איז אפשר איינער פון זיי געווען טוליע גרויסמאן? דאס איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן.

עס איז אונדז אומבאקאנט דאס לעצטע קאפיטל פון זיין לעבן. ער האט איבערגע-לאזט אבער זיין נאמען, זיין העלדישקייט און אומבאפלעקטע מענטשלעכקייט אין די הערצער פון די אלע, וואס האבן אים געקענט. זאלן די עטלעכע זייטלעך לכבוד זיין זכרון, זיין ווי עטלעכע בלימלעך אויף זיין אומבאקאנטן קבר.

*

# קעגן געמיינזאמען שונא

וואס קאן עמעצן זאגן אזא נאמען: אברהמל בוסליק? צו מיר גופא רעדט דער נא-מען עד-היום.

עס איז דער 23-סטער יוני 1941 יאר. דער צווייטער טאג פון דייטשלאנדס אנ-פאל אויף די סאוויעטישע גרענעצן. איך האב באקומען א באפעל: צונויפרופן א גרו-פע קאלקער יידן און מיט זיי אויסגראבן קעגנטאנקען-גריבער. די אוקראאינישע נא-ציאנאליסטן האבן נישט אויסבאהאלטן, אז זייווארטן אויף היטלערס משחיתים. אויף די ווענט האבן זיך שוין דא און דארט באוויזן האקנקרייצן און לאזונגען פון דעם מין: "א טויט די יידן! א טויט די קאמוניסטן!" פונעם ערשטן טאג קריג האבן זיי גענומען טעראריזירן די באפעלקערונג און שוין אנגעפאלן אויף קליינע רויטארמיי-אישע גרופעס מיט געווער אין האנט.

זיי, די אוקראאינישע נאציאנאליסטן, צו רופן גראבן אנטיטאנק-גריבער? — אן אומזין. האב איך צונויפגעזאמלט עטלעכע צענדליק יידן ביי מאטל לאמבאצינער אין שטוב און זיי גענומען אגיטירן, זיי זאלן תיכף זיך שטעלן מיט לאמען און לאפע-טעס צו דער ארבעט. איך האב זיי געשילדערט די סכנה, געווארנט פאר שחיטות מצד דער דייטשישער ארמיי. איך האב גערעדט און געפילט, אז מיינע ווערטער דערגייען נישט. ערשטנס, האבן זיי נישט געגלייבט, אז די חיילות פונעם שונא וועלן זיך אזוי באגיין מיט יידן, ווי איך שילדער זיי; צווייטנס, דארף מען דעם שונא נישט פראוואצירן מיט יידישער איפערדיקייט ביי דער פארטיידיקונג.

— נישט הערן, וואס דער קאמוניסט זאגט! צוריקגעהאלטנקייט איז תמיד געזונ-טער. נישט מישן זיך! — איז מען געזעסן, געשטאנען און געשוויגן.

הייבט זיך פלוצלינג אויף א 17-18-יאריקער בחור, אברהמל בוסליק. איך ווייס, אז ער געהערט צו דער צווייטער זייט באריקאדע, דעריבער ריכט איך זיך, אז ער וועט שארף ארויסטרעטן קעגן מיר.

אבער דאס בחורל רעדט עפּעס אנדערש:

— אלע ווי איין מענטש דארפן מיר זיך שטעלן אויף דער זייט פון דער מאכט. נישט דערפאר, ווייל מיר האבן נישט מיט איר קיין אייגענע חשבונות, נאר דער־פאר, וואס פנים אל פנים מיט אונדזער געמיינזאמען שונא האבן קיין זין נישט אונדזערע חשבונות. עס דערנעענטערט זיך צו אונדז דער שונא פון אונדזער פאלק, און עס איז אונדזער חוב צו שטעלן זיך אין קאמף קעגן אים. זאל עס זיין דער־ווייל דורך בויען פארטיפיקאציעס. ווארט נישט, נעמט די לאפּעטעס און די לאמען און ארויס אויספירן די אויפגאבע, נישטא קיין צייט צו פארלירן! — און פאר־דיקט: — גיט מיר א לאפּעטע...

ער האט עס געזאגט שטרענג, זאכלעך, מיט עפּעס אזא מין קאלטן פייער, אז די פארזאמלטע האבן ווי איין מאן זיך א נעם געטאן צו די צוגעגרייטע מכשירים.

אט דאס יינגע בחורל — ער האט איבערציילגט! מער: ער, נישט באפעלנדיק — האט באפוילן. און מען האט אים געפאלגט. אוועק, אונטער דעם אנפיר פון אן אפי־ציר, בויען פארטיפיקאציעס.

איך בין געווען איבערראשט, פארוואונדערט. איך האב זיך שוין אבער נישט גע־וואונדערט, ווען א סך שפּעטער האט מען מיר דערציילט, אז אברהמל בוסליק האט באלד פארביטן די לאפּעטע אויף א ביקס.

פריינד מיינער, זיין פארטיזאנישער וועג איז דיר מער באוווסט ווי מיר. אבער די, וואס האבן אים געקענט אין קאמף, זשאלעווען אים נישט קיין לויב. ער איז תמיד געווען צווישן די ערשטע, נקמה גענומען מיט בלוט פאר בלוט, מיט טויט פאר טויט. ער האט זיך מיט קאלטער פארביסנקייט געשלאגן קעגן די דייטשישע אנפאלער און קעגן די אוקראינישע נאציאנאליסטישע רוצחים, און אין איינער אזא שלאכט איז איבערגעריסן געווארן זיין יינג לעבן.

*

מיר איז געקומען אונטער דער האנט א שריפטלעכע גבית־עדות פון א פארטיזאן גד ראפאפארט, וועלכער איז מיט בוסליקן געווען צוזאמען אין איי‌ניקע שלאכטן, אט, וואס ער דערציילט:

— דעם 21־סטן דעצעמבער 1942 יאר האבן עטלעכע פארטיזאנער־גרופּעס, אונטער דער אנפירונג פון גענעראל קאוופאק, ארומגערינגלט א גרויסן דייטשישן מיליטער־

רישן אפטייל, וואס האט זיך געפונען אין בנין פון א מיטלשול און אין די ארומי-
קע געביידעס. אייניקע ספעציאליזירטע גרופעס האבן באקומען א באפעל צו ליקווי-
דירן די ארומגערינגלטע דייטשן. דער קאמף איז געווען זייער א פארביסענער. ווען
סיהאט גענומען טאגן, האבן די דייטשן זיך אריענטירט ווו מיר געפונען זיך און
געעפנט אויף אונדז א געדיכט פייער פון פארשידענעם געווער. מיר האבן געליטן
שווערע פארלוסטן. די פארטיזאנער, וועלכע האבן געהאט זייערע ארויספאל-פאזיצ-
יעס אויפן קאנאל, זענען ארייגעפאלן אין וואסער, ווייל דאס אייז האט זיך
איינגעבראכן אונטערן האגל פון שווערע מינעס. די דייטשישע קוילנווארפער, וואס
האבן זיך געפונען אויפן דאך פון דער שול, האבן גענומען קאסען די אלע, וואס
האבן זיך געפרוווט ראטעווען אויפן אייז אדער געפרוווט דורכלויפן פארביי דעם
ברעגל.

אין די שרעקלעכע מינוטן האב איך זיך געפונען אונטער א קוסט, און פונדאנען
געפירט א פייער קעגן די דייטשן. פלוצלינג האב איך אין דער נאענט דערזעען אן
איינזאמען פארטיזאנער אונדזערן, וועלכער איז געלעגן הינטער א קוסט ביי א קוילנ-
ווארפער און אן אויפהער געשיקט לאנגע סעריעס אין דער ריכטונג פון א פענצטער,
פון וועלכן די דייטשן האבן אונדז געהאגלט מיט פייער פון מאשין-געווער. איך
האב זיך צוגעקוקט און מיט באוווּנדערונג דערקענט אינעם פארטיזאן מיין טייערן
חבר אברהמל בוסליק.

די פאשיסטן האבן זיך לכתחילה נישט געכאפט פונוואנען עס קומט דאס פייער
אויף זיי, נאכדעם האבן זיי דערטאפט דאס ארט פונוואנען עס קומען די רעגלמעסי-
קע סעריעס, גענומען דעם שטח אין א קרייץ-פייער פון קוילנווארפער און מינעס.
אבער בוסליק האט זיך נישט צוריקגעצויגן; געטאן זיך זיינס. איך האב זיך צוגע-
רוקט נעענטער צו אים, פלוצלינג האב איך דערפילט, ווי סיהאט א זעץ געטאן אויף
מיינע הענט און פנים א פייכטער שטראם — איך האב אינסטינקטיוו א טאפ געטאן
די פליסיקייט און פארשטאנען: דאס איז בלוט און מארך פון מיין חבר. איך בין
געווען דער עדות דערפון, ווי סיהאט געקעמפט און ווי ווי ער איז געשטארבן —
אברהמל בוסליק.

*

אברהמל בוסליק מיט די אנדערע פארטיזאנער, וועלכע זענען געפאלן אין דער זעלבער שלאכט, האט מען באערדיקט צוזאמען אין א ברודער-קבר נישט ווייט פונעם צווינטער אין דארף בוקאטשע, אין ווייסרוסלאנד.

ערשט פיל יאר שפעטער, אין וואלין, האב איך זיך דערוווסט, אז אברהמל מיט עטלעכע אנדערע פארטיזאנער האבן באקומען א באפעל פונעם לייטענאנט גארקונאוו צו דעקן דעם צוריקטריט פון די פארטיזאנישע טיילן. גענעראל פעטרא ווערשיהארא, באשרייבנדיק די דאזיקע שלאכט, גיט איבער, אז אין איר זענען אומגעקומען 200 עס-עס-לייט.

*          *

*

נפתלי גרויסמאן און אברהמל בוסליק זענען געווען ווייט איינער פונעם אנדערן — אידעאלאגיש און פאליטיש, אבער אין אנבליק פונעם געמיינזאמען שונא געטאן דאס זעלבע: געקעמפט ביזן לעצטן אטעם.

*

## דער זיסער און העלדישער

לייבקע זשוק — וועלכן מען האט שפעטער אין ווארשע גערופן לעאן — האט דורכגעמאכט א שווערע קינדהייט. צו זעקס יאר איז ער א קיילעכדיקער יתום גע-ווארן און מיט די איבעריקע קינדער איינגעארדנט געווארן אין נאוואגרודקער יתומים-הויז.

אלס א יינגל שוין ארויסגעוויזן אומגעוויינלעכן פלייס און פעיקייטן. די לערער האבן געטראכט וווהין אים צו שיקן זיך לערנען ווייטער; די דערוואקסענע פון ארום האבן וועגן אים געזאגט: "אזא קינד וועט אין לעבן נישט פארפאלן ווערן: "געראטן, קלוג, זיס".

ביי אלעמען אין די אויגן איז ער געווען א "זיסער בחור". און קוים האט מען באנוצט דעם דאזיקן עפיטעט, האט מען שוין געוווסט וועמען מען מיינט. ער האט, וואס אן אמת, געהאט אן איינגענעם פנים. אבער, מן הסתם, נישט צוליבן פנים בלויז האט זיך צו אים צוגעקלעפט דאסווארט "זיסער"... עס איז זיכער געווען עפעס מער. דאס איז געווען א באצייכענונג, וואס האט אויסגעדריקט די באציונג צום גאנצן מענטש, צו אלע זיינע מעלות: צו זיין באשיידנקייט, נאטירלעכקייט, צו זיין איינגעבוירענעם, אייגענעם דרך-ארץ פאר אנדערע מענטשן, פאר זיין איינגעהאלטנ-קייט, סאלידקייט, פאר זיין אויפפירונג — אי אלס א חבר, אי אלס א פארטנער אין א וויכוח; אלס א ביישפיל פאר אנדערע מיט זיין גינציקייט, לעבנסלוסטיקייט, רו-איקייט...

גינציקייט צו מענטשן רופט ווי א ווידערקול ארויס גינציקייט צו זיך. מיט וועמען איך האב נישט גערעדט וועגן אים, האבן אלע אן אויסנאם זיך אפגערופן וועגן אים מיט ליבע; דערמאנט מיט ווירדיקייט זיין נאמען, זיין ארבעט, זיין געוואגטקייט. אלע אין איין קול. אויף אזוינס זענען גאר ווייניק זוכה. דער "זי-סער" איז געווען אן א פלעק, און ווי באוווסט, זענען פלעקן פאראן אפילו אויף דער זון...

ער האט זיך "ווייטער געלערנט" אין ווילנער יידישן טעכניקום, וואס האט גע- האט א גלענצנדיקע רעפוטאציע נישט בלויז אין ווילנע, אין פוילן, נאר אויך מחוץ אירע גרענעצן. א דיפלאם פון דאזיקן טעכניקום האט גאראנטירט די ארבעטס- געבער, אז זיי האבן פאר זיך א פאכמאן מיט א גוטער צוגרייטונג. אבער לעאן האט געשטרעבט צו הויכבילדונג און האט זיך פון דאזיקן געדאנק קיינמאל נישט אפגע- זאגט. עס זענען געווען פיל מניעות אויף זיין וועג; די ווילקטיקסטע — זיין פריע פארבינדונג מיט דער רעוואלוציאנערער ארבעטער-באוועגונג.

דאס ערשטע מאל האט מען אים ארעסטירט, און אינגיכן באפרייט צוליב מינדער- יאריקייט. די ווייטערדיקע ארעסטן האבן זיך פארענדיקט מיט צוויי שווערע און לאנגע אורטיילן: ער איז געזעסן אין די ווילנער "לוקישקי", אינעם ווארשעווער "פאוויאק", אין די איינצלקאמערן פון דער ווראנקער תפיסה, און פון דער שווער- סטער פון די שווערסטע טורמעס — אין ראוויטש.

און אומעטום איז ער געווען — ער, דער וויסנגיריקער, מיטן בוך אין האנט: דער אויפקלערער, וואס נוצט אויס יעדן תפיסה-טערמין, כדי לערנען אנדערע, וואס שאפט אן אטמאספער פון דיסציפלין, לוסט און אויסדויער; וואס הערט אויס אנדערע מיט גוואלדיקער אויפמערקזאמקייט און לערנט זיך עפעס ביי יעדערן; געווען דער, וואס ווען ער רעדט, הערט מען זיינע רואיקע, לאגישע אויספירן מיט אן אלץ מער דערוועקנדיקער נייגיריקייט. ביי הונגערשטרייקן פארלאזט אים נישט דער וויץ און דער שארפזין — מיט לעאנען איז אפילו לייכטער צו הונגערן, לייכטער איבערצו- טראגן עינויים.

ער איז געווען א מענטש, וואס איז זיין גאנץ לעבן געגאנגען מיט אן אויפגע- הויבענעם קאפ. מיט זיין אייגענעם ביישפיל האט ער באשטעטיקט דעם געדאנק פון א פילאזאף, אז אלע באשעפענישן האלטן זייערע קעפ אראפגעלאזט צו דער ערד, ווייל זיי זענען תמיד פארנומען צו זוכן פאר זיך שפייז. בלויז דער מענטש איז אויסגע- גלייכט געווארן און קוקט אין הימל - צו די שטערן. אזא איז געווען לעאן. להי- פוך צו זיין נאמען, נישט קיין זשוק, נאר אן אדלער, א פראקטישער טוער, אבער א תמיד פארקוקטער אין דער ווייט, אין דער הויך, אין די פערספעקטיוון פון דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג. זיין איינגעבוירענער חוש פאר טאקט האט אים דער- לויבט צו האלטן זיך העפלעך און קארעקט אין די אידעאלאגישע דיסקוסיעס מיט אלע

מינים קעגנער, איבערלאזנדיק ביי די אנטאגאניסטן דאס געפיל, אז זיי האבן זיך ארומגעאמפערט מיט א קלוגן און ווירדיקן מענטש. ער האט ליב׳ געהאט צו נעמען א ווארט דער לעצטער, כדי צו האבן א ברייטערן פראנט פאר אן אויספירלעכערן אנאליז אין זיין ענטפער. אזוי כאטש געניט אויספירלעך, איז ער אלעמאל געווען קורץ.

קיין קאלק איז לעאן געקומען אין 1940 יאר. זיין פרוי און קינד זענען אהער אנגעקומען פריער — פון דער באמבארדירטער ווארשע. לעאן, א באטייליקטער אינעם קאמף פאר ווארשע אין די ארבעטער-באטאליאנען, האט צוזאמען מיט אנדערע אפגעגעבן דאס געווער אין דער ציטאדעל, און ערשט נאכדעם זיך ארויסבאקומען פון דער אקופירטער הויפטשטאט קיין בריסק, און פון דארט אוועק צו זיין פרוי. אין יוני 1941, ווען דער ראטנפארבאנד איז באפאלן געווארן דורך די פאשיסטישע הארדעס, האט זיך לעאן געפונען אין א לעמבערגער שפיטאל, נאכן דורכמאכן א שווערע אפעראציע. ער האט זיך געפונען אין אן ערנסטן צושטאנד און נישט געקאנט, ווי אנדערע, עוואקואירן זיך פון דער שטאט. און ווען ער האט שוין דאס געקאנט דורכמאכן, איז שוין געווען צו שפעט — א רעוואלוציאנער און א ייד, האט ער זיך נישט געקאנט פרווון דורכשלאגן קיין סארנע. עס האבן אים אויסבאהאלטן און געהאלפן אויסמיידן סכנות זיינע אוקראאינישע חברים, מיט וועלכע ער איז געזעסן אין תפיסה. ערשט אין 1942 יאר איז אים געלונגען דורך פארשידענע אומוועגן קומען קיין וואלין.

ער האט באקומען א קאנטאקט מיט א קליינער פארטיזאנישער גרופע און זיך אנגעשלאסן אין איר. זי איז טעטיק געווען אין דער געגנט פון ראפאלאווקע, ביי סארנע. ווען דער שעף פון דער גרופע האט זיך דערוווסט, אז לעאנס פרוי איז א קראנקנשוועסטער — און אזא איז נייטיק געווען דעם אטריאד — האט ער באלד צוגעטיילט צו אים צוויי ארטיקע פויערים, וועלכע האבן אים דורך פארשידענע וועגן און שטעגן געדארפט דורכפירן קיין קאלק, ווו זיין פרוי, לויט זיינע חשבונות, האט זיך געזאלט געפונען, און זי אריבערפירן צו דער גרופע. מ׳האט שוין באשטימט א פלאץ פארן קינד ביי איינער אן אלטער פרוי, וועלכע האט זיך מיט אים געדארפט פארנעמען.

לעאן איז געווען גליקלעך: אי ער געפינט זיך ביי די פארטיזאנער, אי ער וועט אפגעפונען זיין פרוי און קינד.

פונעם וואלד צום שטעטל האט נישט געדארפן זיין שווער צוצוקומען, די גאנצע געגנט איז א וואלדיקע. די צווײ באגלײטער האט ער איבערגעלאזט ווארטן אויף זיך אין וואלד, און אלײן האט ער זיך געלאזט אויספירן די אויפגאבע. ער איז געגאנגען פארזיכטיק, זיך באוועגט ווי א שאטן, באמיענדיק זיך אויסמײדן מענטשן ער האט זיך דערקליבן צום געטא. אט איז ער שוין בײם דער שטוב, ווו די פרוי האט זיך געזאלט געפונען. די שטוב איז פוסט. אומקערן זיך מיט גארנישט? ער מוז זיך עפעס דערוויסן וועגן איר.

מען ווייסט: עס האט זיך אנגערוקט דער פרימארגן. צוריקקערן זיך אינעם וואלד איז געווארן אוממעגלעך. מען מוז ערגעץ זיך פארשטעקן און ווארטן ביז ס'וועט אנקומען די נאכט, ערשט דאן וועט ער ווידער פרווון מזל. האט ער זיך באהאלטן אין דער סטאדאלע פון מאניעוויטשן און, עפענענדיק די טיר פון דער סטאדאלע, האט ער געעפנט דעם וועג צום טויט. קײן ערגערע באהעלטעניש האט ער נישט געקאנט שוין אויסקלײבן, מחמת גריגארי מאניעוויטש איז געווען אן אויסוורף און א באנדיט. ווען לעאן האט אים דערזען, האט ער כהרף-עין פארשטאנען, אז ער איז בײם טויט אין די הענט און באשלאסן: ביליק דאס לעבן נישט אפגעבן. דער מער־דער האט זיך געווארפן אויף לעאנען און גענומען אים שלעפן צו די דײטשן. לעאן האט נאך געפרוווט מיט אים אײנטענהן, אז אים לוינט נישט אים איבערצוגעבן די דײטשן אין די הענט און נישט אים צו דערמארדן. אבער דער גזלן האט געמאכט א גוואלד, און ס'זענען אנגעלאפן ווי די ווערים די שכנים.

לעאן האט זיך קײנמאל נישט אונטערגעגעבן. וועט ער זיך דען אונטערגעבן דער דאזיקער באנדיטישער פאסקודסטווע? ארויסגעצויגן דעם נאגאן, וואס ער האט געהאט מיט זיך און ארײנגעלאזט אלע קױלן אינעם באנדיט, איבערלאזנדיק בלויז אײן קויל פאר זיך. ער האט שוין אבער נישט באוויזן אין זיך אויסשיסן; דער רעוואל־ווער איז אים ארויסגעריסן געווארן פון דער האנט, און ער איז אויפן ארט געלינטשט געווארן.

אזוי האט געענדיקט זײן לעבן דער "זיסער" און העלדישער מענטש!

*

פון דעם סטיר —

* * * * * * * * דורך דער וואלגע —

* * * * * * * * * * * * * * * * * * צום ווייסל

מיר (איך, מיט מיין אלטן חבר טוליע ליבערמאן, פון ראזשישטש) זענען געזעסן אין איר צימער ביי א גלעזל טיי און צוגעשטאנען, זי זאל דערציילן, וואס זי האט דורכגעלעבט אין די יארן פון דער מלחמה (געהערט האב איך, אז דורכגעלעבט האט זי פיל מער, ווי פאר איין מענטשלעך לעבן איז "באשערט"). זי האט אויף דער טע-מע נישט געוואלט רעדן: אלע האבן גענוג איבערגעלעבט! געוויס, זי האט געזען שטעט פארשלונגענע דורכן פייער, געדענקט פיל פנימער פון מענטשן, אומגעקומענע ביי איר אויף די אויגן; געדענקט וואנדער-שפיטאלן, פון וועלכע באמבארדירונגען האבן אין עטלעכע מינוט געמאכט א בארג ברוכווארג און אש; געוויס, זי געדענקט דעם קאמף מיט קראנקהייטן, וואס האבן געקאסעט מענטשן. יא, זי האט געזען, גע-וויס. און ווער האט נישט געזען? מלחמה, און דערצו אזא מלחמה!...

מיר האבן זי געדארפן ציען פאר דער צונג; לאנג זיך געמאטערט זי ברענגען דערצו, זי זאל פון אלגעמיינע שילדערונגען קומען צו דעם, וואס איז געשען מיט איר פערזענלעכן אנטייל, אדער אפילו גענויער: אין וואס איז באשטאנען איר פער-זענלעכער אנטייל?

פון דעם לכתחילה גענוג כאאטישן שמועס, זענען מיר אבער פארט ארויף צוביס-לעכווייז אויף דער טעמע, וואס ס'האט אונדז אינטערעסירט.

דעם 22-סטן יוני 1941 יאר, פונקט 12 בייטאג, האט שיינקע אנגעטאן א מענער-קאסטיום, זיך געזעגנט און ארויס פון שטוב. אין דער דאזיקער שעה האט זיך פאר איר אנגעהויבן איר פערזענלעכער אנטייל אין דער מלחמה. קיין כראנאלאגישן סדר בין איך נישט אימשטאנד אפצוהיטן. מיר גייט דאך בלויז אין דעם, געבן איר פאר-טרעט אלס אן אשת-מלחמה.

*

שוין אין דעם טאג, ווען זי איז אנגעקומען מיטן שפיטאל אויף דער סטאציע קאראסטין, איז זי געווען אן עדות פון א דייטשישער באמבארדירונג. די דייטשן האבן באמבארדירט א צוג מיט אויפרייס-מאטעריאלן און דעם שפיטאל "אויף רעד-לעך". דער שפיטאל אויף רעדער, פול געפאקט מיט פארוואונדעטע, איז באלד געווען שוין אין דער פארגאנגענהייט... ווער ס'האט דורכן פייערדיקן גיהנום געקאנט לויפן, איז געלאפן. עס זענען געלאפן אפילו אזעלכע, וואס זענען דורך זייערע וואונדן פארמשפט געווען צו ליגן.

שיינקע האט זיך א גאנצע ארויסבאקומען פון א גרוב, ווו זי איז פארקראכן בעת דעם באמבעס-האגל, און פעסטשטעלנדיק, אז זי קאן שטיין אויף די אייגענע פיס, תיכף צוגעטראטן אויף די חורבות, ארגאניזירן א נייעם מעדיצינישן פונקט. א מעדיצינישן פונקט פון "ניהיל" — פון גארנישט: אן מעדיקאמענטן און אן א פערסאנאל. טראכטן איז נישט געווען ווען. די גראטעוועטע האבן זיך געניייטיקט אין א דרינגענדיקער הילף, כדי לעבן צו בלייבן. עס האבן זיך גענומען צונויפקו-מען מענטשן, אויך פון די גראטעוועטע פונעם מעדיצינישן פערסאנאל פונעם צוג, וואס האבן אבער "פארלוירן דעם קאפ" און נישט געוווסט פון וואס אנצוהייבן. מי-ליטערלייט און מעדיצינער האבן גענומען אויספירן אירע באפעלן. פון אונטער דעם ברוכווארג האט מען גענומען ארויסשלעפן די לעבן-געבליבענע, די לייכט-פארוונ-דעטע, ווייל קודם-כל דארף מען ראטעווען לעבנס, ווייל דאס לעבן פון א זעלנער און אפיציר איז דאס לעבן פון א מארגנדיקן קעמפער.

ווען די צעטומלעניש איז פארביי, האבן מענטשן זיך גיך אריינגעצויגן צוריק אין דער ארבעט. אט אין אזוינע מאמענטן איז נייטיק איניציאטיוו, איז נייטיק דעם אייגענעם ווילן צו באפעלן און דעם אייגענעם קאפ צווינגען צו ארבעטן. צום נייעם מעדיצינישן פונקט האט מען געבראכט שווער-פארוואונדעטע פון ווייטערע ער-טער. ארגאניזירן — קודם-כל איינשטעלן פארבינדונגען מיט אפטיילן פון דער נא-ענט.

דער פונקט איז זיך צעוואקסן נישט פון טאג-צו-טאג, נאר פון שעה צו שעה, און צוזאמען מיט אנדערע טיילן זיך גענומען צוריקציען, און בעת דעם צוריקציען זיך, געטאן די אלע אנוואקסנדיקע ארבעט.

מען האט געפירט די פארוואונדעטע אויף לאסט-וואגנס, אויף פויערישע פורן; מען האט געפירט גאנצע גרופעס פארוואונדעטע צופוס. מען האט זיי אפעריערט און איבערגעבונדן אויף אפשטעל-פונקטן; די נישט-טראנספארטאבעלע איינגעארדנט ביי זיכערע מענטשן.

דער צוריקצי, טיף אין לאנד, איז פארגעקומען אין א געדריקטער שטימונג, ווי פודן וואלטן געלעגן אויף דער נשמה. אבער אונטער דער דערדריקטקייט האט געטליעט די איבערצייגונג, אז דאס איז נאר צייטווייליק און אז דער שונא וועט פארט ברעכן דעם רוקן, און מיט דער דאזיקער האפענונג האבן מענטשן געלעבט. דערווייל זענען אבער די פאשיסטישע חיילות געגאנגען אן אויפהער פארויס, און די, וואס זענען נישט געווען פארוואונדעט אין גוף, זענען געווען שווער פארוואונדעט אין דער נשמה. דער ציל איז ביי די מעד-ארבעטער וואס ווייטער אלץ מער בולט געווארן: בשום אופן נישט איבערלאזן קיין איין פארוואונדעטן אין דער סכנה ארייצופאלן דעם שונא אין די הענט; מיט די לעצטע כוחות, אין די שווערסטע באדינגונגען — מיטנעמען, פירן מיט זיך.

— שיינקע, דו האסט זיך דאך באטייליקט אין דער סטאלינגראדער שלאכט. אפשר וואלסטו דערציילט וועגן דיין ארבעט דארט? יעדער זעלנער שטאלצירט מיט זיין באטייליקונג אין שלאכטן, נאר באזונדערס שטאלץ זענען די, וואס האבן זיך באטייליקט אין דער שלאכט פאר סטאלינגראד און אין די שלאכטן פאר בערלין. ביי אונדז אלעמען לעבט די איבערצייגונג, אז צומשווערסטן איז געווען די יעניקע, וואס זענען געווען אין דער אזוי לאנגער און אזוי שווערער, עקשנותדיקער שלאכט אין דער שטאט אויף דער וואלגע.

ווער עס איז געווען אין דער דאזיקער שלאכט א שעה, און ווער א טאג, און ווער א וואך, און ווער א חודש; שיינקע איז געווען פונעם ערשטן טאג-אן ביזן לעצטן. זי איז שוין געווען אין סטאלינגראד, ווען דער שונא איז נאך געווען 200 קילאמעטער פון דער שטאט, און נאכדעם 100 און ווייטער, ביז דער שונא איז אריין אין דער שטאט, און די שלאכטן זענען פארגעקומען אויף די גאסן, אין אירע געביי-דעס, ווען מען האט געקעמפט פאר יעדערהויז, פאר יעדן שטאק. זי האט זיך פערזענ-לעך באטייליקט אין קאמפן אין אפגעשלאסענע געביידעס, ווו מען האט געקעמפט א שטאק פאר א שטאק.אבער פון שיינקען דארף מען ציען אן עפיזאד נאך אן עפיזאד. די איינגעבוירענע באשיידנקייט שטערט איר צו רעדן וועגן זיך.

אבער א שטיקל סך-הכל קריגן מיר פון איר פארט ארויס.

אין 17 שפיטאלן, אין קעלערס פון חורבות, האט זי פאנאנדערגעשיקט פונעם צענט-ראלן מעד-פונקט אין סטאלינגראד די פאראוונדעטע. זיי זענען געווען צעווארפן איבער אלע אפשניטן פונעם סטאלינגראדער פראנט. אין פארשידענע פונקטן פון דער שטאט, צו וועלכע די דייטשן האבן בשום אופן נישט געקאנט צוקומען, נישט געקוקט אויף זייערע אנאויפהעריקע אנגריפן. שיינקע האט אנגעפירט מיטן צענטראלן עוואקו-איר-פונקט פאר די פאראוונדעטע אין סטאלינגראד. לכתחילה האט מען פאראוונדעטע געבראכט גאנצע צוגן, נאכדעם אין לאסט-אויטאס, שפעטער אויף די פלייצעס פון זעל-נער און סאניטארן, אדער אויף טראג-בעטלעך — פון פראנט איז דער וועג געווען אזא קורצער, אז די גאנצע ארבעט האט געמוזט אפגעטאן ווערן כמעט אונטערן דירעקטן פייער. די פאראוונדעטע האט מען געגעבן די נייטיקסטע ערשטע הילף און גלייך אפ-טראנספארטירט אין איינעם פון די 17 פראנט-שפיטאלן.

א גרויסער פערסאנאל, אונטער שיינקעס אנפירונג, האט געארבעט טאג און נאכט, וואכן און חדשים. צוויי-דריי שעה שלאף, איז געווען די נארמע, און אפטמאל האט מען אויף די דריי שעה אויך געמוזט מותר זיין. מיט גרויסע קרבנות האט מען גע-דארפט צושטעלן ברויט און וואסער, און נישט אלעמאל איז עס געלונגען, נישט ווי-ניק זענען געפאלן דערביי פון די קוילן און סנאריאדן פונעם שונא.

אין דער צייט, ווען צו די שפיטאלן זענען נאך אנגעקומען צוגן, האט פאסירט אזא פאל: עס איז אנגעפארן א צוג מיט פאראוונדעטע דייטשישע זעלנער, געפאנגענע אין געפאנגענשאפט. ווען זיי זענען ארויס פון די וואגאנען, און די שווער פאר-וואונדעטע האט מען גענומען ארויסטראגן, האבן זיי דערזען סיי אונדזערע זעלנער, סיי ציווילע, איז באלד אנטשטאנען א סכנה פון אויסברוך פון א שרעקלעכן צארן, וואס האט זיך זייער שלעכט געקאנט ענדיקן פאר די געפאנגענע. ס׳האט זיך אויס-געדאכט, אז ס׳וועט זיין אוממעגלעך צו באהערשן די סיטואציע, ווייל אלע האבן געפילט, אז דער ווולקאן פון שנאה און פארביטערונג וועט נישט קאנען איינגע-האלטן ווערן, דאן איז ארויסגעטראטן שיינקע מיט א באפעלערישן:

— שטייט! זאל קיינער נישט וואגן אנצורירן די געפאנגענע! — און א ווונ-דער איז געשען: די מאסע, ממש אן אנגעלאדענע אויפצורייסן, האט זיך א וואקל געטאן און שטיין געבליבן. איין מינוט האט דעצידירט וועגן לעבן פון די שוין

ארומגערינגלטע פארוואונדעטע דייטשן. אויסנוצנדיק די דאזיקע מינוט, האט שיינקע באפוילן דעם סאוויעטישן פאטרול אפצופירן די פארוואונדעטע צום נאענטסטן מעדפונקט.

ווען שיינקע האט דערציילט דעם דאזיקן עפיזאד, איז זי אנטשוויגן געווארן, אראפגעלאזט דעם קאפ אויף די הענט. אפשר האט זי פאר די אויגן דערזען דאס דאזיקע בילד, פול מיט שפאנונג און מיט דראונג פון אומגעצוימטן לינטש. דאס איז נישט געשען. ווי גוט, וואס דאס איז נישט געשען. אין דער שטאט פון בלוט און העלדישקייט, האט אונדזער מענטש געוויזן דעם חילוק צווישן אים און די פראפעסיאנעלע מערדער פון דער ברוינער ארמיי. ווען שיינקע האט אויפגעהויבן דעם קאפ, האט זי זיך מיט די אקסלען אפגעטרייסלט, ווי פון א קאשמאר:

— ביז היינט פארשטיי איך נישט, ווי האט מען דארט געקאנט לעבן און ארבעטן — האט זי ארויסגעקעכצט...

זי דערמאנט זיך, וואס פאר א גיהנום סטאלינגראד איז געווען אין די טעג, ווען ס'פלעגן אנפליען טויזנטער אעראפלאנען: עס פלעגן נאך נישט באווייזן אראפווארפן זייערע באמבעס די עסקאדרעס איבער אונדזערע קעפ, ווי עס זענען אנגעפלויגן אנדערע. צוועלף שעה אן איבעררייס האבן זיי באמבארדירט יעדער ארט, אויב זיי האבן נאר געהאט א חשד, אז דארט געפינט זיך א לעבעדיקער נפש. יעדער זעלנער האט זיך איינגעגראבן וואס טיפער, אריינגעוואקסן צווישן שטיינער, אין דער ערד, און פארטיידיקט יעדן שפאן. די מעדיצינישע ארבעטער האבן זיך נישט געקאנט איינגראבן; זיי האבן געמוזט זיין אין שטענדיקער באוועגונג, אויפנעמען פארוואונדעטע, באדינען זיי, און נאכן געבן די ערשטע הילף — ביי אלע אומשטענדן — זיי אפטראנספארטירן ווייטער, ווייטער פון פייער.

די מעדיקער זענען תמיד, אן איבעררייס, טעטיק געווען — בעת דער שלאכט און נאך דער שלאכט. זייער קאמף פארן לעבן האט ניטש געוווסט פון קיין איבעררייסן, פון קיין אפרו. אפילו אין שלאף האבן זיי נישט געהאט קיין מנוחה. נאך יעדער שלאכט איז אלץ מער ארבעט געווען.

צום עוואקואיר-פונקט האט מען געבראכט פון אומעטום. דער סנאריאדן-קאנצערט און דאס געשריי פון די שווער-פארוואונדעטע האט געקאנט טויב מאכן. מען האט נישט געהערט איינער דעם אנדערן. מען האט געמוזט שרייען און איבערשרייען דעם גערויש פון די אעראפלאנען, די קלעפ פון מעכטיקע אויפרייסן, די שווישטשעריי פון די

״קאטיושעס״ און דאס שטעפעריי פון קוילנוואַרפער. די זון איז קיין זון נישט גע-וועזן, דער הימל — קיין הימל. אַלץ אַרום האָט געקרעכצט, זיך געוואַקלט, אויפגע-טרייסלט געוואָרן ווי פון אַן ערדציטערניש. און מענטשלעכע נערוון האָבן געמוזט זיין שטאַרקער פון אַלץ — אויסהאַלטן. אַלץ אַרום ברענט, ציטערט, און דו מוזסט רו-איק זיין, דו מוזסט טאָן דיין אַרבעט פּינקטלעך, פּרעציז. פון דיינע נערוון, פון דיינע הענט, פון דיין געמיט זענען אָפּהענגיק די לעבנס פון טויזנטער, לעבנס, וואָס זענען דיר אַזוי נאָענט, ווי זיי וואָלטן געווען פון דיין בלוט און פלייש, מיט געמיינזאַמען בלוט און אָדערן דורכגעפלאָכטן — איין לעבעדיקער, פּאַרוווּנדע-טער, אויסגעמוטשעטער אָרגאַניזם, וואָס קעמפט פאַרן לאַנד, פאַרן זיג, פאַר דער גאַנ-צער מענטשהייט, אַ באַדראָטע דורך מענטשן-חיות, וואָס אַזוינע האָט נאָך די געשיכטע נישט געזען. אַלע האָבן געמעגט ווערן פאַרטעמפּט, גלייכגילטיק, אָבער אַזעלכעס האָט נישט געטאָרט געשען מיט די מעדיצינישע אַרבעטער.

און ס׳גלייבט זיך קוים, אַז מיט דער דאָזיקער אַרבעט פון ראַטעווען קאָמענדיקע דיוויזיעס, אין פייער אויסגעפּרוווּטע, וועגן וועלכע דאָס רוסישע ווערטל זאָגט, אַז פאַר איין געשלאָגענעם גיט מען צוויי נישט געשלאָגענע, האָט אינעם לעגענדאַרן סטאַלינגראַד אַנטיילגענומען אַ מיידל פון אונדזער שטעטעלע — לייטענאַנט שיינדל סאַלאַמאַנאַוונאַ שפּיץ.

אויף אַ קורצער צייט (דאָס האָט געהייסן אַפּרו...) האָט מען זי איבערגעשיקט צו אַ צווייטער אַרבעט. זי האָט געדאַרפט איבערפירן פון סטאַלינגראַד אויף דער צוויי-טער זייט וואָלגע פאַרוווּנדעטע. איבערגעפירט מיט אַ שיף, וואָס האָט אין פרידלעכע צייטן געפירט אויספלוגן איבער דער מוטערל-וואָלגע, אויף אַ דאַמפער, וואָס האָט זיך אָנגעזען יוגנטלעכע פרייד, טענץ און געהערט געלעכטער און געזאַנג. איצט האָט די שיף געהערט קרעכצן און געשרייען פון פאַרוווּנדעטע; געזען מענטשן מיט אויפ-געריסענע קערפּערס דורך שטאָל און פייער. אַ פירשטאָקיקער שווימענדיקער שפּיטאָל מיט פיל אָפּטיילן, אַ שיף צום ראַטעווען פון פייער. מיט איין אָפּטייל פירט אָן שיינקע; דער אָנפירער פון דער גאַנצער שיף איז אַ דאָקטער פון אַ שטעטל נישט ווייט פון קאַלק — ראַזשישטשע — ירחמיאל וויסאָצקי.

א שפילעכל, אמת? אריבערפירן מיט א שיף איבער דער וואלגע, דערמאנט זיך א-בער, וואס איז געווען דאן די וואלגע! א גלענצנדיקער צילברעט פאר די שונאים — צו פארניכטן די רעזערוון, וואס דארפן אריבער אין קאמף, פארניכטן די פאר-ווונדעטע, נישט ארויסלאזן זיי פון דער שטאט. טויזנטער מינעס און סנאריאדן, טויזנטער באמבעס האבן אויפגעריסן טעגלעך — טאג און נאכט — אויף איר אויבער-פלאך און אין אירע טיפענישן. הונדערטער עראפלאנען זענען געהאנגען איבערן שפיגל פונעם טייך מיט איין ציל — מארדן און דערטרינקען, דערטרינקען און מארדן. אזא איז געווען דאן די וואלגע. כדי אוממעגלעך צו מאכן זי איבערצושווי-מען, זענען איבער איר פון דער לופטן צעגאסן געווארן אייל און בענזין און זיי האבן געברענט און פארכאפט שטחים. א שווימענדיקער פייער. רויט פון בלוט און פול מיט שווימענדיקע קערפערס. אט דאס איז דאן געווען די וואלגע. געדונערט און געבליצט האט זי, מיט פייער געשפריצט, ווי א ווילדע חיה מיט שטשירענדיקע ציין, גרייט אלץ צו פארצוקן. אט דורך אזא וואלגע האט געדארפט די קאלקער שיינ-קע אריבערפירן פארוווונדעטע העלדן, דעם אוצר פון דער מיליטאנטישער קראפט פון נעכטן, וואס דארף צוריקקומען מארגן, און אויב שוין נישט קיין סטאלינגראד, איז קיין ווארשע, קעניגסבערג, ווראצלאוו, צי בערלין.

איך האב געפרעגט מיינעם א פריינד, א מיליטערישן ספעציאליסט פון העכערן ראנג: וויפל, לויט זיין מיינונג, פארוווונדעטע, זענען דורך דורך דעם צענטראלן מעדיצינישן פונקט אין סטאלינגראד.

ער האט געענטפערט: 700.000. יא, זיבן הונדערט טויזנט!

איך בין געווען פארוווונדערט. די זעלבע ציפער האט שיינקע מער-ווייניקער אנ-גערופן.

עטלעכע חדשים האט שיינקע געארבעט אין א ריזיקן מיליטערישן שפיטאל אין סטא-לינא. א שפיטאל אויף צען טויזנט בעטלעך. דאס הייסט, אז במשך פון דער מלחמה זענען דורך אזא שפיטאל אדורך עטלעכע הונדערט טויזנט פארוווונדעטע. דער הויפט-דאקטער איז געווען ד"ר אייזענבערג. די ארבעט אין דאזיקן שפיטאל האט זיך אויך גערעכנט פאר אפרו נאך די שלאכטן פאר סטאלינגראד. אפרו! באמת, קיין באמבעס זע-נען דארט נישט געפאלן, עס איז געווען שטיל, אבער געארבעט האט מען דא כמעט 20 שעה א מעת-לעת. ווייניקער ארבעטן האט שיינקע נישט געקאנט. דאס איז געווען

דער ארבעטס-טאג, וואס האט באשטימט פאר איר איר אייגענער געוויסן און מאנען-
דיקער פליכט-געפיל. שפעטער האט זי געארבעט אין א באוועגלעכן פראנט-שפיטאל
415-מ. פון דעם דאזיקן שפיטאל איז אין 1946, א יאר נאכן סוף פון קריג, דעמא-
ביליזירט געווארן דער לייטענאנט פון מעדיצינישער דינסט — שיינקע שפיץ.

פונעם ערשטן טאג ביזן לעצטן פון דער גרויזאמסטער פון אלע ביזאיצטיקע
מלחמות איז זי געווען בוכשטעבלעך אויף דער ערשטער ליניע, אין די גרעסטע גע-
פארן, אן איבערגעגעבענע, א קרבנות-גרייטע, א פארעקשנטע א שטאלענע און א מיל-
דע, אין בעסטן זין פוןווארט — א העלדישע. זי איז געווען צווישן די שלאכט-
לער, געווען צווישן די זיגער.



*שיינקע שפיץ*

## צווײ שוועסטער

מײַנע צוויי שוועסטער: צוויי וועלטן, צוויי ווערטפולע וועלטן. מירעלע און ראזע. מירעלע — א שווייגנדיקע, א שטילע, א שעמעוודיקע. קיינמאל — קיין הויך ווארט; שטענדיק זיך אויפמערקזאם צוגעהערט, וואס אנדערע זאגן. עס האט פון איר געשטראמט ליבשאפט, גוטסקייט, גינציקייט. זי האט מען נישט געדארפט בעטן צוהעלפן דער מאמען. זי האט עס אליין געטאן. העלפן מענטשן איז געלעגן אין איר נאטור, און די מאמען האט זי דאך זייער ליב געהאט. א טונקעלע, מיט א מילדן שמייכל אויף די ליפן, פלעגט זי מיט נייגיר ארייננקוקן מענטשן אין די אויגן, ווי זי וואלט זיי אויסגעפארשט, פשוט אויס נייגיריקייט, מירל, מירעלע, מישקע.

איך בין געווען צו איר זייער צוגעבונדן, אבער אייגנטלעך האב איך זי נישט געקענט. עס איז געווען פאר מיר א פארמאכטער ספר. וואס עס טוט זיך אינעווייניק, האב איך נישט געוווסט. ערשט אין 1939 יאר, ווען אונדז האט א טאפלטער אומגליק געטראפן — זי האט פארלוירן איר משהן, און מיר אלע — אונדזער מאמען, האבן מיר דורך לאנגע געשפרעכן זיך באקענט. איך בין געווען פארוווּנדערט מיט דעם גײַסטיקן אוצר, וואס זי פארמאגט. א טיפן פארשטאנד און א גרויס הארץ, א גוואלדיקע אבסערוואציע-פעיקייט, אזוי ווייט, אז זי האט פריער פון אונדז אלעמען דערזען און פארשטאנען זאכן, וואס מיר האבן אפילו נישט באמערקט.

ווען מיר איז אויסגעקומען זיך פילמאל שיידן מיט איר, איז זי נאך א קינד געווען, א יונג מיידעלע. אבער בעתן דערמאנטן געשפרעך, ווען זי האט מיר דערציילט וועגן איר לעבן מיט דער מאמען, ווען מיר, די איבריקע פון דער משפחה, זענען געווען ווייט פון דער היים. האב איך זי ערשט ריכטיק דערקענט. זי האט זיך אויף גארנישט, און אויף קיינעם, נישט באקלאגט, אבער אין אירע ווערטער איז געווען טיפע דערפארונג און לעבנס-קענטעניש. פונוואנען איז עס געקומען צו איר? פון איר אויסערלעך מאנאטאנעם לעבן אין שטעטל? א שווערן יאך האט זי אויף זיך

פרייוויליק גענומען, און אים געטראגן, דעם עול, מיט איינגעשפארטער מילדער רו־איקייט.

דער מזל איז איר פארבייגעגאנגען, כאטש זי האט אזוי, אין איר שעמעוודיקייט פון איר הארץ, אזוי געבענקט נאך אים, נאך ליכט, נאך ווארעמקייט. און דער מזל האט זי אויסגעמיטן אין דער לעצער מינוט, ווען זי האט געהאט די מעגלעכקייט אוועקצוגיין פון שטעטל צוזאמען מיט איר יינגעלע, מיט איר חיימלען דעם קליי־נעם, וועלכער איז אין דעם וויכטיקסטן, דעצידירנדיקסטן מאמענט, פלוצלינג שווער קראנק געווארן און זי צוגעשמידט צום ארט. נישט איינמאל האב איך געטראכט: עס וואלט געווים בעסער געווען, ווען זי שטארבט אין וועג, איידער געשאכטן ווערן אין ווישקאוו, נעבן אסאווע, צוזאמען מיט איר חיימלען און מיט אונדזער גאנצער משפחה.

**ראזע** — א לאכערקע, א פריילעכע, אפילו אין שעהן אומעטיקע האט, ווי פון אונטער א פאנצער, זיך געריסן פון איר די פרייד. אן אייזערנער ווילן, א מענטש מיט כאראקטער: אויב אזוי דארף זיין — מוז עס זיין. קיין איבעריקע קשיות דארף מען נישט. דערפון האט געשטאמט דאס, וואס דער הומאר האט זי קיינמאל נישט פאר־לאזט, און דער וויץ איז שטענדיק געווען מיר איר.שווועריקייטן דארף מען גובר זיין, און אפטרעטן דארף מען נישט, קיינמאל נישט אפטרעטן, אבער דערגרייכן — פאר יעדן פרייז.

א העל־בלאנדע, אפענע, לאכנדיקע אויגן, חן־גריבעלעך אין די באקן.ליפן — אומרואיקע; זיי שליסן זיך נישט אויף קיין מינוט, א וואסערפאל פון רייד — רעדן, רעדן, דערציילן, ציטירן און רעציטירן און זינגען — א גאנצן טאג, ביי יעדער ארבעט, און פארן שלאף זיך אויסזינגען, ווי מיט פארדראס, וואס אין שלאף זינגט מען נישט. וועגן וואס האט זי עס אזוי געזונגען? וועגן אלץ: סענטי־מענטאלע מעלאדיעס און קאמפס־לידער, שלאגערן און ערנסטע מוזיק, אוקראינישע "דומקעס", פוילישע לירישע לידער, חסידישע ניגונים און די בונדישע "שבועה". "שיר השירים" איז טאקע געווען אין איר מויל שירה, און ביז היינט קאן איך נישט פארגעסן וויאזוי זי האט געזונגען.

*

ווען איך בין געווען אין מאנטרעאל — מיט פיל-פיל יארן שפעטער — און זיך געטראפן מיט גיטל קופערשטיין, פלעג איך זי נייגיריק אבסערווירן: זי איז אויך אזא דערציילערין, אזא לאכערקע, אזא זינגערקע. זי האט געזונגען מיט איר חוה-לען און אליין.׳ אומעטום: אין שטוב, אין גאס, אין אויטא, ביים טאן עפעס און אויף שפאציר — תמיד מיט געזאנג אויף די ליפן. א מבול פון יידישע ניגונים און אויך אוקראינישע, פוילישע, ענגלישע; סענטימענטאלע און וועגן קאמף, וועגן חורבן, און ריטמישע. אן אמתע ראזקע. איך פלעג זי אבסערווירן אומבאמערקט פאר איר און טראכטן: אזא איז ראזקע געווען. נישט צופעליק, קענטיק, זענען זיי אזוינע נאענטע חברטעס געווען.

איך דערמאן זיך: ראזקע איז אמאל געקומען פון אן אומלעגאלער זיצונג, וואס איז פארגעקומען אין טשארטאריסק. די מאמע האט זי באגעגנט אן שום ווערטער, אבער מיט א פארוורף אין בליק. זיי האבן זיך איינע די אנדערע פארשטאנען אן ווער-טער. ראזקע האט צעשפרייט די הענט, א טופע געטאן מיט די פיס, א גלאנץ געטאן אויף איר מיט לאכעדיקע אויגן און גענומען זינגען צופאטשנדיק מיט די הענט: "שא, שטיל מאכט נישט קיין גערודער, דער רבי גייט שוין טאנצן ווידער, שא, שטיל מאכט נישט קיין גערעש..." און די מאמע האט גענומען וויינען און לאכן: געלאכט און געוויינט, זי ארומגענומען, גענומען קושן, און שעפטשענדיק אין אויער, גע-זאגט:

— איך פארשטיי דאך, אז אנדערש קאן מען נישט, אז אנדערש קאן נישט זיין, נאר, גאט מיינער, עס פאלט מיר איין דאס הארץ. — זי האט געמוזט, באין ברירה, געמוזט מסכים זיין, ווייל אין הארץ האט זי שטאלצירט מיט אירע קינדער, וואס ווילן איבערמאכן א וועלט, א גאנצע וועלט.

דער טרוים פון יעדן בחור און יעדער מיידל, וואס האט פארמאגט ווילן איז גע-ווען: ארויסרייסן זיך פונעם שטעטל. לערנען זיך, באקומען א פאך. אויף דער מא-פע פון זייער הארץ זענען געווען אויסגעקריצט צוויי שטעט: אויף ארבעט — קיין ווארשע, און נאך בילדונג — קיין ווילנע.

ווילנע האט געצויגן ווי מיט א מאגנעס, צוגעצויגן די בעסטע. זעלטענע האבן געהאט מעגלעכקייטן זייער חלום וועגן ווילנע צו פארווירקלעכן. ווילנע — דאס איז דאך דער לערער-סעמינאר, דאס ווילנער טעכניקום, די ווילנער שוועסטער-שול,

די ווילנער גימנאזיעס. ווילנע איז געווען: "ייוואָ", די סטראשון-ביבליאטעק, "יונג-ווילנע", יידיש טעאטער, מיט דער "ווילנער טרופע" בראש. עס איז געווארן א ציל ביי דער יוגנט, וואס האט געלעכצט נאך בילדונג, נאך אן אינסטינקטיוון גייסטיקן לעבן. און ס'איז דאך באמת געווען, ווי דאס האט געשריבן דער באקאנטער ליטעראטור-קריטיקער שלמה בעליס: "די שטאט פון גרויסע רבנים און גרויסע קינסטלער, פילאזאפן, געלערנטע און געזעלשאפטלעכע טוער. די וויכטיקסטע פאליטישע און געזעלשאפטלעכע באוועגונגען האבן דא גענומען זייער אנהייב. אירע זין און טעכטער זענען געפארן אין דער וועלט נאך ברויט, און צו איר איז מען געפארן פון אומעטום — נאך בילדונג. מיט אירע למדנים און געלערנטע האט זי געקאנט איינטיילן א האלבע וועלט."

ראזעס צילגעווענדטקייט און עקשנות, האט זי געבראכט קיין ווילנע. פאר דעם האט זי א גאנץ יאר געלערנט מיט קינדער, געזאמלט א גראשן צו א גראשן, און א זלאטע צו א זלאטע — אלץ פאר ווילנע, אלץ כדי קומען אהין, וווּ אלע דורשטיקע האבן געשטרעבט ווי צו א ברונעם מיט מים חיים. פלוצלינג איז די מאמע שווער קראנק געווארן; אין די נעכט געשפיגן מיט בלוט. די קראנקהייט האט אויפגעפרעסן אירע לונגען. מען דארף זי ראטעווען. ווילנע ווערט אפגעלייגט; אלע אפשפארונגען — צו ראטעווען די מאמען. אבער פונעם געדאנק אנטזאגט זי זיך נישט — ראזקע. ווייטער עקשנותדיקע אפשפארונגען, ווידער א גראשן צו א גראשן. אזוי האט זיך עס איבערגעחזרט עטלעכע מאל, אבער ראזע האט נישט רעזיגנירט.

ענדלעך — ווילנע. צו וואס פאר אן ארבעט איז זי נישט גרייט געווען, און טאקע געהארעוועט פארן בידנעם שטיקל ברויט? — א געהילף ביי א שניידערין, שפאצירן מיט קינדער, א פריוואטע לערערין, אבי נאר צו פארטשעפען זיך, איינהאלטן זיך אין ווילנע. און לעבן האט מען זיך געקאנט לערנען ביי די ווילנער גופא און ביי די הונדערטער אנגעקומענע צו דערשלאגן זיך דא א תכלית. די ערשטע תורה, וואס מען האט זיך דא אויסגעלערנט איז געווען: לעבן מיט אָ כזית. מיט א כזית לעבנדיק, האט זיך ראזקע דערשלאגן צו דער שוועסטער-שול ביים "ארט"; שפינענדיק דעם חלום פון שפינוועבס — ענדיקן מעדיצין.

זי האט געלעבט מיטן געדאנק וועגן א גערעכטער וועלט, וועגן אפגעבן זיך דעם קאמף פאר דער צוקונפט, צוזאמען מיט אלע פראגרעסיווע און אינטערנאציאנאלע כו-

חות, וואס זענען געשיכטלעך אנגאזשירט אין דער דערא־בערונג פון הומאניסטישע אי־דעאלן און אין זייער פארווירקלעכונג, אבער איר אינטערנאציאנאליזם איז געווען אויף א נאטירלעכן אופן צונויפגעבונדן מיט א שטאלץ־געפיל פאר איר אייגן פאלק, מיט זיין אומגעוויינלעכן דערנער־וועג, מיט פארערונג צו זיין גרויסער קולטור. זי האט גערעדט א זאפטיקן יידיש, א קלינגענדיקן עברית און זיך פארפולקאמט אין דער פוילישער שפראך.

אין 1941 יאר האט זי די מלחמה געטראפן אין ווילנע, און דער גורל האט גע־וואלט, אז אויך אירע לעצטע יארן זאלן פארבונדן זיין מיט דער דאזיקער שטאט. ווילנער געטא, קאמף אין ווילנער געטא, פיין און מאטערנישן, און טויט אין וויל־נער געטא.

איר מאן, בערל, האט מיר דערציילט וועגן איר, וועגן איר אנטייל אין דער פאר־איי‌ניקטער פארטיזאנער־ארגאניזאציע. זי איז געווען איינגעשלאסן אין א גרופע פרויען, וועלכע האבן געדארפט אנקניפן פריינדלעכע באציונגען מיט רומענישע זעל־נער און פרוון ביי זיי קויפן געווער פאר דער ארגאניזאציע. דאס געווער פלעגט מען פאנאנדערנעמען, און חלקימווייז ארייַנטראגן מיט סכנת־נפשות אין געטא. דער מינדסטער פרווו איינצושאפן זיך, אדער קויפן געווער האט געדראט מיט טויט. זי איז אויך, ראזקע, געווען צוגערעכנט צו א גרופע קראנקן־שוועסטער, וועלכע האבן זיך צוגעגרייט צום קאמף אין געטא.

איר מאן, בערל, איז געווען א מיטגליד פון דער פפא (פאראייניקטע פארטיזא־נער־ארגאניזאציע), און צו דעם ענגסטן אקטיוו האט אויך געהערט ראזקע. צוויי שטעלונגען האבן דאמינירט צווישן דער אנפירערשאפט: איינע — מען דארף זיך בא־זארגן מיט געווער, ארויסגיין אין וואלד און שאפן דארט א פארטיזאנישע טייל. צו דעם האט זיי אויך גערופן דער אנפירער פון א פארטיזאנער־אפטייל אין וויל־נער געגנט — מארקאוו. די צווייטע — צוגרייטן זיך צו א קאמף מיטן שונא צווישן די מויערן פון געטא דאן, ווען ס'וועט שוין קלאר ווערן, אז דעם געטא דראט ליקווידאציע. דאס האט באדייט: אין געטא וועלן מיר קעמפן, ווי יידן, וואס פארטיידיקן זייער כבוד און זייער לעבן. מיר קאנען זיך נישט דערלויבן איבער־לאזן אויף הפקר די ווייבער, די קינדער און זקנים, און אליין אוועק אין די וועל־דער.

איך האָב וועגן דעם דאָזיקן פּראָבלעם געשמועסט מיט אַ גאַנצער ריי לעבן-געבליבע-נע פּאַרטיזאַנער פון ווילנער געטאָ. איך איצט זענען זייערע מיינונגען געבליבן פאַרשידענע. ראָזע האָט געהערט צו די, וועלכע האָבן געפאָדערט מען זאָל בלייבן אין געטאָ.

אין 1947 יאָר בין איך צוזאַמען מיטן פּאַרטיזאַנער דובטשאַנסקין און בערלען געווען אין ווילנער יידישן מוזיי און געזען אַ נאָך נישט אָפיציעל געעפנטע אויס-שטעלונג וועגן די געשעענישן אין ווילנער געטאָ. פיל אָרט איז אין איר געשענקט געוואָרן דער ווילנער און קאָוונער פּאַרטיזאַנער-באַוועגונג. ביי אַ גרויס בילד פון ראָזקען זענען געשטאַנען צוויי פרויען. איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די עלטלעכע מענטשן, וואָס זענען געווען מיט מיר. די פרוי האָט אַנווייזנדיק אויף ראָזען גע-זאָגט:

— דאָס איז געווען אַ גאָלדענער מלאך.

מיינע באַגלייטער האָבן מיר שפּעטער דערקלערט:

— ..."אַ גרופּע פרויען, מערסטנס פלעגערינס, צווישן זיי אויך ראָזע, האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע צו העלפן, ווי ווייט מעגלעך, די קליינע קינדער אין געטאָ. זאַמלען פאַר זיי שפּייז און קליידונג, זאָרגן פאַר זיי בעת אַ קראַנק-הייט. אין די באַדינגונגען פון געטאָ איז דאָס געווען זייער אַ שווערע און זייער אַ פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט. נעמען ביי די, וואָס האָבן אַליין נישט! עטלעכע קינ-דער איז אַפילו געלונגען אַרויסצופירן פון געטאָ און זיי איינאָרדענען ביי גוטע מענטשן אויף דער אַרישער זייט. דאָ, ווו די פרויען פון דער גרופּע, די 'מלאכים', פלעגן אַריינקומען, פלעגן אויפשיינען קינדערישע אויגן און אַ שמייכל פלעגט זיך באַווייזן אויף די פּנימלעך, וואָס האָבן ממש נישט געוווּסט וואָס אַ שמייכל איז. מען האָט געוווּסט: זיי ברענגען, די מלאכים, אַמאָל אַביסל מילך, אַמאָל אַ שטיקל ברויט, אַ רפואה. מען האָט געקאָנט הערן: 'אויב מיין חנהלע לעבט, האָבן מיר נאָר איר צו פאַרדאַנקען'".

אין 1965 יאָר איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט אַ רוסישן שרייבער, אַ געוועזענעם קאָרעספּאָנדענט פון אַ מיליטערישער צייטונג פונעם ערשטן ווייסרוסישן פראָנט. ער האָט מיר דערציילט, אַז אין 1944 יאָר, באַלד ווי ווילנע איז באַפרייט געוואָרן, איז ער דאָרט געווען מיט אַ גרופּע סאָוויעטישע קאָרעספּאָנדענטן און שריי-

בער, וועלכע האבן געקליבן מאטעריאלן וועגן קאמף און ווידערשטאנד, וועגן די פארברעכנס פון פאשיזם, און דא האט מען אים דערציילט וועגן א יינגער פרוי, וועלכע מען האט אין געטא גערופן "זאלאטאי אנגעל". איך בין געוועזן איבער-ראשט, ווידעראמאל זיך געטראפן מיט דער זעלבער באצייכענונג "גאלדענער מלאך". מיין איבערראשונג האט פאראינטערעסירט דעם געוועזענעם קריגס-קארעספאנדענט און ער האט מיך אנגעקוקט מיט חשד. זאפיא סקאלסקא, וועלכע איז אליין געוועזן אין ווארשעווער געטא, און שפעטער זיך באטייליקט אין אונטערערדישן קאמף אויף דער ארישער זייט, האט אויפגעקלערט:

— דאס איז געוועזן זיין שוועסטער.

— אזוי!... אויב אזוי — האט יענער געזאגט — וועל איך דיר צושיקן עטלע-כע צייטונגס-ארטיקלען פון יענער צייט, מיינע און אויך פון מיינע פריינד, מי-ליטערישע קארעספאנדענטן. אויך עטלעכע בילדלעך, וועסטו זיך אלץ דערוויסן.

פאר מיינע אויגן ליגט א פאטא: אן עלטערע פרוי און פיר קליינע קינדערלעך. אין איין צייטונג לייען איך: "30-סטער יוני 1944, דריטער ווייסרוסישער פראנט, 'קראסנאארמייסקאיא פראוודא', אונטערגעשריבן: 'קאפיטאן טעלענטיעוו'. דער קאפ פונעם ארטיקל: 'די גרויסע משפחה'".

..."אלעקסאנדרא דזשעוויעצקא האט באשלאסן אין יענע טעג העלפן קליינע קינ-דער. קודם יידישע, און אויך פוילישע. מיט איר האט זיך ראזע פארשטענדיקט. די פרוי האט געוווינט אין א נידעריקן פינצטערן קעלער."

זעקס קליינע קינדער האבן מיט איר געוווינט: פיר — איין- און צוויי-יאריקע, צוויי — צו דריי יאר. פיל קינדער זענען דורך אירע הענט אדורכגעגאנגען, אבער יענע האט זי איבערגעגעבן אנדערע משפחות. כל-זמן ס'איז מעגלעך געוועזן צו פארשטענדיקן זיך מיטן געטא, האט זי זיך קאנטאקטירט מיט ראזען. צווישן די קינ-דערלעך איז אויך געוועזן ראזעס אייגן יינגעלע, גרשון. די פרוי האט גרשונען גע-טויפט, כדי ארייננצופירן די דייטשן אין א טעות. פון דאן האט גרשון שערשניעוו-סקי געהייסן סטאניסלאוו-מאריאן קאסטא.

בערל האט מיר דערציילט: אין די ערגסטע צייטן האט זיך ראזקע נישט איינגע-בראכן. עס האט געמאכט דעם איינדרוק, אז זי איז קיינמאל נישט אומעטיק, אומע-טיק זענען בלויז געוועזן אירע אויגן. ווען מיר פלעגן ארויס אויף דער גאס, פלעגן

מיר זיך צעקושן און זאגן קעגנזייטיק צו זיך: "היט זיך טייערע!", "היט זיך טייערער!" — יעדעס מאל האבן מיר געטראכט: ווען מיר זיך זען ווידעראמאל? אבער קיין טרערן האב איך ביי איר אין די אויגן קיינמאל נישט געזען. זי האט מיך אויפגעמונטערט. ווען אירס א נאענטע חברטה, א מיידל פון לידע, איז ביים טויער פון געטא דערשאסן געווארן, איז ראזע געקומען אהיים, געזעסן און גע-שוויגן. ווען איך בין געקומען, האב איך זי נייגיריק אנגעקוקט. "נישטא מער שרהלע!". - איך האב עס שוין געוווסט. זי האט זיך אויפגעהויבן און געזאגט: "עך, בערל, וואס איז דער אונטערשיד, היינט זי, מארגן — איך!" און שטיל צוגע-געבן: "מען דארף זיי אבער דאך דערפאר אפצאלן."

— איינמאל, קומענדיק אהיים, האב איך איר דערציילט, אז אונדזער יינגעלע איז אין זיכערע הענט, אז ער איז שוין ביי דער אלטער דזשעוויעצקאן אין קעלער, אן ארומגוואשענער און זאטער. ראזקעס אויגן האבן געגלאנצט, אבער מיך האט געשטיקט אין האלדז. איך האב געפילט, אז איך וועל דאס מער נישט אויסהאלטן, און אונטער א תירוץ פארלאזט דעם צימער. הינטער דער טיר האב איך דערהערט א שרעקלעך געשריי, א געשריי פון א גרויסן ווייטיק. איך האב זיך אומגעקערט און געפונען זי מיטן פנים פארגראבן אין קישן, די הענט איינגעפלאכטן אין די האר. זי האט געוויינט און געשריגן; דורך טרערן גערופן: "מאמע, מאמעלע מיינע!"

— דוד — האט מיר געזאגט בערל — זינט יענעם טאג: אין וואלד, אין קאמף, און אויך איצט — וואו איך זאל נישט זיין: ביי דער ארבעט, אדער צווישן פריינד — פארפאלגט מיך איר געשריי!

— דאס איז געווען דאס ערשטע מאל אין געטא — האט בערל דערציילט — ווען איך האב דערזען ראזען וויינען, און אויך דאס לעצטע מאל...

*

די געסטאפא אין ווילנע איז געווויער געווארן וועגן דער יידישער קאמפס-אר-גאניזאציע. זי האט געוווסט איר צאל, און אז זי איז נישט שלעכט באוואפנט. דעם 16-טן יולי 1943 יאר איז אין געטא אומגעקומען דער קאמענדאנט פון דער פאראיי-ניקטער פארטיזאנער-ארגאניזאציע - וויטענבערג. ער איז שוידערלעך געפייניקט גע-ווארן, אבער געשוויגן. דעמלט איז באשלאסן געווארן, אז די ערשטע גרופע פון 25 מאן, א גוט באוואפנטע, פארלאזט דאס געטא און גייט אוועק אין וואלד. אינעם

וואלד זענען זיי ארייגעפאלן אין א נעץ פון א גרויסער צאל ליטווינישע פאשיסטן און עס-עס-מענער. א טייל פון דער גרופע איז געפאלן אין קאמף, און א טייל האט זיך אפגעריסן פון די אנפאלער און אוועק טיפער אין די וועלדער. ראזקע און איר חברטע, רחלע בוראקאווסקא, האבן באקומען א באפעל זיך אומקערן אין געטא און צו וויסן געבן דער צווייטער גרופע, וועלכע האט זיך געגרייט ארויסצוגיין, אז "דער וועג איז פארברענט". נישט ווייט פון געטא האבן דייטשן זיי געכאפט. רחל בורא-קאווסקא איז דערשאסן געווארן אויפן ארט, ראזקען האט זיך זיי איינגעגעבן צו כאפן א לעבעדיקע. פיר טעג האט מען זי געפייניקט אין געסטאפא, געבראכן די הענט, געמאטערט מיט פייער. זיי האבן געוואלט ארויסבאקומען פון איר, ווו ס'געפינט זיך דאס ארט, וווהין זיי זענען געגאנגען, ווער האט זיי געדארפן איבערנעמען אין וועג און פירן ווייטער.

אט דאס האב איך זיך דערוווסט, דערוווסט פון דעם מענטש, וועלכער האט געוווסט אמבעסטן.

*  *

*

אין אויגוסט 1967 יאר בין איך צוזאמען מיט סטאשעקן, מיט זיין פרוי ראיע און מיט זייער קליינינקע ראזקעלע, פונקט אזא לעבעדיקע און פונקט אזא בלאנדע, ווי עס איז געווען איר באבע — זייער אן ענלעכע, געפארן קיין פויזן, ווו עס האט געוווינט אין זקנים-הויז די אלטע דזשעוויעצקא. אין איר קליין ווייס צי-מערל איז אויף דער וואנט געהאנגען אן ארויסגעשווירענער פון פאפיר יעזוס, דאס זעלבע בילדל, וואס סטאשעק האט געדענקט פון דער אלטערס קעלער אין ווילנע. אויף א ווייכער שטול איז געזעסן א קליינינקע, ווייסע זקנה פון עטלעכע און אכציק יאר. זי האט פארוואנדערט געקוקט אויף אונדז. סטאשעק האט זי ארומגענומען און געזאגט:

— מאטוליא, דו דערקענסט מיך?

די אלטע האט אירע אפגעבליאקעטע אויגן אנגעשטעלט אויפן הויכן בלאנדן יונגנ-מאן און שטילערהייט א מורמל געטאן:

— ניין, איך קען אייך נישט!

— איך בין דאך סטאשעק!

די פרוי האט זיך מיט אן אויסערגעוויינלעכער ענערגיע א ריס געטאן פון דער שטול. די אויגן אירע האבן קאליר באקומען. זי האט ארומגעכאפט סטאשעקס קאפ, צוגעדריקט צו דער ברוסט און אים גענומען קושן, וויינען און שרייען:

— סטאשעקל מיינער, זונעלע מיינער! איצט קאן איך שוין שטארבן. אך! ווי איך האב דיך געוואלט זען. זי האט איבערגעחזרט איינס און דאס זעלבע, איינס און דאס זעלבע מיט אזא איבערגעגנומענקייט, אז מיר האבן געמוזט כמעט מיט כוח אים באַפרייען פון אירע הענט און זי צוריק אוועקזעצן אויף דער שטול. אבער בארואיקן זי האבן מיר נישט געקאנט. זי האט געוויינט און אלץ איבערגעחזרט "סטאשעק", "ראזא". נאכדעם איז זי ווידער מיטאמאל אויפגעשטאנען פון שטול, מיט איילִיקע טריט צו צו דער וואנט און זיך אראפגעלאזט פארן בילד פון יעזוסן אויף די קני און גענומען מתפלל זיין שטיל און לאנג.

נאך איר תפילה איז זי אויפגעשטאנען א פולקאם בארואיקטע. אויף איר פנים איז געווען צעגאסן א מילדער שמייכל און ווי א לייכט פארשעמטע אונדז דערציילט:

— מיין משפחה — האט זי געזאגט — האט מיך לאנג איינגערעדט און איבערגעצייגט, אז איך זאל מיט זיי צוזאמען וווינען. זיי האבן עטלעכע צימערן און צוזאמען וועט אונדז גוט זיין. איך בין מסכים געווען. אבער נישט לאנג זענען מיר געווען צוזאמען. פונעם ערשטן טאג-אן האבן זיי מיר איבערגעחזרט איינס און דאס זעלבע: "ווו האסטו דאס גאלד? די יידן האבן דאך געוויס דיר באצאלט מיט גאלד."

— נארישע מענטשן, זיי האבן זיך נישט געקאנט פארשטעלן, אז איך האב געמוזט בעטן ביי פרעמדע מענטשן א שטיקל ברויט אנצוקארמענען מיין גרויסע משפחה. א סך גוטע מענטשן זענען געווען, וועלכע האבן מיר דעמלט געהאלפן. איך האב מיין משפּחה אמאל געזאגט: "מיין גאלד איז מיין לעבעדיקער סטאשעק אין ווילנע, מיין קליינינקע גיטעלמאן אין תל-אביב, דער דערוואקסענער פוילישער בחור, וואס וווינט איצט אין פויזן און אנדערע יידישע און נישט-יידישע קינדערלעך. דערפאר טאקע האב איך נישט מיין אמאליקן אייגענעם צימער און געפין זיך איצט, ווי איר זעט, אין זקנים-הויז."

איר שמייכל האט ווי געזאגט, אז זי האט צו איר משפחה קיין שום טענות נישט. זי איז זיי אלץ מוחל...

*

# ב ע ר ל

אין מיינע זכרונות איז נישט אפגעהיט דער נארמאלער לויף פון דער צייט. און עס איז נאטירלעך, אנדערש קאן עס נישט זיין. איך האב צו טאן מיט גורלות פון מענטשן, און יעדנס לעבנס-וועג איז זיך פארלאפן אנדערש.

מוז איך זיך ווידער אומקערן צום אנהייב פון קריג.

דעם ערשטן סעפטעמבער, שוין אין ערשטן טאג פון קריג, זענען די וועגן פול געווארן מיט אנטלויפנדיקע, און איבער די קעפ פון די מענטשן, וואס האבן אין פאניק פארלאזט זייערע היימען און זייער האב-און-גוטס, זענען געהאנגען דייטשי-שע עראפלאנען. אין די ערשטע טעג האט אלעמען געצויגן קיין ווארשע, ווי דא וואלט מען זיך געקאנט אפרייסן פון די אנגרייפנדיקע דייטשישע משחיתים.

אויך איך און א גרופע באקאנטע און אומבאקאנטע, האבן מיר זיך פון ערשטן טאג-אן געפונען אין וועג. אונדזער ציל איז געווען ווארשע. מיר זענען געגאנ-גען בייטאג און ביינאכט אזש פון דער סאמע פויליש-דייטשישער גרענעץ — פון ראוויטש און אנדערע תפיסות.

מענטשן זענען אומדערמידלעך געגאנגען, און די דייטשן האבן אומדערמידלעך זיי באמבארדירט. מענער, ווייבער, קינדער, יינגע, אלטע — אלץ, וואס האט זיך באוועגט, איז געווען א ציל צו טרעפן, צו פארניכטן.

אין אונדזער גרופע האבן זיך געפונען צווישן אנדערע בערל שערשעניעווסקי, חיים גילינסקי, ברוך מילער, דוד לאזאר און איך. אלע זענען מיר געווען יינג, אין מיליטער-עלטער. אבער אלע אונדזערע באמיונגען אין וועג, אז די מיליטערישע אמטן זאלן באוויליקן אונדז איינצושליסן אין דער קעמפנדיקער ארמיי, זענען גע-ווען אומזיסט. מיר זענען אנגעקומען קיין ווארשע. די גרויסע שטאט האט געברענט. גלייך ווי אנדערע האבן מיר זיך איינגעשלאסן אין די בריגאדעס צו פארטיידיקן ווארשע. וועגן יענע פרייוויליקע ארבעטער-בריגאדעס האט מען נישט ווייניק גע-

שריבן. אין קאמף צו פארטיידיקן די הויפטשטאט האבן זיך באטייליקט — פארטיי־
אישע און אומפארטייאישע פוילישע בירגער, סאציאליסטן און פאליטישע ארעסטאנטן,
באפרייטע פון די תפיסות. מען האט געשריבן, און פיל געשריבן, אבער וועגן דעם
יידישן אנטייל איז נאך נישט אנגעשריבן. דעם יידישן חלק פון בלוט און פון שווייס
אין דער העלדישער עפאפעיע פון פארטיידיקן די הויפטשטאט וועט מען נאך שרייבן.
און געווען זענען זיי פיל, די יידישע פארטיידיקער, און געפאלן זענען זיי פיל,
די ערד פון דער הויפטשטאט באנעצט מיט זייער בלוט. מען וועט דערמאנען די נע־
מען: פולקאווניק ראזענשטיין־רייסקי — א קאמוניסט פון ווארשע, דוד לאזאר —
א לערער פון הינטער לוואוו, דעם נאמען פון דעם געוועזענעם פאליטישן ארעסטאנט
ברוך מילער פון זשעשאוו, די נעמען פון בערל שערשעניעווסקי פון ווילנע, פון
דעם לינקן פועלי־ציוניסט חיים בלום פון ווארשע, דער בונדיסט ישראל אש פון
לוואוו, און פון דעם יינגל פון קרעמעניעץ, וועלכער האט זיך געלערנט אין א
ווארשעווער ישיבה (זיין נאמען געדענק איך שוין נישט). דאס זענען נעמען פון
די, וועלכע זענען צוזאמען מיט מיר געווען אין דעם באטאליאן פון פרייוויליקע
פארטיידיקער פון דער פוילישער הויפטשטאט.

מיר זענען געלעגן דאן אין די שוצגראבנס פון גראכאוו, ביי די גלעזערנע היי־
זער, און בערל איז באלד געווארן די נשמה פון אונדזער קאמפס־גרופע. באוואפנט
זענען מיר געווען זייער שוואך, און ווען מיר זענען אינגאנצן געבליבן אן קוילן,
און מען האט געדארפן אונטער א פייער־האגל זיך דורכשלאגן צו א מיליטערישן אפ־
טייל נאך אמוניציע און געווער, איז אין דער שפיץ פון דער גרופע געווען בערל.
ווען דער אוקראאינישער לערער, פון הינטער לוצק, מארישטשוק, איז געפאלן אן אונ־
טערגעשניטענער, האט אים אונטער א שלאקס־פייער ארויסגעטראגן פונעם שלאכטפעלד
אויף זיינע פלייצעס — בערל.

ווען ווארשע האט קאפיטולירט, האבן מיר אין דער ציטאדעלע אפגעגעבן דאס גע־
ווער, אראפגעווארפן פון זיך די מונדירן און זיך ארויסבאקומען פון דער הויפט־
שטאט, ווען דא זענען שוין געווען די דייטשן. איך בין אוועק צו זיך אין שטעטל.
אהין איז אויך אנגעקומען בערל. ער איז געווארן באלד איינער פון אונדז, אבער
ער מיט ראזקען האבן זיך געריסן קיין ווילנע און זיך דערקליבן אהין.

דערציילן וועגן זיין ארבעט אין ווילנער געטא, וואלט באדייט דערציילן די געשיכטע פון דער ווילנער ווידערשטאנד-באוועגונג, אין וועלכער בערל איז געווען צווישן די אינספיראטארן און וויכטיקסטע ארגאניזאטארן. שפעטער טרעפט מען אים אין דער רודניצקער פושטשע, ווו ער שטייט בראש פון דער פארטיזאנישער גרופע — "א טויט דעם פאשיזם". נאך פארשידענע קאמפן ווערט בערל דער קאמאנדיר פון א פארטיזאנער-אטריאד מיטן נאמען "נקמה". ווען א רייע פארטיזאנישע אפטיילן ווערן פאראייניקט אין א גרעסערער מחנה, געפינט מען ווידער בראש פון איר בערלען.

ס'האט מיר דערציילט וויטאלד שענקעוויטש, דער געוועזענער מיטגליד פון דער צענטראלער פארטיזאנישער אנפירונג אין ליטע, פארוואס איז שטענדיק אין דער אנ-פירונג ארויסגערוקט געווארן בערל. דאס איז געווען דערפאר, ווייל די ווילנער יידישע פארטיזאנער האבן אים זייער ליב געהאט, געטרויט אים און גרייט געווען צו קעמפן אונטער זיין אנפירונג.

זומער 1944 האט די סאוויעטישע ארמיי באפרייט ווילנע. צוזאמען מיט איר האבן פאר דער שטאט געקעמפט די ווילנער פארטיזאנער. בערל איז צוריקגעקומען אין דער שטאט, מיט וועלכער עס איז געווען פארבונדן זיין לעבן און זיין קאמף; אריין אין דער טויטער שטאט, כדי זיך איינצושליסן אין איר תחית המתים.



ד. קאץ, ר. קאץ, נ. גאטמאן



אלעקסאנדרא דזשעחיעצקא מיט "אירע קינדער" (× סטאשיעק)



בערל שערשניעווסקי

## א צווילינג

מיט גענעקן האב איך זיך באקענט אין דער לעמבערגער תפיסה "בריגידקע". ער האט דא ביי אלעמען געהייסן "פראפעסאר". פארוואס? געקומען אין דער קאמער אלס א נייער ארעסטאנט, האט ער דא באלד גענומען איינפירן זיינע פאראנדקעס. אנגעהויבן, ביי קיינעם נישט פרעגנדיק, קאמאנדעווען: קראשעווסקיס ביכלעך אין א זייט! די שאכברעטלעך — אין א זייט! אויף דעם וועלן באשטימט ווערן שעהן. אז מען זיצט שוין יא אין טורמע, דארף מען זיך לערנען. אלע דארפן זיך לערנען! און ער, גענעק, איז געווארן דער פראפעסאר. ער האט די קאמער-ארעסטאנטן איינגעטיילט אין גרופעס לויט זייער בילדונגס-צענז, און מיט אלעמען אליין גענומען קנעלן: פיזיק, כעמיע, מאטעמאטיק און א ריי אנדערע לימודים.

און מאדנע: מ'האט געפאלגט, זיך נישט געבונטעוועט, כאטש אלע זענען דא געווען בונטארן. דאס, וואס ער האט דערציילט, האט מען געהערט מיט אפענע מיילער — זייער אינטערעסאנט געווען, נייע וועלטן און א נייער קוק אויף דער וועלט.

דער "פראפעסאר" אליין איז געווען א סטודענט פונעם לעצטן יאר אויפן קראקעווער אוניווערסיטעט (דאכט זיך). שפעטער איז מיר אויסגעקומען צו זיין מיט אים צוזאמען אין פארשידענע שטעט, געשלאפן אפילו מיט אים אין איין בעט, ווען ס'איז זייער קאלט געווען.

געשטאמט האט ער פון לובלינער געגנט. צוויי ברידער זענען זיי געווען, א צווילינג. ווי צוויי טראפן וואסער ענלעך איינער אויפן אנדערן. די שכנים האבן געפרעגט זייער מאמען:

— ווי אונטערשיידט איר זיי? זיי ווילנען צווישן אונדז אזוי לאנג און מיר פארבייטן זיי כסדר.

די מאמע האט געענטפערט:

— פאר מיר זענען זיי גאנץ אנדערש: ווי דער הימל און די ערד...

מעגלעך, אבער בלויז פאר דער מאמען. אין שול, ווען דער לערער פלעגט אויס-רופן איינעם פון זיי, און יענער האט נישט געוווּסט, פלעגט אויפשטיין דער צווייטער און ריכטיק ענטפערן. דער לערער האט נישט דערקענט. דער קלאס האט געוווּסט וועגן דעם דאזיקן קונדעסערייַ, אבער דער לערער האט זיך קיינמאל נישט געכאפּט.

די ברידער זענען נישט געווען ענלעך אין זייערע פאליטישע איבערצייַגונגען. זיי זענען אפילו געווען קעגנער. חוץ דעם טאקע איז קיין נפקא מינה נישט גע-ווען. די אנצוגן פון איינעם האבן געטויגט פארן צווייטן. מיידלעך, זייערע חברטעס, פלעגן זיי אויך פארבייטן: ווער פון די בײדע איז איר בחור?

אין 1930 איז גענעק געווען אין ווארשע. די קראקעווער פאליציי האט נאך אים פאנאנדערגעשיקט שטעק-בריוו. אים האט געדראט א שווערער אורטייל. גענעק האט גע-האט א פאלשן פאס און געוווינט אויף א "זיכערער" קווארטיר. ער איז געווען א לאקאטאר ביי א מוטער פון א העכערן פאליציי-באאמטן. קיינער האט נישט געוווּסט וועגן זיין וווינארט. געוווּסט האט בלויז זיין ברודער אברהם, וועלכער האט גע-ארבעט אין א ווארשעווער אפטייק-געשעפט.

אין איינעם א זונטיק איז ער אוועק צום ברודער און ווי נאר ער איז אריין אין הויז, האבן אים ארומגערינגלט דריי ציוויליסטן. נישט שווער איז אבער גע-ווען צו דערקענען, אז דאס זענען מיליטער-לייט. גענעק איז געווען אונטערן חשד פון פירן אן ארבעט צווישן מיליטער. איינער פון די דריי האט אויסגעשריגן:

— דו ביסט גדליה קערנער?

דער ברודער האט, נישט טראכטנדיק, געענטפערט:

— יא! — און געגעבן זיין פאס. די מיליטער-לייט פארגלייכן — אלץ שטימט. אויפן נאמען האבן זיי קיין אכט נישט געלייגט. זיי האבן דעם ברודער פארנומען און געהאלטן עטלעכע און צוואנציק שעה ביז דער טעות האט זיך אויפגעקלערט. פאר דער צייט האט גענעק עוקר געווען פון ווארשע.

ביים אויספארש-ריכטער האבן די זשאנדארמען דעם פארהאלטענעם באשולדיקט, אז ער האט זיי אפגענארט, אבער דער פארהאלטענער האט געטענהט, אז זיי האבן אים אפילו דאס מויל נישט דערלויבט צו עפענען; פארשמידט אין קייטן און תיכף אפגע-פירט.

אברהם איז באפרייט געווארן, און גדליהו (גענעק) האט זיך נאך דריי יאר גע-
פונען אויף דער פריי. מ'האט אים פארהאלטן און געמשפט, אינגאנצן נישט אנבינדנ-
דיק אין דער פריערדיקער באשולדיקונג.

*

געניעק פלעגט אזוינע און ענלעכע געשיכטעס דערציילן ממש אקטיאריש, נאכ-
מאכנדיק די תנועות פון די זשאנדארמען, פון די אויספארש-ריכטער, די "קאלטע,
תמעוואטע מינע" פון זיין ברודער, און מיר פלעגן זיך פשוט קאטשען פאר געלעכ-
טער.

אזא איז ער געווען אונדזער "פראפעסאר".

*

אין 1939 איז ער געווען, גענעק, מיט אונדז. אבער ביי קוטנע, ווו ס'האבן
געדארפט פארקומען שווערע שלאכטן, האבן מיר זיך אפגעשטעלט ארבעטן ביי פארטיזי-
קאציעס קעגן טאנקן. ווי פארוואנדערט בין איך געווען, ווען מיר האבן זיך ווי-
דער געטראפןביים ארויסגיין פון, דער דורך די דייטשן שוין פארנומענער, ווארשע.
איך האב זיך מיט אים ארומגענומען, ווי מיט אן אלטן גוטן באקאנטן, א הארציקן
חבר, וואס איך האב ווידער געטראפן נאך אזא צעשיידונג, אין אזוינע שווערע טעג.

— ביסטו, הייסט עס, אויך געווען אין א פרייוויליקן באטאליאן, גענעק?

אבער איך האב באקומען א רואיקן, שפאטישן ענטפער:

— געווען, אבער איך בין נישט גענעק, איך בין אברהם.

איך האב זיך פאנאנדערגעלאכט:

— גענעק, צי נישט גענעק, איך קען דיך אלצאיינס זייער גוט — פון גענעקס
מעשיות וועגן דיר...

*

מיר זענען אוועק צוזאמען. ער איז פארבליבן אין בריסק, און מיר זענען אוועק
קיין קאלק. אין א וואסערע 5 - 6 חדשים שפעטער האבן מיר זיך ווידער געטראפן
איך האב זיך דערמאנט, אז ער האט א יאר שטודירט מעדיצין און אים צוגערעדט צו
ארבעטן ביי אונדז אין שפיטאל. ער האט אפגעזאגט:

— איך בין נישט קיין דאקטער, נישט קיין פעלדשער, איך קאן גארנישט.

ערשט דעם אפטייקער שמוליק פייערשטיינען איז געלונגען אים איבערצוצייגן, אז מען מוז נישט דווקא זיין קיין מעדיקער. אט , למשל, זיין ברודער, זעליק, פארשטייט אין מעדיצין ווייניקער ווי ער, און דאך ארבעט ער אויף א מעד-פונקט אין א דארף. אזוי האט אברהם גענומען ארבעטן אלס געהילף אויף א מעד-פונקט אין קאליקאוויטש. ענדע 1940 איז ער צו מיר געקומען אן אויפגערעגטער:

— איך בין נישט קיין מעד-ארבעטער און וויל אומזיסט קיין געלט נישט נעמען

ער איז אוועק פון דער דאזיקער ארבעט און געווארן באשעפטיקט אין דער וואלד-באזע צווישן מאניעוויטש און קאלק.



גענ. יוזעף סאביעשיאק ("מאקס")

## א גענעראל דערציילט

אין 1963 יאר האב איך זיך ביי מיינס א פריינד געטראפן מיט א גרופע געווע-זענע פארטיזאנער פון וואלין. צווישן זיי איז געווען אויך דער באריםטער "מאקס" — גענעראל יוזעף סאביעשיאק, וועלכער האט געקעמפט אין אונדזער געגנט. ווען ער האט זיך דערוווסט פון מיינע קשיות, וועלכע איך האב אים פארגעבן, אז איך בין פון קאלק, האט ער אויף מיר גענומען קוקן שארף, ווי מיט א חשד, אדער אפשר מיט שוידער. ער האט זיך ממש געענדערט אין געזיכט. נאך א לאנגער פויזע האט ער צו מיר א זאג געטאן:

— איך האב אין מיין לעבן געזען פיל שוידערלעכע זאכן. מיך האט שוין, דאכט זיך, גארנישט נישט געקאנט איבערראשן, נישט פארוואונדערן. איר קאנט זיך אפילו נישט פארשטעלן, וואס איך האב אזוינס געזען. איך האב געזען שוואנגערנדיקע פרוי-ען, וועמען מען האט מיט מעסערס געעפנט די בייכער און אין זיי אריינגעשיט זאלץ. איך האב געזען, ווי מ'האט קליינע יידישע קינדער געהאלטן ביי די פיסלעך און זייערע קעפלעך צעשפאלטן אין די שטאמען פון ביימער. איך האב געזען פוילישע פויערים פון מאידאן, ביי וועמען מען האט אפגעהאקט די הענט און די פיס. אבער אזא נעסט פון ווילדע וועלף, אזא גרוב פון גיפטיקע שלאנגען, האב איך נישט גע-זען — אזוינס זעט מען נאר איין מאל; דאס האב איך געזען אין דיין קאלק.

צווישן די נעמען פון די מטורפים, וואס גענעראל סאביעשיאק האט אנגערופן, האב איך געקענט בלויז איינעם. ער האט מיר דערציילט וועגן דער אכזריות פון אן אוקראאינישן קורען', וועגן א קאמאנדיר פון דער אוקראאינישער אויפשטאד-ארמיי, א געוויסן קאנאטאפטשוק; וועגן דעם "פראווידניק" (אנפירער) פון דער אוקראאיני-שער נאציאנאליסטישער ארגאניזאציע אין קאלק, א געוויסן אסטאפטשוק און ער האט נאך פיל נעמען אנגערופן, וואס קיינעם פון זיי האב איך נישט געקענט. ווייזט אויס, אז דאס זענען נישט געווען קיין קאלקער, אבער וועלכע האבן, אין יענער

צייט אויסגעפירט זייערע ווילקיר-טאטן אין קאלק און אנגעוואָרפן א שרעק אויף דער גאנצער געגנט. יעדע באנדע, וואס האט זיך געפילט באדראט מצד די פארטיזא-נער, האט זיך געוואנדן נאך הילף קיין קאלק. אין קאלק, און ארום דעם שטעטל, זענען געווען סאטניעס, קורעניעס און גאנצע פאראייניקונגען פון "סטרילצעס" און "ריזונעס" (קיילער).

קיין קאלק איז אמאל געקומען דער הויפט-קוילער, דער "גענעראל" פון "אופא" — טשופרינקא. אזא "כבוד" האבן אפילו גרעסערע שטעט נישט געהאט. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז נאך פאר דער מלחמה איז שוין אין קאלק צוגעגרייט געווען דער באדן פאר די שפעטערדיקע קאדרען באנדיטן. נאך איין דארף האט אין גאנץ וואליך געקאנט אין דעם פרט קאנקורירן מיט קאלק — דאס איז געווען טראסטעניעץ.

— מיר האבן געוווסט — האט דערציילט גענעראל סאביעשיאק — אז אין טראסטע-ניעץ דארף פארקומען א ספעציעלער צוזאמענפאר פון די פירער פון די אוקראאינישע נאציאנאליסטן. די פארטיזאנישע גרופעס זענען אבער דאן נאך צו שוואך געווען צו מאכן צו דער כאפטע קוילערס א סוף. כאטש צווישן זיי מיט די דייטשן איז געווען א שטילער אפמאך קעגנזייטיק זיך נישט שטערן, דאך איז דער צוזאמענפאר צוגעגרייט געווארן מיט דער גרעסטער פארזיכטיקייט. אבער מיר האבן צווישן זיי געהאט אונ-דזערס אן אייגענעם מענטש.

פון טראסטעניעץ צו דער אגראר-שול האט געפירט א גרויסע אליע. זי האט פאר-שטעלט די געביידע מיט ביימער. ווייטער זענען געלעגן וועלדער און פעלדער. אט צו דער געביידע זענען עס פון אלע זייטן אנגעקומען די באנדיטישע גדולים. אין דער שול, נאכן "פארענדיקן" זי, האבן זיי באדארפט באקומען אפיצירישע ראנגען. זייערע טישן האבן זיך געבראכן פון פארשידענע פרעסנס און סאמאגאן. קוילערס פון קיווערצע, פון צומאן, פון אליק און נאך פון ווייטערע שטעט און שטעטלעך זענען אהער אנגעקומען און זיך געזעצט ביים טיש מיט דער ספעציעלער גרופע פון קאלק. רויטע אנגעפרעסענע מארדעס, אקסישע קארקן, אויגן פארגאסענע פון בלוט און בראנפן; טשובעס, ווי צעוואָרפענע בעזעמער, אנגעטוענע אין די מונדירן פון "אופא", האבן אין זיך געגאסן דעם זויף, פונקט ווי זיי וואלטן געווען ציסטער-נעס אויף אנצופילן. אין אלע צימערן האבן געריטשעט הארמאשקעס און פיס האבן גע-קלאפט אינעם דיל. מ'האט געטאנצט, געהוליעט, געפרעסן, ווי חזרים ביי קאריטעס.

אבער אין א זייטיק צימערל, ווו עס איז אמאל געווען דער לערער-צימער, זע-
נען די פענצטער געווען פארהאנגען. דער טיש — באדעקט מיט א טישטעך, אויף
וועלכן ס'איז געווען אויסגענייט: "א טויט די שונאים פון אוקראינע". אויפן
טישטעך זענען געלעגן דריי מעסערס, און נידעריקער עטוואס — צוויי רעוואלווערן.
דאס אלץ האט געדארפן אויסדריקן דעם סימבאל, דעם "טריזוב" — דריי וואלפישע
ציין — דער עמבלעם פון דער ארגאניזאציע. פון דער וואנט איז אראפגעהאנגען
די פאן און דער פארטרעט פון באנדערען.

אריינלאזן פלעגט מען אין דעם צימער זאלבעזעקסט. די ערשטע זענען געווען
דריי פון קאלק, און דריי — פון טראסטעניעץ. צווישן זיי איז געווען אונדזערס
א באקאנטער סאטשקאווסקי, וועמענס ריכטיקער נאמען איז געווען סאטשקא. אלע האבן
פריער באקומען אינסטרוקציעס, ווי זיי דארפן זיך אויפפירן ביים אריינגיין אין
דאזיקן צימער.

אויף דער צווייטער זייט פון טיש איז געשטאנען דער פארשטייער פון דער
הויפט-ארגאניזאציע פון וואלין, וועלכער איז ספעציעל געקומען פון לוצק —
קלאטשקי-קאבור. נעבן אים — דער פארשטייער פון דער צענטראלער לאנד-אנפירונג,
הריצקא און צוויי גלחים. איין גלח, א יינגער, האט רעפרעזענטירט לוצק, דער
צווייטער — האמעלנע.

די זעקס זענען אריינגעטראטן מיליטעריש-שטייף און אויסגערופן: "סלאווא או-
קראינע", און די נאטשאלסטווע ביים טיש האט אפגעענטפערט: "סלאווא נא וויקי".
דאן האט דאס זעקסטל דריי מאל אויסגערופן: "באנדערא, באנדערא, באנדערא!"

דאס איז געווען בלויז דער אנהייב פונעם צערעמאניאל, ווייטער איז געשען אט
וואס:

דער יינגער גלח, אנגעטאן אין דינסט-מלבוש, האט פון א צווייטן טיש גענומען
זעקס מעסערס, אויסגעבויגענע ווי סערפן, ארומגעלייגט זיי ארום א טיפן טעלער,
און פון א פלאש, אנגעפילטער מיט בלוט, באשפריצט די שפיצן פון די מעסערס. דער-
ביי שטיל געזאגט א תפילה און איבערגעצלמט דעם טעלער מיט די מעסערס.

דאן האט הריצקא אין א קורצער רעדע געזעדט וועגן דעם, אז זייער אויפגאבע
איז אויפזוכן די לעצטע יידן, וואס באהאלטן זיך נאך אויס אין די וועלדער און
מיט די מעסערס זיי איבערשניידן די העלדזער, פארזינקען די מעסערס אינעם הארץ
פון יעדן באלשעוויק און אויסשניידן די "ליאכן".

די זעקס פלעגן זיך אראפלאזן אויף די קני, און דער גלח פלעגט צוגיין צו יע-דערן פון זיי און, געבנדיק א האלברונדיקן מעסער, געזאגט:

— זון מיינער! איך גיב דיר דעם הייליקן מעסער, זיי דרייסט, שעכט יידן, קאמוניסטן און פאליאקן! זאל פרייען זיך אוקראינע!

די זעקס האבן געענטפערט:

— באנדערא, באנדערא, באנדערא!

דאן האט זיך דאס זעקסטל אויפגעהויבן און פארלאזט דעם צימער, פאראייניקנ-דיק זיך מיט די איבעריקע ביי דער סעודה און זויפעריי.

אזוי האט אויסגעזען די מיסטעריעזע זייט פון דער שמוציקער מלאכה. אזוי זע-נען צוגעגרייט געווארן די פראפעסיאנעלע מערדער באקאנטע אלס: "זעלעני", "בול-באווצי" און "באנדעראווצי". פון קאלק און טראסטעניעץ זענען זיך פאנאנדערגע-גאנגען די שליחים פון מארד און פון רויב.

אזוי האט דערציילט דער בארימטער פארטיזאנער "מאקס". ער האט אויך דערציילט ווי די פארטיזאנער האבן זיך צערעכנט מיט די קוילערס, צעשאסן זייערע אנפירער, וועלכע האבן מיט זייערע לעבנס באצאלט פאר זייערע בלוטיקע מעשים. בלויז סאטש-קא-סאטשקאווסקין האט זיך נישט איינגעגעבן צו כאפן (נאך דער מלחמה האט ער גע-וווינט אין קאנאדע, אין דער שטאט טאראנטא).

אט אזוי, שמועסנדיק וועגן יענע צייטן, האט ער אויך דערמאנט, דער פארטיזא-נישער גענעראל, א יידישן בחור פון קאלק, וועלכן זיי פלעגן רופן "סיערי" — דאס איז געווען אברהם קערנער. פונעם גענעראל האב איך זיך אויך דערוווסט, ווי אברהם קערנער — דער צווילינג-ברודער פון מיין חבר גענעק — האט פארענדיקט זיין לעבן.

*

— פון יענער זייט פראנט זענען פון א סאוויעטישן אעראפלאן אויף פאלשירעמס אראפגעווארפן געווארן פיר מענטשן. דאס איז געשען אין דער געגנט פון קאסטיוכ-נאווקע. זיי האבן זיך מיט קיינעם נישט געדארפט טרעפן, און בלויז איינצלנע האבן דערפון געוווסט. אין דער טיף פון וואלד איז געווען צוגעגרייט אן אונטער-ערדישער בונקער, אין וועלכן עס האט זיך געפונען א ראדיא-סטאציע, וואס פלעגט איבערגעבן אויספיר-אינפארמאציעס וועגן דייטשישן מיליטער.

צו די אראפגעווארפענע האט מען צוגעטיילט צוויי מענטשן. נישט לייכט איז געווען צו געפונען די פאסיקע, אזוינע וואס זאלן גוט באזיצן די דייטשישע שפראך, האבן א "גוטן אויסזען" און זיין פיזיש פולקאם געזונט. דאס זענען געווען "סיע-רי", וועלכן מ'האט צוגעשיקט פון א פארטיזאנער-אפטיילונג נעבן סארנע, און אן אוקראאיניש מיידל מיטן נאמען נאדיא. אט די צוויי האבן זיך קאנטאקטירט מיט יע-נער גרופע. זייערע באגעגענישן פלעגן פארקומען אין דעם וואלד-וועכטערס שטיבל. דער אפגערעדטער סימן איז געווען, אז אויב אויפן פענצער-פאראפעט שטייט אלעמפל, הייסט עס, אז אלץ איז אין ארדענונג. אזוי איז דאס גאנצע 1943-סטע יאר אויפגע-האלטן געווארן דער קאנטאקט אן שום חשדים. און פלוצים, אין הארבסט, איז געשען אן אומגליק, און נישט צו פארשטיין, וויאזוי האט עס געקאנט געשען. בלויז איינ-ציקע אין דער העכערער פארטיזאנישער אנפירונג האבן דאן וועגן קערנערן און זיין ארבעט געוווסט. יעדער טריט זיינער איז געווען קאנספיראטיוו דורכגעארבעט, די קאנטאקטן דעצענטראליזירט אזוי, אז קיין צופאל איז נישט געווען מעגלעך.

נאר אט, אין יענעם אומגליקלעכן טאג איז "סיערי", אן אנגעטאענער ווי אן אר-טיקער פויער, געגאנגען מיט נאדיען צום וואלד-שטיבל. פון הינטער א קוסט האט זיך פלוצלינג דערהערט א רוף:

— אנטלויפט, דייטשן!

דאס האט געווארנט די קליינינקע טאכטער פונעם וואלד-וועכטער. נאדיען האט זיך איינגעגעבן נעלם צו ווערן. אברהמען האט געשטערט דער אויטאמאט אונטערן מאנטל. פארשטייענדיק, אז ווייט וועט ער נישט אנטלויפן, האט ער זיך אריינגע-כאפט אין דער דערבייאיקער שטאל מיטן באשלוס צו נעמען א הויכן פרייז פאר זיין לעבן. די אוקראאינישע שוץ-פאליציי און די געסטאפא האט אבער געהאט א באפעל אים צו כאפן א לעבעדיקן; געוואלט דורך אים דערגיין צום מקור.

ס'האט זיך אנגעהויבן א שיסעריי. די אנפאלער האבן זיך באמיט אים צו טרעפן אזוי, ער זאל בלויז פארוואונדעט ווערן. אברהם האט אבער געשאסן, כדי צו טויטן. נעבן דער שטאל האבן זיך שוין געוואלגערט פגרים פון צוויי אוקראאינישע פאשיסטן.

נאך א קורצער בעראטונג האבן די איבעריקע באשלאסן אונטערצוצינדן די שטאל, דאן וועט ער מוזן ארויס, וועלנדיק ראטעווען דאס לעבן. זיי האט אבער פארוואונ-דערט, וואס פון דער שטאל פאלן מער נישט קיין שאסן.

די אנפאלער האבן אין דער לעצטער מינוט געביטן די טאקטיק. די דייטשן האבן באפוילן די אוקראאינישע יוצר-משרתים זיך צורוקן צו דער שטאל פון דער זייט פון דער בלאטע, וואס איז דארט געווען, קריכנדיק אהין אויף די בייכער, און אליין זיך געלאזט הינטער זיי. קיין שאסן זענען אבער אלץ נישט געפאלן. די דייטשן האבן דאס פארשטאנען אזוי: "דער באפאלענער איז געבליבן אן קוילן..." דרייסט האבן זיי גענומען אנגרייפן די שטאל. אבער נאכדעם, ווי זיי האבן זיך א ווארף געטאן מיטן גאנצן אימפעט אין דער שטאל אריין, האבן זיי דערזען: "סיערי" איז געהאנגען אויף א שטריק און ביי זיינע פיס איז געלעגן א גראנאט מיט אן אפענעם אנצינדער. דער גראנאט האט נישט אויפגעריסן. האט סיערי פאר-צויגן אויף זיך דעם שלייף און זיך דערשטיקט מיט דער שווערקייט פון זיין קער-פער. די דייטשן האבן זייער ציל נישט דערגרייכט. די סודות, וואס ער האט גע-ווּסט, זענען צוזאמען מיט אים אוועק אין דער אייביקייט.

צוויי ברידער, א וווּנדערלעכער צווילינג פון טרייע הערצער. גדליה קערנער איז געפאלן אין דער שלאכט ביי קוטנע, און אברהם קערנער האט זיין לעצטן אטעם אויסגעהויכט הינטער קאסטיוכנאווקע.

צוויי שיינע לעבנס, צוויי העלדישע טויטן...

*

איך מיט עדעקן קאנינסקי, מיינעם א חבר פון הינטער לאדזש, האבן אויסגעהערט די געשיכטע פונעם בארימטן פארטיזאנער-פירער "מאקס", און צוזאמען מיט אים גע-שוויגן, ווי מיר וואלטן דורך דעם טיפן שווייגן אפגעגעבן כבוד די געפאלענע אין שלאכט צוויי ברידער.

*

## א צווייט מאל דורכן גיהנום

*און אויב מיין פאלק וועט בלייבן בלויז א ציפער,*
*באשווער איך עס: פארגייט פון מיין זכרון.*
*און זאלן אלע קברים זינקען טיפער*
*און זאל קיין שטריכ נישט בלייבן פון די יארן.*

*און אויך מיין ביקס טו איך אצינד באשווערן:*
*פארוואנדל זיך א שלאנג אין מיינע הענט,*
*אויב נאר דאס מארגנקינד וועט נישט דערהערן*
*דעם שאס וווהין איך האב אים איצט געווענדט.*

א. סוצקעווער

*נאראטשער וועלדער, 30 יאנואר 1944.*

.1

דאס בינטל אפשטאמיקע פון קאלק האט זיך צונויפגעקליבן אין באלטימארע, אין שטוב ביי יאנקל ליפלעווסקי. מיר האבן זיך צונויפגעזאמלט לכבוד דעם גאסט, וועלכן מיר האבן פארבעטן פון וואשינגטאן. דער גאסט איז געווען ישראל מעניוק, א מענטש, וואס האט דורכגעמאכט דעם גיהנום פון יענע יארן אין די ערטער, אין וועלכע אלע צונויפגעזאמלטע דא האבן דערזען די וועלט. ער איז געווען דער איינ-ציקער, וואס האט דעם גיהנום דורכגעמאכט, און א גאנצער ארויס. און אט האבן מיר מיט קלאפנדיקע הערצער געווארט, וואס וועט ער אונדז דערציילן — מיר האבן זיך געקליבן מיט אים דורכצומאכן דעם וועג פון אונדזערע טהורים וקדושים. דאס איז געווען דער ציל פון אונדזער באגעגעניש.

מעניוק האט מיט זיך מיטגעבראכט פאטאס פון יענע יארן, ווען מיר האבן זיך אפילו נישט פארגעשטעלט, אז אזא גזר-דין איז ארויסגעטראגן געווארן איבער אונדזער פאלק. מיר האבן פון האנט צו האנט איבערגעגעבן די פאטאס, געקוקט, און זיך דערמאנט די צייטן פארן מבול.

ישראל מעניוק איז נישט געווען קיין קאלקער. ער איז א קאמאראווער. פון דור-דורות. און קאמאראווע איז געווען באוווסט — עס איז געווען א דארפישער יידישער ישוב, ווי סאפיוווקע, אסאווע. אזא, ווי די אנדערע יידישע שטעטלעך און דערפער, און דאך אן אנדערער. קאמאראווע האט זיך געהאט זיין פיר. דארף און שטעטל זענען שכנים; מען קען זיך איינער דעם אנדערן אויסגעבונדן, מען געדענקט זיך גאנצע משפחותווייז — מיט קינדער און אייניקלעך. און טייער זענען זיי, ווייל בלויז זיי, די זכרונות, זענען פארבליבן.

קוקט מען אויף די אלטע על פי נס ניצול געווארענע פאטאס און מען דערמאנט זיך, מען פרעגט זיך איינער ביים אנדערן, און טיף אין זיך נעמט מען פילן, ווי עס וואלטן טרערן געפלאסן. געווען... געווען... און גארנישט איז נישט איבער-געבליבן.

אט האבן מיר פאר אונדזערע אויגן דעם סטיר. דער טייך איז געווען כמו א גרע-נעץ צווישן וואלין און פאליעשיע. אט ענדיקט זיך קאלק, און אויף דער צווייטער זייט, דאכט זיך, די זעלבע מענטשן, די זעלבע מענטשן און אן אנדער לעבן. פון איין זייט קאליריקע אוקראאינישע שטיבער, די דעכער געדעקט מיט בלעך און מיט שינדלען. די ערד א זאפטיקע, וויינשל-סעדער און גערטנדלעך ביי די פויערישע כאטקעס, אבער לאזט מען זיך אין דער ריכטונג פון נייטשארטאריסק, ראפאלאווקע, סארנע און ס'בייט זיך דאס אויסזען — אן אנדערער לאנדשאפט גאר: מיט שטרוי-גע-דעקטע דעכער, אפגעשליפענע דורכן ווינט, א געל-גרויער שליאך, און וועלדער ארום און ארום. פייכטע ערד און אלץ ארעמער דאס לעבן. וואס ווייטער צו פאלעשיע, אלץ מער בארוועסע, אלץ מער דלות. קאמאראווע איז געלעגן טאקע דארט, ווו עס ענ-דערט זיך די נאטור, דאס לעבן, א צען - צוועלף קילאמעטער פון קאלק, אויף יע-נער זייט סטיר. קאמאראווע האט געקוקט אויף דער וועלט מיט גלעזערנע שייבלעך, וואס האבן געוווסט וועגן די שיינקייטן פון קאיאר און פון שקיעות, אבער וויי-טער — פענצטער פארקלעפטע מיט גראב פאפיר און בלויז א ברעקל שייבעלע, צו זאגן

ברוך הבא דעם אנקומענדיקן טאג. אין קאמאראווע האט דער מענטש און בעל-חי — דאס קעלבל, די שאף — געלעבט באזונדער. ווייטער — ליימיקע פאדלאגעס. און דער מענטש און חיה — צוזאמען, אין דער זעלבער כאטע. עס איז נאך אוקראינע, און שוין אויס אוקראינע.

יידן — נישט יידן: מ'האט געלעבט בשכנות, אבער א יידישע שטוב איז געווען קענטיק. יידישע שטיבער האט מען דערקענט פונדערווייטנס.

קאמאראווע. די ארטיקע יידן זענען געווען דא א ל י נ ג ע ו ו א ק ס ן ווי די ביימער. מען האט זיך דא באזעצט נישט צוליב עפעס א שרפה, אדער צוליב אן אומגליק. מען האט דא געלעבט, און געלעבט, און געלעבט, און קיינער האט דעם אנהייב נישט געדענקט. ביימער זענען געווען די קאמאראווער יידן; דעמבעס צעפלאכטענע; אין די אונטערערדישע טיפקייטן — ווארצלען, און אויף דער זון מיט ברייטע, צעקעמטע, הדרתדיקע קרוינען. דור הולך ודור בא, דור הוֹלך ודור בא — די חשבונות פארלוירן... דער יידיש דורכגעפלאכטן מיט אוקראיניש, און דער אוקראיניש מיט יידיש. פרווו דערקען צווישן די דארפישע קינדער ווער ס'איז מגזע אברהם. צוזאמען האט מען געלעבט, געהארעוועט, זיך דורכגעשמועסט פון הינטער די פארקאנעס. די בהמות האבן זיך געפיטערט צוזאמען; די פערד צוזאמען אויף פאשע...

געווען אין קאמאראווע — געדענקען דאס אלע — א יידיש קלייטל. ווי דען? אן עשירות! אלץ נעבעך צו ביסלעך: עטלעכע פעקלעך שוועבעלעך, עטלעכע הערינג אין א פעסל, א האלב זעקל צוקער, זאלץ, א סלאי מיט צוקערלעך, שנירלעך ביליקע קרעלן, א בינטל קאלירטע לענטעס, א קעסטעלע מיט נאדלען, קנעפלעך, פאדים, צו קאפעלעך שאר ירקות, און אויך א "באנ'קע" נאפט, עטלעכע פאסטראנקעס און... פליגן... נישט צו פארקויפן, נאטירלעך. פליגן זענען געווען אן א שיער. און פרעג: וואס האט זיי דא צוגעצויגן, וועלכע מעדני-מלך? אינעם קלייטל א פאר הילצערנע טאבורעטן פאר די חשובע קונים. זיי פלעגן דא אפזיצן שעהן און שמועסן מיטן קאמאראווער סוחר, וואס האט געדארפט דאס גאנצע דארף "טראגן" אויפן קאפ.

ס'האט אלעמען געצויגן צום קלייטל. ביים קלייטל פלעגן זיך פויערים טרעפן, זיך דערציילן מעשיות שהיה און מעשיות שלא נברא; דא פלעגט מען טרייבן רכילותלעך, קאמענטירן דעם גלחס זונטיקדיקע דרשה. דווקא ביים קלייטל, קאמאראווער "וואלווא", סופערמאגאזין — מיט "סחורות" פאר א פאר צענדליק זלאטעס...

אנדערש איז געווען פרייטיק. דאס קלייטל פלעגט געשלאסן ווערן באציַיטנס. אין די שייבלעך, אין די יידישע שטיבן, פלעגן זיך נעמען אנצינדן איינע נאך די אנדערע צו צוויי ליכט, אין לייכטער, אויף ווייס-געדעקטע טישן און פרום געבו-מען פלעמלען, פלעמלען אינעם שטיל געוואָרענעם דרויסן ארײַן. שבת קודש לאָזט זיך אראָפּ איבערן דאָרף. די אנגעמאזאליעטע הענט הייבן די בעכערס, וואס פינקלען, און וואַרעמע שטימען מאכן איבער זיי קידוש. אויך די שכנים, די פויערים, ווערן עפעס שטילער און איינגעהאלטענער, ווי דער שבת קודש וואלט אויך זייערע נשמות אנגערירט ווי א ווייך ווינטל; זיי באַוועגן זיך געמאסטענער, נישט צו שטערן די שבתדיקע רו.

היינט ווער רעדט וועגן די ימים-נוראים! אַן אימה איז באפאלן. מען האט בא-צייטנס געשפאנט פערד-און-וואגן, אנגעלאדן אויף זיי די משפחות מיט אלדאס ניי-טיקע צו די ימים-טובים און אפגעפארן אינעם שטעטל — קיין קאלק. מען האט פאר-מאכט טיר-און-לאדן און איבערגעלאזט די ליידיקע הייזער אין דער פולער זיכער-קייט, אז ביים צוריקקערן זיך, וועלן זיי די שטיבער געפונען נישט גערירט, פונקט אזוי, ווי מ'האט זיי איבערגעלאזט. די קאמאראווער יידן פלעגן דערציילן, אז א-פילו בעת דער גרויסער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען יידן פון אנדערע שטעט און שטעטלעך זענען געלאפן, איבערלאזנדיק זייער האב-און-גוטס אויף הפקר, זענען די יידן פון קאמאראווע געבליבן אויף די ערטער, אין זייערע שטיבער — אין דער פו-לער זיכערקייט, אז דא קאן מיט זיי גארנישט נישט געשען.

2.

ישראל מעניוק האט נאכן חורבן צונויפגעקליבן ווו עס האט זיך נאר געלאזט פא-טאגראפיעס. איינע האט זיך אפילו אויפגעהיט ביים גלח. ער האט זיי אוועקגעלייגט אויפן טיש, און די קאלקער אין באלטימאר האבן זיי באטראכט מיט אינטערעס און מיט טרויער, ווי מען באטראכט הרוגים. דער איינציקער זכר פון באקאנטע. באזונ-דערס האט מען זיך פאראינטערעסירט מיט א גרעסערער פאטאגראפיע, אויף וועלכער מען האט געזען א גרויסע גרופע אויסגעפוצטע ווייבער, מענער, קינדער. די פאר-אינטערעסירונג אונדזערע איז גוואלדיק אויסגעוואקסן. ווער פון דער פאטאגרא-פירטער גרופע יידן איז געבליבן לעבן. קיינער נישט! קיין איינער נישט!

דאס איז געווען א פאטא פון געסט אויף א קאמאראווער חתונה. נעמען מיר זיך דערמאנען די קאמאראווער חתונות. איך בין אויך בייגעווען אויף אזא חתונה און זי איז געבליבן אויף תמיד אין זכרון. יידן פון אנדערע קלענערע ישובים און דערפער פלעגן זייערע חתונות פראווען אין שטעטל. זיך צונויפגעפארן פון אומע-טום, קרובים ווייטע און נאענטע, גאנצע משפחות אויף גרויסע פורן און קלענע-רע, געשפאנט אין הייסע אגערס. אזא שטייגער געווען — א חתונה פראוועט מען אין שטעטל. אבער נישט די קאמאראווער. זיי רירן זיך נישט פון ארט, מען קומט צו זיי. קאמאראווער חתונות האבן געהאט א שם.

דאס גאנצע דארף איז געגאנגען כאדראם. אין דער לופט האט געשמעקט מיט די געשמאקסטע ריחות: פון פיש, גאלדענע יויכלעך, פריש געבאקנס און געווירצעסט; די קאמאראווער לעקעכער, זייערע געדושעטע אכילות, זייער געבראטנס. די טישן האבן זיך געבראכן, פנימער האבן געשוויצט. היינט די פרות מכל המינים! נישט יעדן טאג גיט מען אויס א קינד, איז חי, געלעבט! אלע געסט זאלן האבן צו געדענ-קען און צו דערמאנען.

ביי די טישן איז מען געזעסן ברייטלעך. נישט געווען קיין יחסנים — אלע זענען באדינט געווארן מיטן גרעסטן כבוד. פסח דער קלעזמער פלעגט מיט זיין פידל נישט דורכלאזן די געסט ביי קיין איין טיש. דורכלאזן, וואלט געווען א בא-ליידיקונג אויפן גאנצן לעבן. ווען פסח פלעגט צוגיין צו א טיש, פלעגן די עסער אין א זייט לייגן די לעפל און גאפל; איבערגעריסן די מויל-מלאכה און נאר גע-הערט. ווי דען? אנדערש וואלט עס געווען א באליידיקונג פאר פסח דעם כלי-זמר. קיינער האט די קאמאראווער נישט דערצויגן, זיי האבן אלע געווּסט ווי צו "האלטן שטאט", צו פירן זיך מיט כבוד. און פסח מיט זיין הויכקייט, ברייטקייט, בלאנ-דער בארד און בלויע אויגן, האט געכישופט מיט מעלאדיעס, וואס זענען זיך צעגאנ-גען אין די נשמות, און מענטשן האבן געשפירט: פאראן שיינקייט אויף דער וועלט, פאראן ניגונים, וואס פליסן ווי דערקוויקנדיקע לויטערע קוואלן. אלעמענס נשמות האט פסח צונויפגענומען צוזאמען און מיט זיי געפלויגן אהין, וווּ עס איז פאראן בלויז בלויקייט און התפעלות.

אבער די אמתע חתונה האט זיך אין קאמאראווע אנגעהויבן, ווען מען איז אויפ-געשטאנען פון די טישן און פארפלייצט די גרעסטע שטוב. דער ארקעסטער האט א זעץ

געטאַן אויף אַלע כּלים און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ טאַנץ. נישט עפּעס אַ חנוודיק ריקודל, נאָר אַ ראָד, וואָס וואַקסט זיך מיט יעדער רגע פאַנאַנדער ברייטער און ברייטער. פריער בלויז די מאַנסלייט, און שפּעטער אויך די נשים. און אַט פּלאַצט די ראָד און מען פאַרוואַרפט זיך הענט אויף אַקסלען און יעדער מיט דער גרעסטער התלהבות ווייזט די היץ פון דער נשמה, אַ פייער, אין וועלכן די אַנדערע האָבן אין אים נישט געאָנט אַפילו. פנימער צעצונדענע, פאַררייסן צו דער סטעליע, און פיס, אין לאַקירטע שיך און גלאַנציקע שטיוול, נעמען פּלוצלינג פילן, אַז דער גוף איז נישטאָ שוין, האָט מער קיין וואָג נישט, מאַדנע גרינג געוואָרן; מען הוידעט זיך, ווי די ערד אונטער די פיס וואָלט פאַרשוואונדן: "שטאַרקער, העכער, די ראָד, די ראָד מאַכט גרעסער!" דער ריטם וואַקסט אַלץ אָן, שווינדליק שוועבן פּידזשאַקעס, קאַפּאָטעס, קאַשקעטן, בערד. די פרייד האָט זיך פאַנאַנדערגעגאָסן ווי אַ טייך אין פרילינג. ביי די פענצטער פון די שטיבער האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן פויערים און פויערטעס, זיי קלאַפּן אין די הענט און שרייען איין איינגעחזרט וואָרט: "מזל-טוב! מזל-טוב!"

מיר קוקן אויף דער חתונה-פאָטאָגראַפיע, און יעדער דערמאָנט זיך ווי הויך און רוישיק עס האָט געקלאַפּט אַ יידישע חתונה אין קאַמאַראָווע. ווען איז דאָס געווען?

— ישראל, געדענקסט נישט, ווען איז געווען די דאָזיקע חתונה?

ישראל נעמט די פאָטאָ אין די הענט, און זיינע אויגן ווערן אָנגעגאָסן מיט שוואַרצן טרויער.

— צי איך געדענק? דאָס האַרץ ווערט ביי מיר צעריסן, ווען איך קוק אויף דעם דאָזיקן בילד. דאָס איז געווען אין 1938. ברוך פייערמאַן פון ביעלסקאָ וואָליאַ האָט חתונה געהאַט מיט מיין שוועסטער-קינד — רחלע, די קאַמאַראָווער שוואַרצוכע רחל מעניוק.

.3

איך קוק אויף ישראל מעניוק — אַ קרעפּטיקער ייד אין די חמישים, אַ קרעמפּער, מיט אַ פאַרעקשנטן קאָפּ אויף די אַקסלען. איך זע אים ווי דורך אַ געדיכטן נעפּל, ווי דורך אַ מאַטעוווער שויב. און מיר דאַכט זיך, אַז איך זע זיין פּנים דורך זיין שטימע. זיין שטימע איז אָנגעקוואָלן מיט שוידער, און מיך אַליין נעמט שוידערן. איך האָב אים געקענט אַלס אַ יינגל, און ווען איך וויל זיך אים גוט דערמאָנען,

פארמאך איך די אויגן, פון וועלכע עס איז אפגענומען געווארן די שיין. מיין זכרון "זעט" בעסער, קלארער. וואונדער איך זיך, ווי קאן אזא יינגל, סראליק, רעדן מיט אזא נישט-יינגלשן קול, אין וועלכן עס האבן זיך צונויפגעקליבן אלע גרוילן, וואס ער האט דורגעלעבט. איך פיל, אז די לופט ארום מיר ווערט געדיכ-טער, אנגעגליט מיט צונטערע כמארעס און מיט דונערס. ער זאל נאר נישט אויס-ברעכן אין א יללה. איך ווייס נישט פארוואס, נאר פון מיינע ליפן רייסן זיך אראפ פארשטיקטע ווערטער:

— סראליק, בארואיק זיך! זיי רואיק!...

— בין איך דען נישט רואיק? — מורמלט ער ארויס — איך בין רואיק. יא, די חתונה... זי איז פארגעקומען אין 1938 יאר. יא. אין דריי יאר שפעטער... גאט מיינער... איך גלייב נאך אלץ נישט, אז דאס איז פארגעקומען... איך גלייב נאך אלץ נישט, אז די זעלבע שכנים... די זעלבע, מיט וועלכע עס האבן געלעבט אונדזערע עלטער-זיידעס, זיידעס, טאטעס, און מיר אליין... איז דאס מעגלעך געווען דאס, וואס ס'איז געווען? עס איז געווען, און מיר ווילט זיך נישט גלייבן — כאטש דאס איז אלץ פארשריבן אויף מיין לייב, אויסגעברענט אין מיין נשמה. איר זענט געקומען הערן, טא הערט:

— יידן, ווי באוווסט, ווייסן דאך אלץ, אז אך און וויי צו זייער וויסן! יידן האבן געוווסט צו דערציילן, אז דורך קאמאראווע וועלן דורכגיין גרויסע טיילן פון דער דייטשישער ארמיי. און דארט, ווו זיי גייען דורך, טאר זיך זיי א ייד נישט ווייזן פאר די אויגן. שכנים האבן אונדז דעריבער געעצהט גיין דער-וויל אין די וועלדער, און ווען זיי וועלן פארביי, וועלן מיר זיך קאנען אומ-קערן. נו, אז מען עצהט — פאלגן מיר: מיין טאטע - משה, די מאמע מישקע, מיין שוועסטער - רחל, און איך - דאן נאך א יינג בחורל — זענען צוזאמען מיט אנדע-רע אנטלאפן פון דארף אין וואלד אריין. די מאמע האט מיטגענומען א פאר ברויטן, א שטיקל פוטער, א "לאדעזשקע" מיט מילך. וואס דארף מען מער? מיר וועלן דאך באלד קומען צוריק. איך ווייס אפילו נישט, צי די דייטשן זענען טאקע אדורך דורך קאמאראווע, אבער ווען מיר זענען געקומען צוריק, זענען די טירן פון די יידישע הייזער געשטאנען אפן, און די לאדנס, אראפגעריסענע, האבן זיך געוואל-גערט אויפן וועג. אין שטוב איז אלץ געווען אנגעווארפן; ווי א בערגל שמאטעס:

העמדער, טישטעכער וכדומה זאכן. הייסט עס — די, וואס זענען דא געווען, האבן נישט דאס געזוכט. זיי האבן צוגענומען מער ווערטפולע זאכן: זילבערנע לעפל און גאפל, דער מאמעס מעשענע לייכטערס, די קידוש-בעכערלעך, די קופערנע מידניצע, אונדזערע שטיוול, דעם טאטנס פוטער — הכלל די אוצרות פון אונדזער שטוב.

קיינמאל פריער איז עפעס ענלעכס נישט געשען און נישט געקאנט געשען. און ווען מען וואלט אונדז באצייטנס געווארנט, אז דאס קאן געשען, וואלטן מיר נישט געגלייבט. אונדזערע שכנים? איצט זענען די נאענטע שכנים, ווען מיר זענען צו-ריקגעקומען, געשטאנען מיט אראפגעלאזטע קעפ, קיינער האט נישט אויפגעהויבן די אויגן אויף אונדז. אונדז איז אפילו נישט איינגעפאלן צו פרעגן. מיר האבן אזוי אויך פארשטאנען: עס האט זיך אנגעהויבן. אלץ, וואס איז געווען אמאל, איז ווי מיטן רויך אוועק. מיט שטומער שרעק האבן מיר אלע באנומען: מיר לעבן צווישן שונאים. די צוריקגעקומענע משפחות האבן זיך צונויפגעטוליעט, אלע האבן מיר זיך צוזאמען באזעצט אין דריי שטיבער. אונדזער משפחה האט זיך באלד איבערגקליבן צום פעטער שיע. די יידן, וועלכע זענען נישט געווען קיין אלטע דארף-איינוווינער, זענען אפגעפארן קיין קאלק. אבער מיר, די איינגעווארצלטע במשך דורות, וווהין זאלן מיר זיך רירן? זענען מיר פארבליבן. מיר האבן זיך נישט געקאנט פארשטעלן, אז ערגעץ-ווו וועלן מיר זיין זיכערער. "מען האט זיך א טאג געלאזט ווילגיין איבער די פארלאזטע היימען און...שא. עס וועט ווידער זיין שטיל." — אזוי האבן מיר געטראכט, מיר האבן אבער א ביטערן טעות געהאט...

ס'זענען אריבער צוויי-דריי רואיקע טעג. קיינער האט זיך נישט דערנעענטערט, אונדזער שטוב האט ווי מער נישט עקזיסטירט פארן ארום. יא, די טעג זענען געווען רואיקע. שרעקלעך רואיקע. מיר זענען ווי איינגעשרומפן געווארן פון דער שטיל-קייט. דערפאר אבער די נעכט. די נעכט — א גרויל! מען האט פון זינען געקאנט אראפ. לכתחילה זענען מיר פארשטיינערט געווארן, ווי ווילדע רוחות וואלטן אונדז באפאלן. מען האט פלוצלינג גענומען ווארפן שטיינער אויף די יידישע הייזער. א האגל שטיינער. ווו האבן זיי גענומען אזויפיל שטיינער? קענטיק, אז גאנצע טעג האבן די טייוולאנים גארנישט נישט געטאן, נאר געקליבן בערג מיט שטיינער, אונדז צו פארשטיינערן.

— דוד! עס איז נישט צו באנעמען מיט א מענטשלעכן מוח. ווער האט עס געטאן, האבן מיר נישט געזען. דער האגל איז געווען אזוי שטארק און געדויערט אן א מינוט איבערגרייס א שעה און צוויי שעה. אן אמתע באמבארדירונג. א קאנאנאדע! סדום ועמורא. אזא ווילדע רשעות?! אזא חיהשער הפקר. מיר דריקן זיך צו צו דער הינטערשטער וואנט, יעדער מוסקול איז געשפאנט, און ווארטן: וואס וועט זיין ווייטער? וואס קאן זיין ווייטער? נאר אן איבערפאל מיט שטעקנס, דרענגער, לאמען און העק. פריער וועלן זיי דורך דער קאנאנאדע פארניכטן די ווענט, די קוימענס, און נאכדעם וועלן זיי מאכן א סוף צו אונדזערע לעבנס. אבער ניין. די קאנאנאדע הערט לסוף אויף. עס ווערט מאומהדיק שטיל, און קיינער קומט נישט. וויפל האבן זיי געדארפן זיין, די שטיינער-ווארפער, כדי אן איבעררייס אזא לאנגע צייט צו באמבארדירן? ווער זענען זיי? צוזאמען מיט דער ווארפערײַ האט זיך אין דער לופטן געטראגן א ווילדע פייפערײַ, געלעכטער, געברום און געזאנג. ווער קאן עס זיין, אויב נישט אונדזערע הונדערטיאריקע מיטוווינער?! עס איז אן אימה אפילו א טראכט צו טאן. א גרויל! צו וואס מענטשן זענען פעיק קעגן אומשולדיקע און אינגאנצן הילפסלאזע.

נאכדעם, ווי ס'איז שטיל געווארן, איז די שטילקייט געווארן אזוי "געדיכט", אז כאטש נעם און טאפ זי אן... די נאכט האט זיך קיינער פון אונדז נישט צוגעשפארט. מיר זענען געזעסן פארגליווערטע און געווארט אויפן אנקום פונעם פרימארגן. וואס וועט דער נייער טאג ברענגען? מיר זיצן שטומע ביים ליידיקן טיש און טראכטן: צו וועמען גיין? ווער ווייסט, ווער איז א פרײַנד און ווער א שונא? צו וועמען קאן מען אנקלאפן אין טיר אדער אין פענצטער? דאס זענען דאך אונדזערע אלטע שכנים. מיר האבן זיך דאך נישט איינמאל קעגנזײַטיק ארויסגעהאלפן. דער טאטע און דער פעטער שיע האבן דא אמתע פרײַנד געהאט...

מיר האבן איבערגעווארט די ערשטע נאכט, וואס האט זיך געצויגן פאר אונדז אומענדלעך. אבער ס'איז ענדלעך פארט אנגעקומען דער פרימארגן. מיר זענען געזעסן אין די הײַזער. עס איז געווען רואיק ארום, און א ווילדער אומרו אין אונדז אינעווייניק. זאל זיך כאטש עמעץ פון די שכנים ווייזן. לאמיר הערן א לעבעדיקן קול, און לויטן קול פארשטיין, צי קאן מען רעכענען ערגעץ אויף א פרײַנד, אויף א הילף, אויף א האפענונג?!

פריער האבן מיר גערוואַרט עס זאל פארגיין די נאכט, איצט האבן מיר געוואַרט, עס זאל פארבייגיין דער טאג. וואס וועט אונדז ברענגען דער אוונט, די נאכט?

.4

עס איז געקומען די נאכט... עס האט זיך פלוצלינג, מיט איין מאל, ווי אויף א באפעל אנגעהויבן די זעלבע טייוולאנישע אטאקע, אבער דאס מאל דורכגעמישט מיט א שיסעריי. שפעטער האבן מיר זיך געגומען אריענטירן: די שטיינער פליען אין די ווענט, אין די פענצטער; די שיסעריי איז געווענדט צו די דעכער, אין די קוימענס. זי איז אויסגערעכנט אויף שרעקן, נישט אויף מארדן. נאכדעם האט מען געשאסן נידעריקער — פארביי די לאדנס. און ווידער האט עס געדויערט זייער לאנג, ווידער איז דער טויט געווען אט-אט דערנעבן, און ווידער זענען מיר גע-שטאנען פארשטיינערט ווי פאר דער עקזעקוציע. דריי יידישע הייזער מיט יידן. און ארום? ווער ווייסט וויפל זיי זענען. זיי שרייען, אבער זיי קומען נישט.

אין דער דריטער נאכט האט זיך די שיינע שפיל איבערגעחזרט, אבער זיי זע-נען אויך געקומען. עס איז געווען א ליכטיקע לבנהדיקע נאכט. א גרופע יונגע אוקראינער האט זיך אריינגעריסן אין די שטיבער. פון אונדזער שטוב, גלייך ווי פון די אנדערע, מיטגענומען די מענער. ביי אונדז — דעם טאטן מיטן פעטער. די מענער צונויפגעזאמלט ביים וועג און גענומען טרייבן צום טייך. אונטער דער דראונג פון געווער געצווונגען זיי אין די בגדים אריינצוגיין אין וואסער. ווען זיי זענען שוין געווען טיף אין וואסער, האט זיך אנגעהויבן א שיסעריי — נישט אין זיי, נאר איבער זייערע קעפ. ביי יעדן שאס האבן די יידן אפגעטונקען די קעפ אין וואסער, גענורקעוועט , און אין דעם טאקע איז פאר די רוצחים געווען די פארוויילונג. די יידן נורקעווען, כדי די קוילן זאלן אין זיי נישט טרעפן, און די פייניקער קווען אן פון פארגעניגן.

ווי מיר האבן זיך שפעטער דערוווסט, זענען ענלעכע "קאנצערטן" איינגעארדנט געווארן אין קאלק און אויך אין אנדערע שטעטלעך.

דארף מען אננעמען, אז דאס איז געווען א פאנאנדערגעארבעטער מעטאד פסיכיש צו פייניקן די יידן, איינברעכן די שטארקסטע און זיי פארוואנדלען אין שוצלאזע קרבנות בעת די ווייטערדיקע אקציעס אפצווישן זייער געביין פון דער ערד.

במשך פון געציילטע טעג זענען מיר אלע אין די דריי הייזער געבליבן אן א פיצל ברויט, אן וואס פאר א נישט-איז שפייז. פשוט — שטארב פון הונגער. אבער פישט אומזיסט זאגט דאס פאלקסווערטל: נויט ברעכט אייזן. מיר האבן ביסלעכווייז גענומען זיך ארומזען, אז מען דארף נישט די אלע שכנים אונדזערע אריינוואַרפן אין איין זאק. נישט דאס גאנצע דארף באשטייט פון הוילע פינצטערע גזלנים. פא-ראן אזעלכע, וואס זענען נישט מסכים אזוי צו באהאנדלען די יידישע שכנים. גע-ווען כאטעס, אין וועלכע אלע, משפחותווייז זענען ארויסגעטראטן קעגן אונדז; אנדערע, ווידער, זענען געווען נייטראל און זיך געהאלטן פונדערווייטנס; איינ-ציקע האבן אפשר געהאט אויך הארצווייטיק און זיך מן הסתם געשעמט.

די מאמע מיינע מיט א שכנטע האבן זיך אין א שטילער נאכט, דורך גערטנער און שטעגלעך, דורך פלויטן דורכגעגנבעט צו פויערטעס, וועלכע מיר האבן געהאלטן פאר אלטע גוטע פריינד. מיט שוידער און שרעק האבן מיר געווארט אויף זייער צוריקקער. אין א פאר שעה-שפעטער האבן זיי זיך אומגעקערט אויסגעמאטערטע אבער צופרידענע (אין אזעלכע אומשטענדן, קאן מען אויך זיין צופרידן, און אפשר נאך מער). די מאמע האט מיט זיך געבראכט ברויט, מעל און אנדערע נייטיקע שפייזן צום עסן.

הייסט עס, אין דארף לעבן אויך מענטשן! מענטשן, וואס זענען אפילו גרייט אונדז צו העלפן. דאס איז געווען א גרויסע טרייסט און האט אונדז אונטערגעהאלטן ביים לעבן. עס האבן זיך גענומען אנבינדן נעענטערע קאנאקטן מיט געוויסע פויע-רישע משפחות. פון זיי האבן מיר זיך דערוווּסט, וואס עס טוט זיך אין דארף, וואס איז געשען אין קאלק, און אויך עפעס וועגן דעם, וואס אונדז דערווארט, וואס עס ווערט געגרייט קעגן אונדז.

אמת, נישט אלע האבן אונדז געגעבן הילף פונעם ריינעם הארץ; סתם אזוי. טייל האבן געפאדערט געלט, ווערטזאכן, מלבושים. זאל זיין אזוי. אבער דערווייל האט מען ווי-נישט-איז דורכגעלעבט, און מיר זענען געווען דאנקבאר אויך דערפאר.

צוויי חדשים זענען פארביי. דאן איז געקומען צו אונדז דער סטאראסטע פונעם דארף און איבערגעלייענט א באפעל, אז אין דארף טארן זיך ווייטער קיין יידן נישט געפונען. זיי דארפן אריבערפארן אין די שטעטלעך, ווו עס וועלן געשאפן ווערן געטאס. זענען מיר זיך צעפארן אין די שטעטלעך, ווו מען האט געהאט קרו-

בים. אונדזער משפחה איז אפגעפארן קיין קאלק. דערנעענטערנדיק זיך צום שטעטל, האבן מיר דערפילט דעם גאנצן גרויל פון אונדזער מצב: קליינע קינדער זענען נאכ-געלאפן אונדזער פור, געשריגן "זשידי" און פארוואָרפן אונדז מיט שטיינער. צווישן די קינדער האבן מיר געזען פנימלעך פול מיט שנאה. א ציטער האט דורכגעפיבערט אונדזער הארץ: א ז ו י נ ע קלייניקע און אזא פינצטערער האס! קיינער האט אונדז נישט פארטיידיקט, קיינער האט נישט אפגעטריבן פון אונדז דאס קליינוואַרג; אנדערע האבן אוועקגעדרייט די קעפ, ווי זיי וואלטן אונדז נישט געזען.

דערפארנדיק צו קאלק, זענען ווי פון אונטער דער ערד ארויסגעשפרונגען צוויי אוקראאינישע פאליציאנטן. מיט א געמאכטער פריינדלעכקייט האבן זיי אונדז גע-זאגט, אז זיי דארפן א טאפ טאן אונדזער וואגן, צי מיר פירן נישט קיין געווער. קיין געווער האבן זיי, באטירלעך, נישט געפונען, אבער אלץ, וואס האט געהאט ע-פעס א ווערט, האבן זיי צוגענומען. מיר האבן געבענטשט גומל, ווייל מיר האבן שוין געוווסט, אז נישט זעלטן בעת אזוינע אונטערזוכיקע רעוויזיעס האט נישט איין ייד באקומען פון זייערע הענט דעם טויט.

אונדז האט מען בלויז בארויבט — אדאנק דעם אייבערשטן!... — און געהייסן פארן.

5.

— דו, דוד, און איר אלע דא, ווייסט שוין געוויס עפעס פון דעם , וואס עס האט זיך געטאן אין קאלקער געטא. אבער איר ווילט דאך געוויס וויסן מער, טא הערט: גלייבט מיר, עס שניידט מיר דאס הארץ יעדער פרט, עס ווילט זיך פארגעסן, און עס לאזט זיך נישט, ווי אלץ, וואס ס'איז געשען, וואלט אין די געהירן אריינ-געקלאפט געווארן מיט אזוינע גרויסע נעגל, אז נישטא אזא כוח, וואס זאל די נעגל קאנען ארויסציען און באפרייען דעם מוח.

איר קענט מיך, איך בין א פשוטער ייד, נישט קיין רעדנער און נישט קיין שרייבער. אפט כאפ איך זיך אויף, באטאפ זיך און מיט פארקריצטע ציין שטעל איך ווי-דער אמאל פעסט: און דאך ביסטו לעבן געבליבן. מיט וואס פאר א ניסים! האב איך אנגעהויבן ביי דעם טיש דערציילן, טא לאמיר א צווייט מאל דורכגיין דעם גיהנום. באזאמען דורכגיין א צווייט מאל, ווארעם די, וואס האבן דאס נישט דורכגעמאכט קאנען עס נישט פארשטיין, און דעריבער צוזאמען מיט מיר דורכמאכן דעם גיהנום.

ס'איז א גרויס גליק פאר מענטשן, וואס קיינער קאן נישט איבערלעבן יענעמס ווייטיקן, דורכגיין דאס לעבן פון א צווייטן מענטש, אפילו, ווען דאס ווערט באשריבן דורך די גרעסטע שרייבער. א ראיה: עס טרעפט, אז א שרייבער באשרייבט גענוי דאס לעבן פון א מענטש, וואס איז לסוף באגאנגען זעלבסטמארד, ס'האט א-בער נישט פאסירט, אז א לייענער זאל זיך אזוי איבערנעמען, אז ער זאל אליין אויך באגיין זעלבסטמארד.

איז אזוי:

דאס געטא האט זיך געפונען אויף דער גאס לענגאויס דעם סטיר. דאס געטא איז נישט געווען ארומגעצוימט. עס זענען בלויז געשטאנען טאג און נאכט אוקראאינישע פאסטנס און געהיטן, קיינער זאל זיך נישט ארויסבאקומען. מ'האט אנגעטריבן קיין קאלק יידן פון אלע ארומיקע דערפער. איז דא געווארן געדיכט און ענג. אין איין הויז האט מען געוווינט צו פינף -זעקס משפחות; צו צוויי-דריי משפחות אין איין צימער. מיר האבן געוווינט אכט מענטשן אין איין קליין צימערל. באקלאגן האבן מיר זיך נישט געדארפן; אנדערע האבן געלעבט אין נאך א גרעסערער שטיקעניש. אין עטלעכע צענדליקער הייזער האבן זיך געמוזט געפונען אן ארט נישט ווייניקער ווי צוויי מיט א האלבן טויזנט אדער דריי טויזנט מענטשן. קאנט איר זיך פארשטעלן.

בייטאג איז געווען א האלבע צרה — מען האט זיך געקאנט געפינען אינדרויסן, מען פלעגט זיצן אויף די בריקלעך, אפילו אין קעלט און רעגנס, כדי צו האבן כאטש מיט וואס צו אטעמען. אבער ביינאכט איז, ווי אין לידל זינגט זיך: "הענטלעך און פיסלעך געפלאכטן צוזאמען". מען איז געשלאפן ענג צוגעדריקט צו זיך, איינער צום אנדערן, אן איבערטרייבענישן: טאקע ווי הערינג אין א פאס.

שוין אין די ערשטע שעהן, ווען מיר זענען געקומען אין געטא, האבן מיר זיך דערוווסט וועגן שרעקלעכע רציחות. מען האט דערשאסן אן א פארוואס און אן א פאר-ווען. צענדליקער יידן דערטרונקען אין סטיר. אנדערע זענען "פארפאלן געווארן" און מען ווייסט נישט ווו און וויאזוי. מ'האט זיי, האט עס געהייסן, אפגעפירט צו דער ארבעט, און מער האט מען זיי שוין נישט געזען און קיינער האט נישט גע-ווּוסט ווו זייער געביין איז אהינגעקומען.

דאס לעבן פון א מענטש אין געטא איז געווען אזוי ביליק, און דער טויט אזא אפטער גאסט, אזא נאטירלעכקייט, אז מען האט אים אויפגעהערט צו באמערקן. און

דאך האבן מיר זיך דא געפילט בעסער, ווי אין יענע טעג אין דארף, פארט צווישן אייגענע — ס'איז דא מיט וועמען צו רעדן א ווארט; מ'קאן אריינגיין צו א שכן, מען ווייטיקט און פייניקט זיך צוזאמען. בחורים טרעפן זיך מיט מיידלעך. מען דערוווסט זיך עפעס פון דעם, וואס ס'קומט פאר אויף דער וועלט — טליעט פארט אין די הערצער כמו א שטיקל האפענונג. מיט ניסים טאקע, אבער מען קאן אבי-ווי איבערלעבן, איבערלעבן, און נאכדעם דערציילן מענטשן וועגן דעם, ווי מ'האט אונדז, לעבעדיקע, געוואלט מאכן אויס מענטשן, און דאס האט זיך די שונאים נישט איינגעגעבן. מען האט געוווסט, אז דאס איז דער אנהייב, און אז דער סוף וועט קומען... אבער דאך, כל-זמן עס קלאפט אינעם מענטש אן אדער, איז פאראן א האפענונג: אולי ירחם... אפשר וועט באשערט זיין...

פון געטא פלעגט מען טרייבן צו דער ארבעט. איז נישט געווען קיין נייטיקע ארבעט, האבן די פייניקער אויסגעקלערט "ארבעטן". מ'האט די יידן באשעפטיקט אין א ספעציעל-ארגאניזירטער וואלד-ווירטשאפט אין קאלקער געגנט. ווינטער האט מען אויך געטריבן אויף וואלד-ארבעט. און דער לוין איז באשטאנען אין... הונדערט גראם ברויט א טאג. פרעגט זיך, ווי האט מען פון אזא "גאב" געקאנט לעבן? מען האט "צוגעשטוקעוועט" פון באהאלטענע קארטאפל, פון בוראקעס, פון מעל, וואס מען האט באוויזן באצייטנס צו פארשטעקן. מען האט געלעבט... קוים געצויגן די פיס און... געלעבט. די יידישע מאמעס האבן זיך ארויסגעוויזן פאר כישופמאכערינס. ממש פון גארנישט, ווי פון די אייגענע צען פינגער פלעגט מען אפקאכן א שיטערן זופ. ווו זי האט באקומען דעם בוראק, אדער די עטלעכע קארטאפל — דאס איז געווען איר סוד. ווי געוויינלעך פלעגן די מאמעס עסן די לעצטע, פלעגט מען זיי מוזן היטן, זיי זאלן כאטש עפעס טועם זיין.

אמת, עס זענען געווען אוקראינער, וועלכע האבן אונדז געוואלט העלפן, אבער זייער ווייניק. די, וואס זענען ווי איך אויסגעוואקסן אין דארף, האבן זיך מיט גארנישט אונטערשיידט פון אוקראינישע יינגלעך. מיר פלעגן זיך ארויסגנבענען פונעם געטא און מיט סכנת נפשות זיך דרייען ארום פויערישע כאטעס. ווי האזן פלעגן מיר קאנען אנטרונען ווערן בעת א סכנה. מיט אראפגעגנומענע לאטעס האבן די דייטשן נישט דערקענט אין אונדז קיין יידישע קינדער. מורא געהאט האבן מיר פאר פויערים און פאליציאנטן. די באנדעראוועצעס האבן זיך אויף דעם גוט פארשטאנען,

באלד דערקענט א ייד. זײ האבן זעלטן א טעות געהאט, אפילו ווען דאס זענען גע-
ווען בלאנדהאריקע מיט פארריסענע נעזלעך, הכלל — קינדער מיט א "גוטן אויסזען".
אט אזוי האבן די קלוגע יידישע יינגלעך געקראגן ביי באקאנטע פויערים, ביי גו-
טע מענטשן, א שטיקל ברויט, עטלעכע קארטאפל. די קינדער האבן זיך אויך פארנו-
מען מיט בייטן בגדים און אנדערע זאכן אויף שפייז. פלעגט א פאליציאנט כאפן א
יידיש קינד ביי אזא "פארברעכן", אפילו בלויז מיט אן אויסגעבעטלט שטיקל ברויט,
פלעגט ער שלאגן מכות רצח און פאדערן, דאס יינגל זאל אויסגעבן אין וועלכער כא-
טע ער האט דאס שטיקל ברויט באקומען. איך אליין האב פארזוכט דעם טעם פון זיי-
ערע פאסקודנע ידים, ווען מ'האט מיך געכאפט מיט א שטיקל ברויט. איך בין געקו-
מען אהיים איינגאנצן א צעבלוטיקטער און צעהרגעטער. דער הונגער איז געווען א גרוי-
סער כוח, צוגעגעבן די קינדער אן אומגעווייינלעכע דרייסטקייט און העלדישקייט.

איך געדענק נישט אזא פאל, ווען א יידיש קינד, א מערדערלעך געשלאגנס, זאל
האבן ווען ארויסגעבן זיין בעל-טובה. אין דעם ערשטן יאר איז אונדז נישט שווער
אנגעקומען דאס ארויסכאפן זיך פון געטא, אדער אריינכאפן זיך צוריק. באזונדערס
בײם סוף פון דאזיקן יאר האט זעלטן געלונגען וועמען נישט איז ארויסצובאקומען
זיך פון געטא, כדי צו באקומען שפייזווארג אויף טוישן זאכן. די דייטשן האבן
גענומען "אין האנט ארײַן". האבן זיי געפאקט א ייד, האבן זיי געפאדערט אויס-
קויף: גאלד, פוטערס, פעלצלעך, לעדער; זיי האבן געוווסט א טאלק אין דעם, וואס
איז ווערטפול. די אוקראאינישע פאליציאנטן האבן נישט געדארפן קיין סיבות, כדי
שלאגן יידן. זיי האבן געשלאגן אן שום סיבות; בלויז פאר הנאה-וועגן צו שלאגן
א ייד, בלויז צו פילן די דעה איבער אים.

ווינטער-צייט, אין 1942 יאר, האט מען געדארפן פארריכטן די בריק איבערן סטיר.
דאס האבן געדארפן טאן די געטא-יידן. אויף דריי-פיר קליינע שיפלעך פלעגן די
פאליציאנטן אנפאקן אזוי פיל יידן, אז אלע האבן געמוזט שטיין, און דאס שיפל
איז געווען אזוי טיף פארזונקען, אז בלויז דריי-פיר צענטימעטער זענען די ראנדן
געווען איבערן וואסער; ביי דעם קלענסטן פארלירן דאס גלייכגעוויכט, זאל זיך
דאס שיפל איבערקערן. נאכן אנשטופן א שיפל, פלעגן די פאליציאנטן מיט א ברעטל
עס אפשטויסן פון ברעג אן רודערס. קוים מיטן לעבן פלעגט מען זיך דערשלאגן צום
צווייטן ברעג, ווו מ'האט געדארפט אפטאן די פארגעבענע ארבעט. ערשט שפעט ביי-

נאכט פלעגט מען צוריקקומען. דאן האבן די יידישע ארבעטער געקאנט שוין אריבער-גיין דורך דער פארראכטענער בריק, אבער מ'האט זיי געצוואונגען אויך צוריקוועגס דורכמאכן דאס סכנותדיקע שווימען מיט די שיפלער... די רוצחים האבן געהאפט, אז כאטש איין שיפל וועט זיך איבערקערן, און זיי וועלן האבן דעם פארגעניגן צו זען די סצענע, ווי יידן טרינקען זיך און גייען צום דנא. אבער ווי זאגן יידן: נצח ישראל לא ישקר, גאט איז ביי געשטאנען, דעם פארגעניגן האבן זיי די העכערע כוחות נישט פארשאפט — קיין איין שיפל האט זיך נישט איבערגעקערט.

די צוריקגעקומענע זענען געווען אזוי אויסגעשעפט, אז נישט רעדנדיק, נישט עסנדיק, און אפילו נישט אראפּווארפנדיק פון זיך די נאסע בגדים, זענען זיי אוועקגעפאלן שלאפן.

.6

עס איז געווען א מאנאלאג. ישראל האט דערציילט א פארכלינעטער. מיין נייגי-ריקייט איז געשטיגן. מיר האט זיך געוואלט וויסן פרטים, וועלכע ער האט דורכ-געלאזט, אבער מיינע פראגעס האבן אים געשטערט. ער פלעגט צעלייגן די הענט, ווי ער וואלט מיך נישט פארשטאנען, ווי ער וואלט זיך געפונען אין אן אנדערער וועלט. האב איך באשלאסן אים נישט איבעררייסן, פרווון פארגעדענקען די פראגעס, וואס זענען פאר מיר אויפגעקומען, און אים פרעגן ביי א פאסיקער מינוט - שפעטער.

אין מיטן רעדן, ווען עס פלעגן אים פארפעלן ווערטער, פלעגט ער אויסשרייען:

— גוואלד, ווי האט מען דאס געקאנט איבערלעבן און פון זינען נישט אראפ? א גרויל! א גרויל!!!

— אין 1942 יאר איז שוין געווען א סכנת נפשות ארויסצוגיין אין גאס. איז זיך ארויס א ייד פון שטוב, געוואלט אריין, לאמיר זאגן, אין א שכנהשער, האט דער פאליציאנט אן א ווארט רעדן אים דערשאסן. אזוי האט זיך אים פארגלוסט. א יידיש לעבן איז אפהענגיק געווען פון דער שטימונג פון יעדן אויסוורף. ער האט געשאסן, ווייל אים האט זיך געוואלט הערן ווי יידן וויינען און שרייען — דאס איז געווען זיין הנאה. מיר האבן דאס פארשטאנען, און יעדער האט זיך באמיט אזא "הנאה" אים נישט צו פארשאפן. ווען זיי פלעגן צונעמען אין גאס א ברודער אדער דעם פאטער, האט מען מיט ווייטיק געשוויגן.

מען דערציילט שרעקלעכע זאכן וועגן יידישע פאליציאנטן, וועגן יודען-ראטן. איך דארף זאגן, און דאס איז דער אמת, אז צום יידן-ראט האבן די קאלקער יידן קיין טענות נישט געהאט, און ווי ס'איז געווען אנדערשוואו ווייס איך נישט. אין קאלק, ווייס איך, ווען די דייטשן האבן עפעס געגרייט, האט מען זיך דערפון דערוווסט פון יידישע פאליציאנטן. אויף קיין רשעות מצד זיי האב איך נישט אנגע-טראפן, פונקט פארקערט. איך ווייס נישט, דוד, צי דו געדענקסט דעם יידישן לע-רער פון ווארשע, הירשבאום האט מען אים גערופן, דאכט זיך, ער האט געוווינט אין קאלק אין 1940 ווי א פליט. איז ער געווען א פאליציאנט. ווייס איך אזא פאל. די דייטשן פלעגן צונעמען ביי די פויערים אין די דערפער די בהמות און זיי טרייבן צו דער באן-סטאציע קיין מאניעוויטש. צו טרייבן די בהמות האט מען זיך באנוצט מיט יידישע יינגלעך. מען פלעגט די יינגלעך כאפן און שיקן צו דער דאזיקער ארבעט. קיינער פון זיי איז שוין נישט צוריקגעקומען. האט מען לכתחילה געטראכט: אפשר שיקט מען זיי אפ צוזאמען מיט די בהמות קיין דייטשלאנד? שפעטער איז מען געוווירער געווארן, אז מען פלעגט זיי צעשיסן אינעם מאניעוויטשער וואלד. איך אליין בין בייגעווען ביי אזא סצענע: דער לערער הירשבאום, דער פאליציאנט, איז געגאנגען ארומגענומען מיט א יינגל - שמחה האט מען אים גערופן - און ביי-דע האבן געוויינט. דער לערער האט אים געבעטן: — דו בלייב דא, און איך וועל אליין טרייבן די בהמות קיין מאניעוויטש. שפעטער איז דער לערער דערהרגעט גע-ווארן, ווען ער האט געוואלט אנטלויפן צו די פארטיזאנער און אריינגעפאלן אין די הענט פון די באנדעראווצעס. איך האב נישט געהערט, מען זאל רעדן שלעכטס אויף די מענטשן פונעם קאלקער יידן-ראט. מען האט זיי געהאלטן פאר אנשטענדיקע מענטשן, וואס ווילן ראטעווען וויפל נאר עס וועט זיך לאזן, כאטש זיי האבן, נאטירלעך, אויסגעפירט דייטשישע באפעלן. עמעץ פון זיי זאל זיך, חלילה, בארייכערן אויפן חשבון פון די אומגליקלעכע? — חס ושלום — אזוינס איז נישט געשען.

— דוד, דאס וואס פערל טינע האט דיר דערציילט וועגן יעקב שלייענס טויט, איז ריכטיק. איך ווייס, אז די זאך איז זיך פארלאפן אזוי: די דייטשן האבן צו זיך גערופן דריי יידן פון יודען-ראט און זיי ארויסגעגעבן א שטרענגע פאראָרדע-נונג. וועגן וואס האט מען געווּי נישט געוווּסט, נאר אז די זאך האט געשמעקט מיט יידיש בלוט, דאס האט מען פארשטאנען. יעקב שלייען און די אנדערע צוויי האבן

זיך אפגעזאגט אויסצופירן דעם באפעל, האט מען זיי בלוטיק צעשלאגן, ארויפגע-וואָרפן אויף א לאסט-אויטא, און אפגעפירט אין דער ריכטונג פון קיווערצע. קיין קיווערצע זענען זיי נישט דערפארן, אין וואלד הינטער טראסטעניעץ זענען זיי דערשאסן געווארן.

זומער 1942 יאר האבן שוין די קאלקער יידן פארשטאנען, אז זייער סוף איז נאענט. מען האט ערנסט גענומען טראכטן וועגן אנטלויפן אין די וועלדער. אנט-לויפן, און זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער, האבן בלויז געקאנט יענע יידן, וועלכע מען האט געפירט אויף ארבעט. דער טערור אין געטא איז געוואקסן. די אוקראאינישע פאשיסטן, די באנדעראוועצעס און פאליציאנטן פלעגן זיך שוין נישט באגרענעצן מיט סתם אזוי דערמארדן א ייד; זיי האבן גענומען באפאלן דאָס געטא בייטאג און ביינאכט, ארויסשלעפן יידן פון די הייזער און אויף דער שוועל זיי דערמארדן. דאס געטא האט זיך פארוואנדלט אין א יאטקע. סוף אויגוסט און אין סעפטעמבער (דאס רעדט זיך אלץ וועגן 1942 יאר) זענען פארגעקומען דריי גרויסע שחיטות. אנגעפירט האבן עס-עס-לייט, און געמארדעט האבן די אוקראאינישע פאלי-ציאנטן. איין מאל האבן זיי אפגעקליבן פערציק געזונטע יידן, זיי אפגעפירט הינ-טער דעם שטעטל, צו די מילן, און זיי ארייננגעווארפן אינעם קעלער פון דער עלעק-טראסטאנציע. צווישן די פערציק בין איך געווען מיט מיין טאטן. מיר זענען זי-כער געווען, אז מיר וועלן צעשאסן ווערן. אזא פאל איז שוין געווען אין קאלק אין די ערשטע טעג פון געטא, ווען מען האט צונויפגענומען דרייסיק מער איינ-פלוסרייכע יידן, און זיי צעשאסן. ווארטן מיר אלע, הייסט עס, אויפן טויט.

מיר ווארטן רואיק, רעזיגנירט, אן יללות און אן טענות. מיר ווילן בלויז, דאס זאל גֿעשען וואס גיכער. מען האט אונדז אבער געהאלטן א טאג און א נאכט. אויב שיסן, נעמען מיר טראכטן, דארפן זיי זיך מיט אונדז צערעמאניען? מן הסתם געשעט עפעס אין געטא. עס איז צו ווייט, עס זאל דערגיין צו אונדז א גערויש, א טומל פון א שחיטה. מיר פארוואנדלען זיך אין הוילן געהער און דערהערן פון צייט צו צייט איינצלנע שאסן און גאנצע סעריעס פון אויטאמאטיש געווער.

מיר זענען געשטאנען פארגליווערטע ביי די פענצטערלעך. אויב דער טויט בושע-וועט אין געטא, וועט ער אויך צו אונדז בקרוב דערגיין. מיר זענען זיכער, אבער די האפענונג, וואס לעבט אין מענטשן, רוימט איין: נאך וואס האט מען אונדז דא

געבראַכט און פאַרשפּאַרט אונטערן שלאָס? האָבן זיי דאָך מן הסתם עפּעס אין זייערע באַנדיטישע קעפּ! וואָס? צו דעם קאָנען מיר זיך נישט דערטראַכטן. נאָך אַ נאַכט פאַר־ביי. אויפן אַנדערן טאָג גאַנץ פרי, האָט מען אונדז מיט קולות אַרויסגעטריבן פון קעלער און גענומען יאָגן אין דער ריכטונג פון געטאָ.

.7

ווען מיר זענען געקומען, איז אַלץ קלאָר געוואָרן. דאָס געטאָ איז געווען ליק־ווידירט; זיינע איינוווינער — אויסגעהרגעט. קיין לעבעדיקער נפש איז שוין דאָ נישטאָ. די טירן פון די שטיבער צעעפנט, אַלע פענצטער מיט צעהאַקטע שויבן, אַלץ אויסגערויבט, צעשלעפּט. עס וואַלגערן זיך נאָר הויפנס שמאַטעס, וואָס איז נישט כדאַי געווען צו נעמען, צעבראַכענע מעבל־שטיק, פעדערן פון צעשניטענע קישנס...

און... הרוגים! די שעכטער האָבן דאָ געאַרבעט צוזאַמען מיט זייערע משפחות: די מע־נער האָבן געשאָכטן, די ווייבער — גערויבט.

— און ווער זענען געווען די הרוגים? — די ייִדן פונעם געטאָ, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, ווען דאָס געטאָ איז באַפאַלן געוואָרן, און די געכאַפּטע אָפּגע־פירט צום טויט. דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אַ יאַגד אויף די פאַרשטעקטע. יעדער, וואָס האָט נאָר געהאַט אַ שטיקל בהאַלטעניש האָט זיך פאַרשטעקט, אָבער די שעכטער האָבן זיי אויסגעגנישטערט פון זייערע באַהעלטענישן: קעלערס, בוידעמער, קוימענס, אויוונס, בונקערס, גריבער, און אויפן אָרט זיי דערמאָרדעט: דערשאָסן, געקוילעט מיט מעסערס, צעהאַקט די קעפּ מיט העק.

ווו־נאָר דער לעבנס־אינסטינקט האָט אויסגעפונען אין לעצטן מאָמענט אַ באַהעלטע־ניש, האָבן זיי אָבער די בלוט־הינט אַלץ איינס אויסגעניוכעט — אונטער די בריק־לעך, צוגעטוליעט מיטן לייב צו די שינדלען אויף די דעכער, אין שפּאַרונעס. דער טויט האָט זיי אומעטום דערגרייכט...

— און מיר? — מיר זענען עס געווען די, וואָס האָבן די הרוגים געדאַרפן צו־נויפקלייבן פון אַלע ערטער. מיר זענען געווען די, וועלכע ס'איז "באַשערט געווען" צו זען מיט די אייגענע אויגן די דאָזיקע שוידערלעכע קאַניבאַלישע ווילדקייט! מיר זענען געווען די עדות, וואָס האָבן געוואָלט בעסער בלינד ווערן, איידער דאָס זען. מיר האָבן געטראָפן מענער מיט קוילן־שאָסן אין די שטערנס, פרויען מיט מעסערס אין די הערצער, אַ זקנה, וועלכער מען האָט דעם בויך געעפנט מיט אַ האַק. טעלעכע צענד־ליק הרוגים האָבן מיר אויפגעקליבן...

עס האבן זיך אין מיין מוח איינגעקריצט אויף אלע טעג פון מיין לעבן באזונ-דערע הרוגים. דערוואקסענע האבן זיך אויסבאהאלטן אליין אדער אין צווייען. ווי זיי האבן זיך אויסבאהאלטן, אזוי האבן מיר זיי געפונען. אנדערע האבן געפרוווט אנטלויפן — זענען זיי אי דערשאסן, אי געקוילעט געווארן. אבער מיר האבן נישט געפונען קיין איין קינד א דערהרגעטס באזונדער. די קליינינקע זענען געשטארבן מיט זייערע חברימלעך, מיט וועלכע זיי האבן זיך געשפילט. צוזאמען זיך אויסבא-האלטן צו צוויי, צו דריי: אין קוימענס, אין אויוונס, אבער תמיד צוזאמען. מיר האבן מיט גרויל צונויפגעקליבן זייערע קערפערלעך. די מערסטע האבן באקומען א קויל אין קאפ. עס זענען אבער אויך געווען סמנים, אז זיי האבן זיך קעגנגעשטעלט מיט ציין און מיט נעגל און דערמארדעט געווארן מיט מעסערס. קליינינקע העלדן! זיי זענען אלע געלעגן אין זייער אייגענעם בלוט. מיר האבן געלייגט די הרוגים אויף לאנגע "דראבינעס" /לייטערס/, און ווען די פורן האבן גערירט, איז נאך בלוט גערונען און איבערגעלאזט שפורן אויף דער ערד. דער גאנצער וועג צו די ביאלע ברעגעס איז געווען באצייכנט מיטן בלוט פון די קאלקער יידן.

דאס איז געווען דער סוף פון די קאלקער יידן, אבער נישט דער סוף פונעם גע-טא. אונדז, די קברנים פון די אויסבאהאלטענע, האט מען נאכן אפטאן די "ארבעט", געהייסן צעגיין זיך אין די הייזער. מיר זענען געקומען אין די אייגענע שטי-בער ווי אבלים — קיינער פון די משפחות איז שוין נישט געווען ביים לעבן. מיר האבן זיך מיטן טאטן אראפגעלאזט אויפן דיל פון דער חרובער שטוב, וואס איז פרי-ער אזוי געדיכט באזעצט געווען - ביז דערשטיקט צו ווערן, און איצט איז דא עלנט און וויסט, ווי איבערגעלאזט פארן ווינט. מיר האבן איינער אויפן אנדערן נישט גכקוקט, ווי מיר וואלטן שולדיק געווען איינער פארן צווייטן. עס איז געווען אימהדיק שטיל, און בשכנות האט געוווינט דער מלאך-המות. צו וואס האט מען אונדז איבערגעלאזט? ווייטער צו פייניקן פארן טויט?! וויפל חורבנות קאן א מענטש אי-בערלעבן?! וויפל טויטן?!

די מע̃רדער האבן געוווסט וואס זיי טוען. אונדז האט מען לעבן געלאזט; איז ווידער געווען א ברעקל געטא. זענען ביסלעכווייז ארויסגעקראכן יידן פון די לע-כער, ווו זיי זענען נישט דערשנאפט געווארן. אוועק אין זייערע חרובע נעסטן, עס האבן זיך לאנגזאם צוריקגעקערט יידן אנטלאפענע אין די וועלדער, ווו זיך ארומ-

וואלגערנדיק, האבן זיי זיך איבערצייגט, אז זייערע שאנסן לעבן צו בלייבן, זע-
נען נישטיקע, האבן זיי פארזיכטיק זיך דערשארט צו "זייערע היימען", און געפו-
נען יידן. אויך יענע יידן, וואס זענען אויף וועגן און אין די וועלדער געכאפט
געווארן דורך פאליציאנטן, זענען דורך זיי נישט דערהרגעט געווארן מער, נאר אפ-
געפירט געווארן אין געטא. דערפון האבן זיך לאנגזאם אויך דערוווסט אנדערע אנט-
לאפענע און געקומען צוריקקומען אין געטא אריין. אזוי האבן זיך ווידער אנגע-
קליבן א הונדערטפופציק יידן, און אפשר מער?...

און עס איז צו שטוינען! יידן! עס איז צו שטוינען און צו באוווּנדערן. מען
האט ווידער געלעבט, ווייטער האט זיך איינגעפעדימט א לעבן... אפגעראטעוועטע
בחורים האבן זיך געטראפן מיט על פי נס ניצול געווארענע מיידלעך. די עטלעכע
קינדער — פונוואנען האבן זיי זיך גאר גענומען?! — האבן זיך ווידער געחברט
און געשפילט זיך. דער כוח פון לעבן!... וואס פאר א משונהדיקער כוח! א ברעקע-
לע קאלק — א זעקס-זיבן הייזער מיט יידן — סקעלעטן, הויט און ביינער, שאטנס,
מיט טויט און מיט טרויער אין די אויגן, מיט צערונצלטע בלייכע פנימער — מען
האט שוין קוים געקאנט זיך פאנאנדערקלייבן ווער עס איז יונג, און ווער א זקן.
א שערבל. אבער דאס שערבל לעבט! און א סימן, אז מען לעבט איז דאס, וואס מען
נעמט טראכטן וואס צו טאן, כדי צו בלייבן לעבן.

אויב דעם רעשטל איז באשערט דער גורל פון אלעמען, וועט נאך א געוויסע צייט
דויערן ביז א נייע שחיטה וועט קומען. דארף מען דעריבער די צייט צווישן לעבן
און טויט אויסנוצן צו ראטעווען דאס לעבן. דאס ביסל יינגע האט געעגבערט די מו-
חות, ווי קריגט מען זיך ארויס פון געטא אין וואלד אריין. ווי דערקלייבט מען
זיך צו די פארטיזאנער, ווען מען איז פון אלע זייטן ארומגערינגלט מיט שונאים,
וואס לויערן אויף דיין לעבן. אין די געגנטן ארום קאלק זענען קיין פארטיזאנער
נישט געווען. קאלק און אומגעגנט איז באהערשט געווען דורך די שווארצסטע וויל-
דע נפשות. מען דארף זיך דערשלאגן קיין פאלעשיע. מען שמועסט, אז דארט זענען
פאראן פארטיזאנישע גרופן און מען נעמט אין זיי אריין יידן און מען גיט זיי
אפילו געווער. אבער איצט, אין אזא מצב, איז דאס דערקלייבן זיך צו זיי, ווי
פאר א העלפאנט דורכגיין דורכן לעכל פון א נאדל...

יעדער יידישער בחור, וועלכער פלעגט מאכן א פרווו ארויסגיין פון קאלקער גע-
טא, פלעגט זיך באלד אנשטויסן אויף א פאליציאנט. איז אים געלונגען אויסצומיידן
א פאליציאנט, פלעגט ער אנטרעפן אויף גרופעס באנדעראווצעס. האט אים אפגעגליקט,
און ער האט אויסגעמיטן די באנדעראווצעס, האט ער זיך אנגעשטויסן אויף סטעפא-
נאווצעס, בולבאווצעס, מעלניקאווצעס, זעלינאווצעס, און ווייסט זיי דער רוח ווי
זיי הייסן דארט; און סתם באנדיטן, וואס לויערן אויף א ייד, כדי אים צו בארויבן,
אויסצאפן פון אים דאס חיות, אדער אין ערגסטן פאל קריגן פאר אים אן אפצאל ביים
איבערגעבן אים די דייטשן אין די הענט אריין. פון די עטלעכע צענדליק קאלקער
בחורים, וואס זענען ארויס פון געטא, נאכן פארשאפן זיך אן "אברעז", א קורצע
ביקס, אדער א רעוואלווער, האבן זיך בלויז פינף-זעקס דורכגעריסן דורך די רינ-
גען פון די הונדערטער טויטן, וואס האבן געלויערט. עס איז געווען א חלום, א
שיינער חלום בלויז. וואלט געווען א מדבר, וואלט מען אים דורכגעגאנגען, אבער
ווי גייט מען דורך א וואלד, דערפער, ווו עס ווימלט און שווימלט פון כלערליי
מינים חיות-רעות, וואס זוכן א ייד צו פארצוקן? אבער יידן לעבן מיט ניסים. אן
ניסים וואלטן דען יידן געלעבט נאך אויף דער וועלט?

.8

אין קאלק האבן געלעבט צוויי ווארשעווער בחורים מיט א שוועסטער. די בחורים
האבן געהאט, ווי מען רופט עס "גאלדענע הענט". נישט געווען אזא זאך, וואס זיי
האבן נישט געקענט. זיי האבן געקענט פאררריכטן מאשינען, מאטארן; זענען געווען
זייגערמאכער, יובילערן, גאלדשמידן. אט אזעלכע הענט האבן די דייטשן געשאנעוועט.
זיי האבן זיי געדארפן. האט דער דאזיקער דריילינג געלעבט ווי אונטער א שוצ-
וואנט; אויסגעמיטן אלע הריגות. דייטשן פלעגן קומען צו זיי פאררריכטן זייגער-
לעך, איינשאפן זיך גאלדענע רינגעלעך, אויסקריצן אויפשריפטן אויף זשעטאנען,
און דער עיקר, איבערשמעלצן זייער אנגערויבט און אנגעגנבעט גאלד אין שטאבעס.
מיט ארבעט זענען זיי געווען באזארגט. וואס גרעסער דער גנב איז געווען, אלץ
מער דעה האט ער געהאט. הכלל, די צוויי ברידער האט מען נישט געטשעפעט.
איין מאל קומט צו מיר צו דער עלטערער ברודער און גיט פון דער העלער הויט
א פרעג:

— סראליק, וואלסט נישט וועלן אנטלויפן?

איך האב נישט פארשטאנען; בלויז איםאנגעקוקט. די פראגע-צייכנס אין מיינע אויגן זענען געווען אזוי בולט, אז ער האט מיר נישט געלאזט קלערן אויף אן ענטפער געבן, און אליין געזאגט:

— מיר האבן ביי א סטאראסילער פויער געקויפט פאר גאלד צוויי אלטע רעוואל-ווערן. מיר האבן זיי אזוי אויסגעפאריכט, אז זיי קאנען אנגיין פאר נייע, און קוילן צו זיי האבן מיר אויך באקומען. נו?...

איך האב געשוויגן.

— הער אויס — האט ער צו מיר געזאגט — קיין ספק נישטא, אז לאנג האלטן דא וועט מען נישט, מען וועט אונדז ארויספירן צו די ביאלע ברעגעס. לאמיר אין וועג זיך האלטן צוזאמען. ווען איך מיטן ברודער וועלן נעמען שיסן אין די עס-עס-מענער, וועט מען אין דעם טומל קאנען פרווון אנטלויפן.

עס איז צו מיר שפעטער דערגאנגען, אז דאס זעלבע האבן די ברידער געזאגט אויך אנדערע יינגע מענטשן.

צוויי וואכן איז אין געטא געווען רואיק. עס האט גארנישט נישט פאסירט.

אבער אין איינעם א שיינעם טאג האבן זיך צו די ברידער געיאוועט זייערע באַ-שטעלער און אפגענומען דאס גאלד, פון וועלכן די ברידער האבן נאך נישט באוויזן צו מאכן די באשטעלונגען. אפגענומען אויך דאס, וואס איז געווען אין דער ארבעט. מאכן דעם אויספיר איז נישט געווען שווער. דער לעצטער טאג, אדער די לעצטע טעג — זענען אויף דער שוועל.

א פארטאג, איז דאס געטא ארומגערינגלט געווארן מיט עטלעכע גערדיכטע קייטן פאליציאנטן פון די ארומיקע דערפער. אין אפשטאנדן פון א וואסערע 100 מעטער זענען געשטאנען עס-עס-לייט.

די דאטע געדענק איך נישט. אבער איך געדענק: עס איז געווען א גרויער, נאַ-סער, פינצטערער טאג. צוויי דייטשישע אפיצירן, סאטשקאווסקי מיט עטלעכע צענד-ליק פאליציאנטן, זענען אריין אין געטא. די אקציע האט זיך גלייך אנגעהויבן. פון די עטלעכע הייזער, ווו עס האבן געוווינט די יידן, האט מען אלעמען ארויס-געיאגט און אריינגעטריבן אין שיל. אלע האבן געוווסט: עס איז דער סוף. דער סוף פון די לעצטע. די שיל איז געווען פוסט און אויסגערויבט. די פרוכתן צוגענומען, די ספרי-תורה זענען שוין נישט געווען. אן אפענער, ליידיקער ארון-קודש. קיין

שום קול האט מען נישט געהערט. אלע האבן געשוויגן, ווי זיי וואלטן שוין געווען אין קבר. קיינער האט נישט געוויינט, קיינער האט נישט מתפלל געווען. צוויי יידן זענען געשטאנען ביים ארון-קודש פארנורעט די קעפ אין זיין פוסטן חלל. נעבן מיר איז געשטאנען מיין טאטע. ער איז שוין נישט געווען ענלעך אויף זיך אליין; אן אויסגעהוילטער גוף, מיט גרויסע אויגן פול מיט צער. ער האט מיך אנגעקוקט:

— ווילסט מיך עפעס פרעגן?

— טאטע — האב איך אים געזאגט — האלט זיך די גאנצע צייט נעבן מיר. מיר וועלן נעמען שיסן, וועסטו אין טומל מיט אונדז אנטלויפן. אפשר וועט אונדז גע-לונגען. מיר האבן דאך נישט וואס אנצוווערן.

דער טאטע האט געשוויגן, און ווי מיט פארוואונדערונג, אנגעקוקט.

— ניין, סראליק, איך וועל מיט דיר נישט גיין צוזאמען. איך וויל נישט זען דיין טויט, און איך וויל נישט, אז דו זאלסט זען מיינעם. — ער האט מיך א גלעט געטאן מיט זיין רעכטער האנט און איבערגעחזרט: — איך וויל נישט, דו זאלסט זען מיין טויט.

אזא, ווי איך האב אים געזען אין יענער מינוט, אזא איז ער פארבליבן אין מיין זכרון. נישט דער ברייטפלייציקער, קרעפטיקער, שווארצבערדיקער קאמאראווער ייד, נאר אן אלטיטשקער, גרויער, אין די לעצטע שעהען פון זיין לעבן, אין דער גרוי-סער, חרובער שיל צווישן לעבעדיקע מתים ערב דער קבורה.

מיר האבן דערהערט דעם רויש פון א מאטאר. א גרויסער לאסטוואגן האט זיך אפ-געשטעלט ביי דער שיל. די טירן האבן זיך שנעל און ברייט צעעפנט און מיר האבן דערזען ווי די דייטשן און אוקראינער שפרינגען פון די וואגנס און שטעלן זיך אויס אין צוויי רייען מיט דראטענע שטעקנס אין די הענט, הויך אויפגעהויבענע אי-בער זייערע קעפ. א דייטשישער אפיציר האט מיט א שניידיקער מעטאלענער שטימע באפוילן:

— פארפלוכטע יודען, לאאס!

איך ווייס נישט, פארוואס איין רגע פארגעדענקט זיך, און וואכן, חדשים און יארן ווערן אויסגעמעקט פון זכרון. נאר די רגע האט זיך מיר פארגעדענקט אויף אייביק. פאראן שעהען, ווען די רגע פילט אויס מיין גאנצן געמיט. איך האב מורא צו לעבן מיט דער דאזיקער רגע און זי קערט זיך אום צו מיר ווידער און ווידער...

אלע יידן אין שול האבן זיך אפגעשטעלט, ווי פארגליווערטע און גענומען אפּ-טרעטן היִנטערוויילעכטס, שנעלער, שנעלער, פונקט ווי זיי וואָלטן געוואלט פאר-שווינדן דורך די ווענט פון דער שיל, פונקט ווי זיי וואלטן געוואלט פארציִען זייער לעבן נאך אויך איין מינוט. זיי אלע האבן געפילט, אז דאס איז דער טויט, און געוואלט פון אים אנטרינען, וויסנדיק, אז ס'איז נישטא וווהין. אך, ווי טייַ-ער איז דאס לעבן, ווען מען ווילעס צונעמען; ווי טייער איז נאך א י י ן מינוט אטעמען, זען, פילן די אברים! דאס זענען שוין נישט געווען קיין מענטשן פון דער וועלט, כאטש זיי האבן זי באגערט מיט אלע כוחות. שטיל אפגעטראטן, שטומע, מיט שגעון אין די אויגן און, פלוצלונג, האט זיך פון אלע העלדזער ארויסגעריסן א געיאמער, א געשריי פון ווייטיק, פון אומגליק, פון מורא פארן טויט, פונעם מורא פאר די גזלנים, וואס ווילן דאס לעבן ביי זיי אפנעמען. קיינער וויל דער ערשטער נישט שטעלן קיין ִטריט פארויס, יעדער וואלט געוואלט זיין דער לעצטער. און פונקט אזוי אומגעריכט, ווי מען האט אפגעטראטן, האט מען זיך א ווארף געטאן צום ארויס-גאנג. עס האבן שוין געווארט די טיילולאנים מיט די אויסגעשטרעקטע אייזערנע דרענ-גער און זיך א לאז געטאן שלאגן די יידן, יאגנדיק זיי צו די וואגנס. ביז מען איז דערפאלן צו די וואגנס, זענען שוין די צעשלאגענע געווען האלב לעבעדיקע. מען האט זיי געמוזט פון דער ערד אויפהייבן אוןווארפן ווי שטיקער האלץ. איי-ניקע זענען געבליבן אויפן ארט דערהרגעטע אונטערן האגל פון קלעפּ.

איך האב זיך געפונען אין איין לאסט-אויטא מיט די ווארשעווער בחורים. מיר זענען פארבייגעפארן דעם אוקראאינישן "וויגאן" /אזוי האט מען גערופן די גאס/. די גאס איז געווען געפאקט מיט מענטשן. מיר זענען געווען אין די וואגנס אנגע-ווארפן ווי זעק. מען איז געלעגן, געזעסן און געשטאנען ממש איינער אויפן אנ-דערן — א בלוטיקע מאסע, וואס האט זיך באוועגט, געקרעכצט. איך האב געהאט איינס אין זינען — נישט אראפגעלאזט קיין בליק פון די צוויי ווארשעווער.

ווען מיר זענען פארבייגעפארן די לעצטע כאטע, און דאס אויטא האט זיך דער-נעענטערט צום וואלד, האט זיך דערהערט א שיסעריי פון אויטאמאטיש געווער. דאס אויטא האט זיך אפגעשטעלט. אויף מיינע אויגן זענען די צוויי ברידער, די ווער-שעווער, געפאלן דורכגעשניטענע מיט סעריעס קוילן. די דייטשן האבן געשאסן צו א-לעמען.

אין דעם מאמענט בין איך אראפגעשפרונגען פונעם אויטא און גענומען מיט אלע כּוחות לויפן אין דער ריכונג פון דער לעצטער כאטע. מעגלעך, אז איינעם טומל האט מען דאס נישט באמערקט, אבער באלד האט מען גענומען שיסן אין מיין זייט. איך בין אריבערשפרונגען איבער א ברייטן ריוו, נאכדעם איבער צוויי פּלויטן, די שי-סעריי האט מיך אונטערגעיאגט, און איך בין געלאפן ווי א ווינט אלץ פאָרויס און פאָרויס. אין לויף האב איך באמערקט, אז אויך אייניקע אנדערע לויפן, אבער איך בין נישט געלאפן צום וואלד, נאר אין דער ריכטונג פון דער לעצטער כאטע; אריינ-געשפרונגען אין אן אפענעם שייער און גלייך ארויף אויפן בוידעם, וועלכער איז געווען פארווארפן מיט היי און מיט סנאפּעס תבואה.

ווו באהאלט מען זיך? מיין מוח האט געארבעט מיט א גוואלדיקער ענערגיע און פּרעציז. איך האב פארשטאנען, אז פארשטעקן זיך דא האט קיין זינען נישט. זיי וועלן איבערווארפן אלע סנאפּעס און דאס גאנצע היי, און מיך געפונען. דער דאך פונעם שייער איז געווען באדעקט מיט שטרוי. אין ווינקל, ווו צוויי ברעגן פונעם דאך זענען זיך צונויפגעקומען, זענען געלעגן געדיכטע פלאכטעס שטרוי, און ווי זיי וואלטן צו מיר גערוונקען: "סראליק, אט דא איז דיין רעטונג!"...

איך בין ארייַן אינעם שטרוי-דאך האלב-שטייענדיק. איינגעהאלטן דעם אטעם, גע-ווארט. יעדע מינוט איז געווען אן אייביקייט. עס זענען אריינגעפאלן צוויי פּא-ליציאנטן מיטן באלעבאס. איך האב געהערט ווי פאָרן אריינגיין, האבן זיי געזאגט, די פאליציאנטן:

— דע טוט זשיד וציק, ווין טו וו סטאדאלי (אהער איז אריינגעלאפן א ייד, ער איז דא אין דער סטאדאלע). — זיי זענען ארויף אויפן בוידעם. מיט ווידלעס אייזערנע האבן זיי דורכגעשטאכן יעדן שפּאן אין היי, אין די סנאפּעס. אט זענען זיי שוין נעבן מיר. איך הער זייער סאפּען, איך דערשפּיר אפילו דעם סאמאגאן, וואס טראגט פון זיי. איך בין געווען הוילער געהער, און פארשטאנען, אז אויב זיי וועט נישט איינפאלן דורכצופירן די זעלבע פּראצעדור אויפן דאך — בין איך דערווייל א געראטעוועטער.

— נישטא! — האבן זיי לסוף געזאגט און זיך גענומען אראפלאזן פונעם בוידעם. איין פאליציאנט האט אבער געטענהט:

— עס קאן נישט זײַן, מיר האבן אליין געזען, ווי ער איז אריינגעלאפן אינעם שייער — זאגט איין פאליציאנט. — דורכגעשטאכן דעם גאנצן בוידעם, איבערגעשטאכן דאס היי, נישטא און... שוין — גיט צו דער צווייטער.

— אפשר איז ער אנטלאפן אין וואלד? — האט דער פויער אונטערגעזאגט.

די פאליציאנטן האבן מיט כעס אוועקגעשליידערט די ווידלעס און ארויסגעלאפן פונעם שייער. דער באלעבאס האט פארשלאסן דעם שייער און איז אויך אוועק.

א פרייד האט פארגאסן מײַן הארץ: איך בין געראטעוועט! אבער וואס טוט מען ווייטער? איך געפון זיך בסך-הכל עטלעכע הונדערט מעטער פון די ביאלע ברעגעס. דארט, ביי די גריבער, הרגעט מען איצט אויס די לעצטע קאלקער יידן. איך הער ווי עס פארן לאסט-אויטאס, איך הער דאס קנאלן פון קוילן-סעריעס. איךווארט. איךווארט...

די שיסערײַ איז איבערגעריסן געווארן. עס איז שטיל געווארן. פלוצלינג דער-הער איך פונעם שליאך שטילע קולות. דאס זענען נישט קיין קולות פון מערדער. עס איז כמו א שעפטשען. איך דראפע פארזיכטיק ארויס אביסל שטרוי פון דאך און קוק דורכן שפאלט. איך זע א גרופע אלטע יידן און זקנות און א צענדליק קליינע קינ-דער. ניין, דאס זענען נישט קיין קאלקער. קענטיק, יידן פון א נאענט שטעטל, וועלכע מען האט געכאפט אין וואלד. זיי גייען און וויינען שטיל, ווי זיי וואלטן ווידוי געזאגט. זיי זענען געגאנגען מיט די לעצטע כוחות. הינטער זיי האט זיך נאכגעשלעפט א הינקענדיקע פרוי. ווען זי פלעגט זיך אפשטעלן, פלעגט דער קנווארנדיקער פאליציאנט איר א לייכטן שטויס טאן מיט דער ביקס. זיי האבן זיך דערווייטערט, אבער אלץ נעענטער צו די גריבער... איך האב זיי נאכגעקוקט ביז זיי זענען פארשוווּנדן אין וואלד.

.9

איך בין געבליבן אליין, פארשטעקט אינעם דאך-שטרוי און מיר איז געווארן א-זוי ביטער און פיצטער, אז איך האב נישט געקאנט מער איינהאלטן אין זיך די טרערן, און זיי האבן זיך געגאסן פון די אויגן פונקט אזוי, ווי דער טרערן-גאס האט גע-פלייצט אין מיר, בקירבי. איך האב געשלוכצט און מיט דער האנט אײַנגעהאלטן דעם קלאנג, ער זאל זיך נישט ארויסרייסן אינדרויסן. דער טרערן-שטראם האט עטוואס אפגעוואשן מײַן געמיט. איך האב זיך געצווּנגען צו בארואיקן, אבער באלד האבן

זיך ווידער געגומען הערן שאסן. דאס האט מען צעשאסן די גרופע אלטע און קינדער, וואס זענען פריער פארביי. איך האב געהערט די שאסן און מיטן אינעווייניקסטן בליק /בדמיון/ "געזען" ווי מען צעשיסט זיי. און אין דעם דאזיקן מאמענט האב איך א טראכט געטאן: לוינט זיך דען אזוי צו מאטערן, כדי אויסצוקעמפן זיך דאס לעבן אין אזא וועלט? לוינט זיך דען? צו וואס קלאמער איך זיך אין א ז א לעבן אזוי? האט יִס דען עפעס א ווערט? אבער א צווייטער אין מיר האט עקשנותדיק גע-האלטן אין איין איבערחזרן: מוזסט לעבן! זיי אלעמען אויף צו להכעיס, לעבן! ל ע ב ן !

ס'איז געווארן אלץ טונקעלער און טונקעלער. ס'איז צוגעפאלן די נאכט. דער שווידערלעכסטער טאג אין מיין ייִנגן לעבן, וואס האט שוין געהאט אזוי פיל שווי-דערלעכע טעג, איז אויך פארביי. איך בין מיד. די נערוון אויפגעשרויפט און איך קאן נישט אויפהערן טראכטן: וואס טוט מען איצט? וויאזוי באקום איך זיך ארויס פון שייער און וווהין וועגדן זיך, ווען איך וועל דעם שייער פארלאזן? אזא גרוי-סע וועלט, און קיין פיצל ארט פאר מיר נישטא! אומעטום ווארט אויף מיר דער טויט! ווייסט טאקע דער פויער, אז איך בין דא באהאלטן? פארוואס האט ער געשלאסן דעם טויער פונעם שייער, אויב פריער איז ער געשטאנען אפן? דערפאר, געוויס, איך זאל נישט קאנען אנטלויפן. הייסט עס, אינדערפרי וועט זיך דאך ווידער אנהייבן א נייע זוכעניש. און אפשר, רוימט מיר איין די האפענונג, איז דער דאזיקער פויער דווקא א גוטער מענטש און פארשלאסן מיך, די דייטשן זאלן נישט ארײַן מיך זוכן? נאריש-קייטן! — זידל איך זיך אליין. נישטא קיין האפענונג, חוץ אין אייגענעם שכל. — זיי קלוג, סראליק, גיב זיך נישט אונטער. קעמף פארן לעבן ביזן סוף!

— נו, לאמיר זאגן, איך גיי ארויס פונעם שייער אומבאמערקט. זאל איך זיך לאזן צוריק קיין קאלק? ניין. אויב אין אנדערע שטעטלעך קאן מען נאך טרעפן א מענטש, איז קאלק כולו רשעות, סדום ועמורה, זאל זי ברענען! און אפשר זוכן א באהעלטעניש אין קאמאראווע? מיר האבן דאך דארטן געהאט גוטע פריינד, און די מא-מע האט דאך ביי זיי ברויט באקומען... יא, קיין קאמאראווע, ווו איך האב נאך א באקאנט שטיקל ערד? אבער אריינבאקומען זיך אינעם דארף איז דאך אן אוממעגלעכע זאך. קיין איין בריקל וועסטו נישט דורכגיין, דו זאלסט נישט טרעפן קיין פא-ליציאנטן אדער דייטשן. מען דארף פרווון אנלייגן וועג, אריבערגיין דעם טייך

און גיין מיטן גרויסן שליאך, א סך זיכערער ווי דורך קאלק, כאטש אויך דאס איז נישט אן סכנת-נפשות. יא, דורך קאליקאוויטש — נעם איך אן א באשלוס — קיין אנדערער אויסוועג איז נישטא.

איך לאז זיך אראפ, פרווו פארזיכטיק עפענען דעם טויער. ניין, עס עפנט זיך נישט. איך קריך צוריק ארויף אויפן בוידעם. נעם ארויסקראצן און ארויסרייסן שטרוי פונעם דאך און מאכן א לאך. עס האט זיך פאר מיר געעפנט א ריינע, שיינע וועלט. ווייסינקע, אויסגעצוואגענע וואלקנדלעך שווימען איבערן הימל. אזא ליכ-טיקע לבנה. און זי איז מיין שונא. עס איז קענטיק יעדער שטרוי, וואס איז אראפ-געפאלן אויף דער ערד; יעדער בוים מיט אלע צווייגן זיינע זעען זיך דורך און דורך; אויך דער וואלד פונדערווייטנס לייכט אין לבנה-שיין. ארויסגיין אין אזא נאכט?

בלייבן איז סכנהדיקער. מיט א ווידלע בין איך אראפגעשפרונגען און זיך גוט ארומגעקוקט. שטיל. די ווידלע לאז איך נישט ארויס פון האנט, איר פארטרוי איך מיין לעבן, מיט איר וועל איך זיך פארטיידיקן ביזן לעצטן אטעם. אריבערגעקראכן דעם פארקאן און גענומען לויפן צום וואלד. דערזען א גרוב און בין אהין אריינ-געשפרונגען. ארום איז שטיל און טויט. קיין לעבעדיקער נפש נישט. קיינער האט מיך נישט געזען. איך לויף ווייטער, ווייטער, און אט בין שוין אין וואלד. אין דער טיף פון וואסער הונדערט און פופציק מעטער שטעל איך זיך אפכאפן דעם אטעם. שפאר זיך אן אין א בוים און דערשפיר ווי דאס הארץ שלאגט אין מיר ווי מיט הע-מערס. איך בין אויסגעשעפט אזוי, אז אט וועל איך זיך אראפלאזן. די ווידלע לאז איך נישט ארויס פון האנט. איך האלט זי אזוי פארקראמפט, אז איך דערפיל ווי-טיקן אין דער דלאניע. איך האב געוווסט: נאר נישט זעצן זיך. זעצן זיך — דאן בין איך פארפאלן. שטיי איך אנגעשפארט אין בוים און פארליר דעם חשבון פון צייט. איך זע שוין נישט דעם הימל. איך זע גארנישט, און מיט פארמאכטע אויגן נעם איך זיך באוועגן — קיין קאליקאוויטש; אהין, נאר אהין! איך בין ארויס אויף א סטעזש-קע. מיט איר געגאנגען און פלוצלינג דערפילט: איך האב פארלוירן די שרעק. איך האב אויפגעהערט מורא צו האבן. איך דערפיל עס מיט מיין גאנצן אויסגעמאטערטן באוווסטזיין. איך גיי ווי א מענטש, וואס האט פאר זיך א ציל — אן אויפגאבע.

איך בין אזוי אפגעגאנגען געוויס עטלעכע קילאמעטער און פלוצלינג דערזען לינקס פון זיך א פייערל; זיך געלאזט צו אים. איך בין געווען רואיק, אבער גע-שפאנט מיט אלע אברים, ווי א חיה, וואס דערנעענטערט זיך צום קרבן, גייט טשאטע-ווענדיק, אין דער גרעסטער שטילקייט, כדי נישט איבערצושרעקן. איך מייד אויס יעדעס צווייגל, יעדעס בערגעלע. איך גיי נאר מיט די ערטער, ווו דאס גראז איז געדיכט און פארשלינגט דעם גערויש פון מיינע טריט. יעדע ווײַלע בלייב איך שטיין: קוק זיך ארום, הער זיך צו. אבער א וואלד איז א לעבעדיק וועזן. שטענדיק הערשט אין אים א שטיל רוישן. דאס קלענסטע ווינטל רופט ארויס א באוועגונג. עס איז שטיל, די שטילקייט קלינגט. עס איז געווארן פינצטער, שווארץ. היל מיך איין, וואלד, פארדעק מיך, באהאלט מיך!

און פלוצלינג באמערק איך א פאליאנקע, און אויף איר פלאקערט א שייטער. די פיס ווילן צום שייטער, און דער קאפ באפעלט: אנטלויף, אנטרין, גיי אין דר'ערד אריין! איך לייג זיך און ריר זיך קוים. איך שאר זיך, און ווידער באפאלט מיך די מורא. איינגעדריקט אין דער ערד, הער איך. איך דערהער. איך דערשפיר, איידער איך דערהער: מענטשן זיצן ביים שייטער. איך ווער נייגיריק און שאר זיך צו, די ביימער זאלן מיר נישט שטערן צו זען, און אומגעריכט דערהער איך א הילכיק געלעכ-טער. דערזע עטלעכע פנימער, און ארום זיי — אנגעפאקטע זעק. פארשטיי איך: דאס איז דאס גוטס פון אויסגעהרגעטע יידן. הייסט עס: דאס זענען זיי אליין...די מערדער. איך זע, זיי טרינקען און פארבייסן. און עס דערגיין צו מיר איינציקע ווערטער, נאכדעם גאנצע פראזן. זיי דערציילן זיך איינער דעם אנדערן, ווי זיי זענען זיך באגאנגען מיט די יידן ביים דערמארדן זיי. זיי לאכן.

די מורא באפעלט: קער זיך אום אין אן אנדערער ריכטונג און פארשווינד!... איך בין א קאץ און גיי מיט קעצישע טריט: שטיל און גיך, איינגאנצן רוישלאז. איך נעם זיך אריענטירן. באטראכט די ריכטונג: קיין קאליקאוויטש, קאליקאוויטש — עוקר ווערן. אפגעגאנגען א שטיקל וועג מיט גיכע קעצישע טריט, נעם איך לויפן. די סטעזשקע איז שמאל. איך לויף, ווי א באנומענער אן באוווסטזיין, אבער לויטן אינסטינקטיוון באפעל — ראטעווען זיך!

פאראן אין מענטשן כוחות, וואס מיר ווייסן, און כוחות, וואס מיר ווייסן נישט. פאראן מינוטן, ווען עס נעמען איבער דיר א רשות די כוחות, וועלכע דו

קענסט נישט. זיי פירן דיך, נישט פרעגנדיק דיך; זיי גוועלטיקן. זיי, די דאזי-קע כוחות, זענען די איינציקע, וואס ווייסן וואס זיי טוען. און טאקע דאן האבן זיי באפוילן, און איך האב געפאלגט אן קשיות...

עס איז עטוואס העלער געווארן, האב איך דאן דערזען עטלעכע כאטקעס אפגעשפיגל-טע אין וואסער. עס איז א דארף ביי א טייך. נעענטער. די שיפלעך ביי די ברעגן פון סטיר זענען מיט קייטלעך צוגעפעסטיקט צו סלופיקלעך און פארשלאסן אויף שלעס-לער. איך געפין זיך אויפן אפענעם פלאץ; מען קאן מיך דערזען, גיי דירעקט שטי-לינקערהייט צו צו דער כאטע און קלאפ אן אין פענצטער. עס עפנט זיך, און איך זע א פויערטע אין די מיטעלע יארן. זי האט באלד פארשטאנען ווער איך בין, זיך אפשר דערשראקן פאר דער ווידלע אין דער האנט, נעמט זי ענערגיש רעדן:

— גיי אוועק! איך האב קינדער! איך האב מורא! קיין שליסל האב איך נישט.

איך בין אנטלאפן מיט אלע כוחות צו די שיפלעך. מיט אן אומדערווארטן אין מיר כוח האב איך אפגעריסן דאס קייטל, אריין אינעם שיפל און גענומען אוועקרודערן פונעם ברעג מיט דער גרעסטער איילקייט. אויפן צווייטן ברעג האט מיך באגעגנט א נייער פארטאג. פעלדער זענען געלעגן אויסגעשפרייט רחבותדיק.

פריי! מען קאן מיך אבער באמערקן פון אלע זייטן! איז מיך באפאלן א פחד, וועלכן כ'האב ממש אפגעפילט מיט אלע אברים. איך כאפ זיך, אז די ווידלע האב איך איבערגעלאזט אין שיפל און איצט קאן מען מיך נעמען מיט בלויזע הענט. א גליק, וואס די שרעק האט נישט אפגענומען ביי מיר די פיס. איך האב גענומען לויפן, לכתחילה מיט פארשטייפטע פיס, און נאכדעם, ווי א הירש. נאך א האלבע שעה, א שעה, און די פויערים וועלן ארויס אויף די פעלדער, און דאן... וועט זיין מיין סוף.

איך לויף און ווייס שוין, וואס איך דארף טאן: אריבערלויפן וואס גיכער דעם שליאך, וואס פירט פון קאלק קיין טשארטאריסק; וואס גיכער, איידער דא וועט זיך באווייזן א לעבעדיקער נפש. ווען איך האב זיך אפגעשטעלט, האב איך באלד פארשטא-נען ווו איך געפון זיך — אין א כוטאר ביי קאמאראווע. די זון האט שוין גענו-מען באלויכטן די כאטעס. אין וועלכער טיר זאל איך אנקלאפן? דא האט מיך געקענט יעדער, און איך האב געקענט יעדערן. פארלאז זיך אויפן גורל: גראד צי אום, גלייך צי קרום... איך האב אנגעקלאפט.

איך האב אנגעקלאפט אין דער ערשטער כאטע. דא האט געוווינט קיריל. עס האט זיך גלייך געעפנט דאס פענצטערל, ער האט ארויסגעקוקט און געפרעגט:

— טא טי, סרול?

— יא, דאס בין איך — האב איך שטיל געענטפערט.

— זיידי דא כאטי (גיי אריין אין שטוב).

איך בין אריין און נישט געקאנט פון זיך ארויסבאקומען קיין ווארט. מיר האבן זיך נאר אנגעקוקט. ער איז געשטאנען א בארוועסער, אין לייוונטענע הויזן און אין א העמד איבער דעם. ער האט געקוקט אויף מיר און זיך געקראצט אונטערן אויער; קענטיק אין גרויס פארלעגנהייט. זיך ענדלעך דעצידירט:

— סידאי!

ער איז אריין אין קיך און זיך צוריקגעקערט מיט א ליימענער שיסל זויער-מילך און מיט ברויט. איך האב זיך געזעצט צום טיש, אבער עסן נישט געקאנט.

— עס! — האט ער א געשריי געטאן. צום ברויט האב איך זיך נישט צוגערירט, אבער די שיסל זויערמילך אויסגעזשלאקעט אן איבעררייס ביזן לעצטן טראפן.

ווען איך האב געענדיקט, האט קיריל געזאגט:

— הער אויס, סרול. איך האב זייער מורא. איך האב קינדער, א בהמה, א שטוב. אויב זיי וועלן אונדז נישט אויסהרגענען, וועלן זיי אבער די שטוב געוויס לאזן מיטן פייער. אזוי טוען זיי, די באנדעראווצעס, ווען מ'באהאלט אויס א ייד גיי אין וואלד אריין. דארט וואלגערט זיך ארום סרול פייערמאן. זוך אים אפ, און האלט זיך מיט אים צוזאמען. גיי פונדאנען צום כוטאר זאבאלאטיע, אהין קומט פון צייט צו צייט סרול, וועסטו אים זיכער טרעפן. ער האט מיר אפילו אנגערופן א נאמען פון א פויער. ער הייסט... יא, ווי הייסט ער... קאנדראטשוק.

איך האב זיך לאנג נישט פארהאלטן. געלאזט זיך לויפן צום כוטאר. פונדער-ווייטנס אבסערווירט די כאטע. זיך ארומגעקוקט, און דורך קיינעם נישט באמערק-טער, אריין אין שטוב. דער פויער האט מיט פארוווּנדערונג מיך אנגעקוקט, און דאן ארויסגערוקט דעם קאפ דורכן פענצטער; געוואלט משמעות זיך איבערצייגן, צי קיינער האט מיך נישט געזען.

זאבאלאטיע איז געלעגן ווייט פונעם דארף, און דייטשן אדער פאליצייען פלעגן אהער פארבלאנדזשען זעלטן. אבער דער פויער האט געציטערט פון פחד. צום סוף געבעטן מיך זיך צוזעצן, אבער איך האב שטייענדיק גיך א פרעג געטאן, צי קאן איך טרעפן סרול פייערמאנען. ער האט זיך נישט געאיילט צו ענטפערן. ער האט געטראכט און איז בפירוש געווען פארזארגט.

— ווו ער באהאלט זיך אויס, ווייס איך נישט, נאר פון צייט צו צייט כאפט ער זיך צו מיר אריין, ווען דער הונגער דרייט אים אויס די געדערים.

אין שטוב איז אריין דאס ווייב זיינס. זי האט א קוק געטאן אויף מיר מיט פארוואונדערונג, אבער איר בליק איז געווען א מילדער, א פריינדלעכער. זי איז געשטאנען אן אומעטיקע און פארקלערטע, אבער, ווייזט אויס, נישט געווען אזוי אין שרעק ווי איר מאן. זי איז אריין אין קיך און מיר ארויסגעטראגן א האלבן לאבן ברויט און געזאגט:

— גיי, טייערינקער, אין וואלד אריין, דארט וועסטו זיכער טרעפן סרולן. אינצווייען וועט איך זיין לייכטער. גיי, און ווען דו וועסט הונגעריק זיין, ווייז זיך, אבער בלויז ביינאכט, שפעט ביינאכט. און דאס זאגנדיק, האט זי מיט א מילדער האנט מיך ארויסגעשטופט פון דער כאטע.

איך בין אוועק אין דער ריכטונג צום וואלד מיט א מאדנעם געפיל פון פארלייכטערונג און דאנקבארקייט. שוין... א שטיקל אנהאלט איז פאראן. א שטריקעלע, אין וועלכן ס'כאפט זיך אן א טרינקענדיקער. און דאך, האב איך געטראכט, זענען פאראן מענטשן. וואס פאר א טרייסט דאס איז צו וויסן פאר אזוינע נע ונדניקעס, ווי מיר זענען. אן אומענדלעכער תהום און א "קרוקל" /האטשיק/, אין וועלכן זיך צו פארטשעפען. איז דאס קרוקל אויף הענגען צו בלייבן, און נישט ארייַנפאלן אינעם תהום, ווי דאס גרויסע געווינס אין א לאטעריע.

איך בין אוועק טיף אין וואלד אריין; גאר אן אנדערער מענטש, ווי איך בין פון אים ארויס. אין סדום ועמורה האבן זיך דאך געפונען צדיקים. ברויט — אנשטאט א מעסער. א מילדע האנט און גינציקע אויגן — אנשטאט שנאה. א צוזאג צו העלפן — אנשטאט ארויסגעגעבן צו ווערן אין די הענט פון מערדער צום טויט. ווער קאן פילן מער כבוד צו די חסידי אומות העולם, ווי אזוינע באליידיקטע און צום טויט פארמשפטע ווי מיר?

מיין נשמה איז אנטשפאנט געווארן, און מיין גוף, מיינע צעבלוטיקטע פיס האבן געבענקט נאך רו. דער גאנצער קערפער האט מיר געוויטיקט. איך האב זיך אוועקגע-זעצט אונטער א בוים מיטן געדאנק: "נאר נישט אנטשלאפן ווערן"... ניין, נישט אנטשלאפן ווערן, נישט אנטשלאפן ווערן... און אזוי זיצנדיק, בין איך איינגע-שלאפן...

אויפגעכאפט האב איך זיך פון קעלט. עס איז געווען חושך ארום און ארום. ביס-לעכווייז האבן זיך מיינע אויגן צוגעוווינט און עס האבן זיך גענומען אויסטיילן קאנטורן. די קאנטורן האבן אנגענומען אין מיין מידן מוח פארשידענע פארמען. ווי-דער האט זיך גענומען ארייגשארן אין מיין הארץ א פחד. א פחד פארן חושך און א פחד פארן אומבאוווסטן, וואס מיך דערווארט. א לאנגערווארצל, וואס האט ארויס-געשטארצט פון דער ערד, האט מיר גענומען אויסזען ווי א שלאנג; ווייטע קוסטעס ווי ווילדפארמיקע באשעפענישן, וואס לויערן און ווען זיך באלד-באלדווארפן אויף מיר. איך מאך זיך א שפאס פון מיין פחד: "וואס טראכטסטו זיך אויס?"אבער די שרעק פאלגט נישט מיין שכל; זי רודערט ארום אין מיר און היצט מיט געשפענס-טער מיין אפגעשוואכטן, דרעמלענדיקן ווילן. "וואך אויף, וואך אויף!" — מינ-טער איך זיך.

עס איז קאלט, מען דארף זיך באוועגן, אז נישט וועל איך פארקאלעעט ווערן. אנגעטאפט מיט די פיס א סטעזשקע, האב איך זיך מיט איר געלאזט גיין אלץ טיפער אין וואלד, ביז זי האט זיך פלוצלינג איבערגעריסן, און איך בין פארקראכן אין א געפלעכט פון קוסטעס-צווייגן, וועלכע האבן מיך ארומגעכאפט ווי מיט צענדלי-קער הענט. איך האב זיך ארויסבאקומען פון איין קייט קוסטעס, און ארייגעפאלן אין א צווייטער. צום סוף האב איך זיך אנגעשטויסן אויף א הויפן פון צווייגן און בלעטער. דא האבן זיך ווארשיינלעך אויסבאהאלטן אין וואלד וואנדערנדיקע יידן! — האב איך א טראכט געטאן. פארקראכן אונטער דעם צווייגן-געפלעכט, א באשאטענעם מיט בלעטער, און באשלאסן זיך דא אנווארעמען און אפרוען. איך האב זיך געפונען אין א מצב צווישן וואכקייט און שלאף. שפעטער בין איך ארייגעפאלן אין אן אומרואיקן שלאף פול מיט זיך בייטנדיקע קאשמאר-בילדער. איך האב געפילט, ווי איך ווארף זיך פון איין זייט אויף דער צווייטער, ווי איך וויל ארפווארפן פון זיך דעם שלאף מיט די חלומות און קאן נישט. בילדער און פנימער פון לעבעדיקע און פון טויטע - אלע צונויפגעפלאנטערט. איך וויל אנטלויפן, לויפן זיי נאך. איך זע א פייערן

דער שייטער דערשרעקט מיך גוואלדיק. מיר דאכט זיך, אז איך הער א געלעכטער, זע פנימער, איך כאפ זיך אויף. מיך פיבערט. אנטלויפן פון דאנען... וווהין לויפן? דער וואלד איז מיין היים. פון היינט און ווייטער — מיין היים. איך וויל טראכטן וועגן אן אויסוועג, און זע בלויז פאר זיך א שווארצע וואנט. איך שפרינג אויף און כאפ מיט א שטעקן א זעץ איבערן קאפ. ווארט איך א רגע אויף א צווייטן קלאפ. ער קומט נישט, קוק איך זיך ארום און פארשטיי, אז איך האב זיך דאס צעקלאפט אין א צווייג.

לאנגזאם איז אויפגעשטאנען א גרויער פרימארגן. גוטמארגן, טאג! וואס האסטו צוגעגרייט פאר מיר? גארנישט האט ער נישט צוגעגרייט פאר מיר. עלנט, פחד, פוסט און פאסט...

דער וואלד איז געווען מיין שטוב בייטאג. א וואנדער-שטוב. א גרויסע, אן ווענט, אבער איך טאר פון דער דאזיקער שטוב נישט ארויס. די נעכט — איז ער גע-ווען מיין "האטעל". איבערנעכטיקן און ווייטער וואנדערן. איך האב שטארק באדוי-ערט, וואס איך האב אין שיפל פארגעסן די אייזערנע ווידלע. אזא טייערער מכשיר זיך צו פארטיידיקן קעגן צווייפיסיקע און פירפיסיקע וועלף. איך האב זיך אויס-געזוכט א גראבן, שטארקן, סוקעוואטן שטעקן. אויף צו פלעטן א מוח וועט ער זיין אויסגעצייכנט. איך געדענק שוין נישט וויאזוי, נאר איך האב זיך אויך פארשאפט א מעסער. און געטראכט האב איך: פריער אדער שפעטער, אלץ איינס וועט מיר אויס-קומען מיינע מכשירים צו באנוצן; מיט ליידיקע הענט וועט מען מיך נישט נעמען.

פון צייט צו צייט פלעג איך ביינאכט זיך ארייננכאפן אינעם כוטאר צו קאנדרא-טשוקן און קריגן א שטיקל ברויט. צו אפט האב איך אים נישט געוואלט באומרואיקן. איך האב זיך ווי-נישט-איז אליין אן עצה געגעבן, כדי נישט צו שטארבן פון הונ-גער. איך האב שוין געוווסט, ווו מען קאן אנרייסן קליינע, גרינע, צערונצלטע עפל פון א קליין סעדל נישט ווייט פונעם דארף. מיט די עפל האב איך א צייט גע-לעבט. זיי זענען מיר אזוי דערעסן געווארן, אז אפילו קוקן אויף זיי איז מיר געווען דערווידער. מיין מאגן איז געווען תמיד פוסט און איך האב געהאט א מיאוס געפיל, אז מייז גרילזשען אים. די עפל האבן נישט געגעבן קיין זעט.

*

איינמאל, גייענדיק אין דער ריכטונג פונעם דארף, האב איך דערפילט, אז עמעץ גייט מיר נאך. אומקוקן זיך האב איך מורא געהאט, בין איך געגאנגען פאר זיך. איך האב געשפירט, אז דער, וואס גייט נאך מיר, טרעט נישט אפ. ער גייט פונדער-ווייטן, דערנעענטערט זיך נישט. באשליס איך: זיך א דריי טאן און, אויב ס'איז טאקע א סכנה, ארייננטרעטן אין קאמף; לאזן אין גאנג דעם שטעקן, און אויב מען וועט דארפן — דעם מעסער אויך. מיט צארן גיב איך זיך א דריי אויס, בלייב שטיין און דערזע קירילן. ער מאכט זיך מיך נישט זעעוודיק. איך גיי פארביי אים, און ער גיט מיר א דייטלעכן מורמל:

— וציקיי, טעבע שוקאיע יאראסיק! (אנטלויף, באהאלט זיך, דיך זוכט יא-ראסיק). און ער איז אוועק ווייטער, פונקט ווי ער וואלט מיך גאר קיינמאל אין די אויגן נישט געזען.

איך בין געבליבן שטיין, ווי צוגעשמידט צו דער ערד: יאראסיק, יאראסיק! ווו קאן מען זיך פון אים אויסבאהאלטן? ער קען דעם וואלד בעסער פון מיר. ער קען דא יעדן וועגל און שטעגל, יעדן גריבל, יעדן שפאלט. ער איז אין וואלד געבוירן געווארן און אויסגעוואקסן. פון אים זיך אויבאהאלטן קאן איך דא נישט.

איך האב א קוק געטאן אין דער ריכטונג, ווו עס האט זיך דערווייטערט קיריל, און באמערקט פונדערווייטן עפעס, וואס האט אויסגעזען ווי א שטיין אדער ווי א האלבער לאבן ברויט. איך בין צו. דאס איז געווען א האלבער לאבן ברויט. איך האב אים א כאפ געטאן און גענומען אייליק אוועקגיין. אפגעגאנגען א היפשן מהלך, האב איך גענומען לויפן. איך בין געלאפן, פונקט ווי מ'וואלט מיך נאכגעיאגט; גלייך פאר זיך, געפאלן און ווידער געלאפן. צעריסן אין קוסטעס מיינע נעבעכדיקע בגדים. אוועק, אוועק, וואס ווייטער פונדאנען.

פלוצים האט מיר דורכגעבליצט א געדאנק, אז איך בין א טיפש: אזוי אנטלויפט מען דען? מיינע שפורן וועלן דערפירן גלייך צו מיר. איך בין שוין זייער ווייט געווען פון דארף. איך וואלט געדארפן גיין מיט א וועג אן אויסגעטראטענעם דורך פיל מענטשלעכע פיס. גיי און טראכט, ווו באהאלט מען זיך? און טראכטנדיק אזוי, דערזע איך אן ארט באוואקסן געדיכט מיט קוסטעס אוןביימער און ביימעלעך — א ווילד צונויפגעוואקסענע וויסטעניש!...

און אזוי ווי ביים אנהייב פון מיין פליטה, האט דער דאך אינעם שייער מיר א ווינק געטאן: "באהאלט זיך אין מיר!", אזוי האט מיר איצט די ווילד צונויפ-געפלאכטענע וויסטעניש אונטערגעזאגט: אט דאס איז דאס ריכטיקע ארט — א בא-העלטעניש פונקט פאר מיר. איך האב זיך טיפער געלאזט אין דעם גרויסן צונויפגע-פלעכט און, ניסים ונפלאות! — טאקע ווי פאר מיר: שמאלע, געדרייטע ריוון, בא-וואקסענע מיטביימער און קוסטעס, וואס דעקן זיי צו. זיי שלענגלען זיך און ציען זיך לאנג און ווייט. פארשטיי איך שוין: דאס זענען איבערגעבליבענע אקא-פעס פון דער ערשטער וועלט-מלחמה. איך האב זיך אויסגעזוכט אן ארט אין דער טראנשעע, אנגעקליבן צוזיגלעך און בלעטער און זיך געמאכט א געלעגער. זיך אויסגעצויגן, פארשאטן זיך מיט בלעטלעך און ליג. עס איז שוין שפעט. די נויט לערנט גיך. איך קען שוין דעם לשון פונעם וואלד. בייגט דער ווינט די טשופרי-נעס פון די ביימער, הייסט עס: באלד וועלן אנקומען געדיכטע כמארנע וואלקנס; וויבאלד וואלקנס אזעלכע, ווארט אויף א רעגן. איך האב שוין געקענט אונטערשיידן מענטשלעכע טריט פון אנדערע רוישן ריטמישע.

אדורך פופצן-צוואנציק טעג אין וואלד, האב איך זיך דא שוין געפילט א שטיקל באלעבאס. אויסגעלערנט זיך פארשטיין זיין כאראקטער, זיינע סודות, זיינע קלאנ-גען און מורמלענישן. איך האב אויפגעהערט מורא האבן פאר יעדער צווייג. יאראסיק קאן מיך טאקע געפונען, נאר ער וועט מיך נישט נעמען. מזל און שלימזל וועלן זיך טעג און נעכט געפונען אין געראנגל. ווער וועט גובר זיין? ביז-איצט האט מיר צוגעשפילט מיין מזל, פארוואס זאל ער מיך נעמען און פארלאזן? אט האב איך א באהעלטעניש און ווייס יאראסיקן א צונג. וויפל מאל האט ער זיך שוין אומגעקערט פון וואלד אין זיין דארף מיט ליידיקע הענט? דאס איז א פאסקודנע ווירקלעכקייט, אבער איך האב א פאנצער. דער מזל מיינער איז דער פאנצער. איך רעד זיך איין, אז איך האב א פאנצער, און ווען איך הער א שאס, אויב ער איז נאענט, גיט מיר א צאפל דאס הארץ אונטערן אימאגינירטן פאנצער מיינעם. צו שאסן הער איך זיך צו זייער אויפמערקזאם.

יאראסיק, איך בין שוין נישט אזא קליינינקער! יאראסיק איז א זון פון א קאמאראווער פויער, אונדזערס א נישט-ווייטער שכן, און אפילו א פריינד. ער איז מיט דריי-פיר יאר עלטער פון מיר. מיר האבן געלעבט מיטן זעלבן לעבן, נישט גע-

געהאט קיינמאל צווישן זיך קיין סכסוכים. ניינצן יאר האבן מיר זיך כמעט טאג-טעגלעך געזען, זינט מיין געבוירן ווערן. זוכט ער מיך איצט ארום צו דערהרגע-נען. פארוואס? עס לייגט זיך פשוט נישט אויפן געדאנק. איך וויים: באלד, ווי די דייטשן זענען געקומען, האט יאראסיק ארגאניזירט אין קאמאראווע א גרופע יוגנטלעכע פאשיסטן — "וועלף". אינגיכן האט דער קאלקער "גדול" משנה-שם געווען פון דער באנדע און איר א נאמען געגעבן "סאקיל". זענען זיי געווארן "סאקילאוו-צי". געוועד האבן זיי באקומען און געווארן א טייל פון קאלקער "קורען" — א גרויסע פאשיסטישע באנדע. ווען אין 1942 יאר האבן יידן גענומען אנטלויפן פון געטא אין די וועלדער, האט יאראסיק מיט זיינע חברים זיך געלאזט אויף זיי ווי אויף יאגד; געמאכט אבלאוועס. געוואלט אויסהרגענען פייערמאנען און אנדערע יוגנטלעכע, וועלכע האבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער פון דער געגנט.

שפעטער, ווען איך בין פון מיין באהעלטעניש אוועק, האב איך זיך דערוווסט, אז די שאסן, וואס איך האב געהערט, זענען טאקע געווען שאסן אין געכאפטע, פאר-פאלגטע יידן. אין די גריבער, ווו יידן האבן זיך אויסבאהאלטן, האבן זיי אויך געווארפן גראנאטן. ווען די קאלקער יידישע יוגנטלעכע האבן אבער אויך געהאט אביסל וואפן, גראנאטן, "אברעזן", רעוואלווערן, מעסערס, האבן דאן יאראסיק מיט זיינע "העלדן" געציטערט פאר זיי ווי פאר פייער; קיין קאמף נישט פארפירט און אויסגעטראכט תירוצים, צו באהאלטן זייער פחדנות.

אט דאס איז דער יאראסיק, וואס האט מיך ארומגעזוכט. הייסט עס: ער האט גע-וווסט, אז איך לעב.

ווען אין וואלד איז געווען רואיק, פלעגט מיך שלעפערן, און איך פלעג אין מיין לאך שלאפן געשמאק, ווי א בער אין זיין ווינטער-בערלאגע. ווען איך פלעג זיך אויפכאפן נאך א נאכט, פלעגט שוין די זון הויך שטיין אויפן הימל. א ווארע-מער הרבסט איז גוט. איך ברעך זיך אפ א שטיקל ברויט פון די באקומענע האלבע לאבנס און לאז זיך גיין וואנדערן אין וואלד, און די כוונה מיינע איז: זיך אנשטויסן אויף עפעס א ייד. אויף אזא, ווי איך, וואס וויל אין די וועלדער רא-טעווען זיין לעבן. געוווסט האב איך דאך, אז עס באהאלט זיך אזוי אויס ישראל פייערמאן.

איין מאל, בעת אזא גאנג אין פוסט-און-פאס, האב איך אונטער א געדיכטן צע-וואקסענעם דעמב באמערקט א סילועט פון א מענטש. איך בין געבליבן שטיין פונדער-ווייטן. א געפיל האט מיר עפעס אונטערגעזאגט, אז דאס איז נישט יאראסיקס א מענטש. איך האב זיך געשטעלט אונטער אן אנדערן דעמב און גענומען אבסערווירן דעם שאטן. אינגיכן האב איך זיך געכאפט, אז יענער אבסערווירט מיך אויך. ווער איז עס? ווער קאן דאס זיין? אנטלויפן אדער דערנעענטערן זיך? יענער האט זיך געשטעלט און אפשר געטראכט דאס זעלבע? איך בין געווען נייגיריק. שרעק און האפענונג האבן זיך געראנגלט. איך בין אוועק אין דער ריכטונג, ווו יענער איז געשטאנען. וועט ער אנטלויפן, הייסט עס, ער איז א געיאגטער, א פריינד. דאס זעלבע האט גע-טראכט יענער. נישט אנטלאפן, נאר זיך שטארק צוגעקוקט. מיר האבן זיך דערקענט און גענומען לויפן איינער צום אנדערן. דאס איז געווען ישראל פייערמאן.

.12

זאגט, וואס איר ווילט — אין מענטשן, ווי אין חיות, איז פאראן אן אינסטינקט עפעס, וואס זאגט אים אונטער און פירט אים אויפן ריכטיקן שפור. ווי האב איך געקאנט דערקענען אין יענעם שאטן אונטערן בוים ישראל פייערמאנען, אז ער איז שוין לחלוטין נישט געווען ענלעך צו זיך אליין. הויט און ביינער. ווו זענען אהינגעקומען זיינע ברייטע פלייצעס, זיינע אייזערנע הענט? עס איז געשטאנען פאר מיר א דאר, בלייך, אויסגעמאטערט יינגל, וועלכער האט צוליב דעם אויסגעזען יינ-גער פון מיר, כאטש ער איז געווען מיט אכט, אדער אפילו מיט גאנצע צען יאר על-טער. ער איז שוין לאנג אין וואלד ווי א פאריאגטע און אויסגעהונגערטע חיה. ער האט געהאט, האט זיך ארויסגעוויזן, זיין באהעלטעניש נישט ווייט פון מיינער.

מיר האבן זיך געזעצט אין א באקוועם ארט און זיך אנגערדט צו דער זעט. ער: וועגן זיך און וועגן וואס ער האט געוווסט, און איך — וועגן זיך און וועגן דעם, פון וואס איך בין געווען אן עדות. נאכדעם האבן מיר צוזאמען גענומען טראכטן וועגן עיקר — וואס טוט מען ווייטער?...

דער ווינטער וועט זיך אנרוקן, מוז מען זארגן קודם-כל וועגן אן ארט, ווו אים איבערצוקומען. וועגן דארף איז נישטא וואס צו טראכטן. יעדערן, וואס וועט אונדז פרווון בלויז ארויסהעלפן, וועט זיין "פארענדיקט"... הייסט עס, אז רעאל איז בלויז דער וואלד. קיין בעסער ארט ווי די אקאפעס וועלן מיר נישט געפונען.

מען דארף אבער אין זיי אויסגעפונען א טיפערע און גרעסערע פארטיפערונג, וועל-
כע מען זאל קאנען צופאסן פאר א ווינטער נארע. מיר האבן געזוכט, און געפונען
אזא צוגעפאסט ארט. עס איז געווען אזוי באוואקסן און אפגעזינדערט פון א וועג,
אז א צופעליקער מענטש וועט דא נישט פארבלאנדזשען. מען דארף ביי אונדזערע
פרייַנד קריגן א לאפעטע, אפריייניקן און אויסגלייכן דעם שטח, צוטראכטן א פארמאס-
קירטן ארייַנגאנג, צודעקן דעם גרוב פון אויבן, פארשיטן דעם לעכערדיקן צווייגן-
דאך מיט בלעטער. דאס אפטאן גרונטיק, עס זאל צו אונדז נישט דערגיין קיין ווינט,
מען זאל זיך קאנען באהאלטן, אונטערגראבנדיק די ווענט פונעם גריב, פארהיטן אונ-
דזער הייל פון רעגנס, און דער-עיקר — זיך צוגרייטן א געוויסן רעזערוו פון
שפייַז. דער בוי-"אינזשיניער" איז געווען פייערמאן, די שווארצע ארבעט האב איך
געדארפט אפטאן, מחמת ער איז געווען אזוי אפגעשוואכט, אז ער האט ממש נישט גע-
קאנט האלטן די לאפעטע אין דער האנט.

ביסלעכווייַז, אבער עקשנותדיק, האבן מיר זיך געגרייט דא דורכצווווינטערן.
מיר האבן צוגעגרייט אביסל קארטאפל, בוראקעס און אלדאס מעגלעכסטע צו גריזשען
און שטילן דעם הונגער.

די ווארעמערע טעג האבן זיך געענדיקט. איבער אונדז איז געלעגן א נאסער, פאר-
כמארעטער און פארכמורעטער הימל. ער איז געלעגן אזוי נידעריק, ווי ער וואלט
זיך אנגעשפארט אויף די שפיצן פון די ביימער. עס האט גענומען אלץ אפטער פאלן
א נאסער שניי, די נעכט זענען געווארן קאלט, ביסלעכווייַז, נאך עטלעכע לייטישע
און טרוקענע פרעסט, איז אונדזער צווייגן- און בלעטער-דאך פארצויגן געווארן
מיט אן אייַז. אין אונדזער קבר זענען מיר פארפרוירן געווארן. מען האט זיך גע-
דארפט האלטן אין איין קליגלען זיך, וויאזוי נישט פארפרוירן צו ווערן; צו באוועגן
זיך. ארויסגיין איז געווארן סכנת-נפשות, ווייל יעדער טראט האט איבערגעלאזט
שפורן אויפן שניי. עס האט זיך ארויסגעוויזן, אז בלויז דאס אויפהיטן דאס נא-
קעטע לעבן אין זיך, איז א גרויסע חכמה, און פאדערט גוואלדיקע אנשטרענגונגען.
מיר האבן זיך געריבן די פיס און די הענט, געריבן איינער דעם אנדערן. מיר זע-
נען געלעגן צונויפגעדריקט, כדי קעגנזייטיק זיך ווארעמען מיט דער טעמפעראטור
פון אונדזערע לייבער, מיטן אטעם פון אונדזערע מיילער. עס איז געווען שרעק-
לער; נישט אויסצוהאלטן, אוממעגלעך און אוממענטשלעך. די וואנדערנדיק אורמענטשן

זענען געווען אין א נישט צו פארגלייכן העכערער ציוויליזאציע-שטופע, ווי מיר, צוויי יינגע וואלינער יידן. מען קאן א קורצע צייט זייער פיל אויסהאלטן, אבער א טאג נאך א טאג, און דעם מינימום, וואס א מענטש דארף צום לעבן — אזוי ליידן! — דאס איז זיך שווער פארצושטעלן!...

*          *

*

*מיר, די קאלקער, וואס זענען געזעסן ביי א טיש אין באלטימאר, און זיך צרגעהערט, האבן אליין געשפירט א קעלט אין די הערצער, ווי זיי וואלטן פאר-פרוירן געווארן. מיר האבן זיך טאקע נישט געקענט פארשטעלן, אבער דער דער-ציילער האט עס ווידער איבערגעלעבט; נישט מיט פארוווּנדערונג, נאר מיט בא-נייטער שרעק, און זיך אליין כסדר איבערגעריסן מיט אויסגעשרייען: שרעקלעך! דאס ווארט איז ארויסגעזאגט געווארן אין א פארשידענער אינטאנאציע. יעדע-רער ביים טיש האט דערביי געטראכט וועגן זיין טאטע און מאמע, זיינע שוועס-טער, ברידער און זייערע קינדער, וועלכע האבן אפשר איבערגעלעבט דאס זעלבע, אויב זיי זענען נישט אויסגעמארדעט געווארן איר די "אקציעס" און געפרווּוט זיך ראטעווען דאס לעבן, ווי דיביידע ישראלס — מעניוק און פייערמאן.*

*וועגן ער האט אליין איבערגעריסן, כדי אפכאפן דעם אטעם, איז ארום אים גע-וועגן טויט-שטיל. עס איז געווען א געשיכטע פון לעבעדיק באגראבענע! דאס איז געווען א באשרייבונג פון פייניקונגען, וואס ענדיקן זיך נישט, געדויערן א שעה נאך א שעה, א מעת-לעת נאך א מעת לעת, וואכן נאך וואכן...*

*          *

*

— ווען די קעלטן האבן זיך אנגעהויבן — האט ממשיך געווען מעניוק — האבן מיר נישט געגלייבט, אז מיר וועלן אויסהאלטן אין אונדזער קבר. אבער מיר האבן געלעבט. צופרידן געווען, וואס מען האט נאך א טאג איבערגעלעבט, כאטש עס זענען נישט געווען, דאכט זיך, קיין שום פערספעקטיוון איבערצולעבן. אן איבערגעלעב-טער טאג איז געווען... שווער צו געפונען א פאסיק ווארט. קיין פרייד, קאן מען עס נישט אנרופן, אבער סאטיספאקציע — יא. איבערגעלעבט א טאג, האבן מיר זיך פארמאסטן איבערצולעבן נאך איינעם און נאך איינעם, ביז ס'וועט קומען א נס מן

השמים, ווייל ער מוז קומען. ער מוז קומען דער נס. און קומען קאן ער בלויז דאן, ווען מיר וועלן ארויסווייזן אן אייזערנעם ווילן אויסצוהאלטן.

מיר האבן באשלאסן ווידעראמאל פרווון מזל אין דארף. דאס מאל ביי א צווייטן פויער. מיר האבן אויסגעארבעט א סטראטעגישן, מישטיינס געזאגט, פלאן ווי צו פארווישן די שפורן אין שניי. דער פראסט האט נאכגעלאזט, דער שניי האט זיך איינגעפרעסט און באקומען אן אנדערן קאליר, א טונקעלערן, אבער שפורן פארצייכנט ער אלץ איינס.

דער פויער, צו וועלכן מיר זענען געקומען, האט זיך ארויסגעוויזן פאר א פריינד. א פריינד און אן אמתער מענטש זענען ביי אונדז געווארן סינאנימען. גיין איז געווען זייער שווער און מען האט געדארפט זיין זייער פארזיכטיק. מיר זענען צום פויער געקומען זייער מידע און פארשוויצטע. מיר האבן געמאכט פארשידענע פעטליעס, כדי צו פארמעקן די שפורן; אנגעלייגט א סך וועג. דער פויער האט אונדז אריינגעלאזט אין קלוניע, געגעבן אפצועסן און א ווארעמען טרונק, און געבעטן, מיר זאלן וואס גיכער נעלם ווערן פון זאבאלאטיע. אין די ארומיקע הייזער האבן ספעציעל געלעבט באנדעראווצעס, אויב עמעץ פון זיי וועט אונדז באמערקן, איז א סוף אי צו אונדז, אי צו זיין משפחה.

דער פויער האט עס אונדז געגעבן צו פארשטיין: זיי טשאטעווען אויף אונדז, זיי ווארטן מיר זאלן קומען, ווייל זיי זענען זיכער, אז דעם ווינטער וועלן מיר נישט אויסהאלטן אין דער פארשטעקעניש.

מיר זענען פארזיכטיק ארויס אין דער פינצטערניש און געלאפן איבערן פייכטן שניי אן אן אטעם צו אונדזער קבר. די לופט איז געווען פייכט, געדיכט און קלעפיק — שווער צו אטעמען.

מיר זענען פארקראכן אין אונדזער גרוב. עס האט זיך ווידער אנגעהויבן דער גיהנום מיט די אומענדלעכע טארטורן. זיצן אין דער דאזיקער קאלטער פייכטקייט — איז דער טויט. מיר מוזן ביינאכט ארומלויפן כאטש א פינף - צען קילאמעטער מיטן שליאך, בלויז מיטן שליאך, נאר דאס קאן אונדז אויפהאלטן ביים לעבן. מיר האבן עס געפרווט עטלעכע מאל און געקומען צוריק פארמאטערטע און דערווארעמטע. האבן מיר פארשטאנען, אז אזוי דארפן מיר טאן אויך ווייטער, דער עיקר אין נעכט, ווען דער וועטער איז א שלעכטער. מיר האבן נישט געהאט קיין כוחות, אבער מיר האבן געהאט ווילן צו לעבן.

ווען דער הונגער האט אונדז ווידער דערקוטשעט, נישט אויסצוהאלטן, האבן מיר ווייטער ריזיקירט און זיך געלאָזט קיין זאבאלאטיע. מיר האבן זיך דערוווּסט, אז יאראסיקס "סאקאליוציס" האבן פארלאזט זאבאלאטיע, קענטיק אויפגעגעבן דעם גע-דאנק אונדז צו דערטאפן. מיר האבן זיך אויך דערוווּסט, אז אין דער געגנט האבן זיך באוויזן פארטיזאנער, און אז צווישן זיי טרעפט מען אויך יידן. די עטלעכע פריינד, וואס מיר האבן שוין דאן געהאט צווישן די פויערים, זענען געווארן פריינדלעכער, צוגעלאזענער, ווייניקער געציטערט, דערלויבט אונדז לענגער זיין ביי זיך אין קלוניע. ווו זענען די פארטיזאנער, האבן זיי נישט געוווּסט. זיי פלעגן דאסווארט "פארטיזאנער" נישט אויסרעדן, נאר כסדר איבערגעחזרט: "שיש-קאס מענטשן", "מאקס' מענטשן". ווען יענע האבן זיך גענומען באווייזן אין דער געגנט, זענען די אוקראינישע פאליציאנטן פארזיכטיקער געווארן און זיך נישט גע-רוקט טיפער אין די וועלדער. צוויי, וועלכע האבן זיך געלאזט אין וואלד זוכן יידן, האט מען צוריקגעבראכט טויטע. מען האט אונדז דערציילט, אז שישקאס מענטשן האבן בודק געווען ביינאכט א דארף און דערשאסן עטלעכע פויערים, וועלכע האבן מיטגעארבעט מיט די דייטשן; זיי האבן אנגעוויזן אויף יידן און סאוויעטישע זעל-נער, וואס זאלן זיך האבן אויסבאהאלטן אין די דערפער.

פון דעם בינטל ידיעות איז אונדז פריילעכער געווארן אויפן הארץ.

.13

פון די דאזיקע ידיעות איז אונדז פריילעכער געווארן אויפן הארץ, אבער די פריילעכקייט איז קיין פריילעכקייט נישט געווען. פייערמאנס געזונט האט זיך כסדר פארערגערט. אונדזער מצב האט זיך אין דעם זין פארבעסערט, וואס אונדז איז געלונגען צו קריגן אן אלט העמד, א פידזשאק, א פאר צעריסענע הויזן, שמאטעס ארומצוּוויקלען די פיס און שטריקלעך זיי צו פארבינדן. אבער מיר זענען אויך אין די דאזיקע "בגדים" געפרוירן געווארן און תמיד געהאט נאסע פיס. פייערמאן האט שוין סכנהדיק געהוסט און איך האב געזען, אז ער צאנקט פון טאג צו טאג אלץ מער. זיין פנים איז געווען ווי ביי א מת, און די אויגן ווי מיט אייז פארצויגן. ער האט זיך געוואקלט אין גאנג, אנגעהויבן רעדן אין שלאף, און נאכדעם איז ער פלוצלינג געווארן אזא שווייגער, אז מען האט פון אים קיין ווארט נישט געקאנט הערן. זיין שווייגן האט דערדריקט. עס איז דערגאנגען דערצו, אז איך האב עס מער

נישט געקאַנט איבערטראָגן. מיר האָט זיך גענומען אויסדאַכטן, אַז ער איז אַפּוועזנדיק, אַז ער זעט מיך נישט.

פריער איז פון אונדז ביידע — ער געווען דער אָנפירער. אַלע געדאַנקען זענען אויפגעקומען ביי אים, איך האָב געפאָלגט זיינע אַלע אָנווייזונגען און זיי געהאַלטן פאַר ריכטיקע. איצט האָב איך אַליין געדאַרפט אָננעמען באַשלוסן און אַליין זיי אויספירן. צוּוויי טנס, איז ער געוואָרן אַזוי שוואַך, אַז איך האָב אים געמוזט טראָגן אויף מיינע פּלייצעס. ער האָט נישט געענטפערט אויף מיינע פראַגעס. מיט פאַרפרעסטע ליפּן געשוויגן און איך האָב זיך געשראָקן, אַז ער האָט בכלל פאַרלוירן דעם לשון. זיין געזיכט האָט זיך בלויז באַלעבט ביים וואָרט "פּאַרטיזאַנער". איך פלעג אים טרייסטן:

— מיר וועלן זיך דאָך סוף-כל-סוף אָנשטויסן אויף פּאַרטיזאַנער, און דאַן וועט זיך אונדזער מזל ענדערן.

עס איז געווען פּונקט, ווי מיר וואָלטן מיט די פּאַרטיזאַנער פאַרבונדן אַן עלדאָראַדאָ, אַ גן-עדן אויף דער ערד. מיר האָבן אין גרוב געהאַט צוויי גראָבע שטעקנס. כאַפּט איין מאָל פּייערמאַן דעם שטעקן אין די הענט און נעמט שרייען:

— אויב אומקומען, וויל איך נישט אין גרוב. לאָמיר גיין!

ער קאָן נישט אויף די געשוואָלענע פיס נעבעך שטיין און ער וויל דווקא גיין... גיין...

— ווער געוויר, סראַליק, אין וועלכער ריכטונג דאַרף מען גיין, כדי טרעפן די פּאַרטיזאַנער.

.14

דער פרילינג האָט זיך געשטעלט מיטאַמאָל. געשטעלט זיך — אויף מער נישט אָפּצוטרעטן. דאָס הימל איז געוואָרן בלוי, די זון האָט געשיינט און צעשמאָלצן דעם שניי, און טריקענע ווינטן האָבן גענומען מאַכן אָרדענונג אין אונדזער וועלטל: אויסגעלעקט די לוזשעס, אויסגעטריקנט די שליאַכן און סטעזשקעס און געמאַכט זיך נישט וויסנדיק פון דעם איינגעזונקענעם שניי אויף דער צפונדיקער זייט פון די ביימער... ברִיהש, יונגטלעך און פריילעך האָט דער פרילינג זיך געמיט, פאַרפעסטיקט, איינגענומען. אין עטלעכע טעג אָפּגעטאָן די אַרבעט, אויף וועלכער אַנדערע פרילינגען דאַרפן וואָכן...

ביינאכט פלעגן מיר אפט ארויסקריכן פון אונדזער ווינטער-נארע און אונדז האט זיך איינגעגעבן א פאר מאל באמערקן מענטשן, וועלכע האבן זיך ווי דורכ-געגנבעט פארביי אונדז. נישט קיין פאליציאנטן און אויך נישט קיין באנדעראוו-צעס. אפשר זענען דאס יידן, ווי מיר, וועלכע האבן די העזה צו וועלן בלייבן לעבן? מיר האבן באשלאסן נעמען די זאך אונטער אבסערוואציע. איין מאל, ליגנדיק באהאלטן אין די קוסטעס, האבן מיר אבסערווירט צוויי אזעלכע "האזן". זיי האבן נישט אויסגעזען ווי געניטע וואלד-מענטשן. געווען אנשטענדיק אנגעטאן, נישט אפ-געריסן. זיך דייטלעך איינגעהערט און באנומען, אז זיי רעדן צווישן זיך פויליש.

פייערמאן האט צו מיר געזאגט: — כאפ זיך ארייין קיין זאבאלאטיע און דערוויס זיך, ווער קאנען דאס זיין אזוינע.

איך האב זיך אריינגעגנבעט צו קאנדראטשוקן און זיך דערוווסט, אז אין דער געגנט האבן זיך באוויזן פלאקאטן אין דער אוקראאינישער שפראך, אויף וועלכע ס'איז געדרוקט געווען לפי ערך אט-וואס: "די יידן פון פאלעשיע און וואלין האבן מיר שוין אויסגעשאכטן, איצט דארפן מיר מיט פייער און שווערד פארניכטן די פוילישע דערפער. אויב זיי ווילן בלייבן לעבן, זאלן זיי זיך בעסער אפטראגן קיין וואר-שע." מען האט מיר אויך דערציילט א מעשה נוראה, וואס האט פאסירט אינעם פוילישן דארף פאראסליא. דאס דארף איז ביינאכט ארומגערינגלט געווארן דורך באנדעראוו-צעס און קיינער איז נישט ארויסגעלאזט געווארן. אינדערפרי האט מען אלע מענער, ווייבער, קינדער צונויפגענומען אויפן פלאץ נעבן קלויסטער. דער אנפירער פון דער קאלקער סאטניע, הריץ, האט פאר די צונויפגעטריבענע איבערגעלייענט א באפעל פון דער וואלינער קרייז-אנפירונג פון דער אוקראאינישער אויפשטאנד-ארמיי (אופא), און ווען ער האט פארענדיקט מיט די ווערטער: "סלאווא אוקראיני, סלאווא נא וועקי", האבן זיך צענדליקער באנדעראווצעס מיט העק, מעסערס און סערפן גע-ווארפן אויף די צוזאמענגעטריבענע. עס האט זיך אנגעהויבן א מוראדיקע שחיטה; בלוט האט זיך געגאסן! די, וואס האבן געפרווווט אנטלויפן, האט אנגעיאגט א האגל קוילן. ווען דער לעצטער פאראסליער איז דערהרגעט געווארן, האט מען דאס דארף געגנומען אויסרויבן, און צום סוף עס אונטערגעצונדן פון אלע זייטן.

— דאס האט איר, געוויס, געזען אנטלאפענע פאליאקן — האט מען מיר געזאגט — אפשר וועט איר זיך ביי זיי דערוויסן דעם וועג צו די פארטיזאנער.

*

*(איך האב נאך דעם שמועס דערציילט מעניוקן, וואס איך ווייס וועגן הריצן. זיין אמתער נאמען איז קאנאטאפעשרק. צו זיין סאטניע האבן געהערט באנדעראווער-צעס פון די דערפער: האמעלניע, סיטניצע, קאפילי און קאמאראווע, פון א ריי אנדערע דערפער און טאקע פון קאלק גופא. זיין באנדע האט אויסגעשאכטן די יידן פון קאלק, סאפיזוווקע, אסאווע, ווישקאווע און אנדערע ישובים. ער האט שפעטער אוואנסירט און געווארן דער "פראווידניק קורעניא". אים האט לסוף דערגרייכט די נקמה — ער איז דערשאסן געווארן דורך די פארטיזאנער פון באַ-רימטן "מאקס" — גענעראל יוזעף סאביעשיאק).*

*

— מיט אט דעם בינטל ידיעות — האט דערציילט וויטער ישראל — האב איך זיך אומגעקערט צו פייערמאנען. מיר האבן באשלאסן נישט ווארטן. מיר האבן גענומען אונדזערע גראבע שטעקנס און זיך פארזיכטיק געלאזט אין וועג, כדי צוגנבענען זיך צום פוילישן דארף מאידאן קאמאראווסקי. עס איז לייכט צו זאגן "צוגנבענען זיך", בפרט אין די באדינגונגען, ווען פייערמאנען האט מען געדארפט כמעט טראגן אויף זיך. מיר האבן אבער אלץ גובר געווען. מיר זענען מער נישט געגאנגען בעטלען א שטיקל ברויט, אדער עפעס א שמאטע צוצודעקן דאס לייב; מיר האבן געהאט פאר זיך א ציל — דעם ציל, מיט וועלכן מיר האבן געלעבט די גאנצע צייט און גרייט גע-ווען אלץ אויסצוהאלטן. מיר גייען קיין מאידאן, ווי צו ברידער אין קאמף. אבער ווער ווייסט, ווי זיי וועלן אונדז באגעגענען? מיר קענען דארט קיינעם נישט.

פארטאג זענען מיר דערגאנגען צום דארף. זיך אפגעשטעלט און געטראכט: "אין וועלכער טיר אנקלאפן אויף טראף?" האבן מיר געשטעלט אין קאן אלץ — אונדזער גאנצע מאטערניש ביז דער דאזיקער שעה. פלוצלינג איז ליכטיק געווארן אין א פענצטערל. ווי דאס וואלט געווען אן אצבע אלהים, האבן מיר זיך געלאזט אהין, ווי דאס וואלט געווען אן איינלאדונג. ווען איך האב צוגעדריקט דאס פנים צו דער שויב, האב איך דערזען א יינגן בחור, וואס שרייבט אין א העפט. פייערמאן האט א דריק געטאן אויף דער קליאמקע. די טיר האט זיך שטיל געעפנט. מיר זענען אריין און געבליבן שטיין. דער בחור איז אויפגעשפרונגען פונעם טאבורעט. א קוק געטאן אויף אונדז און שטיל ווי א פרעג געטאן: — איז די טיר נישט פארמאכט?

עס זענען געשטאנען קעגן אים צוויי אויסגעמארעטע שקעלעטן, אין שמאטעס, באַוואקסענע ווי רוחות, אנגעשפארט אויף גראבע שטעקנס.

— איר ווילט עסן? — האט ער שטיל א פרעג געטאן.

פייערמאן איז גאר נאענט צו צו אים, אויפגעהויבן די האנט ווי צו א שבועה און מיט א שוואכן קול, וואס האט געציטערט, האט ער ארויסגערעדט:

— מיר זענען צוויי יידן. מעגסט גלייך גיין אין געסטאפא און אויסגעבן. מיר וועלןווארטן, מיר וועלן נישט אנטלויפן. און קאנסט, אויב דו ווילסט, אונדז העלפן: ווייז אונדז דעם וועג צו די פארטיזאנער.

איך האב נישט אראפגענומען די בליקן פונעם בחור און באמערקט, אז פייערמאנס ווערטער האבן געמאכט א רושם. ער האט לאנג געשוויגן, און נאכדעם מיט א מילדער שטימע גענומען מורמלען:

— פעטערל, וואס רעדסטו? וואס הייסט איך וועל גיין אין געסטאפא? איך וועל אייך העלפן, איך גיב אייך מיין ווארט.

ער האט געהאלטן ווארט, ער האט אונדז געהאלפן.

.15

די צוויי מעת-לעת, וואס מיר זענען געזעסן אין וואלד און געווארט, האבן זיך געצויגן ווי חדשים. צי וועלן זיי קומען די פארטיזאנער? און אויב יא, צי וועלן זיי אונדז נעמען? צום סוף איז געקומען די אפגערעדטע צייט, מיר האבן זיך ארויסבאקומען פון וואלד און זיך דערנעענטערט צום אפגערעדטן ארט. דער יינגער פוילישער בחור האט שוין אויף אונדז געווארט. הינטערן בחור, א פאר הונדערט מעטער די ווייט, איז געווען ווי א וואנט א לאנגע ריי פון הויכע סאסנעס. פון הינטער דער ביימער-וואנט האט זיך באוויזן א סילועט. ער האט זיך איינגעקוקט אין אונדז און געגעבן א סימן. ווי פון אונטער דער ערד זענען אויסגעוואקסן אכט באוואפנטע מענטשן און זיך געלאזט צו אונדז. זיי האבן אונדז גארנישט געפרעגט און גע- הייסן גיין מיט זיי. זיי זענען געווען מיט איינזען און שנעל פארשטאנען, אז קיין גרויסע גייער זענען מיר ביידע נישט: איך נישט, און שוין אפגערעדט פון פייערמאנען. זיי זענען געגאנגען פריי, אן מורא, געגעבן אונדז א מעגלעכקייט זיך אפצורוען. נישט אונטערגעיאגט, בארואיקט, אז ס'איז שוין נישט אזוי ווייט. זיי האבן אונדז געטרייסט:

— איר וועט זיך אויסרוען, אפעסן, וועט איר זיך צוריק אננעמען כוחות.

מיר האבן זיך דערנעענטערט צו א פאר כאטעס אין וואלד נישט ווייט פון דארף קוקאל. שוין אין דער ערשטער כאטע האט מען אונדז אויפגענומען ווי אייגענע. די פויערטע האט אונדז געגעבן אן אלטע קורטקע, הויזן, אונטערהעמדער. מיר האבן זיך אפגעגאלט. די באלעבאטים האבן אונדז געהאלפן ווי געהעריק זיך אפוואשן ביים ברונעם, און מיר זענען געווארן צוריק מענטשן, ווי מ'וואלט אונדז משנה געווען.

מיר האבן אנגעקוקט אונדזערע פיזיאנאמיעס אין א קליין שפיגעלע אויף דער וואנט און זיך אליין נישט דערקענט. דאן האבן זיך אלע געזעצט צום טיש ביי א גרויסער שיסל קארטאפל, פון וועלכער עס האט זיך אויפגעהויבן א געשמאקע פארע, און מיר האבן דערפילט, אז מיר זענען טאקע באמת צוריקגעקומען צום לעבן, און דערפילט דערביי אזא טעם, וואס קיין שום גבירים און מיליאנערן פילן נישט ביי די טייערסטע מאכלים. דער פויער האט אוועקגעשטעלט א פלאש סאמאגאן, און די אמתע סעודה האט זיך ערשט אנגעהויבן. אנגעגעסן זיך צו דער זעט און עטוואס בגליפונדיק פון די פאר גלעזלעך, האבן די פארטיזאנער געשטעלט צוויי פון זייער חברה אויף שמירה, און די איבריקע האבן זיך געלייגט שלאפן אויף היי אינעם שייער.

ערשט צו מארגן האט זיך אנגעהויבן דער מארש. פיר טעג זענען מיר געגאנגען. אין יעדן דארף האבן די פארטיזאנער געהאט באקאנטע און אומעטום האט מען אונדז אויפגענומען בכבוד גדול. מיר זענען נאך אלץ נישט געווען ביי די פולע כוחות. פייערמאנס פיס זענען געווען געשוואלן און ווייי געטאן ביי יעדן טריט. אונדזערע באגלייטער האבן דערפאר באשלאסן צו בלייבן נאך צוויי טעג מיט אונדז אין א דארף.

אט אזוי, בהדרגהדיק, זענען מיר אנגעקומען צו דער ערשטער פארטיזאנישער "זאסטאווע". אט אין דער דאזיקער "זאסטאווע" פלעגט מען גרופירן אלע מענטשן, וועלכע האבן ארומגעבלאנדזשעט אין די וועלדער, וועלנדיק זיך דערשלאגן צו פארטיזאנישע טיילן.

דרייסיק קילאמעטער ווייטער האט זיך געפונען דאס דארף ליסנוווקא. דא איז געווען די צענטראלע "זאסטאווע", און דא ערשט האט מען אונדז גענומען אויספרעגן: ווער און וואס מיר זענען, ווו מיר האבן זיך אויסבאהאלטן די גאנצע צייט און צוליב וואס ווילן מיר אין דער פארטיזאנטקע. נאך אונדז האט מען אריינגעפירט

אנדערע, צו צוויי און דריי אין א גרופע, געוועזענע זעלנער פון דער סאוויעטי-שער ארמיי, אנטלאפענע פויערים פון די דערפער און געציילטע יידן.

אכט טעג זענען מיר געווען אין דאזיקן דארף. דאן איז אנגעקומען א באפעל ווער מעג אפמארשירן ווייטער. אפגערוטע, זאטע, מיט פארהיילטע פיס זענען מיר אוועק העכער 30 קילאמעטער ווייטער אין דער ריכטונג פון דער באזע — קראסני באר.

עס איז אפריל 1943 יאר. ס'איז א ליכטיקע וועלט. דער וואלד איז אונדזער פריינד, מיר אנטציקן זיך מיט זיין שיינקייט. דער סאסנע-ריח, אויסגעמישט מיט פערד און קי, האט ממש פארשיכורט. עס איז דא א וועלט. עס זענען פאראן מענטשן. עס איז דא א לעבן. מיר זענען א מחנה, מיר זענען א כוח. דאס שוידערלעכע קא-פיטל האט זיך געענדיקט. די זיעמליאנקעס זענען אין פארגלייך מיט אונדזערע גרי-בער געווען פאלאצן. דאס עסן, וואס מען האט געקאכט אין טשוגונקעס אויף א שיי-טער, האט אונדז געשמעקט און געשטארקט. מיר זענען צווישן ברידער, פארבונדענע אויף טויט און אויף לעבן. די ערשטע טעג זענען מיר ביידע ארומגעגאנגען ווי פארשיכורטע. איך האב זיך באקאנט מיט מענטשן, געטראפן אפילו צוויי קוזינען אין דער מחנה — די פריימאנס. אן אמתער געמיש פון פעלקער. אין די אוונטן האט מען ביי די זיעמליאנקעס געמיינזאם געזונגען.

עטלעכע קילאמעטער פון אונדזער לאגער האט זיך געפונען א צוויטער. ער האט געהייסן "קריגס-לאגער". איך בין דא געווען צוגאסט. דא זענען געווען ווארש-טאטן אונטערן פרייען הימל. ביי די זיעמליאנקעס, ביי יעדן בוים, האט מען גע-רייניקט ביקסן, רעמאנטירט פארשידענע מינים געווער. דא זענען געווען פיל יידן און זיי האבן גערעדט יידיש. יידן פון אונדזערע קאנטן: פון ראכוואלאווקע, צו-מאן, מאניעוויטש, פון טראיאנאווקע, סארנע, קאמיען' קאשירסקי, קאוועל און א-פילו אזש פון לובלין און ביאלע פאדליאסקע.

ווען די דייטשן זענען צוגעטראטן אין 1942 יאר ליקווידירן די געטאס אויף וואלין און פאלעשיע, זענען פיל יידן, באזונדערס פון פאלעשיע, אנטלאפן אין וואלד ארייך. דער שטאב פון דער ערשטער פארטיזאנישער מחנה אונטער דער אנפירונג פון "מאקס" — יוזעף סאביעשיאק — האט באשלאסן צו העלפן די פליטים. מען האט זיי גענומען צונויפזאמלען. אויף אזא אופן זענען אנטשטאנען לאגערן פאר יידישע און נישט-יידישע פליטים; פאר אלטע לייט און קינדער. מ'האט זיי גערופן "פאמי-

ליע-לאגערן". פיל הארץ און זארג האט זיי ארויסגעוויזן דער נאענטסטער מיטאר-בעטער פון "מאקסן" קאניטשוק, וועמענס פארטיזאנישער פסעודאנים איז געווען — "קרוק". די יוגנט איז איינגעשלאסן געווארן אין די נארמאלע פארטיזאנישע טיילן אונטער זיין אנפירונג. אין דער גרויסער פארטיזאנישער פאראייניקונג אונטער דער אנפירונג פונעם פולקאווניק ברינסקי — "דיאדיא פיעטיא" — זענען געווען פיל יידן; אפילו גאר פיל. מיך, מיט ישראל פייערמאנען, האט מען איבערגעשיקט אין א גרופע אונטערן אנפיר פונעם קאמאנדיר סיוווכא. היות פייערמאן האט געדינט אין פוילישן מיליטער, איז ער איינגעשלאסן געווארן אין אן אקטיווער גרופע, און מיך האט מען געשיקט ארבעטן אין דער "כעמישער לאבאראטאריע" — איר שטויסט זיך אוודאי אן, וואס דאס מיינט: אויסארבעטן אויפרייס-מאטעריאלן, אנפילן באמבעס.

עטלעכע וואכן בין איך געווען באשעפטיקט ביי דער דאזיקער ארבעט. איך האב זיך שוין גוט צוגעוווינט און געארבעט נישט ערגער פון אנדערע. איינמאל, ביי-נאכט, האט מיך ארויסגערופן דער קאמאנדיר און געזאגט:

— נו, בחורל, האסט זיך שוין אפגערוט, שיסן האסטו זיך שוין אויך אויסגע-לערנט, קאנסטו שוין גיין צו א לעבעדיקערער ארבעט.

אין דער זעלבער נאכט בין איך מיט א גאנצער גרופע, א באוואפנטע מיט ביקסן, אמוניציע און גראנאטן אוועק צו דער "לעבעדיקערער" פארטיזאנישער ארבעט...

אונדזער אנפירער איז געווען א געוועזענער אפיציר פון דער סאוויעטישער אר-מיי מיט דער פאמיליע וואסילענקא.

.16

מיר זענען געגאנגען אין דער ריכטונג פון קאוועל. זיך באוועגט בלויז ביי-נאכט, אבער אן מורא, ווי מיר וואלטן דא געווען די באלעבאטים. די פארטיזאנער האבן געקענט דעם וועג, ווי זייערע פינף פינגער: יעדן וועגל און שטעגל, יעדן זומפ, יעדעס טייכל און שטראמל. אומעטום זענען געווען פריינד, וואס פלעגן וואר-רענען בעת א געפאר און מיטגעטיילט וועגן אלע ענדערונגען אין דער געגנט. דער-פער פלעגט מען געווינלעך פארבייגיין אין א זייט. דאס מאל אבער זענען מיר א-ריין אין א דארף און זיך דערנעענטערט צו דער ערשטער כאטע. איך האב קיין א-נונג נישט געהאט דערפון, וואס פאר אן אויפגאבע עס שטייט אונדז פאר. מיר האבן ארומגערינגלט די כאטע, האלטנדיק די ביקסן אין קאמפס-גרייטקייט. וואסילענקא

האט זיך שטיל "געפורקעט" ביי דער טיר און זי געעפנט. אויף דער וואנט האבן מיר דערזען א הענגענדיקע ביקס, אויף דער באנק איז עמעץ געשלאפן. נעבן אים דאס אנטועכץ פון אן אוקראינישן פאליציאישן אונטעראפיציר. כהרף-עין האט מען אראפגעכאפט די ביקס פון דער וואנט; פון אונטערן קישן — א גרויסן רעוואלווער. מיטן "פריקלאד" /קאלבע/ פון זיין אייגענער ביקס האט מען אים "צווויסן געטאן", ער זאל זיך "מטריח זיין" און באוויליקן אויפשטיין...

ער האט זיך פויל אויפגעהויבן. פון זיין מויל האט געטראגן סאמאגאן. דאס איז געווען איינער פון די געפערלעכסטע גזלנים אין דער גאנצער געגנט. אונדזער גרופע האט אין זיין גארטן אויסגעפירט דעם אורטייל, וואס די פארטיזאנישע אנפירונג האט אויף אים ארויסגעטראגן. וואסילענקא האט זיך אומגעקערט אין דער כאטע און א זאג געטאן:

— א הונט — א הינטישן טויט! — און צו מיר — נו, סיעמיאן, נא, אט האסטו א נייע דייטשישע ביקס. נעם אויך זיינע שטיוול און זיין "גענעראלסקן" מונדיר!

אזוי בין איך ארויס פון דער כאטע.

אויפן דריטן, אדער פערטן טאג, זענען מיר אוועק אויף א נייער אויפגאבע.

אויפן ראנד פון א וואלד, מיט די פנימער צו א באן-ליניע, האבן מיר זיך אויסגעלייגט מיט די ביקסן אין די הענט און געווארט. ביי מיר איז דאס ערגסטע תמיד געווען דאסווארטן. דאס דענערווירט מיך. אבער רואיק, געדולדיק ווארטן איז איינע פון די וויכטיקסטע געוווינהייטן ביי א פארטיזאנער. ענדלעך האבן מיר דערהערט די ערד-ציטערניש פון א דערנעענטערנדיקן זיך צוג און... דריי פייפן — אונדזער סיגנאל: זיין גרייט!

ווען דער צוג איז אימפעטיק אנגעלאפן מיטן לאקאמאטיוו פאראויס, האט פלוצלינג די ערד גוואלדיק א ציטער געטאן — דער צוג האט א שפרונג געטאן אין דער הויך און זיך צעפאלן אויף שטיקער. אין סאמע גערודער האבן מיר ווידער באקומען א סיגנאל: מאכן תיכף פליטה.

דאס איז געווען דער אנהייב פון מיין אנטייל אין דער רעלסן-מלחמה. אכט מאל, פון צען, האבן זיך די אפעראציעס פארענדיקט מיט דערפאלג. מיט יעדן מאל האב איך זיך געפילט אלץ שטארקער, ווי איך וואלט זיך אנגעזאפט מיט נייע כוחות:

נישט מיר זענען געפאלן טויטע אין די גריבער, דאס איז דער שונא צעריסן געוואָרן אין דער לופטן. דא האבן מיר געטשאטעוועט, דא האבן מיר געצאלט מיט בלוט פאר בלוט, מיט טויט פאר טויט.

מ'האט מיך אפט איינגעשלאסן אין קליינע קאמפּס-גרופּעס אויף וויכטיקע אויפ־גאבעס. נאכן ערשטן מאל, ווען די נשמה, דעם אמת געזאגט, איז מיר אריין אין די פּיאטקעס, האב איך באקומען דעם נייטיקן גלייכגעוויכט, און די באגעגענישן מיטן שונא האבן אויפגעהערט צו זיין א גוואלדיקע איבערלעבונג. עס איז גיכער געוואָרן א געוווינהייט; אונדזער נארמאלע ארבעט. פינף מאל האב איך זיך באטייליקט אין אויפרייסן בריקן. די געפערלעכסטע ארבעט האבן אפגעטאָן אונדזערע מינערן. איך האב אין די גרופּעס געהערט צו די, וואס האבן זיי געדארפן פארטיידיקן אין א נויט-פאל.

אט אזא פאל האט זיך מיר איינגעקריצט אינעם זכרון:

אונדזער אפּעראַטיווע גרופּע האט זיך באוועגט אין דער ריכטונג פון נײַ-טשאר־טאריסק. דערנענטערנדיק זיך צום דארף מיעדוויעזשא, זענען מיר געוויוער גע־וואָרן, אז דא, ווו מיר דארפן אויספירן די אויפגאבע, זענען קאנצענטרירט זייער פיל דייטשן און אוקראַינישע פאליציאנטן. אט , נא טעבע! — גיין ווייטער, איז דאס זעלבע ווי אריינפאלן אין א פּאסטקע. אונדזער אנפירער איז געווען א יידישער בחור פון ארום סאַרנע. קיין אנדער אויסוועג איז נישטא: מען מוז זיך אומקערן אין דער באזע. מיר זענען געזעסן אין וואלד און געווארט אויף א באפעל. דער קאמאנדיר אונדזערער האט מיטאמאל באשלאסן:

— רעביאטא, אומקערן זיך צוריק צו סיוווכאן מיט ליידיקע הענט? דאס נישט!

פון אונדזערע אויסשפּירער האבן מיר געוווסט, אז דורך דעם שליאך פארן יעדע פאר שעה דורך פורן מיט פאליציאנטן און דייטשישע זעלנער אין דער ריכטונג פון נײַ-טשארטאריסק.

— לאמיר אפּווארטן אזא גרופּע פון שונאים, און זיי צורעכט מאכן... האט גע־זאגט אונדזער קאמאנדיר און באפוילן אונדז אויסלייגן זיך מיט קליינע אינטער־וואַלן צוואנציק-דרייסיק מעטער פונעם שליאך און ווארטן. — מיר האבן צייט!

אויף א זאמד-ווירבל אויפן וועג האבן מיר זיך דערוווארט ערשט אין אוונט — עס פארן פורן. צוועלף זענען מיר געווען. דער באפעל: נישט שיסן אן א סיגנאל!

מיר האבן פונדערווייטנס באמערקט א פינף-זעקס פורן, אויף יעדן וואגן א פאר דייטשן און א גרופע פוסגייער — אוקראינישע פאליציאנטן; אן ערך צוואנציק מאן.

ווען זיי זענען געווען "אונטער דער האנט" האבן מיר באקומען דעם אפעל:

— פייער!

מיין ביקס האט גענומען "ארבעטן". איך האב געזען, ווי זיי פאלן אויפן וועג די "שיינע לויטע" און איך האב זיי געווונטשן א לייכטן טויט. איך האב צום ערשטן מאל געשפירט אזא פארגעניגן. מיר האבן געשאסן סאלידאר, ריטמיש. נאכגעשיקט קוילן די אנטלויפנדיקע און געזען ווי זיי פאלן. איך האב געזען די, וואס זענען געפאלן פון מיינע קוילן און געווען זיכער, אז דאס איז פון "מיינע". צום ערשטן מאל פון די שוין פילמאליקע צוזאמענשטויסן איז דער שונא אזוי נאענט געווען פון מיר און ס'איז געווען אזוי באקוועם, וואלט איך דאס אנגערופן, אים אוועקצולייגן א טויטן. איך בין געווען איבעררעשט, און ניכטער גלייכצייטיק, ווי עס וואלטן מיר פליגל אויסגעוואקסן.

מ'האט מיך אויך צוגעטיילט צו גרופעס, וואס האבן געהאט די אויפגאבע צו רעק-ווירירן שפייז. אין דער געגנט, ווו עס זענען געווען אונדזערע באזעס, האבן זיך געפונען אונדזערע פריינד. זיי האבן מיר געלאזט צו רו, גארנישט ביי זיי נישט גענומען. מיר פלעגן מיט אונדזערע פורן פארן ווייט, אין דערפער פון אונדזערע שונאים: ביי זיי האבן מיר רעקווירירט מיט פארגעניגן. ביי די באלעבאטים פון נייע דייטשישע ווירטשאפטן, ביי א רייכן סאלטיס, וואס ארבעט מיט מיט די דייטשן, און סתם אין די דערפער מיט א באנדיטישער רעפוטאציע.

נישט זעלטן פלעגן מיר באשאסן ווערן דורך באנדעראוועצעס און ס'פלעגט טרעפן, אז צוזאמען מיט די זעקלעך מעל, קארטאפל, פלייש, פלעגן מיר פירן אויף אונדזע-רע פורן אויך אונדזערע דערהרגעטע... פיל מאל האב איך געזען דעם טויט פון אונ-דזערע פארטיזאנער. צו דעם האב איך זיך נישט געקאנט צוגעוויינען. עס האט אונדז ווייי געטאן, ווי דאס וואלט געטראפן מיט אונדזערע ברידער. אין א פארטיזאנישן אפטייל זענען אויך געפאלן אין א קאמף נעבן קאוועל צוויי מיינע שוועסטער- קינ-דער.

מיר איז אויך אויסגעקומען צו פירן עסנווארג אין די פאמיליע-לאגערן, פאר וועלכע מיר האבן געזארגט. קיין גאנצע משפחות זענען אייגנטלעך אין די פאמיליע-

לאגערן נישט געווען. בלויז שפליטערס: זקנים, יתומים, אלמנות. צוריקקומען פון אזא לאגער פלעג איך שטענדיק א פארצארנטער — זיי האבן ארויסגערופן מחשבות וועגן דעם, וואס מיר האבן פארלוירן; וועגן די ישובים, וואס זענען אויסגעשאכטן געווארן; כ'פלעג זיך דערמאנען דעם טאטן אין דער קאלקער שיל, ווי ער האט מיך א גלעט געטאן און געזאגט: "איך וויל נישט דו זאלסט זען מיין טויט". אט די דאזיקע ווערטער האבן מיר אפט און לאנג געקלונגען אין די אויערן.

.17

אזוי האבן מיר געלעבט, אויספילנדיק יעדעס מאל אן אנדערע אויפגאבע, ביז עס האט זיך צו אונדז דערנעענטערט דער פראנט. דאן האט "דיאדיא פיעטיא" ארויסגעפירט אלע פארטיזאנישע טיילן פון וואלד און מיר האבן געשאפן א צווייטן פראנט אין רוקן פונעם שונא. אויף אלע וועגן, אויף וועלכע די דייטשן פלעגן אפטרעטן, האבן זיי אנגעטראפן אויף מחנות נקמה-נעמער. מען האט זיי נישט גענארפן זוכן. זיי זענען אומעטום געווען, און פון אומעטום אנטלאפן, און מיר האבן זיי אפגעשניטן די וועגן: פגרט אויפן ארט!...

ענדלעך האבן מיר זיך פאראייניקט מיט דער רעגולערער ארמיי, אבער אין אפריל 1944 יאר האט מען ארגאניזירט א פארטיזאנישן אטריאד פון 500 מאן מיט דער אויפגאבע דאס מאל אריבערגיין דעם פראנט ביי קאוועל, און דארט ווידער פירן א נאר-מאלע פארטיזאנישע דיווערסיע-ארבעט. דא זענען מיר געווען גוט באוואפנט, און דאך האבן זיך אונדזערע פרוווון נישט איינגעגעבן. קליינינקע גרופעס איז דאס געלונגען, אבער די הויפט-כוחות זענען געבליבן ווי געווען. דאן איז דער אטריאד צעטיילט געווארן אויף צוויי טיילן, וואס האבן געדארפט זיך אויף וואס פאר-א-נישט אופן "דורכשמוגלען" דורכן פראנט און אריינטרעטן אין קאמף.

דאן זענען מיר זיך צעגאנגען מיט ישראל פייערמאנען. זיין גרופע איז אוועק קיין ראוונע, און מיר — אין דער ריכטונג פון ראזשישטש. מער האב איך אים נישט געטראפן. זיין גורל איז מיר נישט באוווסט. איך האב ביי יעדער געלעגנהייט זיך נאכגעפרעגט וועגן אים. מען זאל אים האבן געזען אין קיווערצע, אין א מונדיר פון א רויט-ארמייער, אנדערע האבן אים געזען אין לובלין. וואס ס'האט מיט אים פאסירט אין דער אמתן, ווייס איך נישט. געוויס איז ער אומגעקומען, אבער ווו און ווען — דאס איז מיר נישט באקאנט.

מיר זענעןביידע געווען איבערצייגט, אז מיר וועלן זיך טרעפן נאך דער מלח-מה און זיך וווּנדערן, אז ביידע זענען מיר פון איר ארויס מיט גאנצע ביינער. ער האט געהאט עטלעכע מיליטערישע אויסצייכענונגען. אויך איך בין באלוינט גע-ווארן פאר שלאכט-פארדינסטן מיט מעדאלן און, אויפן סמך פון א באשלוס פונעם אויבערראט, האב איך אויך באקומען דעם ארדן פון דער "פאטערלענדישער מלחמה פון דער צווייטער מדרגה". נישט באשערט געווען, מיר זאלן זיך טרעפן גאנצע, לעבע-דיקע; זיצן און דערמאנען זיך אלץ, וואס מיר האבן דורכגעמאכט...

ווי געזאגט, בין איך מיט א גרופע געשיקט געווארן קיין ראזשישטש. צען קילא-מעטער הינטער דעם דאזיקן שטעטל בין איך דורכגעגאנגען א שול פאר אונטעראפיצירן. עטלעכע וואכן שפעטער האט מען מיך אריינגערופן אין א פאלאטקע, אין וועלכער עס זענען געזעסן אפיצירן פון העכערן ראנג. דארט זענען געווען נאך עטלעכע ארײַנ-גערופענע פארטיזאנער. מען האט פארפירט מיט אונדז א שמועס, און צום סוף מיט-געטיילט, אז מיר ווערן צוגעטיילט צו אן אויסשפיר-פארמאציע. יעדער, ווער עס וויל, האט די רעכט זיך אפצוזאגן, ווייל אין דער דאזיקער טייל ווערט מען גע-שיקט לויטן פרינציפ פון פרייוויליקייט. דערביי האט מען אונדז אויך אינפארמירט מיט וואס פארא סכנות אונדזער ארבעט וועט זיין פארבונדן. דער עיקר וועט זיין — ארויסשלעפן פון די אקאפעס לעבעדיקע דייטשן און זיי ברענגען. הכלל, מיר וועלן נישט בלויז קליבן אינפארמאציעס, נאר דער עיקר קריגן "צינגער". איך האב נישט געטראכט און גלייך געגעבן מיין הסכמה. אבער, ווען איך האב אפגערא-פארטירט און געוואלט שוין ארויסגיין, איז אויפגעשטאנען א קאפיטאן, ארויפגע-לייגט זיין האנט אויף מיין אקסל, לאנג מיר געקוקט אין די אויגן און געזאגט:

— הער אויס, ברודערל, מיר דארפן האבן מענטשן, וואס האבן שוין אלץ פאר-לוירן און האבן שוין מער נישט וואס צו פארלירן, חוץ זייער אייגן לעבן; האבן נישט קיין טאטעס, קיין מאמעס, קיין קרובים — זיי זענען אויסגעשאכטן, אומגע-בראכט געווארן. דו ביסט אזא און איך בין אזא...

איך בין איינגעשלאסן געווארן אין דער איינאונפערציקסטער ספעציעלער אויס-שפיר-ראטע. דער קאפיטאן איז געווען מיין קאמאנדיר. עס האט זיך אנגעהויבן א גרינטלעכע אויסשולונג — אלץ, וואס מען דארף קענען ביי אזא ארבעט. ערשט, ווען דער קורצער "אוניווערסיטעט" איז דורכגעמאכט געווארן, זענען מיר אין א

גרופע פון פינף אוועק אויף אן אויפגאבע און זיך צוריקגעקערט מיט ליידיקע הענט. די צווייטע נאכט האבן מיר געבראכט צו שלעפן א דייטשישן זעלנער, אבער קיין גרויסע מציאה איז דאס נישט געווען. אין דער דריטער נאכט האט מען אפגעקליבן צוועלף אויסשפירער. זיי צעטיילט אין צוויי גרופעס צו זעקס. אונדזער קאמאנדיר, דער קאפיטאן, האט אונדז געזאגט:

— געדענקט, איר גייט אויף א געפערלעכער אויפגאבע. ביי קאוועל זענען אראפ-געבראכט געווארן צוויי נייע עס-עס-דיוויזיעס, מען האט געבראכט "טיגערס" און "פערדינאנדן". מיר טארן זיך פונדאנען נישט רירן. מיר שיקן ארויס פיל גרופעס, מיט איינער גיי איך אליין אויך. עס איז זייער וויכטיק צו דערוויסן זיך דאס, וואס מיר מוזן וויסן. איך גלייב, אז עס וועט אונדז געלונגען. נו, מיט גליק!

מיר זענען געגאנגען פארזיכטיק און רוישלאז. זיך דערנעענטערט צום טייך טו-ריע. מיר האבן אים געדארפט אדורך און זיך פארקליבן אין רוקן פון די דייטשן. צווישן אונדז זענען געווען צוויי געניטע אויסשפירער, וועמען ס'האט אלעמאל אפגעגליקט. זיי האבן געוווסט וויאזוי א נעם צו טאן א "צונג" און "זיי" זאל נישט באוויייזן דאס מויל צו עפענען...

עס איז געווען א כמארנע, טונקעלע נאכט. מיר האבן זיך אין אונדזערע געפלעק-טע מאסקיר-כאלאטן באוועגט, קריכנדיק אויף די בייכער. צוויי פארויס, און פיר אויף אן אפשטאנד פון זיי. צום סוף האבן די צוויי, שנעל ווי קעץ, זיך גענומען באוועגן פארויס, און מיר זענען געלעגן גרייטע צו עפענען א פייער, אויב מיט זיי וועט עפעס פאסירן אומגעריכטס. פלוצלינג האבן מיר דערהערט סעריעס פון אוי-טאמאטיש געווער. די דייטשן האבן ארויסגעשאסן א ליכט-ראקעטע און ס'איז ליכטיק געווארן ווי אין מיטן טאג. פון חשכות זענען ארויסגעריסן גרויסע שטחים. די רא-קעטע האט זיך אויסגעלאשן און עס איז שטיל געווארן. איך האב דערפילט, אז איך בין אינגאנצן נאס. איך האב אנגערירט מיט דער האנט דעם לינקן פיס, דערפילט א ווארעמע, קלעפיקע פליסיקייט, און צוזאמען מיטן אומגעוויינלעכן ווייטיק איז געקומען צו מיר דער געדאנק: "איך בין פארוואונדעט". איך האב געהערט ארום זיך א רוישלאזע באוועגונג און א שטיל קול אויף רוסיש. צוויי זעלנער האבן מיך א-וועקגעלייגט אויף א ברעזענט פון א מאסקיר-כאלאט און פארזיכטיק מיך ארויסגע-שלעפט צום וועג.

דער סך-הכל: פון אונדזער גרופע זענען צוויי דערהרגעט געוואָרן, צוויי שווער פאַרוווּנדעט, און צוויי זענען אַרויס גאַנץ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן גאָר אַן אַנדער מין לעבן: פון אַ מעד-פּונקט צו אַ מעד-פּונקט; פון אַ שפּיטאָל צו אַ שפּיטאָל — אַ וואַנדערונג אויף רעדער. אומעטום קומט מען צו איין אויספיר: מען מוז מיר אַמפּוטירן דעם לינקן פוס. איך האָב זייער פיל בלוט פאַרלוירן און געוווּען זייער אָפּגעשוואַכט. מ'האָט געזאָגט, אַז אויב איך בין נישט מסכים צו אַמפּוטירן, דראָט אַ גאַנגרענע און דאָס הייסט — דער סוף. אָבער איך האָב געהאַט איין ענטפער:

— ניין און ניין. אויף אַן אַמפּוטאַציע בין איך נישט מסכים. — די ווייטיקן האָבן זיך פאַרשטאַרקט, איך בין די נעכט נישט געשלאָפן.

פון שפּיטאָל צו שפּיטאָל, און זיך דערקליבן קיין קירגיזיע. מיר האָט זיך אויס-געדאַכט, אַז ס'איז עק וועלט. דאָ האָט זיך די ערד געענדיקט, און ווייטער איז חלל.

אין קירגיזיע האָב איך געפונען מיין מלאך הגואל. אַ פרוי אין די מיטעלע יאָרן האָט זיך צו מיר דערנעענטערט, מיך אָנגעקוקט און אַט האָב איך דערוואַרט, אַז איך וועל ווידער הערן דאָס זעלבע, וואָס איך האָב שוין אַזוי פיל מאָל געהערט: "ריע-זאַט" — שניידן. אָבער זי זאָגט נישט. זי באַטראַכט די וווּנד, בלעטערט פּאַפּירן און שטרייכט אונטער עפּעס. איך האָב געמיינט, אַז דאָס האָט זי דעם שטריך געמאַכט אונטער מיין פילמאַליקער דערקלערונג, אַז איך בין נישט מסכים צו לאָזן זיך אַמפּו-טירן דעם פוס. צום סוף האָט זי געזאָגט:

— מיר וועלן אַלץ טאָן, גוט באַטראַכטן, און אפשר טאַקע אָפּראַטעווען דיין פוס און מען וועט נישט דאַרפן שניידן...

אין דריי וואָכן שפּעטער בין איך נאָך עטלעכע אָפּעראַציעס אָפּגעשיקט געוואָרן קיין פערגאַנאַ אין דער איבערציייגונג, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג. זיבן חדשים בין איך נאָך געלעגן אין דעם דאָזיקן שפּיטאָל. צום סוף האָט מען מיך אויסגעשריבן: פּאָר!

.18

פּאָר! ווּ פאָרט מען? ווּ איז מיין היים? וועמען האָב איך אויף דער וועלט? אַ וועלט איז פאַראַן אַ גרויסע, און איך — וווּהין זאָל איך פאָרן? אין וועלכער ריכטונג? מיט צוויי קוליעס, אַן אומבאַהאָלפענער. איך זיץ אַ צעבראָכענער אויף

מיין בעטל, וואס איך דארף פארלאזן. זאגט צו מיר מיין שכן אויפן צווייטן בעטל נעבן מיר, וועלכן מ'האט אויך אויסגעשריבן.

— סיעניא, פאר מיט מיר צוזאמען, צו מיין מאמען!

איך בין מיט אים אוועקגעפארן אין א דארף הינטער אדעס. אן עלנטער, אן איבעריקער, האב איך באקומען מוט: און ס'זענען דאך פארט פאראן גוטע מענטשן אויף דער ערד! א חודש צייט האב איך געוווינט צוזאמען מיט זיין משפחה, און זיין מאמע איז פאר מיר אויך געווען א מאמע. גלייך ווי ער, פלעג איך אויך אינדערפרי באקומען אין בעט ווארעמע מילך. זיין מוטער האט ארום מיר נישט ווייניקער געהאָרעוועט, ווי ארום איר אייגענעם זון. דארט בין איך געקומען צו זיך, זיך אנגענומען מיט כוח, זיך אויסגעלערנט גוט ארומשפרינגען אויף די קוליעס, זיך שוין נישט געפילט אזוי הילפלאז. דאן האב איך זיך געזעגנט מיט די דערווארבענע פריינד און אפגעפארן קיין קאוועל. לאמיר זיך דארט קודם-כל ארומקוקן: אפשר איז פארט עמיץ איבערגעבליבן...

איך האב באזוכט קאוועל, לוצק, ראוונע, מאניעוויטש — אומעטום חורבות, פארברענטע הייזער, ברוכווארג, אש. קיין איין באקאנט פנים. איך בין געפארן פון שטאט צו שטאט, געשטאנען אויף מיינע צוויי קוליעס און געפילט אזא ווייטיק אין מיין הארץ — נישט איבערצוגעבן... די חורבות האבן "גערעדט" צו מיר, געיאָמערט, אויסגעליידיקט מיין נשמה, פארוואנדלט אלץ אין מיר אין א מדבר און איבערגעלאזט בלויז דעם ווייטיק, בלויז דעם ווייטיק...

קיין קאלק בין איך נישט געפארן. צו דעם האט מיר פארפעלט כוח.

*

איבער בערג,

* * * * * איבער טאלן,

* * * * * * * * * * * איבער אלע שבעה ימים

ק א ל ק. דאכט זיך וואס? — א ברעקל שטעטעלע. א פינטעלע אין וואלין, ווו טרעפט מען נישט קיין קאלקער יידן?! צעזייט און צעשפּרייט איבער אלע זיבן ימים. די ברידער-קברים ביי די ביאלע ברעגעס — דאס איז דער קבר פון קאלק. דא איז... קאלק! אבער יחידים? ווו האט זיי דער גורל נישט פארטראגן? אויף וועלכע וועגן און שטעגן, וועלדער און פעלדער האבן קאלקער נישט אפּגע-געבן זייערע נשמות? ווו געפינט מען נישט קיין טראפּנס בלוט זייערס, דעם לעצטן עכא פון זייערע ליידן?

באלד, ווי ס׳איז אויסגעבראכן די מלחמה, האבן פול פון די מאביליזירטע, נאך איידער זיי זענען אנגעקומען צו די ערטער, ווו זיי זענען באשטימט גע-ווען, געפאלן אויף די באמבארדירטע וועגן, אדער אין קאמף מיט די דייטשישע פאראשוטיסטן, אדער פארלוירן געגאנגען ערגעץ אן א שפור. וועגן טייל ווייסט מען עפּעס, וועגן פיל — גארנישט. און אויך וועגן די אלע, וואס וועגן זיי-ערע גורלות ווייסט מען יא עפּעס, וועל איך נישט רעדן. מען וואלט געדארפט אויף דעם בענדער. די, וואס זענען אנגעקומען אין זייערע טיילן, זענען אויך נישט גלייך אריינגעטראטן אין שלאכט, ווי אפּשטאמיקע פון די מערבדיקע פּרא-ווינצן, זענען פיל פון זיי איבערגעפירט געווארן אינעם הינטערלאנד, נישט ווייניק — אין די ארבעטס-באטאליאנען. מיט אנדערע האט דער גורל געמאכט קאמפּלי-צירטע זיגזאגן, וואס האט זיי געבראכט אין פארשידענע ארמייען. ניין, וועגן אלעמען און אלע וועל איך נישט דערציילן. אין דאזיקן קאפּיטל — בלויז וועגן דריי: וועגן נפתלי אינקעלסן, וועמען דער מזל האט געבראכט אין די טשעכאסלא-וואקישע טיילן, וואס זענען געשאפן געווארן אין ראטנפארבאנד; וועגן יצחק

סימא, א קאלקער, וועלכער האט דורכגעמאכט דעם קאמפּס-וועג פון דעם יידישן לעגיאָן אין דער ענגלישער ארמיי, וואס איז באשטאנען פון פאלעסטינער יידן, און וועגן סידנעי מאקס, וועלכער האט געקעמפט אין די רייען פון דער אמערי-קאנער ארמיי.

וועגעלעך און שטעגעלעך האבן געפירט פון קאלק אין דער גרויסער וועלט א-ריין. אין די געמיטער מיטגענומען זייער געבוירן-ארט: דאס ווינקעלע, ווו זיי האבן די שיין דערזען, דעם וועג אין לעבן אנגעהויבן.

*

## נפתלי אינקעלעס

צווישן די, וואס זייער וועג אין דער מלחמה האט געפירט דורך שווערער פיזי-שער ארבעט אין די ארבעטס-באטאליאנען, איז געווען נפתלי אינקעלעס.

איך האב געדענקט נפתלין ווי א קליין יינגל, אבער לאנג נישט געוווסט, אז ער איז א יתום און, אז מאטל אינקעלעס איז נישט זיין טאטע, נאר זיין ברודער. מאטל אינקעלעס איז געווען א תבואה-סוחר און גערירשנט דאס פון זיין זיידן און טאטן. מען פלעגט דערציילן, אז ביים איינקויפן דינגט זיך נישט מאטל מיט די פויערים. ער גיט נאר א קוק אויף דער סחורה און לייגט פאר א פרייז. און דאס איז שוין ווי אן אורטייל, וואס קאן נישט געענדערט ווערן. די פויערים פלעגן גוואלדעווען, זיך דינגען, אבער "אפשריייען" פונעם געשטעלטן פרייז נישט געקאנט. מאטל איז געבליבן ביי זיינס. די פויערים פלעגן לסוף נאכגעבן און אוועקפארן צו-פרידענע. ער איז געווען תמיד באהערשט. געשטאנען, ווי פארטראכט, מיט א פינגער אויפן מויל און רואיק געווארט ביז דער פויער האט געגעבן זיין הסכמה אויפן פרייז. מען האט זיך מיט אים גערעכנט אין שטעטל. נישט ווייניקער ווי מיט סענ-דער שפיץ, א באלעבאס פון א שוך-קראם; נישט ווייניקער ווי מיט דעם באלעבאס פון אן אייזן-קראם פנחס גוז, ווי מיט כאצקל דאנציקער און אנדערע חשובע סוחרים פון שטעטל.

נפתלי אינקעלעס האט געהערט צום זעלבן טיפ מענטשן ווי זיין עלטערער ברודער מאטל. שוין אלס א יינגער בחור האט ער זיך גענומען צו פרנסות, וואס נישט יע-דער וואלט געהאט צו דעם איינשטעלעניש. דהיינו: מיט יצחק ווערבע אלס א שותף, האט ער אין פינסק געקויפט א בארקע און ארגאניזירט א וואסער-טראנספארט מיט

לוצק. פויערים פלעגן פונעם ברעג שלעפן די בארקע מיט שטריק (אנגעלאדן געווען מיט געהילץ) קיין ראזשישטש, קיין סאקיל, און צוריק — פירן אנדערע סחורות. ער איז געווען א געוואגטער מענטש, אט דער נפתלי אינקעלעס. ווען ער איז אין אנהייב קריג פארוואָרפן געווארן אין אן ארבעטס-באטאליאן אין ווייטע וועלדער, האָט ער צו זיך א זאג-געטאן: "דאס איז נישט פאר מיר. מען האט מיך מאביליזירט, דעריבער איז מיין ארט געוויס נישט דא." אין דער שטאט בוזולוק האט ער גענומען זוכן וועגן צו דער ארמיי — צום פראנט.

קיינער קאן נישט וויסן דעם מארגן זיינעם, אפילו דאן, ווען ער מערקט זיך אים אן. דארף זיך טרעפן, אז די געשעעניש האבן דווקא דארט אין בוזולוק געהאט א פארלויף — א נישט-פארויסגעזעענעם. דארט, אין בוזולוק, איז ארגאניזירט געווארן די פוילישע ארמיי אין ראטנפארבאנד בראש מיטן גענעראל אנדערס. אנשטאט איינצושליסן זיך אין די קאמפן אויפן סאוויעטיש-דייטשישן פראנט, איז די ארמיי, צוליב אייגענע פאליטישע מאניפולאציעס, אוועק קיין איראן, און די זעלבע באזע /אין בוזולוק/ איז געווארן דער שטח, אויף וועלכן ס'האבן זיך פארמירט די ערשטע טיילן פון די טשעכאסלאוואקן. און אט: צווישן די זעלנער פון "פערווי פאָלני פראַפאָרט" האט זיך געדארפט געפונען דווקא א קאַלקער, נישט קיין אנדערער, נאר נפתלי אינקעלעס...

נאך פיר חדשים אינטענסיווע איבונגען און צוגרייטונגען איז די טייל אוועק אין דער ריכטונג פונעם פראנט — אויף מערב.

גיך און לייכט דערציילן זיך נאר מעשהלעך. עס האבן געדויערט לאנגע וואכן, ביז דער עשעלאן מיטן טשעכאסלאוואקישן מיליטער איז אנגעקומען אויפן פראנט און גענומען זיך באטייליקן אין שלאכטן. נאכן צופארן מיטן עשעלאן, איז פארגעשטאנען א שווערער מארש פון 350 קילאמעטער. מען איז געגאנגען ביינאכט, און בייטאג — פלעגט מען זיך פארשטעקן אין ריוון, אין חרובע הייזער, אין וועלדלעך. מען איז ווייניק געשלאפן. ארבעט געפינט זיך שטענדיק פארן זעלנער. נישט ער זוכט די ארבעט, די ארבעט זוכט אים. און געווײנלעך, זענען דאס ארבעטן, ווי זאגט מען עס, גאנץ קנאפ אטראקציאנעלע. ביי פרעסט, אין שניי, ביי ווינטן — געגאנגען. נאך א צען-צוועלף קילאמעטער — א קורצער אפרו, און ווייטער — פארויס, פארויס — ביזן פרימארגן. דער פראסט נעמט דורך די ביינער, די אויגן פאַרקלעפט מיט כפור;

דער שלאָף פֿאַדערט זײַנס. ס'גליסט זיך נישט אויפֿהייבן, אָבער שרײַ: חי וקים! — דער באַפֿעל איז שטאַרקער פֿון מענטשן, ער וויל נישט וויסן קיין: "איך קען נישט". תּמיד, ווײַזט זיך אַרויס, אַז מען מוז — קאָן מען... די זעקסטע נאַכט. שוין נאָענט פֿונעם פֿראָנט בײַ כאַרקאָוו. וואָס ווײַטער אַלץ אָפֿטער טרעפֿט מען דערהרגעטע דײַטשן. פֿונאַונטערן שנײ שטאַרצן אַרויס גופֿים, הענט פֿיס און...אויגן, אויגן ווי קײַלעכדיקע שטיקלעך גלאָז. עס איז צו זען, אַז די דײַטשן האָבן דאָ באַקומען לויט זייערע פֿאַרדינסטן. שווערע און לײַכטע אַרמאַטן, מינענוואַרפֿער, לאַסט-אויטאָס און פֿויערישע וועגענער — אַלץ איבערגעלאָזט אין פּאַניק, אַבי צו ראַטעווען דאָס לעבן... דערשאָסענע פֿערד, טויטע דײַטשן. — "נאָך וואָס זענט איר געקומען אַהער? ווער האָט אײַך אַהער פֿאַרבעטן?" — געקומען, און באַצאָלט מיט די לעבנס!

עס האָט זיך אָנגעהויבן דער דירעקטער קאַמף. דאָס, וואָס פֿאַר די פּוילישע טײלן איז געווען לענינאַ — דער אָנהייב דורך שלאַכטן צום נצחון, דאָס איז פֿאַר די טשעכאָסלאָוואַקן געווען דאָס דאָרף סאָקאָלאָוו — אויף אוקראַיִנע.

פֿון וועמען האָב איך באַקומען די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציעס און דערציילן זײַ פּונקט אַזוי, ווי איך וואָלט געווען דערבײַ? דאָס האָט מיר דערציילט נפֿתּלי אינקעלעס. אָבער נפֿתּלי אינקעלעס האָט נישט ליב צו דערציילן זײַן מלחמה-עפּאָפּעע, ווי דאָס טוען אַנדערע. ער פֿאַררופֿט זיך אויף דאָקומענטן — קלײַב זיך אַלײן פֿאַנאַנדער. פֿון די פּאַפּירן וועסטו זיך דערוויסן וועגן די לענדער און שטעט, דורך וועלכע עס איז אַדורך דער טשעכאָסלאָוואַקישער באַטאַליאָן. זײַן וועג איז געווען מײַן וועג. און אָנגעהויבן האָט ער זיך אינעם דאָרף סאָקאָלאָוו, ווו אונדזער באַטאַליאָן "פֿערוווי פּאָלני פּראַפּאָר" האָט זיך צונויפֿגעשטויסן מיט דער עס-עס פֿון דער דיוויזיע "טאָטענקאָפּף".

איך האָב געהאַט געדולד. "אַרויסגעצויגן" בײַ אינקעלעסן, וואָס ס'האָט זיך געלאָזט, און ווען כ'בין צוריקגעקומען פֿון ניו-יאָרק קיין וואַרשע, האָב איך זיך נישט געפֿוילט און מיט דאָקומענטן באַזוכט דעם טשעכאָסלאָוואַקישן קולטור-צענטער אין דער פּוילישער הויפּטשטאָט, און דאָרט זיך דערוווּסט דאָס איבעריקע; אײַגנטלעך באַקומען אַ באַשטעטיקונג דערפֿון, וואָס איך האָב שוין לפֿי-ערך געוווּסט.

אינעם קולטור-צענטער האָט מען אַרײַנגערופֿן עטלעכע געוועזענע מיליטערלײַט, מיט אַנדערע האָט מען זיך פֿאַרבונדן טעלעפֿאָניש, כּדי צו באַקומען ידיעות וועגן

דעם קאמפּס-וועג פון נפתלין: אין וועלכע שלאכטן ער האט זיך באטייליקט. דער איצטיקער גענעראל רייכליאוו, ווען מ'האט מיט אים געפירט א טעלעפאן-געשפרעך, איז געווען אויפריכטיק געריהרט. א, ער געדענקט זייער גוט דעם זעלנער אינקע-לעס, געדענקט אים נאך פון בוזולוק. פיל נעמען האט ער באוויזן פאר דער צייט צו פארגעסן, אבער דעם נאמען געדענקט ער גוט. אזויגע פאמיליעס טרעפט מען נישט.

איך האב זיך דערוווּסט דאס זעלבע, אבער פיל מער וועגן נפתלין, ווען די איינגעבוירענע באשיידנקייט האט געשטערט צו דערציילן אלץ. ער האט געהאלטן אין איין איבערחזרן: "איך בין קיין העלד נישט געווען. געווען ווי אלע". אבער מיינע טשעכאסלאוואקישע מיטשמועסער האבן געדענקט, זייער גוט געדענקט די ערשטע שלאכט. עס איז געווען א שטאק-פינצטערע נאכט. פונעם שווארצן הימל האט געכליא-פעט מיט שניי, געמישט מיט רעגן, און עס איז געווען אימהדיק קאלט. ביי דער ערש-טער באגעגעניש מיטן טויט קלאפט דאס הארץ שטארקער, ווי בעת דער ערשטער נאכט מיט דער באשערטער. עס איז קאלט און עס פליוכעט, נאר באלד וועט זיך אנהייבן, אנהייבן און ס'וועט ווערן הייס...

נפתלי האט מיר דערציילט, אז די שלאכט ביים טייך מזשאר איז געווען א שווע-רע און פיל זענען דארט אומגעקומען: טשעכן, סלאוואקן, קארפאט-אוקראינער און גאר פיל יידן.

מיין טשעכישער מיטשמועסער האט אויך אנגעהויבן דערמיט, אז ס'איז געווען שווער, פיל קרבנות:

— קעגן אונדז איז געשטאנען די עס-עס-טאנקען-דיוויזיע "טאטענקאפף". זיי זענען געווען אנטשלאסן אונדז נישט דורכלאזן איבערן פארפרוירענעם טייך. מיר האבן באקומען א באפעל אים אריבערגיין. מיר זענען געגאנגען דורך א שלאקס-פייער פון פארשידענע מינים געווער, געגאנגען ווי דורכן גיהנום אליין. געגאנ-גען צווישן געשרייען פון די פארוואונדעטע, צווישן די קערפערס פון אונדזערע טויטע חברים. ווען עס איז גוט פינצטער געווארן, האבן די דייטשן באלויכטן דעם טייך מיט רעפלעקטארן, מיר זענען צוגעקוועטשט געווארן צום אייז דורך א געדיכטן קרייץ-פייער. אבער אייז איז נישט די מוטערל-ערד, ווו מען קאן זיך איינגראבן. דאס אויפגעריסענע אייז איז אויך א שונא: זיינע שפליטערן פארוואונדן, קאליע-טשען...

די לעבנגעבליבענע האבן אבער דערגרייכט דעם צווייטן ברעג. צווישן זיי איז געווען אונדזער קאלקער, נפתלי. בעת דער איבערגרופירונג האט זיך נפתלי געפונען אינעם דארף ארכיפּאווקע. אהין האבן די דייטשן איבערגעטראגן זייער גאנצן פייער-צארן. דארט איז נפתלי פארוווּנדעט געווארן, און מיט אנדערע פארוווּנדעטע איבערגעפירט געווארן קיין כארקאוו.

מעדפונקטן, שפּיטאלן. און ווידער איז נפתלי צוריק אין די רייען. שוין נישט אלס א געוויינלעכער זעלנער, נאר — א "סעטניק". צוזאמען מיט דער סאוויעטישער ארמיי געפונען זיך די טשעכאסלאוואקישע טיילן ביים דניעפּר. קעגנאיבער זיי די הויפּטשטאט פון דער אוקראינישער סאוויעטישער רעפּובליק — קיעוו. הונדערטער מעטער טיילן זיי אפּ פון איר. די פּאנטאן-בריקן, וואס די סאפּערן בויען, ווערן דורך דער דייטשישער אוויאציע צעשמעטערט איידער זיי דערגרייכן צום קעגנאיבערדיקן ברעג. מען פארסירט דעם טייך מיט דער הילף פון צונויפגעקלאפּטע טראטוועס פון מאטעריאל, וואס מען קאן געפונען אונטער דער האנט: אראפּגענומענע טירן פון די זאוויאסעס, קלעצער, ברעטער, פעסלעך, פארקאנעס; אלץ, וואס האלט זיך נאר אויף דער אויבערפלאך פונעם וואסער, און, נאטירלעך, אויף שיפלעך — אלערליי און פון פארשידענער גרייס. אבער די דייטשן באפאלן זיי מיט אלע מיטלען. דער דניעפּר פייערט און ברענט. אין פייער און בלוט שווימען די זעלנער, האלטנדיק די ביקסן איבער די קעפּ. די טויטע פארטראגט דער שטראם. און צווישן די שטורמענדיקע, וואס קיין שום כוח איז זיי נישט אומשטאנד צו פארהאלטן, איז פאראן א קאלקער בחור — נפתלי אינקעלעס, א שליח פון זיין געבוירן-ווינקל אויף דער ערד.

די טויטע שווימען אין דער אייביקייט; די לעבעדיקע — פאראויס! דער ציל: פארנעמען קיעוו!

עס ווילט זיך מיר ציטירן די ווערטער פונעם גענעראל סוואבאדא וועגן אט דער שלאכט:

"מיין באפעל האבן אונדזערע זעלנער דערהערט פונקט אין דעם מאמענט, ווען עס האט זיך אנגעהויבן און אומדערהערטע ביז דאן ארטילערישע צוגרייטונג. אונדזערע ארמאטן, די "קאטיושעס" פון אונדזערע שכנים, האבן א שלײַדער געטאן א ים מיט פייער קעגן דעם שונא. אויף יעדן קילאמעטער האבן העכער דרייהונדערטאונפופציק שווערע ארטילעריע-אײַנסן געדונערט אויפן פראנט. דערין נישט אריינגערעכנט די

מינענוואַרפער, קלענערע אַרמאַטן, שווערע קוילנוואַרפער און די לעגענדאַרע "קאַ-טיושעס". אין פאַרלויף פון פּרעציק מינוט האָט דאָס פייער געצונדן, געבראָכן, צע-שמעטערט און דורכגעריסן די פּאַרטיידיקונג פונעם שונא. -עס איז דאָרט גאָרנישט נישט איבערגעבליבן חוץ גריבער, אויף שטיקער צעריסענע מענטשלעכע קערפּערס, הונ-דערטער פאַרברענטע טאַנקען און לויפנדיקע פון אָרט צו אָרט, ווי צעדולטע — עס-עס-לייט. נאָך דעם האָבן זיך אַ ריר געטאָן פון אָרט אונדזערע זעלנער."

נפתלי האָט מיר שוין געהאַט דערציילט, אַז ער און זיין גרופּע אויסשפּירער זע-נען קיין קיעוו אַריין צווישן די ערשטע. ער האָט צוגעגעבן: קיינמאָל האָב איך אָ-בער נישט געוואָלט אַזוי לעבן בלייבן ווי דאָן; ערגעצוואו פאַרקריכן מיט מיינע זעלנער. אָבער פּאָר אַ זעלנער איז דער באַפעל שטאַרקער פון דער טייוולאַנישער שרעק. ער איז גובר אַלע געפילן, און בלויז ער, דער באַפעל, איז גילטיק. אין דעם באַשטייט דער כוח פונעם מיליטער. קיין זאַך קאָן נישט, און טאָר נישט, פאַרהאַלטן אין אויס-פירן דעם באַפעל. צו דעם דאַרף מען קיין העלד נישט זיין. דער כוח שטעקט אין דעם געמיינזאַמען אַנגריף-געפיל פון אַלע, פון אַן אָרגאַניזם, אין וועלכן דו ביסט בלויז אַ קליינער לעבעדיקער טייל.

אומעטום בערג ברוכוואַרג, ריוון, גריבער, איינגעהויקערטע ווענט, וואָס וואַרטן בלויז דו זאָלסט זיך צו זיי דערנענטערן, און נאָכדעם וועלן זיי ערשט איינפאַלן און דיך באַגראָבן אונטער זיך. זעלנער מיט היציקע געהירן הערן, דאַכט זיך, זייער טייוולאַנישן געלעכטער ביים איינפאַלן. דער רויך איבער דיר איז גע-דיכט, ווי דו וואָלסט זיך באַוועגט אין די וואָלקנס. זעסט, דאַכט זיך, פּאָר זיך אַ גאַס, און פּלוצלינג פאַלט זי איין. מען דאַרף זיך באַוועגן שנעל אין דער טיף פון די געסלעך און נישט טראַכטן וועגן גאָרנישט, גאָרנישט, חוץ וועגן דעם — דורכגיין און פאַרניכטן דעם שונא. ווער דעצידירט אין די כהרף-עינדיקע באַשלוסן ביים איבערלויפן אַ גאַס, ביים פאַרשטעקן זיך הינטער אַ ראָג — דיין טרוקענער שכל, אָדער עפּעס, וואָס איז שטאַרקער פון אים — דער לעבנס-אינסטינקט, אַ געפיל עפּעס, וואָס זאָגט דיר ווי אַ בליץ אונטער: "דאָס טו יאָ, און דאָס — נישט!" אין שלאַכט איז דער גייסטיקער מצב פון מענטשן אַן אַנדערער, אַ דינאַמישער, אַ קאָלאָ-סאַל-קאָנצענטרירטער, אַפּאַראַטיווער. ווער ווייסט וואָס! איינס אין צווייען: אויס-פירן דעם באַפעל און בלייבן לעבן. זיגן און בלייבן לעבן! זיי אַ חכם! — די

קוילן פליען צו דיר פון יעדן פענצטער, פון יעדער טיר, פון קעלערס, פון בוידעמס, פון קוימענס, פון א דאך. אלץ וויל דיין גוף, דיין לעבן, און דו?...לעבסט. אזוי-פיל נצחונות פאראן אין יעדער מינוט, וואס דו בלייבסט לעבן. די לופט שטיקט, דאס וואסער באגיסט די גאסן, אלץ ארום ברענט. און דו... לעבסט און דו קעמפסט! איך בין אין קיעוו אפילו נישט פארוווּנדעט געווארן.

אט איז א דאקומענט:

*"פרעזידענט פון דער טשעכאסלאוואקישער רעפובליק*

*פאר העלדישקייט און געוואגטקייט ביים באפרייען די שטאט קיעוו פון די היטלעריסטישע חיילות באקומט דער סאטניק נפתלי אינקעלעס דעם ערשטן טשעכאסלא-וואקישן מלחמה-קרייץ, געגרינדעט אין 1939".*

אונטערשריפט: *"אין נאמען פונעם פרעזידענט גענעראל סוואבאדא"*

אינעם טשעכאסלאוואקישן קולטור-צענטער קלערט מען מיר אויף, אז דער מלחמה-קרייץ איז די העכסטע מיליטערישע אויסצייכענונג אין דער רעפובליק און ווערט צוגעטיילט בלויז פאר ספעציעלע אויפגאבעס אין שווערע באדינגונגען.

כארקאוו און קיעוו זענען נישט געווען די איינציקע עטאפן. נפתלי האט דער-מאנט בלויז א רײ פונקטן פון זיין קאמס-וועג: קאריסטין', ביאלא צערקאוו, בא-זונדערס שווערע קאמפן זענען פארגעקומען ביי דער שטאט זאשקאוו.

נפתלי רעדט נישט קיין סך. א דאקומענט:

*"פרעזידענט פון דער טשעכאסלאוואקישער רעפובליק*

*דער פלוטאנאווי נפתלי אינקעלעס ווערט פאר העלדישקייט און דרייסטקייט, ארויסגעוויזענע ביים באפרייען די שטאט זאשקאוו, באלוינט מיטן ערשטן טשעכא-סלאוואקישן מעדאל פאר דרייסטקייט."*

איך שמועס אין ניו-יארק מיט דעם קאלקער. עס איז א לאנגער שמועס וועגן אלץ, און נאטירלעך ער פארלויפט נישט כראנאלאגיש לויט די געשעענישן. בלויז אין א ראמאן אדער אין א פילם, וווּ אלץ איז געארדנט נישט מיטן כוח פון לעבן, נאר ווי דער מאטעריאל איז בפירוש, כחומר ביד היוצר, און מען קאן מיט אים מאכן, וואס מען וויל, אין דעם אויך צומאכן די אויגן און זיך איבערטראגן אין דער פארגאנ-

געגהייט, פונקט ווי די קעגנוואַרט וואָלט אייגנצייטיק נישט געווען אַנוועזנדיק און קאַרעגירט, אינטערפּרעטירט, פונדאַסניי אויפגעלעבט און פונדאַסניי באַשאַפן — איז מעגלעך אַ האַרמאָנישע געאָרדנטקייט. ווי אַלץ אין לעבן, איז אויך אַ שמועס אָן איבערדערציילטער, אַנדערש ווי אין לעבן, און דאָס מיינט ווייניק כאַאָטישער און מער געאָרדנט — עס איז דאָך שוין אַחר המעשה. איך וויל נישט שאַפן די אילו־זיע פון אויטענטישקייט. איך באַמי זיך, מען זאָל אויך נפתּלין זען, ווי ווייט מעגלעך, אַזאַ, ווי ער איז אין דער אמתן.

איז אַט וואָרט מיטאַמאָל ביי נפתּלין איבערגעריסן די דערציילונג מיט אַזאַ די־גרעסיע:

— אונדזער בריגאַדע איז איינגעשטאַנען נעבן ראַוונע. דאָרט האָבן געוווינט פיל טשעכן און זיי זענען אַריינגעטראָטן אין אונדזער מיליטערישער טייל. מיר האָבן זיך דאָרט, אַן ערך פופציק קילאָמעטער פון קאַלק, געפונען אַ לענגערע צייט. היימישע ערטער, האָב איך זיך, ווי דער שטייגער איז אין אַזוינע פאַלן, געגנומען אַרומקוקן און טראַכטן וואָס צו טאָן ווייטער.

איך בין דאָך נישט קיין טשעכאָסלאָוואַקישער בירגער. פּשוט, קאָן מען זאָגן — אַ צופעליקער, אַ פאַרבלאָנדזשעטער. איך קאָן בלייבן אין די רייען און קאָן אויך, ווען איך וויל, אַוועקגיין — קיינער וועט מיר נישט שטערן, און קיינער וועט מיך נישט זוכן. אין דער אַרמיי וועט מען מיך שוין נישט נעמען; איך קאָן זיך אויסקלייבן אַ וואָסער נישט איז ציווילע אַרבעט. אָבער וואָס קאָן מיך דאָ פאַר־האַלטן? צו וואָס זאָל מיך ציען? צו וועמען זאָל איך גיין? אַלץ האָט פאַרלוירן דעם פריערדיקן זין און האָט באַקומען אַ נייעם; אַ גאָר אַנדערן. אין קיעוו האָב איך געהערט וועגן באַבי־יאַר. דאָרט ליגן די קיעווער יידן. פאַר מיר איז קיעוו — באַבי־יאַר. און וועמען האָב איך דאָ אַרום לוצק? עס איז דאָ פאַראַן פּאָליאַנקע — עטלעכע און צוואַנציק טויזנט דערמאָרדעטע. אַ קבר. איך האָב אין מיינע געהירן אַ־לע פּנימער, וואָס איך האָב דאָ ווען נישט איז געזען, כאָטש איין מאָל באַגעגנט. איך געדענק זייערע קליידער. איך זע זיי אויפן שבתדיקן שפּאַציר. איך זע זיי אין שיל, אין קלוב. נישטאָ לוצק — עס איז דאָ פּאָליאַנקע. ראַזשישטש איז אַזאַ זוניק און שיין שטעטל. איך יונגט איז געווען אַ שיינינקע, אַ זינגעוודיקע... די היי־זער אויסגעשניצטע, קאַלירטע. ווו זענען זיי, ווו איז עס אַלץ? וואָס האָב איך

א לעבעדיקער צו טאן צווישן טויטע?! קאפיטשעווקע — איז דא זייער קבר. און מיין קאלק?! קיין איין-איינציקער ייד. נישט קיין קינד און נישט קיין זקן... זיבן-אכט קילאמעטער פון שטעטל, אויף די ביאלע ברעגעס, איז זייער קבר. אויף קברים קאן מען זיך אויסוויינען; לעבן אויף קברים, קאן מען נישט... טארטשין, לודמיר, סטעפאן, ראוונע, לאקאטש, אליק — אומעטום דאס זעלבע... מיט וועמען זאל איך דא בלייבן. איך זע מענטשן ארום זיך. דאס לעבן גייט אן, אבער אויף מיינע געסלעך איז טויט-שטיל! די שטילקייט שרייט אין מיר, די שטילקייט וויינט אין מיר. היימישע ערטער! נישטא מער קיין היימישע ערטער! נישטא קיין היים! איך מוז אנטלויפן פון דער דאזיקער שטילקייט, וואס קלאפט אין מיין הארץ מיט אויסגעטריקנטע ביינער, מיטן לעצטן געשריי פון טויזנטער, מיט דער באליידיקונג פון אלץ, וואס איז מיר געווען אזוי טייער. ערשט איצט פארשטיי איך, ווי טייער דאס איז מיר געווען און דערפאר בושעוועט דער ווייטיק אין מיר נאך שארפער, נאך אימהדיקער. איך האב מיט אלע כוחות געדריקט דעם אויטאמאט, מיין געווער פון נקמה, ווי איך וואלט אים געוואלט איבערגעבן א טייל פון מיין ווייטיק. מ׳קאן תפילה-טאן בציבור, מ׳קאן שטארבן בציבור; ווייטיקן, ליידן קאן מען נאר אליין, און דאס איז שרעקלעך...

— די בריגאדע איז מיין היים — זי "רעדט" מיט פייער. איך בין אוועקגעפארן מיט דער בריגאדע קיין סאדאגורע, ווו ס׳האבן זיך געזאמלט אלע טשעכאסלאוואקישע אפטיילונגען, צו פארמירן זיך אין א קארפוס.

— פרעגסט, צי איך האב געהאט אין דער טייל יידישע פריינד? — געוויס, און נישט ווייניק: זעלנער, אונטעראפיצירן, אפיצירן. מיין קאפיטאן, קארבער, איז געווען א טשעכישער ייד. איך געדענק א טייל נעמען: צוקערמאן, דריילעך, אשכנזי, אייזנשטיין, צוויי ווברעס — איינער פון פוילן, דער צווייטער — פון אסטראווע מאראווסקע. עס זענען געווען חוץ יידן פון טשעכאסלאוואקיע אויך יידן פון פוילן, באזונדערס פיל פון לעמבערגער קאנט: פון דראהאביטש, סטאניסלאוואוו, און אויך פון לאדזש און לובלין.

1944 יאר. זומער. מיר פארנעמען זיך מיט איבונגען. איבונגען — אט דאס איז דאס שווערע סאלדאטישע ברויט. וויפל זענען מיר געווען אין בוזולוק, און וויפל

זענען מיר איצט?! כמעט פון א הייפל אין א בריגאדע הינטער קיעוו, אין א קאר-פוס ביי סאדאגורא. נפתלי איז שוין א ראטמאן — א סטארשינא.

נפתלי דערמאנט זיך דעם וועג און פארטראכט זיך; שווייגט. איך לאז אים שווייגן. איך ווייס שוין, אז דער קארפוס האט זיך געלאזט צו די קארפאטן. אלע וועגן און שטעגן אין די בערג זענען פול מיט סאוויעטישע און טשעכאסלאוואקישע זעלנער, און מיט זייי באוועגן זיך טאנקען, ארמאטן, קאוקאזישע קאוואלעריע-די-וויזיעס, לאסט-אויטאס. דער עיקר — פוסגייער.

ס'האבן זיך אנגעהויבן גרויסע רעגנס. עס גיסט אן איבעררייס. דער באדן איז נאס און גליטשיק, קלעפיק. די בלאטע שטייט צו און פאלט נישט אראפ. ווי נאר עס באווייזן זיך דייטשישע אעראפלאנען, פאלט מען אויף די פנימער אין די בלאטעס אריין. מען ליגט אין דער בלאטע לאנג, און ווידער הייבט זיך אן דער מארש, וואס איז אזוי נישט ענלעך אויף א מארש.

די דייטשן פארטיידיקן זיך הארטנעקיק. די בארגיקע טאפאגראפיע איז ווי בא-שאפן פאר פארטיידיקונג, פאר דערפילן די אויפגאבע אנצוטאן וואס מער שאדן דעם אנגרייפנדיקן צד. ווי דאס וואלטן געווען א גאנצע קייט פעסטונגען, וואס מען מוז שטורעמען יעדערע באזונדער. די בערג, די קארפאטישע, זענען באוואקסן, און יעדע ליניע ביימער שטייגן ווי שטאקן אין דער הייך לגבי די, וואס זייערע קרוי-נען געפונען זיך ביי די ווארצלען פון די ווייטערדיקע אין דער הייך-צו. און אויף יעדן אזא שטאק זענען געשטאנען מאסן מינענווארווער, שווערע קוילנווארפער, ארמאטן, אויטאמאטן און ביקסן, וואס זייער פייער איז געווען געריכטעט אראפ-צו, צו די אנגרייפער; פארהאגלט מיט שלאק-פייער די טאלן. און נישט בלויז די נאטירלעכע פעסטונגען האבן זיי אין דעם געהאלפן, נאר אויך די בונקערס, וואס זיי האבן געבויט אויף די בארג-ראנדן במשך פון חדשים.

— פאר אונדז — האט דערציילט נפתלי — איז יעדע הייך געווען א נומער, וואס מען האט געמוזט "נעמען". פיל בערג און בערגלעך זענען נישט איינמאל ארי-בער פון הענט צו הענט, און מען האט זיי נישט איינמאל געדארפט ווידער "נעמען". און חוץ דעם דארף מען נישט פארגעסן, אז אלע וועגן און שטעגן צו זיי זענען גע-ווען פארמינירט. אומעטום זענען געווען פארשטעקט כלערליי מינעס. אונדזערע סא-פערן האבן זיך געמיט בייטאג און ביינאכט. איך בין שוין געווען גענוג געבאדן

אין פייער — אן אלטער זעלנער, אבער דא איז צוגעקומען דאס געפיל, אז מען ליגט ווי פארצעמענטירט דורך בערגלעך שטיינער. איבער זיך, אומעטום, האסטו שונאים, וואס לאקן אויף דיר, וואס האבן זיך פארשווורן דיך אומצוברענגען. פיל פון די אונדזעריקע זענען דא "איבערגעבליבן", אין דעם נישט וויינ׳ק יידישע בחורים. פיל פנימער האבן זיך מיר פארגעדענקט, באזונדערס איין צעשמייכלט פנים פון א יידישן בחור פון מיין אפטייל. זוסיע פורמאן האט ער געהייסן. ער איז געווען טיף איבערצייגט, אז ער וועט דערלעבן דעם סוף פון דער מלחמה. מען איז דא דער-הרגעט געווארן נישט בלויז פון קוילן, נאר אויך פון שטיינער, וואס האבן זיך מיט גרויס גערויש געקייקלט איבער אונדזערע קעפ.

דעם גאנצן חודש סעפטעמבער האב איך זיך דא געפונען. געווען אין דער צייט שלאכטן, וואס זענען נישט איבערגעריסן געווארן במשך פון גאנצע מעת-לעתן.

אינמיטן אקטאבער האבן מיר זיך געגרייט אנגרייפן די שטאט דוקליא. איך בין שוין געווען א ראטמייסטער. מיר האבן באקומען א באפעל דורכצורייסן זיך דורך א נידעריק בערגל, און דורכן טאל פון זיין צווייטער זייט אויפשטייגן און זיך באפעסטיקן אויפן ראנד פון א הויכן בארג. דארט ווארטן אויף ווייטערדיקע באפעלן. ווען מיר האבן זיך געפונען אין טאל, זענען מיר פאר די דייטשן געווען ווי אויף דער דלאניע. יעדערער, וואס האט זיך געפונען העכער פון אונדז, האט צו אונדז געקאנט שיסן ווי צו קאטשקעס. אבער באפעל — איז באפעל. לכתחילה האבן די דייטשן געשוויגן. אפשר האבן זיי אונדז נישט באמערקט, און אפשר האבן זיי אונדז געוואלט ארייננכאפן אין א פאסטקע. אבער ווען מיר האבן זיך געפונען אינמיטן טאל, האבן זיי אונדז באדעקט מיט א געדיכטן פייער. אונדזערע האבן גענומען דעקן מיט פייער די דייטשישע פונקטן, כדי צו פארלייכטערן דעם וועג די אנגרייפנדיקע גרופעס; ראטעווען אונדז. מיר זענען צוגעפאלן צו דער ערד און זיך איינגעדריקט אין איר. איך, מיט צוויי חברים, האבן געפרוווט זיך א ווארף טאן, און דורכלויפן די עטלע-כע צענדליק מעטער, וואס האבן אונדז אפגעטיילט פונעם שונא. פלוצלינג איז מיר פינצטער געווארן אין די אויגן, ווי איך וואלט צוגעדעקט געווארן מיט נאכט און מיט ערד...

ווי לאנג איך בין געלעגן אין מצב פון באוווסטזיין, ווייס איך נישט... ווען איך האב מיט שוועריקייטן, לאנגזאם אויפגעעפנט די אויגן, איז ארום מיר

געוועז נאכט. איך האב געזען בלויז קאנטורן פון בערג און פון ביימער. ווען איך האב זיך געפרוווט א ריר טאן, האב איך דערפילט א ווייטיק, ווי איך וואלט מיט טויזנטער נאדלען דורכגעשטאכן געווארן. איך האב לאנגזאם גענומען פירן די האנט אויף רעכטס, און נעבן זיך געפונען א טויטן חבר; דאס זעלבע געטאן מיט דער לינ-קער האנט, און אויך דא אנגעטאפט א טויטן קערפער פון א מיטקעמפער. איך בין אינמיטן, און אן ספק — איך לעב. דער ווייטיק שטארקט זיך, באזונדערס אינעם רעכטן פיס. פארשטיי איך: איך בין פארוואונדעט. ווי דורך א נעפל האב איך בא-מערקט, אז עס דערנעענטערן זיך צו מיר מענטשן. מ'האט מיך אוועקגעלייגט אויף א טראג-בעטל און אוועקגעטראגן...

מיין גאנצער גוף איז געוועז באדעקט מיט וואונדן. זיי אבער — די וואונדן — האבן נישט געדראט מיט סכנת נפשות. בלויז דער רעכטער פיס איז געוועז טיף און לאנג דורכגעשניטן ווי מיט א מעסער.

מ י י ן מלחמה איז געוועז פארענדיקט. עס האט זיך אנגעהויבן דער געוויינ-לעכער וועג פון א פארוואונדעטן. פון איין מעדפונקט צום צווייטן. צום סוף — מיט א צוג קיין לעמבערג. נאך א גאנצער ריי אפעראציעס בין איך מיט א סאניטאר-צוג אפגעטראנספארטירט געווארן אזש קיין יערעוואן', ווו איך האב זיך געפונען ביז סוף מערץ 1945 יאר. איך בין שוין געגאנגען, האט מען מיך אלס א טשעכאסלא-וואקישן זעלנער אפגעשיקט קיין פראג.

— וואס ווייטער? ווייטער, ווי דו זעסט, בין איך מעבר לים. אבער פריער איז געוועז פראג. פראג וועל איך נישט אויסמעקן. פון פראג האט זיך אנגעהויבן דער אמתער "ווייטער". דא האב איך געטראפן מיין צווייטע, בעסערע העלפט. דא איז גע-וועז דער אנהייב פונעם ווייטער... עס זענען געבוירן געווארן קינדער; מיר האבן פון זיי נחת. מיר האבן נישט קיין טענות, וואס ס'איז אונדז באשערט געוועז די באגעגעניש אין פראג, א באגעגעניש, וואס ציט זיך ווייטער... "פון הודו ביז כוש".

פאר מיר ליגן פאפירן. מען העלפט מיר מיט זיי זיך אן עצה געבן. אט איז א פאפיר, וואס דערציילט, אז דער פרעזידענט פון דער טשעכאסלאוואקישער רעפובליק אנערקענט נפתלי אינקעלעסן, דעם ראטמייסטער פון טשעכאסלאוואקישער ארמיי, צום צווייטן מאל, דעם טשעכאסלאוואקישן מלחמה-קרייץ, געגרינדעטן אין 1939 יאר, פאר העלדישקייט אין קאמף פאר די קארפאטן.

און אט נאך א פאפיר:

*"דער הויפטראט פונעם פארבאנד פון די סאוויטישע סאציאליסטישע רעפוב-ליקן באלוינט דעם סערזשאנט נפתלי אינקעלעס מיטן מעדאל פון זיג איבער די דייטשן אין דער גרויסער פאטערלענדישער מלחמה 1941 - 1945."*

זיצנדיק ביי אינקעלעסן אין ניו-יארק, קען איך דען פארגעסן דעם קליינעם נפתלי, דעם יתום, וואס איז אויסגעהאדעוועט געווארן דורך זיין עלטערן ברודער? קאן איך דען נישט טראכטן וועגן מאטלען און זיין גורל?

איך ווייס, אז מאטל און זיין משפחה זענען אומגעקומען, ווי אלע אנדע-רע יידן אין קאלק. מיר האט זיך איינגעגעבן צו דערוויסן, אז ווען מען האט דערהרגעט זיין פרוי און זיין טאכטער, איז מאטלען געלונגען צו אנטלויפן. די שכנים האבן אבער האבן אויסגענישטערט זיין באהעלטעניש, אים געכאפט און געשלעפט, שלאגנדיק אויפן וועג מכות רצח, צו די דייטשן. ער איז געווען א געזונטער ייד, מאטל, און אים האט זיך דאך איינגעגעבן נצול צו ווערן פון די הענט פון זיינע פארפאלגער. מיטן צווייטן טראנספארט קאלקער יידן איז ער געפירט געווארן צו די גריבער פון די ביאלע ברעגעס. אבער דאן האט פאסירט ממש אומגלויבלעכס. צירל חתיהס, די טאכטער פון חיים דעם פויער, האט צוגע-גרייט זאלץ, עס מיטגענומען מיט זיך און אין די לעצטע מינוטן פאר דער עק-זעקוציע האט זי דאס זאלץ א שאט געטאן אין די אויגן פון די אוקראינישע פא-ליציאנטן. אין טומל האבן פיל געפרווט אנטלויפן, דערין אויך מאטל. צירל איז געפאלן אן אונטערגעשניטענע פון א סעריע קוילן. מען האט מיר דערציילט, אז אינעם וואלד, דורך וועלכן ס'איז געלאפן מאטל, האבן סתם אזוי שפאצירט דייטשן און, ווען ער לויפט נישט, וואלט ער אפשר ארויס גאנץ, אבער ער איז געלאפן, האבן די דייטשן פארשטאנען, אז דעם מענטש דארף מען נאכשיסן. אזוי האבן זיי געטאן. אזוי איז אומגעקומען נפתליס ברודער מאטל.

נפתלי איז דורך דעם וועג פון כולו פייער, און דאך נצול געווארן. מאטל וועלכער האט זיך אויך נישט געוואלט אונטערגעבן דעם גורל, האט דעם טויט נישט אויסגעמיטן. געפאלן אונטערן פייער פון די שונאים. קומט אויס: דער יינגערע ברודער איז געווען דער נקמה-נעמער פארן בלוט פונעם עלטערן.



יצחק סימא



דער ברודער-קבר פון י. סימא און זיינע חברים

אין איטאליע

*

יצחק סימא

עס געהערט נישט צום גוטן סטיל דערציילן א מעשה אין א מעשה. איך ווייס — דער דאזיקער נוסח איז שוין לאנג ארויס פון דער מאדע. אבער מאדנע: עס טרעפט, אז מען קאן אן אים נישט אויסקומען.

איך וויל דערציילן וועגן יצחק סימא, אבער אין מיין זכרון זע איך אים נאך אלס יינגל אין דער ראם פון א באשטימטער סביבה. און די סביבה האט נישט קיין דירעקטע שייכות צו זיין וועג אין לעבן, אבער אויסמיידן ווילט זיך זי נישט, ווייל עס איז א פראגמענט, א בילד פון אונדזער שטעטל, וועלכעס מיר באמיען זיך דאך צו זען אויך דאן, ווען מיר שטעלן זיך אפ אויף באזונדערע יחידים.

די משפחה סימא איז געווען אונדזערס א נאענטער שכן. עס איז אבער געווען אן אין זיך פארשלאסענע משפחה. זיי, די משפחה-מיטגלידער, זענען געווען שווייגער, וועלכע האבן אבער ליב געהאט צו הערן.

חוץ די פיר דראגעריעס, וואס זענען געווען אין שטעטל, איז ביי אונדז געווען אן אמתע אפטייק בראש מיט אן אמתן פארמאצעוט. שקליאר איז געווען זיין פאמיליע. פונוואנען ער איז געקומען צו אונדז, ווייס איך נישט, איך ווייס אבער יא, אז יידיש האט ער זיך אויסגעלערנט אין שטעטל. ער פלעגט רעדן א מאדנעם לשון — יידיש און רוסיש צונויפגעפלאכטן, אויף אזא אופן: דאבראיע אוטרא, א גוטמארגן אייך, שטא סלישנא, וואס הערט זיך ביי אייך, זאידיטיע, קומט אריין, פאזשאלויסטא, ביטע זייער.

א יינגל זייענדיק, פלעג איך ליב האבן זיך ארייננכאפן אין דער אפטייק און מיט פארגאפונג קוקן אויף די פאליצעס און אויף דעם, ווי דער אפטייקער מישט פארשידענע פראשקעס און פליסיקייטן; וועגט זיי און מאכט רפואות. ער פלעגט זיין ארבעט טאן גוואלדיק פארזיכטיק. אין פריע שעהן פלעגט ער א צופרידענער ארויס-גיין אויפ גאניקל, אונטערמורמלענדיק רוסישע לידער. פארנאכט פלעגן צו אים קו-מען אויפן גאניקל צו גאסט עטלעכע חשובע יידן; צווישן זיי — ישראל סימא. מען פלעגט זיצן און רעדן וועגן וועלט-זאכן. צווישן זיי זענען געווען מענטשן, וואס

זענען "אויסגעווען א וועלט", און האבן טאקע געוווסט וואס צו דערציילן, און געקענט דערציילן. ישראל סימא פלעגט מיט זיך צו די שמועסן פארנאכט אויפן גא-ניקל פון דער אפטייק מיטנעמען זיין עלטערן יינגל, יצחק. איך פלעג זיך צו-קוקן צו יצחקן און געזען, אז ער הערט מיט נאז און אויערן. איך פלעג זיך וווג-דערן: פארשטייט ער דען, וואס די אלטע רעדן? צו מיר איז ווייניק-וואס דערגאנ-גען. שקליאר פלעגט דערציילן וועגן דענקמעלער אין פעטערבורג; א צווייטער, נתן-הערש, וואס איז געווען אין אמעריקע, וועגן די ניו-יארקער וואלקנקראצערס; שלמה שלייען וועגן "אסאבענע" געסט, וועלכע זענען איינגעשטאנען אין זיין האטעל.

נאך דער מלחמה, ווען איך האב זיך גענומען נאכפרעגן וועגן יידן פון מיין שטעטל, האב איך זיך דערוווסט, אז ישראל סימא, זיין פרוי און טאכטער זענען אומגעקומען אין לוצקער געטא, זיין יינגערער זין, אברהם, איז מאבילוזירט גע-ווארן אין דער סאוויעטישער ארמיי, און יצחק, דער עלטערער — וואס איז מיט אים געווארן? איך האב שפעטער געלייענט א ביכעלע, וואס איז ארויסגעגעבן גע-ווארן אין ירושלים וועגן אים.

דערוווסט האב איך זיך, אז דאס יינגל, וואס האט אזוי געקענט גוט הערן, האט שפעטער אליין געקענט זייער שיין דערציילן. ער האט געהאט א מאלערישן לשון. זאכן, פון זיין דערציילן, האבן גענומען לעבן. פאר זיינע יינגע פריינד פלעגט ער מיט א באזונדער פארגעניגן דערציילן א לעגענדע וועגן דעם, ווי קאלק איז בא-שאפן געווארן:

— א יינגער מלאך איז געפלויגן איבער דער ערד. אין דער טארבע האט ער גע-האט א שטעטעלע. פלוצלינג האט דער מלאך באמערקט א פרעכטיקן טאל, האט ער זיך אויף אים פארקוקט מיט אזא אנטציקונג, אז דאס טארבעלע האט זיך געעפנט, און דאס שטעטעלע איז ארויסגעפאלן. דווקא אין אזא פרעכטיקער נאטור. דאס איז געווען קאלק — דאס שטעטעלע, וואס ער האט פארלוירן.

ווי אין אנדערע שטעטלעך, האבן אויך די יידן אין קאלק געדאגהט וועגן א תכלית פאר זייערע קינדער — לאזן זיי בילדן אין א ווילנער "טאז"-שול, אדער אין ראוו-נער "ארט". מ'האט אפגעריסן פון מויל, אבי צו שטעלן קינדער אויף די פיס. יצחק סימא איז אוועקגעשיקט געווארן זיך לערנען אין דער לוצקער יידישער גימנאזיע. ער האט געהאט אן "אפענעם קאפ" און געווען א גוטער שילער. ער איז גיך געווארן

אן עכטער טוער. ער פלעגט ארגאניזירן אויספלוגן, ספארט-פארמעסטונגען, ליטערא-רישע אוונטן, פאליטישע וויכוחים.. גימנאזיע איז גימנאזיע, אבער ווען מען אר-בעט נישט אליין איבער זיך, איז דער וועג צום גייסטיקן וווקס אן ענגער, א שמאלער. יצחק האט געשלונגען ביכער. וואס מער ער האט זיך דערוווּסט, אלץ מער חשק האט ער געקראגן צו וויסן, אלץ ברייטער זענען געווארן זיינע פאראינטערע-סירונגען. ער האט זיך גלערנט און געהאלטן פארלעזונגען, כדי איינצוטיילן זיין וויסן און זיינע איבערצייגונגען אנדערע. ער האט געלייענט וועגן די גריכישע פילאזאפן, זיך אינטערעסירט מיט פאליטישער עקאנאמיע, פארבלאנדזשעט אפילו צו מארקסן, צו ענגעלסן, צו פייערבאכן און בערנע.

יצחק איז געווען אקטיוו אין דער יוגנט-ארגאניזאציע "גורדוניה", געווארן א מיטגליד פון איר אלוועלטלעכן צענטראל-ראט, א מיטגליד פון דער הויפט-פאר-וואלטונג פון "החלוץ" אין ווארשע. ער האט געהערט צו מיינע פאליטישע קעגנער. אבער ער האט פארמאגט אין זיך דאס, וואס קאן באצייכנט ווערן ווי פערזענלעכקייט, א מעלה וואס פארשאפט אכטונג אויך אין די אויגן פון קעגנער. "גורדוניה" האט אין די יארן פון אומגליק געהערט אין ווארשעווער געטא צום אנטיפאשיסטישן בלאק און געפירט דעם לעצטן קאמף פארן כבוד פון אונדזער פאלק, האנט ביי האנט מיט אלע, וואס האבן זיך פאראייניקט פארן דאזיקן לעצטן געראנגל...

ווו איז דאן געווען יצחק סימא? איך געדענק נישט, ווען יצחק איז ארויסגע-פארן און זיך באזעצט אין א קיבוץ אין ישראל. פונעם קיבוץ האט א געוויסע צאל יינגע מענטשן געדארפט אוועק אינעם יידישן לעגיאן פון דער ענגלישער ארמיי. זיי האבן, די קיבוצניקעס, דערציילט מען, באשלאסן ציען גורל: ווער? צווישן אנ-דערע האט דעם גורל צו גיין אינעם לעגיאן און אויפן פראנט ארויסגעצויגן א יונ-גערמאן, וואס האט געהאט א פרוי און צוויי קליינע קינדער. יצחק האט זיך אויפ-געהויבן און דערקלערט: איך בין אליין, אן א ווייב און אן קינדער, יושרדיק וועט זיין, אז איך זאל גיין אין דער ארמיי. און אזוי איז געשען. יצחק איז פרייוויליק אוועק. געקעמפט אויף פארשידענע פראנטן, און צום סוף זיך געפונען אויף א טראנספארט-שיף, וואס איז אפגעשווומען אין דער ריכטונג פון איטאליע.

פון דער שיף האט ער געשריבן:

*"ווו מיר געפונען זיך, קאן איך נישט שרייבן, עס איז א מיליטערישער סוד, אבער איך בין פול מיט האפענונג, איך און אלע אונדזערע חברים."*

עס האט זיך מיר נישט איינגעגעבן נאכצופארשן דעם קאמפס-וועג פון יצחק סימא. דאס, וואס איך האב צונויפגעזאמלט, זענען שפליטערס, פון וועלכע עס איז נישט מעגלעך זיך צו שאפן א גאנץ בילד. עפעס איז פאראן אין דערמאנטן שוין ירושלי-מער הספד-ביכל, וואס איז דערשינען אין 1945 יאר. מיט איינציקע פאקטן האב איך זיך באקאנט אין איטאליענישן אינסטיטוט — אין ווארשע. זיי זענען עדות פון די שווערע קאמפן קעגן די היטלעריסטן, וואס עס האט געפירט אן איטאליענישע אויפ-שטאנד-בריגאדע, אין וועלכער עס זענען פרייוויליק אריינגעטראטן טויזנט יידן. די לעצטע קאמפן זענען פארגעקומען אין אפריל 1945. עס ווערט דערציילט וועגן א שלאכט, וואס האט געדויערט אן אויפהער זיבן מעת-לעת. פלוצלינג איז טויט-שטיל געווארן. דעם זעקסטן אפריל, צוויי אזייגער ביינאכט האבן די דייטשן באנייט דאס פייער אינעם דארף בריזיגליא, נעבן פאענציא. אין א חורבה פון א פויעריש הייזל האט זיך געפונען אן אבסערוויר-פונקט פון א קאמפאניע פונעם דריטן פולק, וואס איז באשטאנען פון פינף יידישע בחורים. איינער פון זיי איז געווען יצחק סימא. אונטער א האגל פון מינען-ווארפער זענען אומגעקומען אלע פינף. אויף מארגן זע-נען ארויסגעצויגן געווארן פינף פארברענטע גופים. זיי זענען באערדיקט געווארן אין איין ברודער-קבר.

אויף דער איטאליענישער ערד איז געפאלן און נקמה גענומען דער נאבעלער יצחק סימא. נקמה גענומען פאר זיינע אויסגעשאכטענע עלטערן און פאר אלע קאלקער יידן, וואס זייערע ביינער באהאלט די ערד ביי די ביאלע ברעגעס.

צוויי ווייטע ברידער-קברים צוזאמען באהעפט אין געמיט פון די לעצטע קאלקער צעזייטע און צעשפרייטע איבער זיבן ימים...

*

סידנעי מאקס

אין באלטימאר, פאראייניקטע שטאטן, קום איך צו גאסט צו א קאלקער. אין דער היים האט ער געהייסן שלמה מאקס. דא איז זיין נאמען סידנעי. מען פאלאניזירט זיך, מען רוסיפיצירט זיך, מען אמעריקאניזירט זיך, און מען בלייבט יידן...

זיץ איך, הייסט עס, ביי שלמה סידנעי און מיר שמועסן: וועגן דאס און וועגן יענץ... ווארפט ער ארײַן א ווערטל:

— ווען איך בין געווען אין בערלין...

— ווען ביסטו געווען אין בערלין? — פרעג איך.

— הייבט זיך אן א מעשה! — זאגט פרייליך שלמה-סידנעי — ווייסטו דען ניִשט, אז איך האב די מלחמה דורכגעמאכט אין דער אמעריקאנער ארמיי, און דערצו אלס א פרייוויליקער. אט מיט דער ארמיי בין איך עס געווען בעת היטלער-דייטשלאנד איז צעגראמירט געווארן, און די פארבינדעטע האבן געשטעלט זייער געמיינזאמען מעכ-טיקן פוס אויף קאפ פון דער צעשמעטערטער שלאנג.

בין איך געווארן זייער טשעקאווע. ווו-ווו, אבער העט-ווייט אין דער אמערי-קאנער ארמיי זאל זיך פארוואלגערן א קאלקער נקמה-נעמער — דאס האב איך ניִשט דערוואַרט.

— דערציילן! דערציילן! ווי קומסטו אהין און ווו האסטו געקעמפט? — פאדער איך ביי אים עקשנותדיק.

לאזט זיך סידנעי לאנג ניִשט בעטן:

— עס וואלט געדארפט פארנעמען דאס דערציילן א טאג מיט א נאכט. נאר איך וועל דאס מאכן בקיצור, אין ראשי-פרקים, שפרינגענדיק, אריבערהיפערנדיק; בלויז דאס, וואס ווערט מיר איינפאלן אין קאפ.

— רעד — זאג איך — רעד, און איך בין בלויז געהער...

האט זיך אנגעהויבן א מאנאלאג, וואס איך גיב איבער, ווי איך קען, בעסער-ער-גער, אבער גארנישט ניִשט אויסגעטראכט און גארנישט צוגעגעבן.

— ווי דו ווייסט, האט אין שטוב פון מיין טאטן, דוד קאליקאוויטשער, ווי מען פלעגט אים רופן צוליב זיין אפשטאם-דארף, קיין נויט ניִשט געהערשט. גאט צו דאנקען — קיין ארעמאן איז מיין טאטע ניִשט געווען. ווייסט דאך, אז ביי אונדז אין שטעטל, ווען איינער פון א משפחה האט זיך גענומען רירן פון ארט, האבן זיך שפעטער גענומען רירן די בני-בית. מיין ברודער, ווען ער האט זיך געלאזט אין דער וועלט, האט ער געוואלט אנשפארן קיין קובע. צו ניינצן יאר האב איך זיך גע-לאזט אין דער גרויסער וועלט. הלוואי וואלטן עס אויך געטאן מיין שוועסטער, מיין שוואגער און זייערע קינדער, וואלט מיין שוועסטער דינה, מיין שוואגער

אהרן קורץ נישט אומגעקומען אינעם דארף קאשיצע, מיין ברודער אסר און די שוועס-טער חנה וואלטן נישט אומגעקומען אינעם קאלקער געטא, און מיין טאטע, א ייד א גיבור, וואלט נישט געשטארבן פון א הארץ-שלאג אין געטא. שוין איינמאל א חשבון!

מיין וואנדער-וועג האב איך אנגעהויבן פון פאריז. קיין ארבעט דא נישט געפו-נען, האב איך געזוכט מזל אין שפאניע. דא איז אויך נישט געוועו בעסער, האב איך זיך געלאזט זוכן גליק מעבר לים און פארבלאנדזשעט קיין קובע. דא האב איך זיך אויך נישט געקאנט פאראנקערן, בין איך אפגעפארן קיין ניו-יארק. דו פארשטייסט דאך: פון א גוט לעבן אנטלויפט מען נישט. פון ניו-יארק בין איך אוועק און, לסוף, זיך פארטשעפעט ערשט אין באלטימאר, ווו איך וווין עד-היום. זעסטו שוין, אז ס׳איז גארנישט נישט געוועו אזוי לייכט אויף דער גרויסער וועלט צו געפונען א שטיקל ארט פאר א קאלקער בחורל.

אין 1942 יאר בין איך נאך נישט געווען קיין אמעריקאנער בירגער. האב איך געמעגט בלייבן זיצן אין דער היים. נאר ווי בלייבט מען זיצן אין דער היים, ווען די וועלט ברענט?! אן גרויסע פילאזאפיעס און אינערלעכע קאמפן האב איך זיך אנגעבאטן אלס א פרייוויליקער. מ׳האט מיך גענומען, געשיקט מיך אויף מילי-טערישער אויסבילדונג קיין קאליפארניע. דא האב איך זיך געדארפן גרייטן צו אפעראציעס ביי די יאפאנישע ברעגן. פלוצלינג האט מען מיך איבערגעווארפן קיין וואשינגטאן און פארעכנט אין אן ארטילערישער דיוויזיע. סוף 1943 יאר איז די דיוויזיע פארלאדן געווארן אויף א מיליטערישער טראנספארט-שיף און אין א גרויסן קאנוואי אפגעשווומען צו די ברעגן פון אייראפע.

באשרייבן דעם וועג קיין אייראפע פעלט מיר לשון. כמעט אויפן גאנצן וועג האבן אונדז געשאטעוועט דייטשישע אונטערוואסער-שיפן. זיי האבן אונדז נישט געגעבן קיין רו נישט בייטאג און נישט ביינאכט. מיר זענען תמיד געווען אין רעטונגס-מכשירים געקליידעט, נישט פארשלונגען צו ווערן דורך די כוואליעס בעת א סכנה. פון אונדזער קאנוואי פלעגן די דייטשישע טארפעדעס פון צייט צו צייט ארויסרייסן איינע אדער צוויי שיפן. בייטאג האבן מיר בעת אזוינע פאסירונ-גען געזען א שווארצן רויך. ביינאכט האט א באמבע געטראפן אין אונדזערס א שיף, אן אנגעלאדענע מיט בענזין, און דער אקעאן האט בפירוש גענומען אויף א קוואדראט-קילאמעטער ברענען מיט א העליש-רויטן פייער. די פלאמיקע צונגען האבן זיך גע-

וויגט אויף די כוואליעס און זיך איבערגעגאסן. עס איז געווען א מוראדיקער פייער-ספעקטאקל, און מיר, די צושויער, זענען געשטאנען גרייט יעדע באליביקע מינוט צו שפרינגען אין וואסער. מיר זענען אלע געווען באהערשט, אבער די מורא פאר א פייער-טויט אין ים האט געמאכט גלייווערן אונדזערע הערצער. תמיד האבן מיר געהאט דאס געפיל, אז דער טויט אויף דער יבשה איז לייכטער ווי אין די שטו-רעמדיקע און צייטנווייז פייערדיקע ארעמס פונעם ים.

מיר זענען אנגעקומען קיין מארסעל. נאענט צו די ברעגן האבן מיר געזען די חורבונות, וואס אונדזערע האבן אנגעטאן אין דייטשישן פלאט. עס זענען איבערגע-בליבן אויך גאנצע שיפן, וואס די דייטשן האבן נישט בווּיזן צו ראטעווען, ארויס-צופירן. שפעטער האבן מיר אויף אונדזער וועג געטראפן הונדערטער נייע אעראפלא-נען, וועלכע די דייטשן האבן נישט געקאנט אויפהייבן אין דער לופטן, ווייל מיר האבן צו זיי נישט צוגעלאזט קיין ברען-שטאף.

האקנקרייצן. אומעטום האקנקרייצן — אויף אעראפלאנען, טאנקן, גאנצע און צע-ממיתטע, איבערגעקערטע מיט די רעדער ארויף לאסט-מאשינען, האקנקרייצן אויף די ארעמס פון די נאך נישט-באערדיקטע מענטשן-שלאנגען. האקנקרייצן, אומעטום האקנ-קרייצן, אבער שוין נישט ווי סימנים פון דעראבערונג און וועלט-הערשאפט, נאר ווי סימבאלן פון מפלה, פון טויט, פון אפרעכענונג. איצט מער נישט קיין סימבאל פון טויט פאר יענעם, נאר פון טויט פאר זיי אליין; דער סימבאל פון זייער סוף! די יידן, וועלכע האבן דאס נישט געזען, קאנען זיך גארנישט פארשטעלן, וואס עס פארשאפט א יידישן זעלנער דאס אויסזען פון א בית-עולם פון דייטשישער דערנידע-רונג, מפלה, טויט; דער טויט פון א הידרע, וואס האט באדראט אלעמען, א הידרע ביי וועלכער עס זענען ארויסגעזעצט געווארן אירע שרעקלעכע ציין.

אין קאמף און דורך נצחון האב איך געהאט די פרייד דורכצוגיין דורך פראנק-רייך. איך האב זיך געפונען אין אן אוואנגארדישער אויסשפיר-גרופע, וואס האט זיך באוועגט פאר די פארשידנארטיקע און זיך באוועגנדיקע טיילן. מיר האבן אנגעוויזן צילן פאר דער ארטילעריע אונדזערער און קארעגירט דאס פייער. די שטימונג איז געווען אזא, אז קיינער, דאכט זיך, האט נישט געטראכט וועגן דער סכנה, אין וועל-כער מיר גופא געפונען זיך. אין באוועגלעכע שלאכטן זענען מיר געשטאנען אין גע-פאר ארונטערצופאלן אונטער א שלאקס-פייער פון די דייטשן, ווען זיי זאלן אונדז באמערקן, אדער געפונען זיך אונטערן פייער פון אונדזער אייגענער ארטילעריע,

ווען זי וועט, חלילה, א טעות מאכן. אין א דארף נעבן קאסעל, ווען מיר האבן זיך באַוועגט אין דער ריכטונג פון האמבורג, האבן די דייטשן באמערקט אונדזער אוואנ-גארד-גרופע און געעפנט אויף אונדז א הוראגאן-פייער פון מינענוואַרפער. די גאנ-צע גרופע בראש מיטן קאפיטאן איז אומגעקומען; געבליבן זענען בלויז פיר פארווונ-דעטע. צווישן זיי בין איך געווען.

געבראכט האט מען מיך אין א שפיטאל אן באוווסטזיין. איך בין דאָרט אפגעלעגן צוויי וואכן און אפגעטראנספארטירט געווארן אין א שפיטאל קיין האלאנד. פון שפיטאל בין איך אפגעשיקט געווארן אין אן אנדערער ארטילערישער דיוויזיע. צווישן אנדערן האבן מיר באפרייט דעם בארג ספיכערן, וואס די פעלדער ארום האבן זיך גערעכנט פאר הייליקע דערפאר, ווייל היטלער האט דא צום ערשטן מאל אוועקגעשטעלט זיינע פיס אויף דער פראנצויזישער ערד. דורך אלע שטעט, דורך וועלכע מיר זענען אדורך, האבן געפלאטערט ווייסע ליילעכער — א סימן פון מפלה און אונטערגעבן זיך. ווי אנדערש האבן אויסגעזען די באזיגטע דייטשן? ווו איז אהינגעקומען זייער פאררייסנקייט?! דער "אויבערמענטש" האט געהאט זייער א נעבעכדיקן אויסזען. זיי זענען געווען גרייט צו דינען די זיגער ווי געשלאגענע הינט, וואס האבן פארגעסן לחלוטין אין זייער נעכטיקן קוראזש...

מיר האבן געזען מיט די אייגענע אויגן דעם אורטייל פון דער געשיכטע איבער די מענער פון מארד פון גזלה און שאנדטאטן. דער אורטייל פון דער געשיכטע איז געווען ווי אפגעשטעמפלט אויף די צביעותדיקע פנימער פול מיט חניפה און גרייט-קייט צו פאלגן. דורך אלע וועגן האבן זיך געשלעפט די, וואס האבן ערשט נעכטן אנגעווארפן א טויט-שרעק אויף די פעלקער אין קלעם גענומענע. נעכטן און היינט! אך, ווי די געשיכטע איז זיך נוקם, ווי זי מאנט אויף, כאטש עס איז נישט מעגלעך אויפצומאנען דאס בלוט, וואס איז צוליב דער היטלעריסטישער גיריקייט פארגאסן געווארן איבער גאנץ אייראפע.

די גוואלדיקע אונטערשידן צווישן נעכטן און היינט האב איך מיט גרויליקער שארפקייט אבסערווירט, ווען איך בין צוגעטיילט געווארן אלס א "דאלמעטשער" פון דייטש אויף ענגליש צו א גרופע אונדזערע אפיצירן. אין א שטעטעלע גענענהאוזען, נעבן פראנקפורט, זענען געווען גרויסע קאזארמעס. מען האט פון זיי אלץ ארויסגע-ווארפן, כדי איינצוארדענען אין זיי קאזארמעס פאר אמעריקאנער זעלנער. אין דער

געביידע האט מען געפונען פעק מיט בריוו. מעגלעך, אז דא איז פריער געווען א מיליטערישע פאסט, אדער אפשר — א צענזור. מיר האבן די בריוו געפאקט אין קאסטנס און אפגעשיקט אויף א ספעציעלן פונקט, ווו מ'האט זיך מיט זיי פארנומען. ביי דער סעגרעגאציע האבן מיר פון יעדן פעקל ארויסגענומען איינציקע בריוו, צו באקע־נען זיך מיט זייער אינהאלט.

די געעפנטע בריוו זענען געווען מאדנע ענלעך לויט זייער אינהאלט — אומאפ־הענגיק, צי זיי זענען געשריבן געווען צו עלטערן, צו כלות, אדער צו פריינד. זיי האבן דערציילט וועגן זייערע העלדנטאטן, אין דעם אויך קעגן יידן: מען האט דערשאסן עטלעכע און צוואנציק אויסבאהאלטענע יידן, מ'האט צונויפגעטריבן א גאנץ שטעטל יידן אין דער סינאגאגע און פארברענט; אנדערע שעמען זיך נישט צו בארימען וויפל פראנצויזישע מיידלעך זיי האבן פארגוואלדיקט. א טייל פון זייערע מעשים אילוסטרירן די אויסווורפן מיט פאטאגראפיעס פון תליות מיט געהאנגענע; גריבער מיט נאקעטע פרויען, אנגעווארפן אויף א הויפן; ווי מען טרייבט גרופעס נאקעטע פרויען צום וואסער, זיי צו דערטרונקען.

דאס איז אלץ געווען נעכטן און אייערנעכטן. איצט האבן די דייטשן, וואס האבן געריייניקט די צימערן, געשפילט די קאמעדיע פון אומשולדיקע עופהלעך, וואס זענען אויפגעשווידערט כלומרשט מיט דער ארבעט פון זייערע קאלעגן, זין, קאוואלערן. זיי האבן "נישט געוווסט", "די מינדסטע אנונג נישט געהאט"...

אונדזערע אפיצירן האבן געוואלט פארנעמען א וויללע פון א רייכן דייטש, האבן זיי אויף דער טיר געפונען אן אויפשריפט "היער לעבען יודען". אונטער דער שילד האבן זיי געוואלט ראטעווען זייער פארמעגן, מעבל, טעפיכער, קרישטאל און אנדע־רע ווערטזאכן. די אפיצירן זענען אבער אריין און געטראפן א דערשראקענעם דייטש. זיי האבן א שאל געטאן מיט א יינגן זעלנערישן געלעכטער. זיך א וויצל געטאן: "פיליכט וויל דער הער ארעפלאזען די האזען?!"

פראנצויזן און פאליאקן, וואס זענען דא ארויסגעפירט געווארן אויף צוואנגס־ארבעט, האבן דערציילט, אז אין דעם דארף איז ארעפגעשאסן געווארן אן ענגלישער אעראפלאן. די פליער האבן זיך געראטעוועט אויף פאלשירעמס. זענען זיי ארומגע־רינגלט געווארן דורך די ארטיקע פויערים, וועלכע האבן זיי געלינטשט אויפן ארט. אונדזער גרופע איז אויפ סמך פון דער דאזיקער אינפארמאציע צוגעטראטן פעסטצו־

שטעלן ווער זענען געווען די לינטשער. גאר גיך האבן מיר זיך דערוווסט ווער עס איז באגאנגען דעם מארד. א ברודער מיט א שוואגער און זייערע פרויען האבן אנגע-וויזן אויף זייערע אייגענע ברידער פון דער היטלער-יוגנט און אויף א פאר שכנים. מען האט זיי ארעסטירט און געשטעלט פארן געריכט.

ביי דער ארבעט אלס דאלמעטשער האב איך זיך פיל אנגעזען. אויב ס'איז פאראן אזא זאך ווי מענטשנקענטעניש, האט מען קיין בעסערע שול נישט געדארפן. איך האב ווילנדיק-נישט-ווילנדיק דערקענט מענטשן אין זייער עצם-וועזן, אין זייער תוך, און איך מוז זאגן, אז קיין אפטימיסט פון אזא "מענטשנקענטעניש" ווערט מען נישט.

די פויערים פון די דערפער זענען געקומען הענדום-פענדום צו לויפן און זיך געקלאגט, אז די פרעמדע, די מיט כוח געבראכטע אהער אויסלענדישע ארבעטער און אויך מענטשן, וואס זענען ארויס פון די לאגערן, רויבן זיי אויס, שלעפן אוועק בהמות, קוילענען חזרים, קאכן אין גרויסע קעסלען זייערע הינער און זייער פלייש און קארמענען מיט דעם אלעמען ווער עס גייט נאר פארביי: אלע שלעפער און אלע ארבעטער, וואס זענען אוועק פון זייערע באלעבאטים. זיי האבן געקלאגט און גע-בעטן הילף און שוץ. לאגערן זענען דא געווען ארום און ארום; די מענטשן זענען געווען שרעקלעך אויסגעמאגערט.

אונדזער קאפיטאן האט די כלומרשט באעוולטע אנגעקוקט מיט א רואיקן און שארפן בליק, אין וועלכן עס האט זיך געפונען אי איראניע, אי עקל און זיי געזאגט:

— דאכט זיך, אז די אלע מענטשן האבן זיך צו אייך נישט געבעטן, דאנקט גאט, וואס זיי הרגענען אייך נישט אויס און צינדן נישט אונטער אייערע הייזער, ווי איר האט עס געטאן מיט זיי אויף זייער ערד, אין זייערע לענדער.

דער קאפיטאן איז געווען א ווילער, ערלעכער און נאיווער מענטש — ער איז געווען, ווי דרך-אגב דאס רוב אנשטענדיקע מענטשן, איבערצייגט, אז די דייטשן וועלן באצאלן דעם חוב, וואס זיי קומען פארן מארד און פארן רויב, פארן טויט פון די מיליאנען. ער האט גארנישט נישט געקאנט אנדערש טראכטן, אז עס מוז אויפ-געמאנט ווערן, זיי זאלן געדענקען און נישט וואגן קיינמאל צו פארגעסן זייער הימלשרייענדיקע פארברעכנס.

איך דערמאן זיך, ווי א העכערער דייטשישער אפיציר איז געקומען, אן אויסגע-פוצטער פון קאפ ביז די פיס, אלץ האט אויף אים געגלאנצט, מיט דער זעלבער פאר-

ריסנקייט, ווי ער וואלט נאך פארנומען א לאנד נאך א לאנד און געהאט טענות, אז די דייטשישע אפיצירן באקומען נישט אלץ לויט די אינטערנאציאנאלע געזעצן. אונדזער פולקאווניק האט פארלוירן זיין געוויינלעכע איינגעהאלטנקייט, געווארן רויט פון כעס און א געשריי געטאן מיט ליידנשאפטלעך-פארפרעסטע ליפן:

— שווייגן! שווייגן! איך קיין שום שפראך איבער דער גארער וועלט האט איר נישט קיין אנדערן נאמען ווי: מערדער! ארויס פונדאנען!

אט דער, מיט א מינוט פריער נאך פארריסענער "איבערמענטש", איז אין איין מינוט פארוואנדלט געווארן אין א נישטיק קליין מענטשעלע. ער האט זיך פארלוירן. אבער באלד האט ער זיך ווידער אויסגעגלייכט, לויט אלע פארשריפטן זיך אומגעדרייט אויף די קנאפל און מיט א פרייסישן טראט פארלאזט די קאנצעלאריע.

אונדזער ארבעט אין דעם דאזיקן קאנט איז געווען פארענדיקט. מיר זענען אפגעפארן קיין בערלין. עס זענען שוין נישט געווען די ערשטע פארשיכורטע טעג נאכן נצחון. אבער ס'האט אויסגעזען, ווי פארשטייער פון אלע פעלקער פון דער וועלט וואלטן זיך צונויפגעקליבן אויף די חורבות פון דער הויפטשטאט פונעם פיינט, אויסצודריקן זייער פרייד און זייער ברודערשאפט. די שטימונג איז אומעגלעך איבערצוגעבן. ס'איז געווען די פרייד פונעם באוווסטזיין, אז די וועלט האט זיך באפרייט פון א שרעקלעכן קאשמאר; האט אפגעאטעמט מיט דער פולער ברוסט אין דער האפענונג, אז דעם אומזין פון קריג האט שוין די מענטשהייט הינטער זיך. פון היינט-אן — אויף אייביק!

— נישט אויסצוראטן איז איצט מענטש די בענקשאפט נאך שלום און נאך גוטסקייט. דאס איז אינעם גרעסטן קיצור אלץ... נאר... ווארט: איך וויל דיר עפעס ווייזן.

ער האט זיך אויפגעהויבן, אוועק, און תיכף צוריקגעקומען מיט אן עמאלירטער אפצייכענונג אין זיין האנט, אויף וועלכער עס איז געווען אן אויפשריפט אין דער רוסישער שפראך: "אן אויסגעצייכנטער סנייפער".

— איך האב דאס באקומען טאקע אין בערלין. ווען איך האב דורכגעשניטן א גאס, א פארווארפענע מיט ברוך-שטיינער, האב איך זיך אנגעשטויסן אויף א רויטארמייער. יענער האט זיך איינגעקוקט אין מיר און צו צו מיר הארט פנים אל פנים:

— דו ביסט א ייד?

— זיכער א ייד!

— איך בין אויך א ייד!...

מיר האבן זיך צעקושט. ער האט אראפגענומען פון זיך דעם אפצייכן און מיר איבערגעגעבן אלס א מתנה. מיר האבן אויסגעטרונקען און זיך ווארעם געזעגנט.

— דעם אפצייכן האלט איך ווי א רעליקוויע. ער איז מיר טייער. איך דערמאן זיך דעם דאזיקן פעסטן ייד אינעם רויטארמייאישן מונדיר און טראכט: "אויף אלע פראנטן זענען מיר געווען און צוזאמען געשלאגן און באזיגט דעם געמיינזאמען שונא."

— קיינמאל דארפן מיר עס נישט פארגעסן!

— און וועלן נישט פארגעסן!...



לייבקע זשוק



מאיר טשארטא

זינט מיין באגעגעניש מיט שלמה-סידנעי מאקס האב איך פארלוירן די זיכער-קייט, אז מיר איז געלונגען אויפצוזוכן מער-ווייניקער אלע פאקטן וועגן קאל-קער, וואס האבן געקעמפט אין פארשידענע ארמייען. ווער ווייסט, אפשר האבן יינגע יידן פון אונדזער שטעטעלע אויסגעוועון אין אלע קאמפן איבער בערג און טאלן, איבער אלע שבעה ימים?!



שלמה (סידנעי) מאקס



נפתלי אינקעלעס



ישראל מעניוק



אסתר ביבער-מאץ

## מיטן אגוריאד "טשאפאיעוו"

*(סענדער בוסליק דערציילט... — — —)*

בעת דער מלחמה האבן די דייטשן פאר אלע יידן צוגעגרייט דעם זעלבן גורל. זע-נען דערפאר די גורלות פון זייער פיל יידן געווען די זעלבע, אדער זייער ענלע-כע. די, וועלכע האבן זיך געפרווט קעגנשטעלן דעם אורטייל, וואס איז פון פא-רויס אויף אונדז ארויסגעטראגן געווארן, האבן אין זייער גורל ארייגעטראגן נישט-פארויסגעזעענע קארעקטורן. כאטש אויך די האבן לפי ערך דורכגעמאכט דאס זעלבע, דאך זענען די פעריפעטיעס געווען אנדערע.

אט איך, למשל, האב צוליב מיין באציונג צו די געשעענישן אין א געוויסער מאס גענומען דעם גורל מיינעם אין מיינע אייגענע הענט. וועל איך דערציילן נישט אזוי פיל וועגן געטא, ווי וועגן זיך.

אין יוני, ווען ס'איז אויסגעבראכן די מלחמה, האט מען מיך מאביליזירט און אפגעשיקט קיין לוצק. אין לוצק זענען מיר דורך די דייטשן גענומען געווארן אין געפאנגענשאפט. אונדזער פולק איז איינגעשטאנען ביי קראסנע, נעבן סטיר.

די דייטשן האבן באלד גענומען אפטיילן יידן באזונדער און אוקראינער באזונ-דער. קיין פינגער אין מויל האט מען אונדז נישט געדארפט ארייגלייגן. מיר האבן פארשטאנען: דאס איז אונדזער סוף.

ביינאכט האב איך זיך ארויסגעגנבעט פונעם לאגער, דערקראכן צום טייך און אים אריבערגעשווומען. זיך געלאזט דורך קיווערצע אין דער ריכטונג פון סאפיוווו-קע - טראכענבראד. דאס זעלבע, וואס איך, האבן געטאן פיל יידן. די דייטשן, צו-זאמען מיט די אוקראינישע נאציאנאליסטן, האבן גענומען איינארדענען אויף די אנטלאפענע אבלאוועס אין די וועלדער. די געכאפטע פלעגן זיי דערשיסן אויפן ארט. מיר איז געלונגען צו דערגרייכן טראכענבראד. דא האב איך אפגעווארט א וואך און געפרווט מזל זיך ארייצובאקומען קיין קאלק. איך בין געווען גוואלדיק פארזיכ-טיק, זיך נישט אויפגעפירט ווי אן אנטלאפענער, נאר שטילענקערהייט דורך די געס-

לער געגאנגען צו מיין שטוב, ווו ס'האבן געלעבט טאטע-מאמע, מיין פרוי און מיי-נע קינדער, מיין ברודער.

איך בין אריין און דערזען: אונדזערע שכנים און אנדערע פויערים פון די ארו-מיקע דערפער רייסן זיך איינע די אנדערע פון די הענט ארויס אונדזער בעטגעוואנט. איך האב זיך נישט געקאנט איינהאלטן און, נישט געקוקט אויף דער טויט-געפאר, גענומען שרייען. דערזעענדיק מיך, האט איינער פון אונטערן גארטל ארויסגעכאפט א האק, און די איבריקע, אן ערך צען-צוועלף, האבן אויך געכאפט עפעס אין די הענט אריין. איך האב א שפרונג געטאן דורך דער טיר און גענומען אנטלויפן. אויף דער קריסטלעכער גאס האב איך געהאט א באקאנטן שניידער - כאמא קאלקא. ער איז נישט געווען, און זיין מאמע האט מיך אין שטוב נישט אריינגעלאזט. זיי האבן שוין גע-האט א באפעל: קיין יידן נישט אריינלאזן אין די הייזער. זי האט מיר ארויסגע-טראגן א ביסל וואסער און געהייסן גיין. אין דער זעלבער צייט זענען, ווי פון אונטער דער ערד, ארויסגעוואקסן דריי קרעפטיקע חברה-לייט. איינער האט ארויפ-געלייגט זיינע ידים אויף מיין אקסל און געזאגט: "כאדי נא ראבאטו". צו וואס פאר אן ארבעט, האב איך פארשטאנען, האב איך אים א כאפ געטאן פארן האלדז, מיט דער קני אים א זעץ געטאן אונטערן בויך און געלאזט זיך לויפן דורך די גערטנער, געשפרונגען איבער פארקאנעס און אין וואלד אריין.

שפעטער האב איך זיך דערוווסט, אז אויף אזא אופן זענען זיי באפאלן אויך יוסף קורלאנדן, ארטשיק — דעם קאוואלס א זין, און גענומען אים שלעפן כלומרשט צו דער ארבעט. ער איז געווען א געזונטער בחור, האבן זיי זיך נישט געקאנט לייכט קיין עצה געבן מיט אים. עס איז אבער אנגעלאפן נאך א כאפטע יונגע באנדיטן און זיי האבן אים מיט ארטשיקעס און שטיינער דערמארדעט אויפן ארט.

איך בין זיך משער געווען, אז מיין משפחה איז אוועק קיין אסאווע, איבער-לאזנדיק די שטוב אויף גאטס בארעט — מיין פרוי האט דאך געשטאמט פון דארט. אזוי איז טאקע געווען. איך האב גענומען מיין משפחה און זיך אומגעקערט קיין קאלק.

ווי ס'האט אויסגעזען דאס לעבן אין קאלקער געטא, ווייסטו דאך שוין, דוד, וועל איך נישט איבערחזרן דאס, וואס דו האסט שוין באשריבן. ס'איז מיר שווער געווען צוצוקוקן זיך ווי ס'הונגערן מיינע קינדער. שפעטער האב איך אבער גע-

קראגן א גוטע ארבעט אויף א פונקט, ווו פויערים פלעגן צושטעלן שפייז-ארטיקלען, פייַל און שטרוי פאר די דייטשן. מיר פלעגן דאס סארטירן, פאקן און לאדן אויף לאסט-אויטאס. איך פלעג ספעציעל ארבעטן ביז שפעט ביינאכט, כדי ארויסצוגנבע-נען און אריינטראגן אין געטא עסנווארג. אין איינער א נאכט, ווען איך בין גע-ווען אין סקלאד, האט מען דאס געטא ארומגערינגלט און ס'האט זיך אנגעהויבן די ערשטע ליקווידאציע. רעדן וועגן דעם וויל איך נישט, ווייל נאך דעם קאן איך טעג גאנצע צו זיך נישט קומען. יעדער, וועלכער האט זיך דאן נישט געפונען אין געטא, איז אנטלאפן אין וואלד אריין.

מיט א צייט שפעטער בין איך בגנבה ווידער אריין אין געטא, ווו עס זענען אי-בערגעבליבן גאר ווייניק מענטשן, כדי מיט א גרופע יינגע זיך אומקערן אין וואלד אריין און זיך לאזן זוכן פארטיזאנער. מ'האט גערעדט, אז אויף פאלעשיע זענען פאראן פיל יידישע פארטיזאנער. קיין בעלנים צו גיין אין וואלד אריין זענען נישט געווען. אין וואלד מיט קינדער קאן מען נישט גיין, און איבערלאזן אונדזערע קינ-דער — ווען מיר נישט. האב איך געטראכט: ווי עס וועט זיין מיט עם-ישראל, וועט זיין מיט ר' ישראל און בין אויך איבערגעבליבן. וואס קאן איך דא אנווערן? דאס לעבן? — א קנאפע מציאה.

איין מאל אין שלאף האב איך דערהערט א שטימע: "וואס ווארטסטו? שטיי אויף און ווער נעלם!"

איך האב זיך אויפגעכאפט. געווען זיכער, אז א לעבעדיקער מענטש האט צו מיר גערעדט. האב איך זיך ארומגעקוקט און קיינעם נישט געזען. ווען כ'בין ארויס אויף דער גאס, זענען נאך מענטשן נישט געשלאפן. איך האב א זאג געטאן:

— יידן, איך גיי אוועק! — אלע האבן געשוויגן.

נעבן זיך האב איך דערזען טאטשע בערלס א יינגל, דעם צוועלף-יעריקן אברהמל. זיין גאנצע משפחה איז שוין געווען אויסגעמארדעט. א קיילעכדיקער יתום! ווו וועט ער זיך אהינטאן?

— קום מיט מיר, אברהמלע — זאג איך צו אים.

— איך גיי! — האט ער געענטפערט.

מיר האבן זיך ביידע פארשטעקט אונטער קלעצער און געווארט ביז די אוקראיני-שע פאליציאנטן האבן זיך אפגערוקט, און דאן אריבערגעלאפן דעם וועג, און אוועק...

די זעלבע נאכט איז פארגעקומען די ענדגילטיקע ליקווידאציע פונעם קאלקער געטא. די, מיט וועלכע איך האב ערשט נעכטן גערעדט און פארגעלייגט אוועקצוגיין, זענען שוין געלעגן אין די גריבער פון די ביאלע ברעגעס.

איך מיט אברהמלען זענען אוועק אינעם פוילישן דארף — כלאדניצע. איך בין אריין אין דער ערשטער שטוב — צו וולאדעק בארעצקי. אברהמלען האב איך אריינגעשטופט אין שטאל אריין. מיט בארעצקין האבן מיר זיך געקענט און איך בין זיכער געווען, אז ער וועט נישט אפזאגן זיין הילף. ער האט מיר געגעבן א שטיקל ברויט און געהייסן שנעל ארײנלויפן אין שטאל. איך בין מיטן יאט ארויפגעקראכן אויפן שטאל-בוידעם און יעדן טאג פלעגט מיר בארעצקי ברענגען עסן. ער איז געווען זיכער, אז איך בין אליין. אין איינער א נאכט האב איך דערפילט, אז עמיץ גנבעט זיך צו דער שטאל. לכתחילה האב איך א טראכט געטאן, אז מען שפיאנירט אונדז, אבער גוט זיך ארײנקוקנדיק אין דער פינצטערניש, האב איך דערקענט, אז דאס איז משה שלייען פון קאלק. איך האב אים צוגעשטעלט דאס לייטערל און שטיל א רוף-געטאן:

— קום אהער!

זענען מיר שוין געווען זאלבעדריט, און בארעצקי איז נאך אלץ געווען זיכער, אז ער טראגט עסן בלויז פאר איינעם.

אבער איין מאל האט ער געווארפן א חשד און זיך שטיל ארײנגעשארט אין דער שטאל, ארויף אויפן בוידעם און אלע דריי געטראפן עסנדיק די קארטאפל, וואס מיר האבן פון אים באקומען.

בארעצקי, א פארשטעקטער, האט אונדז געלאזט ענדיקן די "סעודה" און אומגעריכט האבן מיר דערהערט זיין שטימע:

— טייערע, איך האב מורא. גייט פון דאנען! בלויז, ווען איר וועט זיין שטארק הונגעריק, כאפט זיך ביינאכט אריין צו מיר. איך וועל אייך אלעמאל העלפן. איצט גייט אין וואלד אריין, און שוין...

מיר זענען, שווייגנדיק, אוועק אין וואלד אריין, און דארט געטראפן נאך א יידיש יינגעלע, נאך אן אברהמעלע. סענדער שלייענס א יינגעלע. און דעמלט... זענען מיר שוין געווען זאלבעפערט: צוויי יינגלעך און צוויי דערוואקסענע.
נישט ווייט פונעם דארף כאלאדניצע איז געווען א כוטאר פון עטלעכע הייזער, דארט

האבן געווינט אוקראַינישע נעאַפּיטן, וועלכע מ'האט גערופן "סטונדיסטן". זיי האבן איבערגעריסן מיט דער פּראַוואַסלאַוונער קירך און געוואָרן באַפּטיסטן. מיר האבן געוווסט, אז כאָטש אויך אויף זיי ציטערט די הויט, דאָך וועלן זיי קיינ-מאָל נישט אויסגעבן קיין ייד די דייטשן. מ'קאָן ביי זיי קריגן א שטיקל ברויט, אן אלטן בגד; א פּאָר שיך. מיר האבן זיך פאַרשאַפט א באַהעלטעניש אין וואַלד און די סטונדיסטן האבן אונדז נישט ווייניק געהאָלפן.

איין מאָל האט אונדז א פויער פון כוטאָר, פּאַטאַפּ, געוואָרנט, מיר זאָלן אנטלויפן, ווייל מ'זאַמלט די פּאָליציאַנטן פונעם ארום אויף אבלאַוועס קעגן יידן. איך בין געווען ביי דער מיינונג, אז מען דאַרף פאַלגן פּאַטאַפּן און נעלם ווערן פונדאַנען. אָבער משה שלייען האט געזאָגט:

— א שאָד צו פאַרלאָזן אזא גרוב. קיינער וועט אונדז דאָ נישט געפינען.

דער אומגליק איז געקומען. ס'האבן אונדז פּלוצלינג ארומגערינגלט פּאָליציאַנטן. מיר זענען זיך צעלאָפן אין אלע זייטן. פון אלע זייטן האט מען אויף אונדז גע-עפנט א פייער. איך האב באַמערקט ווי אברהמעלע, דער וואָס איז מיט מיר צוזאַמען ארויס פון געטאָ, איז געפאַלן. מיר האבן פון פאָרויס אָפּגערעדט זיך וועגן דעם אָרט, וווּ מיר דאַרפן זיך טרעפן נאָך דער פּלטה, אויב צו דעם וועט קומען. א גאַנצע נאַכט, האב איך געוואַרט אויפן אָפּגערעדטן פונקט, און קיינער פון די איבריקע האט זיך נישט געוויזן. מער וואַרטן האט נישט געהאט קיין זין. איך בין אוועק זיי זוכן אין כאַלאַדניצע, ביי וואָלאָדקע באַרעצקין, זייענדיק זיכער, אז אויב עמי-צער פון מיינע פּאַרטנערן לעבט, וועט ער צו וואָלאָדקען אומבאַדינגט קומען. איך האב זיך אריינבאַקומען אין זיין שטאַל, זיך אוועקגעזעצט אויף די סנאָפּעס און גע-נומען וואַרטן. לסוף האט זיך געעפנט דער טויער און עס איז אריין באַרעצקי. ער האט פריינדליך, ווי געווייינלעך, געענטפערט אויף מיין "דזיענדאָברי", פונקט ווי ער וואָלט זיך געריכט, אז ער וועט מיך דאָ טרעפן. ער איז ארויס און זיך צו-ריקגעקערט מיט ברויט און מיט מילך. ער האט מיר געזאָגט;

— בלייב דאָ. וואָס ס'וועט זיין באַשערט, וועט, מיט גאָטס הילף, זיין באַוווּרט. איך בין דאָרט געבליבן.

שפּעטער האב איך זיך דערוווּסט די מעשה נורא, וואָס ס'איז געשען מיט אברהמע-לע שלייען. דאָס יינגל איז געלאָפן שנעל און אנטרונען פון זיינע פאַרפאָלגער. גע-

לאפן זייער ווייט. פארבלאנדזשעט אין וואלד און נישט געקאנט טרעפן אויפן אפ־גערעדטן ארט. ערשט בייטאג האבן אים געכאפט אוקראינער. אין קעשענע האט מען ביי אים געפונען א פרישע מוצא ברויט. דאס איז געווען פונעם ברויט, וואס מיר האבן ערשט נעכטן געקראגן ביי די "שטונדיסטן". ס'איז געווען אזוי הייס דאן, אז עס האט ממש געבריט די הענט. די אוקראינישע פאליציאנטן האבן געקאטעוועט אברהמעלען מיט די "שאמפאלן" /שטייפע דראטן צו ריינקן די ביקסן/ פון די ביקסן, ער זאל זאגן ווו און פון וועמען ער האט באקומען דאס ברויט. אלע גלייכצייטיק האבן זיי איבער זיין קאפ, פלייצעס, הענט און פיס געהאקט מיט די שאמפאלן. ס'האט פונעם קינד זיך געגאסן בלוט. קיין גאנצער אבר איז אויף אים נישט איבערגעבליבן, און אברהמל, ווי א דערוואקסענער גבור, האט נישט אויסגעגעבן זיין בעל־טובה. א 12־יא־ריקער, האט ער פארשטאנען, אז פארן באקומענעם ברויט וועלן א פינף־זעקס כאטעס פון גוטע מענטשן אפגעווישט ווערן פון דער ערד, און זייערע באוווינער — דער־מארדעט. וואס לענגער אברהמל האט געשוויגן — אלץ ווילדער זענען געווארן זיי־נע פייניקער. ער איז געשטארבן, דער קליינער עכטער גבור, אונטער די קלעפ פון די שאמפאלן — און נישט אויסגעגעבן...

דאס האט מיר דערציילט פיאטר בארעצקי, א ברודער פון וולאדעקן. ווען ער האט מיר דערציילט וועגן דער דאזיקער עקזעקוציע איבער א יידיש קינד, האט ער אליין געשריגן פון ווייטיק, געשריגן פון ווייטיק און התפעלות פאר זיין העלדישקייט:

— אזא ברעקל קינד! וואס פאר א גייסטיקן, וואס פאר א מאראלישן כוח דאס יינגעלע האט פארמאגט! וועגן אזוינע ווי ער דארף מען ביכער שרייבן, לידער זינ־גען! דאס איז אי א העלד, אי א הייליקער.

— אזוי איז אוועק פון דער וועלט אברהמל שלייען!

פיאטר בארעצקי איז מאדנע שטיל געווארן, געשטאנען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ. נאך דעם זיך א ריס געטאן פון ארט און, ווי איינער, וואס וואלט געפילט אויף זיך די שולד פאר דער אכזריות פון מיטמענטשן, אנטלאפן, זיך נישט אומקערנ־דיק.

וולאדעק בארעצקי האט ריזיקירט. עמיץ האט פארמסרט, אז ביי אים אין שטאל באַ־האלט זיך א ייד. אין דער לעצטער מינוט האט זיך מיר איינגעגעבן אנטלויפן אי־נטח וואלד אריין.

— ווו לויפט מען? — האט ער געזאגט — צו פיאטרן? ווו דען אנדערש? ער

— פיאטער — האט געוווינט אין טאראזש, אין א פוילישן דארף. איך האב זיך אריינ-גענבעט אין זיין סטאדאלע. פארטאג איז ער אריין, און ווען ער האט מיך דערזען, האט ער אויסגעשריגן:

— א, יעזוס-מאריא! — סענדער! דו לעבסט? מען האט נעכטן אין כאלאדניצע אויסגעהרגעט יידן, עמיץ האט זיי געמסרט.

איך האב אויסגעזען געוויס שרעקלעך. לויט זיין קול, לויט זיינע אויגן האב איך געזען, אז ער איז זייער צופרידן, וואס איך האב אויסגעמיטן דעם גורל פון אנדערע און לעב. פיאטער האט מיך איבערגעלאזט ביי זיך, מיך אויסגעהאלטן א גאנצן ווינטער, אזש ביז "וויעלקאנאץ" /קריסטלעכער פסח/. מיר האט ביי אים גארנישט נישט געפעלט, פונקט ווי כ'וואלט געווען א משפחה-מיטגליד. איך פלעג עסן און טרינקען דאס זעלבע, וואס אלע; ראזירן זיך און וואשן — אין שטוב. די גאנצע משפחה זיינע: זיין זון — יאנעק, זיינע צוויי טעכטערלעך — אלע האבן זיי גע-ווּוסט, אז איך באהאלט זיך ביי זיי אויס. אלע זענען זיי תמיד געווען אויף דער וואך און מיך אפגעהיט פאר א "שלעכט אויג".

ווען עס איז געקומען וויעלקאנאץ איז ער ארויף צו מיר און געזאגט:

— קום אראפ אין שטוב. זעץ זיך מיט אונדז צוזאמען צום יומטובדיקן טיש.

איך האב זיך ביי אים גענומען בעטן:

— לאז צו רו. מיר איז דא אויך גוט.

איך האב געפילט, אז איך דארף נישט אראפ: מען טאר נישט פרווון דעם גורל. אבער פיאטער איז נישט אפגעטראטן:

— עס איז יום-טוב. דו ביסט מיין גאסט; אן אנגעלייגטער גאסט. זיי רואיק, קיינער וועט צו אונדז נישט אריינשטעקן די נאז.

ווי האב איך געקאנט אפזאגן? איך בין מיט אים אין כאטע אריין. דער טיש האט זיך געבראכן אונטער די מאכלים. איך האב שוין לאנג פארגעסן, אז אזוינס איז עפעס פאראן אויף דער וועלט. מיר האבן פארבראכט זייער געמיטלעך, ווען פלוצלינג איז עפעס א פור געבליבן שטיין ביי דער שטוב. ס'האט זיך געעפנט די טיר, און אויף דער שוועל האבן זיך באוויזן זיין שווער און שוויגער. זיי האבן פון פא-רויס נישט אנגעזאגט, און פלוצים באשלאסן צו פארן צו דער טאכטער אויף יום-טוב...

לויט פיאטרס פנים האב איך גלייך פארשטאנען, אז אן אומגליק איז געשען. אבער דערווייל איז גארנישט נישט געשען. שווער און שוויגער האבן זיך געזעצט צום טיש, און דער שווער האט גענומען איין זיך גיסן א גלעזל נאך א גלעזל. אן איבעררייס — א גלעזל נאך א גלעזל. און ווען ער איז געווארן שטארק בגילופין, האט ער זיך שווער אויפגעהויבן, צוגעגאנגען צו מיר, און מאכנדיק מיט דער פויסט פאר מיינע אויגן גענומען גוואלדעווען:

— דו ווייסט פארוואס מען שניידט איך? פארוואס מען קוילעט איך? דערפאר, ווייל איר האט אונדזער גאט מיט טשוועקעס צום קרייץ צוגעהאקט.

ער פאכעט מיטן קולאק פאר מיין פנים און אט וועט ער אים באלד אראפלאזן אויף מיין קאפ. די קינדער האבן אים גענומען בארואיקן, אבער ער האט זיך נישט געלאזט איינגעמען, און געבושעוועט אלץ העכער.

איך האב זיך אויפגעשטעלט, געקוקט אויף אים און געשוויגן. עס האט דען א זין עפעס צו טאן, חוץ שווייגן? מיר איז געווען א שאד פיאטרן. ער האט די סצענע שטארק איבערגעלעבט; שטארקער פון מיר. עס איז אים געווען א בושה, און ער האט נישט געוווסט ווו די אויגן אהינצוטאן.

פלוצלינג האט דער שווער א געשריי געטאן צו זיין ווייב:

— קום! איך וויל נישט מיט דעם זשיד זיך אונטער איין דאך געפונען! — א שלעפ געטאן דאס ווייב, אנגעווארפן אויף איר און זיך די זאכן, און ביידע האבן זיך ארויסגעקייקלט אין דרויסן פול מיט כעס.

פיאטר איז צוגעטראטן צו מיר: — אנטלויף! איך בעט דיך. אנטלויף צו וולא-דעקן!

אהין בין איך טאקע געלאפן. אבער אין עטלעכע טעג שפעטער איז געקומען צו מיר וולאדעק:

— איצט מוזסטו די סטאדאלע פארלאזן. מער קאנסטו ביי מיר נישט זיין. איצט איז ווארעם, קאנסטו גיין אין וואלד. איך האב פאר דיר געקראגן א ביקס. אן אל-טע, טאקע פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, אבער שיסן קאן מען פון איר. איך האב צו איר א ביסל אמוניציע. גיי, אין וואלד וועסטו טרעפן וואווע וויינמאנען.

איך האב אים געקענט, וויינמאנען. דאס איז געווען אברהם דעם קירזשנערס א זון. בארעצקי האט מיר געגעבן אנגעוויזן ווו איך קאן וויינמאנען געפונען, און צוגעגעבן, אז ער איז אויך באוואפנט מיט אן "אברעז" (א ביקס מיט א קורצער לו-פע).

איך האב זיך געטראפן מיט וויינמאנען. צוויי באוואפנטע יונגעלייט. פרילינג. עסנווארג איז נישט געווען קיין פראבלעם. יעדער מענטש מיט א ביקס האט געקאנט עפענען א טיר, אריינשטעלן דאס געווער, בעטן און גלייך באקומען.

פארן טויט האבן מיר ביידע קיין מורא נישט געהאט. מיר האבן שוין געזען אזוי-פיל טויטע, אז אט דער, מיט די איינגעפאלענע קינבאקן, נאקעטע ציין און מיט דער קאסע אין דער האנט איז געווען אן אייגענער, א לייבאייגענער, מיט וועלכן מען איז זיך שוין נישט נתפאל געווארן. אלע וועלן מיר קומען אהין... פריער, שפע-טער. מיט א ביקס אין דער האנט קומט מען שפעטער...

אלץ קאן פאסירן און אלץ פאסירט. מיר האבן אנגעטראפן א גרויסע גרופע באנ-דעראווצעס. מיר האבן געהאט א שאנס. מיר האבן זיי באמערקט פריער, ווי זיי אונדז. זיי זענען אנגעפירט געווארן דורך אן "אייגענעם". א באנדיט פון קאלק, זשארזש רייקין. מיר האבן געפונען א גוט באווארנט ארט, פונוואנען ס'איז געווען לייכ-טער זיך צו פארטיידיקן. עס איז געווען פינצטער. פון אלע זייטן זענען צו אונדז געפלויגן געדיכטע רויטע פייערלעך. מיר האבן צוריקגעשאסן און זיך צוריקגעצויגן טיפער. מיר האבן זיך אפגעריסן פון זיי גאנצע מיט דיביינער.

עטלעכע טעג האבן מיר זיך ארומגעדרייט, און ענדלעך באשלאסן, כאטש דאס ארט איז געווען שטארק קאמפראמיטירט, זיך באוועגן אין דער ריכטונג פון די "שטונ-דיסטן".

אויפן וועג האבן מיר צום ערשטן מאל אנגעטראפן אויף א גרופע אמתע פארטיזא-נער. א קליינע גרופע, בראש מיט א געוויסן וואסילי. קיין נייע האבן זיי נישט געוואלט אננעמען, מורא האבנדיק, דאס זאלן נישט זיין קיין אויסשפירער פונעם שונא. צום ערשטן מאל האט אונדז אפגעגליקט טאקע דערפאר, וואס מיר זענען געווען יידן. מיר האבן געזאגט, אז די שטונדיסטן קענען אונדז. זענען מיר צוזאמען אוועק און באלד איז אונדז אויסגעקומען צו באטייליקן זיך אין אן אמתן פארטיזאנישן איבערפאל.

אין דער דאזיקער געגנט האבן די באנדעראווצעס געהאט זייערעס א ווירטשאפט-לעכע באזע. ביי די ארומיקע פויערים האבן זיי געהאט באהאלטן געווער.

וואסילי מיט דער גרופע האט געהאט פאר אן אויפגאבע צו פארכאפן א פאר פאלי-טישע טוער פון די אוקראינישע נאציאנאליסטן לעבעדיקע. נאר לעבעדיקע, ווייל פון זיי האט דער שטאב פון דער פארטיזאנישער פאראייניקונג געוואלט זיך דער-וויסן ווו די באנדעראווצעס באהאלטן אויס זייער געווער. איך האב געקענט די גאנצע געגנט, געוווסט ווו עס ווינען די, וועמען די פארטיזאנער האבן געזוכט. צוועלף פארטיזאנער, אין דעם איך מיט מיין חבר, האבן זיך א לאז געטאן צום דארף רודניקע. צוויי יינגע באנדעראווצעס האבן מיר געכאפט, ווען זיי האבן געפרווווט אנטלויפן דורכן בוידעם. די שטוב האבן מיר פריער ארומגערינגלט, זיי זאלן אריינ-פאלן אין אונדזערע הענט. פון אן אנדערער שטוב איז א יינגער באנדיט אנטלאפן, געטראפן האבן מיר זיין טאטן און א יינגערע שוועסטער. די געכאפטע האבן מיר א-לע געבונדן, ארויפגעלייגט אויף פורן און זיי געבראכט פריש-צאפלענדיקע אין שטאב פונעם אטריאד "טשאפאיעוו" פון דער פארטיזאנישער פאראייניקונג אונטערן אנפיר פונעם פולקאווניק נאומאוו. די צוויי יינגע באנדעראווצעס זענען שוין אויפן ערשטן פארהער ארויס מיט לשון. אבער געוווסט מער פון אלעמען האט דער אלטער און ער האט עקשנותדיק געשוויגן. צו "איידל" איז מען זיך מיט אים נישט באגאנגען, נאר ער האט אויף אלץ געענטפערט מיטן זעלבן סלאגאן "כאי זשיווע סאמאסטי'נא אוק-ראינא". אט דער אלטער איז געווען דער גרעסטער באנדיט פון דער גאנצער געגנט; איינער פון די אכזריותדיקסטע גזלנים ביים ליקווידירן די געטאס אין דעם דאזיקן אומקרייז. דאן בעתן פארהער, האב איך זיך דערוווסט, אז וואסילי איז א ייד און דערביי האט ער אויך געהאט מיטן מנובל א יידישן חשבון: זיין משפחה איז אומגע-בראכט געווארן אינעם געטא.

אונדזער אטריאד האט זיך געפונען אין כסדרדיקער באוועגונג. ווען מיר זענען געקומען אויף א באשטימט ארט, פלעגט מען אונדז צעטיילן אויף קליינע גרופעס צו צען-צוועלף פערזאן, און יעדער גרופע האט באקומען איר אויפגאבע: אויפרייסן רעלסן, ליקווידירן קלענערע דייטשישע באזעס, אונטערצינדן טארטאקן, גארבארניעס. נאכן אויספירן די אויפגאבעס, פלעגן מיר זיך צונויפזאמלען אויף א נייעם, פון פאראויס באשטימטן פונקט. אזויארום זענען מיר פון איין אויפגאבע צו אן אנדערער דער-גאנגען ביז גאליציע.

אונדזער בריגאדע איז באמת געווען אן אינטערנאציאנאלע: רוסן, אוקראאינער, פאליאקן און אויך זייער פיל יידן; גרוזינער האבן זיך אויך געפונען צווישן אונדז. אין פארגלייך מיט אונדזער פריערדיקן איינזאמען וואגל-לעבן איז דא געווען פאר אונדז א גן-עדן. מיר האבן זיך געפילט פאר אן אבר פון א מעכטיקן ארגאניזם. מיר זענען געווען א כוח — א גוט באוואפנטער כוח. נישט בלויז פאליציאנטן און באנ-דעראווצעס, נאר אויך גרויסע אפטיילן דייטשן האבן פאר אונדז געציטערט אימת-המות. אפט פלעגן מיר אנטרעפן אויף שוין פארלאזטע דורכן שונא אייזן-בעטאנענע בונקערס.

די סאוויעטישע ארמיי האט זיך שנעל באוועגט פארויס, און מיר אפטמאל — נאך גיכער, כדי צו פארגיין דעם שונא אין רוקן און אים שלאגן פון צוויי זייטן. גע-ווען צייטן, ווען מיר פלעגן זיך באוועגן צוויי מעת-לעת אן איבעררייס; באפאלן דעם שונא דאן, ווען ער האט זיך אויף אונדז אמווייניקסטן געריכט.

מיר זענען דורך די שטאט בראד און זיך פארפעסטיקט אויף דער צווייטער זייט. דער קוילנוואראפער, ביי וועלכן איך בין געווען "נומער צוויי", האט זיך געפונען אויף דעם רעכטן פלאנק פונעם אפטייל. אריינטרעטן אין קאמף האבן מיר געדארפן תיכף, ווען די טיילן פון דער רויטער ארמיי וואלטן אנגעהויבן דעם אנגריף. דער אנגריף האט זיך נאך נישט אנגעהויבן, אבער די דייטשן האבן אונדז אויסגעשפירט, און אין א גרויסער מחנה זיך א לאז געטאן קעגן אונדז. פון אכט אזייגער אוונט ביז איינס ביינאכט האבן מיר געשטעלט א ווידערשטאנד, און די סאוויעטישע רעגו-לערע טיילן זענען נאך אלץ נישט אריין אין שלאכט. קענטיק, אז ס'איז באגאנגען געווארן א פעלער. נאך איינס אזייגער ביינאכט האבן מיר באקומען א באפעל: נישט איבעררייסנדיק דעם קאמף, פרווון זיך אפרייסן פונעם שונא. מיר האבן זיך לאנג-זאם צוריקגעצויגן טיף אין וואלד אריין, איבערלאזנדיק די געהרגעטע, און מיטגע-מענדיק די פארוואונדעטע. אין אונדזער ווייטערדיקער באוועגונג דורך די וועלדער, האבן מיר קיין דייטשן נישט אנגעטראפן, נאר כסדר אריינגעטראטן אין שלאכטן מיט גרויסע באוואפנטע באנדעס באנדעראווצעס. אפרוען פלעגן מיר זיך אין קאמפס-גרייט-קייט, נישט ארויסלאזנדיק דאס געווער פון האנט.

מיר האבן אנגעטאן פארלוסטן די שונאים, אבער אליין אויך געליטן גרויסע אבידות. אונדזער אטריאד א"נ "טשאפאיעוו" האט זיך דערנעענטערט צו א דארף בערלי.

פארויס האבן מיר געשיקט אן אויסשפיר-גרופע. זי האט זיך נישט אומגעקערט. ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז אין דאזיקן דארף האבן זיך געפונען ספעציעל-געשולטע אפטיילונגען באנדעראווצעס. דאס דארף איז געווען זייערס א פעסטונג. מיר האבן באקומען א באפעל זי ליקווידירן. ביינאכט האבן מיר ארומגערינגלט דאס דארף און צוגעטראטן צום שטורם. יעדע כאטע איז געווען באפעסטיקט, אומעטום זענען געווען צעשטעלט קוילנוואַרפער (דא איז געווען ווייזט אויס א צענטראלע באזע פון "אופא"). דער קאמף איז געווארן אלץ פארביסענער. מיר האבן דאס דארף געמוזט דורכגיין; עס איז געלעגן ווי א ביין אין האלדז אויף אונדזער ווייטערדיקן מארשרוט. מיר האבן געקעמפט א גאנצע נאכט. ערשט פארטאג האבן מיר באקומען הילף פון אונדזער פארטיזאנישער פאראייניקונג; באהערשט דאס דארף, און ווייניק וועמען פון די שונאים איז געלונגען דורכצורייסן זיך צום וואלד. פון 2 סאטניעס שיסער זענען אפשר א פאר בײַם לעבן געבליבן. פונעם דארף גופא זענען איבערגעבליבן בלויז האלאוועשקעס.

מיט פארביסענע קאמפן זענען מיר געגאנגען פארויס, ביז אין נאוועמבער 1944, ווען מיר האבן זיך געפונען אונטער לוואוו. דא האט מען אונדז צעטיילט: א טייל — אין דער רויטער ארמיי, און די שוואכערע פיזיש — באפרייט. א גרעסערע גרופע מיט דערפארונג, וואס איז די גאנצע צייט געווען אין קאמף, האט מען געשיקט קיין קיעוו אין שטאב פון דער צענטער. פארטיזאנישער באוועגונג אויף אוקראינע. אין דער גרופע בין איך אויך געווען.

איך בין געקומען קיין קאלק. קיינעם נישט געטראפן, אלע זענען געווען טויט. דארט האב איך געטראפן געציע שלייען. צוזאמען האבן מיר ארומגעבלאנדזשעט איבער די חורבות. אין סטאראסיליע און ראזניטשע האט זיך געפונען דאס גאנצע האב און גוטס פון די קאלקער יידן. מיר האבן געזוכט גזלנים, וועמענס מעשים זענען אונדז געווען באוווסט, אבער אלע זענען זיי אנטלאפן אין וואלד. געציע איז אוועק קיין קיווערצע, ווו ס'האט זיך געפונען זיין מיליטערישע טייל. איך האב זיך א געווויסע צייט ארומגעדרייט אין לוצק. פון קאלק בין איך אוועק "אויסגעהוילט", מיט אן אויסגעליידיקטער נשמה. וואס האב איך צו טאן אין די ערטער, אין וועלכע ס'איז פארבײַ מיין קינדהייט, מיין יוגנט; ווו יעדער שטיין האט מיר דערמאנט, אז אלץ איז דא פאר מיר געענדיקט. דא בלייבט מיר איבער נאר צעררייצן די ווונדן. מיין ווייטערדיקער מארשרוט איז געווען אויף דרום: דורך רומעניע, איטאליע - ישראל.

קאלק איז אין מיר פארבליבן. פארבליבן ווי א ווונד אין הארץ.

## אין פייער געהאַרטעוועט

און אַט איז מיין געשיכטע:

מיין טאַטן, אַרטשיק דעם קאָוואַל, האָט מען געקענט אין דער גאַנצער געגנט. דעם טאַטן, דעם שמיד מיט זיינע בנים — אַלע קאָוואַליעס. איך, נחמיה, בין איי-נער פון זיי — דער איינציקער, וועלכער איז געבליבן לעבן.

מיר זענען געווען שטילע, רואיקע מענטשן. ערלעכע מענטשן — קיינעם חלילה, נישט פאַרנומען. אָבער פאַרטשעפּען אונדזער משפחה איז געווען אַ סכנה. מיר זע-נען אַלע געווען מיט שווערע ידים. און שטעטל האָט געוווּסט, אַז בעת אַ צרה, האָט מען אין אונדז פאַרטיידיקער, אַז די אָנפאַלער וועט גלאַט נישט אַראָפּגיין, ווען זיי וועלן פּרוּוון מאַכן אַ פּאָגראָם, אָדער סתּם אַזוי, בעת אַ געשלעג אויף אַ יאַריד — שפּאַלטן יידישע קעפּ.

די גאַנצע משפחה האָט זיך אין דער ביטערער צייט געפונען אין וואַלד און אַלע זענען געפאַלן אינעם ווידערשטאַנד.

אין האַרבסט 1939 יאָר, ווען דער דייטשישער היטלעריק איז באַפאַלן פּוילן, בין איך מאָביליזירט געוואָרן. אין דער געגנט פון וואַרשע האָט אונדזער פּולק געפירט זייער אַ שווערע שלאַכט מיטן דייטשישן מיליטער. זיי זענען געווען מער, און די מערהייט פון אונדזערע זענען אין דער דאָזיקער שלאַכט געפאַלן. עטלעכע צענדליק, אפשר, זענען מיר איבערגעבליבן פונעם גאַנצן פּולק. אַט די, לעבנגעבליבענע, זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון שעדלעץ - בריסק. דאָרט זיך אָנגעשטויסן אויף סאָוויע-טישע טיילן, וועלכע האָבן אונדז אַלעמען פאַרנומען. די, וואָס האָבן געשטאַמט פון פּוילישע געביטן, האָט מען אָפּגעלאָזט אַהיים; די, פון מערב-אוקראַינע, האָט מען לכתּחילה איינגעשלאָסן אין אַרבעטס-באַטאַליאָנען, און שפּעטער איינגעגלידערט אין דער אַרמיי.

אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה, אין 1941 יאר, איז די טייל, אין וועלכער איך האב געדינט, ארומגערינגלט געווארן דורך די דייטשן. מיר האבן זיך הארטנעקיק געשלאגן, אבער צעקלאפט געווארן און אריינגעפאלן אין געפאנגענשאפט. אין דריי טעג שפעטער איז מיר מיט א גרופע יידישע בחורים געלונגען צו אנטלויפן פונעם נאר-וואס געשאפענעם לאגער. איך האב זיך דורך וועגן און אומוועגן געלאזט אהיים. דאן האט אין אלע דערפער געשוויבלט און געווימלט פון כלערליי נאציאנאליסטישע שרצים פון אלע קאלירן. אומעטום האבן זיי גלייך פארפירט א יאגד אויף יידן. זעקס וואכן בין איך געגאנגען. מיין גליק, וואס איך האב א "גוטן אויסזען"; איך בין נישט שטארק ענלעך אויף א ייד און גוט זיך באנוצט מיטן לשון פון די ארומיקע פויערים; נישט ערגער ווי זיי אליין. דרך אגב האבן אלע יידן פון אונדזער קאנט גוט גערעדט "פויעריש". דערפאר האט זיך מיר איינגעגעבן דורכצוגיין פיל געפערלעכע ערטער, פאליציאישע "זאסטאוועס".

אנגעקומען לסוף קיין ראקיטנע, ווו ס'האט געוווינט מיין פרוי און פינף קליינע קינדערלעך. ווי אין אלע שטעטלעך איז שוין דא געווען א געטא. מען האט געשלאגן, געפייניקט און געשיקט צו שווערער ארבעט; אפטמאל צו אינגאנצן אומנייטיקער ארבעט.

אלס א קאוואל האט מען מיך געשיקט צו ספעציעלער ארבעט. די דייטשן האבן געפאדערט, די יידן זאלן זיי צושטעלן 25 פערד-רייט-זאטלען. די יידן האבן די זאטלען געקאנט מאכן, אבער ווו נעמט מען גלאנציקע פוסהאלטערס /משורות/, "שפארעס" /דרבנים/. די סטרעמעניעס /משורות/ ביי די זאטלען דארפן באדעקט זיין מיט ניקל. ווו נעמט מען דאס אלץ? און די דייטשן האבן אנגעזאגט, אז אויב ס'וועלן נישט צוגעשטעלט ווערן די געהעריקע 25 זאטלען, וועלן זיי דערשיסן 25 יידן. אז זיי וועלן אויספירן זייער דראונג, האט מען זיי געקאנט גלייבן...אז זיי זאגן, אז זיי וועלן טויטן, וועלן זיי דאס טאן, ווייל אין דער דאזיקער ארבעט זענען זיי גרויסע מייסטערס. די זאטלען האבן זיי געגומען, און די "שפארעס" — פארבראקירט: זיי גלאנצן נישט...

איז געקומען צו מיר צולויפן דער פארזיצער פונעם יודען-ראט (סלוצקי האט ער געהייסן):

— נחמיה, ראטעווע!

איך האב זיך א נעם געטאן פאר דער ארבעט, געמאכט 25 פאר סטרעמניעס, און די "שפּארן" האב איך אזוי לאנג גערייניקט און געשליפט, געריבן מיט שטיינער, קיזל-שטיינער, מיט שמאטעס איינגעטונקענע אין אייל, ביז זיי האבן, נאך פיל מי און מאטערנישן, באקומען דעם טונקל-גרינעם גלאנציקן קאליר, ווי זיי וואלטן מיט גלאז געווען באדעקט. מען האט זיך אין זיי געקאנט שפּיגלען. א וואך צייט, טאג און נאכט, האב איך איבער דעם געהארעוועט. מיינע הענט זענען געווארן שטייף און צעדראפעט, מיינע פינגער זענען באדעקט געווארן מיט ווונדן. עס איז פון זיי די הויט אראפ ביזן לעבעדיקן פלייש. איך אליין האב זיי אפגעטראגן אין דער קאמענ-דאנטור צו באשטעטיקן די קוואליטעט. דאס איז געווען א גוואלדיקע ריזיקע. פון דער קאמענדאנטור האט זיך קיינער נישט צוריקגעקערט. פאַרן גיין האב איך זיך גע-זעגנט מיט מיין פרוי און קינדער, ווי יידן פלעגן אמאל גיין אויף קידוש-השם.

איך בין אריין אינעם קאבינעט פונעם קאמענדאנט. אוועקגעלייגט פאר אים דאס פעקל. ער האט ארויסגענומען דעם רעוואלווער פונעם טיש; זיך געשפּילט מיט אים און גאנץ רואיק א פרעג געטאן:

— ווו האסטו דאס געקויפט?

— איך האב נישט געקויפט, אליין געמאכט.

— ווייז דיינע הענט — האט ער באפוילן.

ער האט לאנג געקוקט אויף מיינע הענט, און איך האב זיך אין דער צייט גע-זעגנט מיטן לעבן און געווארט אויף די שאסן.

גיט ער מיטאמאל א פרעג:

— עסן ווילסטו?

איך ווייס נישט וואס צו ענטפערן: יא, צי ניין — שווייג איך.

באפעלט ער אריינטראגן א האלבן ברויט און א פעקל טאבאק. ער גיט עס מיר און מיט א באפעלערישן געשריי:

— גיי!

איך בין צוריקגעקומען אין געטא, ווי איך וואלט אויפגעשטאנען פון טויט לע-בעדיק. אויף מארגן האט מען מיך ארויסגערופן צו דער אייזנבאן און מיך באשעפ-טיקט אין א ווארשטאט.

וועגן געטא איז מיר שווער צו רעדן. מיין פרוי און פינף קינדער ליגן אין די גריבער הינטער ראקיטנע. קיינער האט קיין ספק נישט געהאט, אז איין סוף דער-ווארט אונדז אלעמען, טא נאך וואס ווארטן אויף דער ריי ביי די גריבער?

לויפן! לויפן!

איך בין דא אויך געשטאנען ביי די גריבער, אבער אנשטאט צו ווארטן אויף א קויל, האב איך גענומען אנטלויפן; איבער טויטע קערפערס. מיין מארך איז געווען טויט. איך האב גארנישט נישט געטראכט. דאס האבן "געטאן" מיינע פיס — זיי זענען געלאפן, און ערשט טיף אין וואלד שטיין געבליבן... אנדערע זענען אויך געלאפן. אין וואלד האבן מיר זיך געטראפן און באשלאסן צוריקגיין אין שטעטל... אפשר איז דארט עמעץ לעבן געבליבן?...

נעבן שטעטל האב איך באגעגנט מיין שוואגער — יעקב גאלדשטיין. ער איז שוין געגאנגען צוריק און מיט כוח גענומען אויך מיך שלעפן צוריק אין וואלד אריין.

אין ראקיטנע האט שוין קיינער נישט געלעבט...

איך האב זיך מיט אים צעשיידט; איך געדענק נישט וויאזוי. קענטיק, איך בין נישט געווען ביי די געדאנקען. איך בין געגאנגען פאר זיך און געזען מיינע קינדערלעך:

אט שטיפן זיי, זיי שפילן זיך. אט לאכן זיי, און אט ליגן זיי פאר מיינע אויגן דערהרגעטע...

און ווידער דאס זעלבע: די פרוי און די קינדער מיינע: לעבעדיקע און דערהרגעטע...

איך האב געפילט: איך ריר זיך פון זינען!

זיך דערשראקן, און גענומען רעווען ווי אן אקס ביים שעכטן. עמעץ האט מיר פארשטעקט דאס מויל מיט א שמאטע און מיך ארייננגעווארפן אין א ריוו... ווען איך האב זיך אויפגעכאפט אין קאלטן שווייס, האב איך זיך גענומען עפעס דערמאנען...

נו יא... אין וואלד האבן מיר אנגעשטויסן זיך אויף א פויער — איוואן קאשקא — א פויער באקאנט ווי אן אונטערוועלטניק — א שיכור, א גנב, א טיפ, וואס וועגן אזוינע זאגט מען: "ער איז אלץ, וואס אין דער קווארט." פאר אים האבן אלע מורא געהאט — יידן און נישט-יידן. מ'האט אים אלץ נאכגעגעבן אבי פטור ווערן.

ווען דער פויער האט מיך אין וואלד א נעם געטאן פאר דער האנט, האב איך א טראכט געטאן: "נחמיה, דיין סוף איז געקומען!" — אבער ער האט צו מיר געזאגט:

— הער אויס מיט קאפ, אויב דו האסט א קאפ. איך בין נישט קיין אוקראאינישער פאליציאנט. איך בין נישט קיין דייטש. איך בין איוואן — דער גנב. אבער צוזא-מען זענען מיר געוואקסן. קום מיט מיר. קיין שלעכטס וועל איך דיר נישט טאן. איך וועל דיך אויסבאהאלטן.

געגלויבט האב איך אים נישט. ארום און ארום מיר איז טויט, און טויט, און פון זיינע אויגן גלאנצט כמעט ארויס א רחמנות צו מיר... ער האט געוווינט ביים דארף קארפילאווקע. בין איך אוועק מיט אים. ער האט מיך אריינגעפירט צו זיך אין שטוב, אנגעקארמעט און געהייסן מיר גיין אויפן בוידעם.

מיין שרעק האט זיך געשטארקט:

— איוואן, לאז מיך אפ...

און ער: גיין און גיין... איז מיין חשד נאך שטארקער געווארן. עפעס שמייכלט ער צו זיך אליין. אוי, עס איז נישט גוט...

פלוצלינג בייט ער זיך אין געזיכט, ווערט ערנסט, גיט א מאך מיט דער האנט, ווי איינער זאגט: "כאפט דיך דער רוח!"

— גוט! — זאגט ער צום סוף — איך וועל דיך אפלאזן, אבער איך וויל דיר געבן א מתנה אין וועג אריין...

ער גייט ארויס אינדרויסן צו דער שטרויענער סטריכע פון זיין קלוניע, ציט פון דארטן עפעס ארויס און קומט אריין צוריק. ער צעוויקלט א גרויסע שמאטע, און אין זיינע הענט באווייזט זיך א ביקס אן אויסגעשמירטע געדיכט אין פעטס.

— קוזניעץ — זאגט ער צו מיר מיט א שמייכל — ביסט אן אלטער סאלדאט, א פראנטאוויק. דו ביסט געווען אין דער פוילישער ארמיי, ביסט געווען אין דער סאוויעטישער ארמיי. ווייסט ווי זיך מיט דעם צו באנוצן. אט גיב איך דיר דעם בעסטן פריינד דיינעם — א ביקס מיט 26 קוילן. ווילסט נישט בלייבן מיט מיר, טא גיי, און זאל דיר גאט העלפן.

איך האב באקומען א קאמפאניאן. מיט יחיאל מעקלערן זענען מיר אוועק אין וואלד אריין. איך בין צוריק א מענטש. א מענטש מיט א ביקס. מיט דער ביקס קאן איך שוין מיין שטעטלביישטיין. אין דער פוילישער ארמיי פלעגט מיין קאפראל זאגן צו די זעלנער:

— אט איז א ייד, און ווי ער שיסט! איר מעגט זיך ביי אים לערנען!

אין וועג האבן מיר אנגעטראפן יידן, וועלכע ס'האט זיך איינגעגעבן אנטרונען צו ווערן פון דער שחיטה. צווישן זיי זענען אויך געווען פארווונדעטע. איך בין געווען א ייד מיט א ביקס, זענען מיט מיר א דרייסיק יידן נאכגעגאנגען.

אין וואלד האב איך אנגעטראפן אויף א פויליש ייִנגעלע, קאסטיק, א זון פון מיינס א שכן. זיין טאטע איז געווען א פעלדשער, אבער איצט איז ער א וואלד-וועכטער. זיין כאטע איז נישט ווייט פונעם דארף מאלינווקע.

— קאסטיק — האב איך געזאגט צום יינגל — ברענג אהער דיין טאטן.

זיין טאטע, קראמא, איז געקומען. איך האב געהאפט, אז ער וועט אונדז העלפן. נישט ער, נישט קיינער פון זייער משפחה האט קיינמאל שלעכט נישט באהאנדלט קיין יידן. אבער פארוואס האט ער פארווארפן די פעלדשעריי און געווארן א וואלד-וועכטער?

איך האב אים גענומען בעטן, ער זאל אונדז העלפן. ער וואקלט זיך. שווייגט. קלערט. אבער — צו אלדע רוחות שיקט ער אונדז נישט... צום סוף ווערט ער ווייכער:

— גיי קיין באראווינקע. אין דעם כוטאר וווינט ווינצענטי. ער וועט קאנען דיר געבן אן עצה. איך קאן גארנישט טאן. אבער טאקע גארנישט. אלע יידן מוזסטו איבערלאזן אין וואלד, און אליין אוועקגיין אהין, ווו איך ראט דיר, פארשטאנען?!

ער האט ארויסגעטראגן א האלב זעקל קארטאפל און צוויי פלעשער מילך: — דאס איז פאר די קינדער און פאר די פארווונדעטע, און אנווייזנדיק מיטן פינגער די ריכטונג, געזאגט — אהין גיי. דארט איז דער וואלד געדיכטער.

ווען איך האב זיך גענומען קלייבן אין וועג אריין צו ווינצענטין, האט זיך צווישן די יידן אנגעהויבן א געיאמער: זיי זענען געווען זיכער, אז איך וויל פון זיי פטור ווערן. איך האב זיי גענומען באַרואיקן און געהאט דעם איינדרוק, אז זיי געטרויען מיר.

צו ווינצענטין בין איך אנגעקומען בשלום. מיר האבן זיך געקענט. ער איז געווען א סטעלמאך /קאלאדזשיעי/: געמאכט הילצערנע רעדער, און די קאוואליעס, די שמידן פלעגן דאס ביי אים קויפן. איך רעד צו אים, און ער שטעלט די זעלבע קשיה:

— אבער ווער האט דיך צו מיר געשיקט?

איך האב די דאזיקע קשיה געלאזט פארביי די אויערן, אבער איינגעשפארט געבעטן זיין עצה, וואס דארף איך טאן. או ער, דער כיטראק, האלט אין איין איבערחזרן:

— איך ווייס גארנישט און שיק דיך נישט אינערגעץ, ווייל איך ווייס גארנישט. אבער אויף דיין ארט וואלט איך אוועק מיט דער שמאלער סטעזשקע און געגאנגען מיט איר, און געגאנגען... ווייטער אזוי, און ווייטער אזוי, און ווען די סטעזשקע וועט זיך ענדיקן, וואלט איך אלץ ווייטער געגאנגען... גלייך און גלייך: דורך גראז און ריוון, דורך גריבער, וואלט איך געגאנגען גלייך אזוי און גלייך, און געהאפט אויף א נס... ניסים זענען פאראן... עס זענען פאראן מלאכים... אפשר וועסטו א מלאך טרעפן...

ווינצענטיס פנים איז געווען ערנסט, אבער זיינע אויגן האבן שעלמיש געלאכט. איך האב פארשטאנען, אז איך דארף אים פאלגן און דאס איז דער ריכטיקער וועג.

געקומען צו אים זענען מיר אין דרייען. צוויי האב איך איבערגעלאזט אין שטאל. איך האב זיי געגעבן דעם אפגערעדטן סימן, און נאך א געוויסער ציים זענען מיר אוועק אויף דעם אנגעוויזענעם דורך ווינצענטין שטעגל. מיר זענען געגאנגען א פאר שעה גלייך פארויס, און ווען דאס שטעגל האט זיך לסוף געענדיקט, זענען פון ביי-דע זייטן אויסגעוואקסן קעגן אונדז מענטשן מיט אנגעשטעלטע אויטאמאטן, און איי-נער פון זיי האט א געשריי געטאן:

— רוקי וו'ווירך! (די הענט אין דער הייך).

קודם האבן זיי צוגענומען ביי מיר די ביקס, געבונדן אונדז די הענט און אנ-געהויבן דעם פארהער: אליין געפרעגט און אליין זיך געענפערט, ווייל מיר האבן געשוויגן, נישט ווייסנדיק מיט וועמען מיר האבן צו טאן.

— שפיאנען?

מיר שווייגן. זיי פירן אונדז.

אפגעגאנגען א פאר קילאמעטער, טרעפן מיר א גרופע פון א 15 מאן — סאוויעטי-שע זעלנער, בראש מיט א קאפיטאן. כאטש אין אזוינע פאלן קאן מען זיך אויך אויף מונדירן נישט פארלאזן, דאך האב איך דעם קאפיטאן אלץ דערציילט.

שפעטער האט זיך ארויסגעוויזן, אז דאס איז געווען א נאר-וואס אראפגעווארפע-נער דעסאנט, וועלכער האט זיך געדארפן פאראייניקן מיט דער פארטיזאנער-מחנה פו-נעם פולקאווניק מיעדוויעדיעוו.

ווען איך האב געגומען דערציילן דעם קאפיטאן וועגן דער הריגה אין ראקיטנע, האט זיך צו אונדז דערנעענטערט א פרוי, אויך אין ראנג פון א קאפיטאן, און גע-נומען צו אונדז רעדן אויף יידיש. זי איז געווען דער אדיוטאנט פונעם קאמאנדיר מיעדוויעדיעוו. ארום מיעדוויעדיעווס פארטיזאנישער גרופע האבן זיך געגומען זאמלען אלץ מער יידן פון צווישן די, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועל-דער. לכתחילה האט מען בלויז איינציקע פון צווישן אונדז אנגענומען אינעם אט-ריאד, אבער שפעטער האבן זיך אנגעזאמלט אלץ מער.

אין א געוויסן טאג זענען צו אונדז געקומען ביידע אנפירער: קאמאנדיר מיעד-וויעדיעוו און קאפיטאן סימא, די אויבנדערמאנטע פרוי, און מיט זיי נאך איי-ניקע. זיי האבן אונדז דערקלערט:

— מיר האבן ספעציעלע אויפגאבעס און גייען פונדאנען גאר בקרוב אוועק. איר וועט זיך ארגאניזירן אן אייגענעם פארטיזאנישן אטריאד און באמיען זיך צונויפ-צוזאמלען די אלע אומגליקלעכע עלטערע מענטשן, פרויען, קינדער און קראנקע אין די בריאנסקער וועלדער. עטלעכע ביקסן וועט איר ביי אונדז באקומען און דאס אלץ.

פינף ביקסן האבן מיר באקומען, א פאר ביקסן האבן מיר געהאט אייגענע און אין א גרויסער גרופע האבן מיר זיך געלאזט אין די ווייסרוסישע וועלדער.

די אנפירונג איבערן אטריאד האט איבערגענומען א יונגערמאן פון סארנע — שלמה זאמדוויים. זיין געהילף און פאליטישער קאמיסאר איז געווארן וויערכאוו — פונעם שטעטל בערעזנע. איך האב באקומען א ווזוואד — דאס איז פאקטיש גע-ווען די איינציקע באוואפנטע קראפט אין אונדזער גרופע.

באוועגט האבן מיר זיך בלויז אין די נעכט און זיך איינגערעדט, אז קיינער זעט אונדז נישט און ווייסט וועגן אונדז גארנישט.

ביים דארף טערעספאנעץ האבן מיר אנגעטראפן אויף דייטשן. זיי האבן ווייניק געוווסט וועגן אונדז, און דעריבער אונדז גענומען באשיסן פון דערווייטן. מיר האבן זיך געלייגט אונטער דיביימער און גענומען בלויז שיסן דאן, ווען א קלע-נערע גרופע דייטשן האט זיך א לאז געטאן צום וואלד. מיר האבן זיי גענומען גע-

דיכט באשיסן. פארשטייענדיק, אז באלד וועלן זיי באנעמען, ווי שוואך מיר זע-
נען, האבן מיר זיך גענומען פארזיכטיק, אפשיסנדיק זיך צוריקציען, כדי פארלירן
יעדן קאנטאקט מיט זיי. ווען דאס איז געלונגען, האבן מיר זיך געכאפט, אז בינו
לבינו זענען די יידן אין וואלד און די נישט באוואפנטע בחורים זיך צעלאפן. מיר
האבן זיי שפעטער נישט געפונען (ערשט נאך דער מלחמה האב איך זיך דערוווסט, אז
זיי זענען צוזאמען מיט מיין שוואגער אוועק אין די בליזאוועד וועלדער). מיר
זענען געבליבן פינף באוואפנטע יידן און אוועק אין דער ריכטונג פון לוביניעץ.

אונדזערע ביקסן זענען געווען די בעסטע "פארמיטלער" ביים אויספועלן ביי די
פויערים עסנוואַרג; אפילו בגדים. אלע האבן מיר זיך שוין גוט אנגעשמעקט מיט
פולווער פריער. מיר זענען שוין געווען אמתע זעלנער; מלחמה איז שוין געווען
אונדזער ברויט. נישט איינמאל איז אונדז אויסגעקומען זיך צוזאמענשטויסן מיט
קלענערע גרופעס פאליציאנטן. מיר האבן זיך מיט זיי אן עצה געגעבן, נישט ליידנ-
דיק קיין פארלוסטן.

נעבן דארף שענקעוויטש האבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף א גרופע יידן, וואס
איז געווען בעסער ווי מיר באוואפנט; איינער פון זיי האט אפילו געהאט אן אוי-
טאמאט. מיר האבן אויך געטראפן א גרופע יינגע מענטשן, וועלכע זענען אנטלאפן
פון די דייטשן; זיי זענען געווען פון די ארומיקע אפגעברענטע דערפער. זיי
האבן זיך אנגעשלאסן צו אונדז. אויף אזא אופן זענען מיר צאלרייכער געווארן
מיט נייע קעמפער — יידן און נישט-יידן.

אייגנטלעך, איז דאס נישט געווען קיין פארטיזאנישע גרופע אין פולן זין פון
ווארט; מיר זענען געווען איינע פון די "ווילדע", אומאפהענגיקע באנדעס, וועל-
כע האבן געארבעט אויף דער אייגענער האנט. ארייננגעכאפט זיך אין א דארף, פלעגן
מיר זיך באלד א לאז טאן צום סטאראסטע, צו די פאליציאנטן אין די הייזער און
אנדערע דייטשישע משרתים; צונעמען זייער האב און גוטס, אונטערצינדן זייערע היי-
זער און זיך אפגעטראגן. זעלטן האבן מיר א טעות געהאט. תמיד פלעגן אונדז די
פויערים אינפארמירן ווער וואס עס איז, און יעדער האט באקומען דעם "שכר", וואס
ער האט כשר פארדינט...

אנגעטאן זענען מיר געווען זייער פארשידן: ווער אין א דייטשישן מונדיר, ווער
אלס א פאליציאנט, אדער סתם אין בגדים, וואס מ'האט געפונען ביי די פאשיסטישע

יוצר-משרתים. אין דער באנדע האט מען קיינעם נישט געפרעגט: "ווער ביסטו? פונ-וואנען שטאמסטו?" איין פראגע איז געשטעלט געווארן: "ווילסטו שלאגן די דייטשן און זייערע העלפער?" איין "אייזערנער געזעץ" האט ביי אונדז געגילטן: נישט אנ-רירן מיט קיין פינגער אפילו נישט דעם נפש און נישט דאס אייגנטום פון ערלעכע פויערים און קבצנים. יעדער אין דער באנדע האט געהאט זיין חשבון און זיינע שונאים. עס האבן נישט געפעלט אזוינע, וואס האבן ארויסגעוויזן צו זייערע שונ-אים עכטע אכזריות. מיר, יידן, האבן געהאט אונדזער חשבון — פאר אונדזערע קינ-דער און משפחות. אבער אויך נישט-יידן האבן פארלוירן קינדער, פרויען און עלטערן, און דער צארן האט אין זיי געזאטן.

איך האב נישט פיגורירט אונטער מיין נאמען. ביי אלעמען האב איך געהייסן "קוזניעץ", און זיי האבן געוווסט, אז איך האב א שווערע האנט. עס האבן זי גע-קענט אונדזערע פייניקער, און איך האב געוווסט, אז כשר האבן זיי פארדינט כפל כפלים...

אין אונדזער באנדע איז געווען א רוסישער, מישקא ליסאוויעץ. איך געדענק נישט וויאזוי ער איז צו אונדז צוגעשטאנען. פאר דעם איז ער געווען א פארטיזא-נער אין דער בריגאדע פונעם גענעראל קאמאראוו. מיר זענען פארבייגעגאנגען ערטער, באקאנטע פון די גרויזאמע "פאציפיקאציעס", וואס די דייטשן האבן דא דורכגעפירט צוליב די קאנטאקטן פון די פויערים מיט פארטיזאנער. מישע האט דארט באגעגנט היימישע.

אינגיכן האבן מיר באקומען א באפעל: אויס באנדע! מיר ווערן פארוואנדלט אין א דיסציפלינירטן פארטיזאנישן אפטייל "זא ראדינו" (פארן פאטערלאנד). פריער האבן מיר אנדערש נישט געהייסן ווי "רויטע באנדיטן". אויס מיט די באנדיטן! כאטש מיט די "רויטע באנדיטן" האבן מיר זיך אויך נישט געשעמט. באנדיטן קעגן באנדיטן; באנדעס קעגן באנדעס! איצט זענען מיר געווארן אויסגעצייכנטע פארטי-זאנער.

אונדזער קאמאנדיר איז געווען מישקא זאסאדין, דער קאמיסאר — סאשקא. מען פלעגט אונדז שיקן אויף די שווערסטע אקציעס, אויף די ריזיקאלסטע. דער קאמאנ-דיר פון דער בריגאדע פלעגט זאגן, וויצלענדיק זיך:

— ווער עס איז געווען צווישן זיי דער גרעסטער באנדיט, איז געווארן דער בעסטער פארטיזאנער!

ביז דאן בין איך געווען דער קאמאנדיר פון א וזוואד, איצט האט מען מיר צו-געטיילט א ספעציעלן אפטייל, וועלכן מ'האט גערופן "אטריאד קוזניעצא". מישקע האט מיר געזאגט:

— די דייניקע ווייסן נישט, אז דו ביסט א ייד, בעסער זיי זאלן נישט וויסן.

דורכן גרישינער וואלד האבן מיר זיך דערנעענטערט צו א באן-ליניע. אריבער-גיין אויף יענער זייט איז געווען אוממעגלעך, ווייל נעבן די באן-רעלסן האבן זיך געפונען טיפע בונקערס. צוזאמען מיט די דייטשן האט זיך אין זיי געפונען א געוויסער זאראקאווסקי, א געוועזענער וואלד-אויפזעער, וועלכער האט געקענט די גאנצע געגנט ארום, ווי זיינע צען פינגער. צוזאמען מיט די דייטשן פלעגט ער זיך באטייליקן אין אבלאוועס קעגן פארטיזאנער. ער איז אויך געווען דער גרעס-טער יידן-מערדער אין דעם קאנט. קיין איין געטא אין גאנצן ארום איז נישט ליק-ווידירט געווארן אן זיין באטייליקונג. אונדזער אטריאד האט באקומען א באפעל אים פאקן א לעבעדיקן. ער איז געווען ביי די דייטשן א פארטרויטער מענטש און געוווסט אלץ, וואס ביי זיי טוט זיך. אזא "צונג" דארף דער שטאב האבן. אין דער גרופע בין איך אויך באשטימט געווארן. "ער" האט צוזאמען מיט די דייטשן געלעבט אין א בונקער נעבן דארף וואגוסטין.

צוויי וואכן האבן מיר געטשאטעוועט אויף אים, אבער קיין איין מאל נישט גע-זען אים פונדערנאענט אליין. אבסערווירנדיק, האבן מיר פעסטגעשטעלט, אז רעגו-לער, אזייגער ניין אינדערפרי, גייט ער ארויס פונעם בונקער, אן א העמד, און וואשט זיך אין א גרויסער שיסל.

איין מאל, ווען זאראקאווסקי איז ארויס מאכן זיין פרימארגן-טואלעט, האבן מיר מיט א געדיכטן פייער באשאסן דעם ארויסגאנג פונעם בונקער, קיין איין דייטש זאל נישט וואגן ארויסצוגיין. די דייטשן זענען געווען איבערצייגט, אז ווען פארטיזאנער גרייפן אן ביי טאג-ליכט, מוזן זיי זיין אין א גרויסער צאל. זיי האבן נישט געענטפערט מיט קיין פייער. זאראקאווסקי, זעענדיק, אז אינעם בונקער וועט ער צוריק זיך נישט אריינבאקומען, האט ער גענומען לויפן אין דער ריכטונג פונם דארף און דאן אריינגעפאלן א גאנצינקער אין אונדזערע הענט. די שנאה צו אים איז געווען גרויס, האט מען אים געבראכט א לעבעדיקן אבער גוט צעממיתטן...

א צום-טויט-דערשראקענער האט ער זיך געשטעלט צום פארהער, און באלד ארויס מיט לשון. ארויסגעלייגט אלץ פון אונטער דער גאל. אלץ, וואס ער האט געוווסט, האט ער אויסדערציילט און אזוי פחדנודיק גערנווויליק. פארנאכט איז געקומען צו מיר מישקא און געזאגט:

— חברה, גייט נעמט אפ אייער "מציאה". ס'האט זיך ארויסגעוויזן, אז ער האט א "גאלדענע צונג". פירט אויס דעם אורטייל — דעם לוין פאר אלץ, וואס דער מנובל האט אפגעטאן, פאר די אלע פייניקונגען אין געסטאפא, פארן טויט פון די יידן, וואס ער האט דערמארדעט!

אין דער גרופע, וואס האט אויסגעפירט דעם טויט-אורטייל, בין איך געווען איין ייד. איין ייד מיט א גרויסן חשבון... שפוך חמתך...

זאראקאווסקי האט באצאלט מיט זיין לעבן, איך בין באלוינט געווארן מיט דער אויסצייכענונג "קראסנאיא זוויעזדא".

אין דער בריגאדע זענען קעמפער געווארן אלץ מער, אבער אין געווער איז גע-ווען א דוחק. ווער ס'פלעגט ברענגען געווער, פלעגט אפגעמערקט ווערן אינעם טאג-באפעל.

אונדזער קאמאנדשאפט האט באקומען א ידיעה, אז אין דארף ליפשא איז געקומען א זאנדער-אפטייל פון דער דייטשישער זשאנדארמעריע. צווישן זיי זענען געווען אויך ליטווישע און אונגארישע זעלנער. אונדזער אטריאד האט באקומען א באפעל ארומרינגלען דאס דארף, ליקווידירן די דייטשן און ברענגען זייער געווער.

דער פלאן זיי אומגעריכט צו באפאלן איז נישט געלונגען. עס האט זיך אנטוויקלט א שווערער קאמף. די זשאנדארמען זענען געווען אויסגעצייכנט באוואפנט און גע-שטעלט א פארביסענעם ווידערשטאנד. מיר האבן געהאט פארלוסטן אין געהרגעטע און פארוווונדעטע. אבער דאס דארף איז געווארן איינגעקלאמערט פעסט פון אלע זייטן און מיר זענען געווען נישט ווייניק. פון די זשאנדארמען איז קליינער נישט לעבן גע-בליבן. אין געפאנגענשאפט האבן מיר גענומען אן ארבעטס-באטאליאן פון אונגארן. דאס זענען נישט געווען אין גאנצן קיין "ריינע" אונגארן, נאר "מישלינגען". מיט וועמען געמישט? שטעל זיך פאר: מיט יידן. זיי האבן זיך אנגעטאן מגן-דודס און געשריגן "הייל היטלער!" ביזן לעצטן מאמענט...

נעבן לוניניעץ האבן מיר געטראפן א לאגער פון יידישע פליטים: פון לוני־ניעצער געטא און פון די ארומיקע שטעטלעך. דער אנפירער פונעם אטריאד איז גע־ווען א געוויסער באבראוו. זיין פרוי האט געהייסן שרה. איצט וווינען זיי אין ישראל. אין דעם לאגער זענען געווען פיל יידישע מיידלעך. האב איך די אטריאד־חברים נישט צו שטארק אנגעטרויט. איך האב דערפון אינפארמירט דעם קאמאנדיר, מישקען. ער האט אלעמען צונויפגעזאמלט און זיי געזאגט מיטן הארבן ווארט:

— יאטן, איר זענט סאוויעטישע פארטיזאנער. די צייטן פון באנדיטיזם האבן זיך פאר אייך געענדיקט אויף שטענדיק. אויב עמעץ פון אייך וועט ווארפן א פלעק אויף אונדזער אטריאד, וועט ער דערשאסן ווערן מיט מיין אייגענער האנט. געדענקט! צוויי מאל דאס זעלבע וועל איך נישט איבערחזרן.

די פארטיזאנער האבן געוווסט, אז מישקע ווארפט נישט קיין ווערטער אויפן ווינט...

א האלב יאר האבן מיר זיך געפונען נישט ווייט פון דעם דאזיקן יידישן לאגער. ער האט זיך געפונען אונטער אונדזער שוץ. שפעטער האבן מיר די פיזיש נאך נישט איינגעבראכענע געגעבן עטלעכע ביקסן, און זיי האבן זיך אליין ארגאניזירט אין א זעלבסטשוץ־גרופע. מיר, די געוועזענע "באנדיטן", האבן געקענט דעם וועג צו זיי דורך די זומפן. מיר פלעגן צו זיי קומען צוגעסט, און נישט מיט ליידיקע הענט: זיי געבראכט קארטאפל און אנדער עסנווארג; איינגעשטעלט מיט זיי גוטע, פריינדלעכע באציונגען.

אין איינער א שלאכט בין איך פארוווּנדעט געווארן אינעם רעכטן פיס און לאנג זיך אפגעוואלגערט אינעם וואלד־שפיטאל. ווען כ'האב זיך אומגעקערט, האט דער אטריאד געגרייט זיך צו א נייער גרויסער שלאכט.

פונעם שטעטל דעסטין, אין דער ריכטונג פון ליפשא, ווו עס איז איינגעשטאנען דער דייטשישער שטאב, איז ארויס א גרויסער קאנוואי מיט שפייז פאר די דייטשישע טיילן. מיר האבן גענוי געוווסט די צאל פאליציאנטן און דייטשן, וואס זענען בא־שטימט געווען פאר דער באוואפנטער שמירה צו קאנווואירן. זייער צאל איז געווען א מעסיקע. האבן מיר ארויסגעשיקט בסך־הכל 24 פארטיזאנער אין צוויי גרופעס: איי־נע אונטערן אנפיר פונעם פאליטרוק, א צווייטע — אונטער מיין קאמענדע...

ס'האט זיך דערנעענטערט דער סוף פון א ווינטיק יאר אין דער מלחמה — דאס יאר 1943. מיר האבן זיך פארטייעט פון בײדע זײטן שליאך און געוואַרט. ווען די פורן זענען אנגעקומען, האבן מיר אויף זיי געעפנט פון בײדע זייטן א גע-דיכט פייער. אינעם אבאז האט זיך אנגעהויבן א בהלה, אבער באלד נאכדעם האט זיך פון וואלד באוויזן גאר א באדייטנדיקע צאל דייטשישע זעלנער און אונדז גענומען באשיסן. דורכרייסן זיך אויף דער צווייטער זייט שליאך און אפטרעטן אין דער ריכ-טונג צו אונדזער פארטיזאנישער באזע איז געווען אוממעגלעך. די דייטשן זענען געווען זיכער אין זייער צאליקער איבערוואג און דרייסט זיך געלאזט נאך אונדז אין וואלד אריין — אלץ טיפער און טיפער. אפרייסן זיך האבן מיר נישט געקאנט. געווײנלעך פלעגן די דייטשן זיך נישט לאזן פארשלעפן טיף אין וואלד אריין. אין וואלד זענען מיר געווען די באלעבאטים. און דא אזא דרייסטקייט, אן אומגעווײנ-לעכע.

איך האב זיך אפגעטיילט פון דער גרופע און גענומען לויפן, באהאלטן זיך צווישן ביימער, און ווייטער געלאפן. אין א מער געדיכט ארט האב איך דערפילט, אז ווײ-טער לויפן קאן איך נישט. האב איך זיך פארטייעט אונטער א שטאם און זיך גענו-מען ארומקוקן: זיי, די דייטשן, שרייען, שיסן און קוקן זיך כסדר ארום. זיי האבן מורא. ס'האבן זיך אויך געהערט שיסערייען פון דער ווייטן. וואס קאן עס באדייטן? שוין-זשע זענען די דייטשן באפאלן אונדזער לאגער? איך האב זיך פאר-מאסקירט דא, ווו איך בין געלעגן, און אזוי געבליבן ליגן אזש צוויי מעת-לעת. ווען ס'האט זיך שוין ארויסגעוויזן, אז אלץ ארום איז טויט-שטיל, האב איך זיך מיט א קלאפנדיק הארץ געלאזט אין דער ריכטונג פונעם לאגער. געקומען. קיין איין לעבעדיקער נפש. די ערד-שטיבלעך — פארברענט. עס וואלגערן זיך געהרגעטע פארטי-זאנער, וועלכע מ'האט נישט באוויזן אויפצוקלײבן.

איך האב געקענט די וועגן צו אנדערע באזעס אונדזערע דורך שטעגן און בלאטעס. אויפן וועג געטראפן פארווונדעטע פון אונדזער ראטע. זיך דערוווּסט פון זיי פרטים וועגן דעם, וואס עס איז געשען, ווי אויך אז פיל פון דער קאמפס-גרופע, מיט וועלכער איך בין געווען, זענען אומגעקומען. זיי זענען געווען זיכער, אז אויך איך בין שוין נישט פאראן צווישן די לעבעדיקע.

מיר האבן זיך צונויפגעזאמלט און אוועק זוכן אונדזעריקע. נאך פיר מעת-לעת זענען מיר אנגעקומען צו דער באזע. פון די לעבן-געבליבענע פון אונדזער אטריאד איז פארמירט געווארן א נייע פארטיזאנישע קאמפס-גרופע און אפגעשיקט געווארן אין דער ריכטונג פון מיקאשעוויטשא, ווו אונדזער אויפגאבע איז געווען פירן א "רעלסן-מלחמה" — נישט דערלאזן קיין דייטשישע עשעלאנען צום פראנט.

פון אונדזער קאמאנדיר האבן מיר באקומען א באפעל צו פארכאפן א לעבעדיקן טעלעפאניסט פונעם אעראדראם ביי לונינייעץ. מיר האבן באקומען דייטשישע מונדירן, דייטשישע שטיוול, הכלל — אלץ מיט דער פולער געניקייט. אונדזער קאמאנדיר איז געווען א יאט, קאטארי וועלכער... האט געזאגט דעם פאראל אזוי "יעקיש", אז אן דעם מינדסטן חשד האט מען א טייל פון אונדז אריינגעלאזט אינעווייניק. א לעבעדיקן טעלעפאניסט האבן מיר אין שטאב געבראכט. דער טעלעפאניסט האט זיך נישט "געדונגען" — באלד "געגעבן לשון"; פאר אזוינע האבן מיר געהאט א גוטע באצייכענונג "א יעקע מיט א גאלדענער צונג". ער איז געווען "אנגעשטאפט" מיט ידיעות און מ'האט נישט געדארפן פון אים ארויסציען, ווי עס זאגט זיך "מיט צוואנגען". ס'האבן פון אים געפליצט אינפארמאציעס ווי פון א צעבער. אז מען זאגט א "טיילערער דייטש", מעג ער טאקע האבן א לייכטן טויט.

פאר אט דעם שטיקל ארבעט איז אונדזער אפעראטיווע גרופע באלוינט געווארן מיט דער אויסצייכענונג "פארטיזאנער פון ערשטן ראנג".

מיר זענען געווען אלץ נעענטער צום פראנט און מיר זענען געווארן אלץ צא-ליקער. מ'האט קאנצענטרירט אין א "קולאק" גרויסע פארטיזאנישע פאראייניקונגען. פאקטיש איז עס געווען א נייער פראנט הארט אין רוקן פונעם שונא. צוויי אויפגא-בעס האבן מיר געהאט: נישט דערלאזן קיין צוגן מיט מיליטער און אמוניציע צום פראנט, און א צווייטע — נישט לאזן די דייטשן זיך אפרייסן פון דער אנגרייפנ-דיקער סאוויעטישער ארמיי און דערפירן צו זייער מפלה אויף יעדן אפשניט.

די דייטשן האבן געבויט מעכטיקע פארטיפיקאציעס. ס'האט געקאסט פיל קרבנות זיי דורכצוברעכן. דער קאנצענטרירטער און קאארדינירטער אטאק פון די סאוויעטי-שע רעגולערע טיילן און פון די פארטיזאנישע פאראייניקונגען האט גוט געקרישלט די דייטשישע פארטיפיצירטע פארטיידיקונג. שלאכטן זענען אנגעגאנגען פארביסענע: אין וועלדער, אין זומפן, ווו די דייטשן זענען אריינגעטריבן געווארן און זיך

שוין נישט געקאנט ארויסבאקומען. איין אויסוועג געווען — אונטערגעבן זיך. זיי זענען געווען ווי אין א פאסטקע, צעברעקלט און פון אלע זייטן אנגעגריפן געווארן. אלע וועגן האבן געשוויבלט פון נקמה-נעמער. דער שׂונא איז אויפגע-ריסן געווארן אויף מינעס. זיי פלעגן זיך צעלויפן, די דייטשן, אין אלע זייטן צו די שליאכן, און דא פלעגט זיי טרעפן דאס פארטיזאנישע פייער.

מיר האבן פארנומען לונינייעץ. ביי לונינייעץ בין איך ווידער פארוואונדעט גע-ווארן. פיל פארטיזאנער זענען דאן מאביליזירט געווארן אין דער ארמיי, אנדערע ווידער — זענען ארגאניזירט געווארן אין נייע טיילן מיט דער אויפגאבע צו ליק-ווידירן די דייטשן אין די ארומיקע וועלדער.

אין לונינייעץ האב איך באקומען א מעדאל "פאר דרייסטקייט" און בין אפגעשיקט געווארן אין א מעכאנישן ווארשטאט צו רעמאנטירן דאס געווער, וואס איז אויפגע-קליבן געווארן אין די וועלדער, בונקערס, גריבער, אין פארשידענע באהעלטענישן. אויף אלע באפרייטע שטחים האבן גענומען זיך באווייזן אויסגעשעפטע, אויסגעמא-טערטע, אפגעריסענע און אפגעשליסענע יידן — קוים לעבעדיקע. מ'האט ארגאניזירט פאר זיי א קיך און, צוזאמען מיט אנדערע, האבן זיי ארומגעזוכט אין די פעלדער קארטאפל, קרויט, בוראקעס — אן אמתער אינטערנאציאנאל פון מענטשן, וואס זענען קוים ארויס מיטן לעבן.

כל-זמן איך בין געווען אין שלאכטן, אין געפאר, פארנומען געווען מיט אויס-פירן אויפגאבעס בין איך געווען א לעבעדיקער, ענערגישער מענטש. נישט געפילט מיין עלנט. ס'הט מיך נישט געמוטשעט דער אומעט, די בענקשאפט נאך מיין בלוט און פלייש, וואס איז אזוי שרעקלעך אומגעקומען. אבער ווי באלד ס'האט זיך געענדיקט דאס לעבן אין שלאכטן און סכנות, איז מיך באפאלן א מרה-שחורה. ס'האט מיר גע-ווייטיקט אן אויפהער דאס הארץ: בייטאג, צי ביינאכט — שטענדיק: זענען מיר גע-שטאנען פאר די אויגן מיינע פינף קליינינקע קינדערלעך, מיין פרוי, טאטע-מאמע, ברידער, נאענטע, חברים. זיי האבן מיך ארומגערינגלט פון אלע זייטן. ס'האבן ביי מיר געגומען ציטערן די הענט. איך האב זיך קיין עצה נישט געקאנט געבן מיט דער ארבעט. דער שלאף איז אוועק פון מיינע אויגן. א בית-עולם איז געווארן מיין נשמה. איך האב זיך אן עצה געגעבן מיט דייטשן, באנדעראווצעס, פאליצאנטן, אבער גוואלד געשריגן: ווי טוט מען זיך אן עצה מיט זיך אליין?!

איך פלעג א צעדולטער ארויסלויפן אין גאס, ויעלנדיק זיך ראטעווען פון די טויטע אין מיר, און זיי זענען נישט אוועק פון מיר. מענטשן האבן גענומען מיך אויסמיידן. איך האב געפרווווט פארגיסן די פינצטערניש אין מיר, דעם אומרו, דעם געיאמער אין זיך מיט סאמאגאן.

"מתים! — האב איך געשריגן צו דעם גיהנום אין מיר — גייט אין אייער רו אריין! וואס ווילט איר פון מיר?!" — און זיי זענען נישט אוועק.

איך האב געטרונקען סיי בייטאג, סיי ביינאכט. פון אונטער דער ערד האב איך דעראבערט דאס טרינקען. איך האב גיך באקומען "פריינד" — מיטטרינקער, בעלנים צו טרינקען אויף יענעמס חשבון. אזוינע טרעפט מען אויף שריט און טריט. איך האב געפילט: איך זינק אלץ טיפער און טיפער. איך האב געוווסט: איך קום אום. איך מוז מיט דער שכרות א סוף מאכן, אבער מיין ווילן וואלט ווי פאראליזירט גע-ווארן — איך בין מער איבער זיך קיין באלעבאס נישט געווען. מענטשן האבן גע-ווווסט ווער איך בין: "דאס איז קוזנעץ — דער פארטיזאנער". זיי האבן ארויסגע-וויזן מיטלייד, און יעדער האט מיר געהאלפן... מיט א גלעזל...

אין לוניניעץ האבן געוווינט צוויי יידישע פרויען. זייערע פאמיליעס האב איך שוין פארגעסן, אבער זייערע נעמען געדענק איך: רבקה און רעסל. צוויי גוטע נשמות. זיי האבן געארבעט אין קיך. זיי פלעגן מיך טרייסטן, צוגערעדט, איך זאל זיך "נעמען אין די הענט אריין", אנדערש וועל איך אויסציען די פיס ערגעץ אונ-טער א פארקאן. איך האב דאס דרך אגב אליין געוווסט און זיך פאר דעם נישט גע-שראקן: אונטער א פארקאן, איז אונטער א פארקאן. וואס איז די נפקא מינא?...

עס האט זיך אנגעהויבן די רעפאטריאציע קיין פוילן.

אין מיליטערישע בגדים האב איך נישט געדארפן קיין פאפירן. איך האב זיך אריינבאקומען אין א מיליטערישן עשעלאן, וואס איז אפגעגאנגען קיין בערלין, און דערפארן קיין פוילן. זיך פארהאלטן אין ביטאם. דארט אריינגעטראטן אין א קיבוץ פון "החלוץ". געטראפן אין אים אויך אנדערע פארטיזאנער. מיר זענען שוין געווען א גרויסע גרופע שלאכטלייט פון די וואלינער, פאליעשיער און בריאנס-קער וועלדער. אומלעגאל האבן מיר זיך געלאזט אין וועג-אריין. דער "רויטער קרייץ" האט אונדז געקארמעט. פארשידענע יונגעלייט האבן געגנבעט גרענעצן נאך גרענעצן,

און אין קליינע גרופקעס, מיט דער אומלעגאלער עליה, זיך אריינבאקומען קיין ישראל. אט צווישן זיי בין איך אויך געווען — נחמיה קורלאנד — דער זעלבער, דער איינציקער לעבנגעבליבענער קאוואל בן קאוואל, איין בן פון די בנים פון ארטשיק דעם קאוואל פון קאלק...



קאלקער אין ישראל:

מאיר אייזענבערג, קאנטאר, כייטשיק באריס, שפיץ חיים, כייטשיק מאניש, בוסליק סענדער

## קאלקער ביי די "קאוּפּאקאָוצעס"

איך האב איבערגעלייענט א היפש פעקל ביכער וועגן דער פארטיזאנער-באַוועגונג אין ראטנפארבאנד אין דער צייט פון דער גרויסער פאטערלענדישער מלחמה. מערסטנס זענען די ביכער געשריבן געווען אין פארם פון באריכטן-זכרונות. אין זיי האב איך אפט געטראפן א טערמין "ארטיקע פארטיזאנער". "ארטיקע" — דאס מיינט געוויס מענטשן, וואס האבן געשטאמט פון די געגנטן, וווּ דער אדער יענער פארטיזאנישער טייל איז אנטשטאנען און געקעמפט. די פארטיזאנער האט מען געוויינלעך געטיטלט לויט זייער אנפירער-קאמאנדיר: "שישקאוּצעס", "סאביעשיאקעס", "דיאדיא פיעטיאס" א"וו. איך האב געפרווט געגויער פעסטשטעלן, וואס מיינט "ארטיקע". דעם אמת זאגנדיק, צו קיין זיכערע אויספירן בין איך נישט געקומען. ס'האט געטראפן: איך האב גענומען שפינען א פאדים, און דער פאדים האט זיך פלוצלינג איבערגעריסן, אדער זיך פארפלאנטערט; נישט פאנאנדערצוּוויקלען.

נאטירלעך, ווען איך וואלט געהאט פאר זיך ארכיוון, און נישט קיין זכרונות, וואלט איך זיך מן הסתם דערוווּסט מער, אבער צו ארכיוון בין איך נישט דערגאנגען. עפעס האב איך אנגעטאפט אין די געשפרעכן מיט אנטיילנעמער פון פארטיזאנישע קאמפן. אט פון די געשפרעכן בין איך געקומען צו א השערה, לויט מיר נאך זייער א וואַרשיינלעכע, אז צווישן די גרופעס און גרופקעלעך פארטיזאנער, וואס האבן זיך גענומען ארגאניזירן אין 1942 יאר אין וואלין, צווישן די זומפן און ארום די אזיערעס פון פאלעשיע, און זיך שפעטער פאנאנדערגעוואקסן אויף גרויסע פארטיזאנישע מחנות, זענען געווען גאר נישט ווייניק יידן, וואס זענען אנטלאפן פון די געטאָס ערב, בעת און נאך זייער ליקווידאציע. זיי האבן זיך געקאנט ראטעווען בלויז אין די וועלדער, און בלויז דאן, ווען זיי האבן זיך באוואפנט צו קעמפן קעגן

זייערע פארפאלגער אין אלע ערטער און מקומות, ווו זיי האבן געזוכט א מקום-מקלט. דאס זענען געווען מענטשן, וועלכע האבן געמוזט — זיי איז געגאנגען קודם אין ראטעווען דאס אייגענע לעבן און אין נקמה נעמען פאר זייערע אויסגעשאכטענע משפחות; פאר דעם, וואס זיי זענען פארוואנדלט גע-ווארן אין באשפענישן, ביי וועמען עס איז צוגענומען געווארן די ווירדע און די עלעמענטארע רעכט צו לעבן, בלויז דערפאר, וואס זיי זענען געבוירן געווארן אלס יידן.

זיי האבן קיין אנדערע ברירה נישט געהאט, ווי בלויז די ברירה פון קאמף. זיי זענען צו אים דעטערמינירט געווארן דורך די אויסנאמיקע באדינ-גונגען פונעם לעבן, וואס איז זיי אנגעווארפן געווארן, און קיין אנדערע אלטערנאטיוו איז נישט געווען. זיי זענען, די דאזיקע גרופקעלעך, אויפגע-קומען ספאנטאן, אן באפעלן פון אויבן, זייער איינציקער באפעלגעבער איז געווען דער מלאך-המות, וועלכער האט אלע פיראונצוואנציק שעה אין מעת-לעת געשוועבט איבער זייערע קעפ. נויט ברעכט אייזן. קיין גרעסערער אויפ-צווינגער און מאבילוזירנדיקער כוח איז נישט פאראן. די נויט האט זיי גע-צוווּנגען זיך צו פארטיידיקן מיט איין ביקס און מאכן אנפאלן, ווען זיי האבן געהאט מזל ארייננצובאקומען אין זייערע הענט עטלעכע ביקסן. די נויט און דער אומפארמיידלעכער טויט האט די דאזיקע הילפלאזע מענטשן פארוואנדלט אין שלאכט-לייט, וואס האבן זיך קעגנגעשטעלט פילצאליקע שונאים; וואס האבן פארגעסן אין פחד און געוואקסן אין מוט, ווייל זיי האבן גארנישט נישט געהאט, וואס צו פארלירן, און דעם איינציקן שאנס אויפצוהיטן דאס לעבן געפונען נאר אינעם קאמף.

ראשית "חכמה" האבן זיי זיך געדארפן אויסלערנען די שווערע קונסט פון באהאלטן זיך און איבערקומען אין באדינגונגען, אין וועלכע בלויז חיות האבן געהאט דערפארונג, נאכדעם האבן זיי דערפילט דאס אומגעוויינלעכע גליק צו דעראבערן א ביקס, וואס האט זיי צוריקגעגעבן די מענטשלעכע רעכט זיך צו פארטיידיקן. נאכדעם האבן זיי זיך אויסגעלערנט דעם פאך פון מלחמה און דערשלאגן זיך צו נצחונות — אין קליינע אייגענע גרופעס, און שפע-טער, איינגעשלאסענע אין גרויסע מחנות, וואס האבן פארמאגט גאר אן אנדערן

פסיכאלאגישן פאנצער — זיי האבן געהאט אונטער זיך די ג ר ו י ס ע ערד.

אלעמאל איז דער קאמף פון די יידישע פארטיזאנישע גרופעס — אן דעם נאמען פארטיזאנער — אין דעם ערשטן עטאפ געווען אן אומגלייכער: דריי פיסטוילן און א ביקס קעגן צוואנציק-דרייסיק פאליציאנטן באוואפנטע ביז די ציין. צענדליקער קליינע זעלבשטענדיק, ספאנטאניש-געשאפענע גרופקעס האבן זיך ליקווידירט און צונויפגעגאסן אין גרעסערע.

חיים גרין, פון לעמבערג, א געוועזענער פארטיזאנער, וועלכער האט אנגעהויבן זיין קאמפסוועג ביים באוווסטן פארטיזאנער-פירער, פראקאפיוק, האט מיר דערציילט, אז אין די דאמבראוויצער וועלדער האט אין 1942 יאר אפערירט א גרופע פון זיבן יידישע בחורים, וועלכע מען האט נישט אנדערש גערופן ווי "די באנדיטן פון שמו-ליען". זייער אנפירער איז געווען א לייטענאנט פון דער רויטער ארמיי, א כארקא-ווער בחור, וואס האט פריער געארבעט אויפן טראקטאר-זאוואד אלס א שלאסער. אט דער — סעמיאן נאומאוויטש, וועלכער איז אנטלאפן מיט צוויי חברים פון א דייטשישן לאגער, האט זיך באוואפנט, ווען מען האט אים אנגעוויזן אן ארט נעבן א מתים-קבר, ווו פוילישע פאליציאנטן האבן אין 1939 יאר באהאלטן געווער. די גרו-פע האט אויסגעמיטן צו קעמפן מיט די דייטשן, און דער עיקר ליקווידירט אין די ארומיקע דערפער די, וואס האבן מיט די דייטשן מיטגעארבעט און זיך באטייליקט אין אויסהרגענען די יידן. די "באנדיטשי שמוליא" האבן אנגעווארפן א פחד אויף אלע ארטיקע אטאמאנען, פאליציאנטן, "בולבאווצעס", ווען זיי האבן נישט אויפ-געהערט צו זוכן און פארפאלגן. האט געברענט א כאטע, האט מען געוווסט, אז דאס איז אן ארבעט פון די "באנדיטשי שמוליא", און מען האט געוווסט: דאס איז א בא-צאלונג פאר געמיינקייט; שמוליע האט נקמה גענומען.

שמוליעס גרופע איז זיך שנעל צעוואקסן אין א גרויסן אטריאד. ער האט זיך גע-לאזט אין די וועלדער פון ווייסרוסלאנד. אקטיוו געווען ביז עס האט פאסירט אזא זאך:

די דייטשן האבן פארהאלטן אין פינסקער געגנט צוויי אויסבאהאלטענע העכערע סאוויעטישע מיליטערלייט און אונטער א שטארקער עסקארטע זיי געפירט קיין פינסק.

דערפון האט זיך דערוווּסט שמוליע. ער איז באפאלן די עסקארטע (צען באוואפנטע דייטשן), און אלע אויסגעהרגעט. בעת דעם צוזאמענשטויס זענען די צוויי סאוויע-טישע אפיצירן פארוווּנדעט געווארן. דער אנפאל האט געשטעלט אויף די פיס די גאנ-צע פינסקער געסטאפא, וועלכע איז געווען איבערגעצייגט, אז דאס האבן דורכגע-פירט סאוויעטישע פאראשוטיסטן. עס איז ביי דער געסטאפא אויפגעקומען א פלאן צו נעמען די "פאראשוטיסטן" לעבעדיקע. מ'האט איבערגעטאן א גרופע אוקראינישע פאלי-ציאנטן און פויערים, וואס האבן מיטגעארבעט מיט דער געסטאפא, אין סאוויעטישע מונדירן אדער אין בגדים פון מענטשן, וואס געפונען זיך שוין כלומרשט לאנג אין וואלד, זיי באוואפנט און געשיקט אנבינדן א קאנטאקט מיט די פארטיזאנער. דער קאמאנדיר פון געשאפענעם כלומרשטן פארטיזאנישן אטריאד איז געווען א פארעטער, א געוועזענער סאוויעטישער אפיציר. ער פלעגט מיט זיינע "פארטיזאנער" בארויבן רייכע פויערים, סטאראסטעס, געשלאגן מכות רצח. שטענדיק האט די גרופע געזוכט סאוויעטישע לידער. הכלל, זיך דערוואַרבן צוטרוי ביי שמוליען, און לסוף האבן די ביידע גרופעס זיך פאראייניקט. עפעס האט זיך אבער אין שמוליען דערוועקט א חשד, אבער ס'איז שוין געווען צו שפעט. בעתן איבערפאל פון די כלומרשטע פארטי-זאנער אויף שמוליעס גרופע זענען געפאלן קעפ פון ביידע צדדים. שמוליעס פארטי-זאנער זענען כמעט אלע אומגעקומען.

א צווייט מאל האבן נאך די דייטשן געפרוּווט באנוצן זיך מיטן זעלבן שפיצל, האט עס זיך זיי מער נישט איינגעגעבן; זייערע אגענטן זענען דורכגעפאלן.

איך האב זיך אין ווארשע געטראָפן מיט וויקטארן, וועלכער איז געווען דער אנ-פירער פון דער אויסשפיר-גרופע פון דער פארטיזאנישער בריגאדע פון "דיאדיא פיע-טיא"; ער איז אויך געווען אין דער בריגאדע "גרונוואלד". ער האט מיר דערציילט וועגן פיל יידישע בחורים, וואס האבן געקעמפט אין קליינע גרופקעס אין די וועל-דער פון וואלין און פאלעשיע. ער האט נאך געהאט פארהיטן אלטע רשימות פון צוויי פארטיזאנישע אטריאדן אויף די נעמען פון קוליבישעוון און בודיאנין. אינעם ערשטן אטריאד זענען געווען: 30 אוקראינער, 48 יידן, 21 רוסן, 2 פאליאקן און איין טאטער. אינעם צווייטן: 65 אוקראינער, 21 יידן, 17 רוסן, 1 ווייסרוס און איין טאטער. דאס זענען געווען ארטיקע פארטיזאנער.

אן ארטיקע גרופע פארטיזאנער האבן אויך געשאפן צוויי קאלקער: זישע (זיג-מונט) כייטשיק און אברהם (אדאם) קיפער.

דערפון, וואס ס'האט מיר דערציילט (אין א בריוו) אברהם קיפער, ווילט זיך מיר אונטערשטרייכן דעם עיקר, כדי זיין גבית-עדות זאל צוגעבן אייניקע שטריכן צו דעם, וואס איך האב שוין געבראכט אין די פריערדיקע קאפיטלען, דערציילטע דורך אנדערע נקמה-נעמער.

אברהם קיפער האט מיר געשריבן: יינגע מענטשן האבן זיך אין די געטאס גע-שעמט קוקן איינער דעם אנדערן אין פנים אריין. מיר האבן געפילט, אז מיר מוזן עפעס טאן, און נישט, שווייגנדיק, איבערטראגן די דערנידעריקונגען, די שיקאנעס, דעם טויט. מיר האבן נישט גוווסט, וואס מען דארף טאן. וועגן פארטיזאנער איז נאך קיין רייד נישט געווען. ווער האט דען געקאנט לכתחילה טראכטן, אז עטלעכע יידישע יונגעלייט, וואס קאנען נישט איבערטראגן דעם בזיון פון פאסיווקייט און געהארכזאמקייט לגבי דעם בלוט-שונא, זאלן זיך וואגן ארויסטרעטן קעגן פולקן אוקראינישע פאליציאנטן, גאנצע באנדעס קוילערס און דייטשישע זשאנדארמען?! און דאך האט אין מוח געעגבערט: מען דארף אוועק! נישט צוליב לעבן, נאר בלויז אויס נקמה, כדי דערמיט אויפהיטן דעם דרך-ארץ צו זיך אליין. איך האב זיך איינגעשאפן א רעוואלווער. דערמיט האט מען געקאנט: אדער שיסן אין רוצחים, אדער, לכל-הפחות, זיך אליין אריינשיסן א קויל אין קאפ.

זישע כייטשיק האט גיך זיך גענומען ארומטראגן מיטן געדאנק צו שאפן א קאמפס-גרופע און אוועקגיין אין וואלד אריין. מיט אים בין איך אוועק. דאס איז געווען אין סעפטעמבער 1941 יאר. די ערשטע אויפגאבע, וואס מיר האבן זיך געשטעלט, איז געווען: געפונען אן ארט, וואס וואלט געקאנט דינען אלס באזע פאר א גרעסערער גרופע קאלקער יוגנטלעכע. מיר האבן בשעת-מעשה נאך נישט געטראכט וועגן אינגאנצן איבעררייסן מיטן געטא.

א גרופע האבן מיר געשאפן. דאס איז געווען דער קערן פון די שפעטערדיקע קאל-קער פארטיזאנער. עס האבן צו איר געהערט: זישע כייטשיק, איך, כייטשיק יוסף, כייטשיק רחל, חיים כאסיס, האדל כאסיס, ישראל קוץ, יאקל בערנבלום, אברהם בוס-ליק, בעריש עקבער, סענדער שפיץ, סענדער שלייען, בערל גאלאן, וואווע וויינמאן, חיים זאלצמאן, יצחק טשארטאריסקער, די ברידער און שוועסטער קאגוט.

אט די זענען געווען די ערשטע. מיט זיי האבן מיר זיך געלאזט אין וואלד אריין. איינציקע האבן זיך שפעטער אומגעקערט אין געטא, אבער אלץ נייע זענען צוגעקומען.

גאנץ גיך האבן מיר זיך איבערצייגט, אז מיר זענען נישט די איינציקע אין די ארומיקע וועלדער. עס זענען געווען גרופעס אויך פון אנדערע שטעטלעך. מיר האבן אנגעטראפן אסאווער. פון זיי האבן מיר זיך, למשל, דערוווסט, אז ביי א פויער אין א כוטאר איז פאראן א ביקס. מיר האבן געפאדערט, און דער פויער, נישט לאנג דינגענדיק זיך, האט אונדז געגעבן די ביקס, און פאראייניגטעס אינפארמירט, אז אין אסאווע געפינט זיך איצט דער סטודינער פאליציי-קאמענדאנט און זיין געהילף, וועלכע טרינקען שוין עטלעכע טעג נאכאנאנד.

ס'האט אונדז פיל מי נישט געקאסט זיך צו דערוויסן, אז די "הוליאנקע" פרא-ווען די "הויכגעשטעלטע לייט" אין שטוב פונעם גזלן פון די אסאווער יידן, א גע-וויסן האלוב.

מיר זענען אריין, און די שיכורים האבן באלד פארשטאנען, אז קיין צייט צו שטעלן א ווידערשטאנד וועלן מיר זיי נישט געבן. דער איבערפאל איז פארגעקומען בליץ-שנעל. דעם אורטייל אויף האלובן גופא האט אויסגעפירט אברהם בוסליק, אים מיטטיילנדיק פאר וועלכע מעשים-טובים ער מוז באצאלן מיטן לעבן.

אין וואלד האבן מיר, נאטירלעך, געוואגלט פון ארט צו ארט. נישט זעלטן האט מען געמוזט וואס גיכער נעלם ווערן און דורכמאכן א מאראטאנישן לויף אין איין אטעם צוואנציק - דרייסיק קילאמעטער. פיל מאל איז אונדז אויפגעצוווּנגען געוואָרן א שלאכט מיט באנדעראווצעס און פאליציאנטן, אבער אזא שלאכט איז באשטאנען אין וואס גיכער אפרייסן זיך פונעם שונא און פארשווינדן... מיר, מיט אונדזערע פאר ביקסלעך, האבן נישט געהאט קיין גרויסע שאנסן מיט אונדזערע קעגנער... דער עיקר איז געווען באוואפענען זיך.

פון איינעם א וואלד-אויפזעער האבן מיר זיך דערוווסט, אז אינעם דארף נאוואַ-סילקי, ביים "לעסניטשי" /וואלד-אויפזעער/, שטייען תמיד איין א צען-צוועלף באַ-וואפנטע וועכטער. זיי זענען נישט קיין דייטשן און נישט קיין אוקראינישע מיט-שוטפים, און שטארבן פאר היטלערן האבן זיי דעם מינדסטן חשק נישט.

מיר האבן באשלאסן זיי נעמען מיט געפילדער, ווייל באוואפנט זענען זיי געווען בעסער פון אונדז.

מיט געשריי האבן מיר זיך אריינגעריסן אין שטוב . די ביקסן זענען געשטאנען אנגעשפארט ביי דער וואנט. איידער זיי האבן באוויזן זיך א קער צו טאן, זענען שוין די ביקסן געווען ביי אונדז, און פונקט אזוי גיך ווי מיר זענען געקומען, אזוי גיך זענען מיר אוועק.

מ'קאן זאגן: א פינטל מיטן איג, און מיר זענען "נגידים" געווארן אין ביקסן, קוילן, א רעוואלווער, זעק מאכארקע, ווי אויך — לעבעדיקע "ממתקים"...

איצט זענען מיר שוין געווען א באוואפנטע גרופע — "קאלקער פארטיזאנער", ווי מ'האט אונדז טאקע אנגערופן. דאס געלט האבן מיר צעטיילט צווישן די יידישע פליטים, וואס האבן זיך לרוב געפונען אין וואלד, און דער עיקר האבן מיר באקו- מען א וויכטיקע דערפארונג, אז צומלייכטסטן פארשאפן זיך געווער איז געווען — אנפאלן אויף די וואלד-וועכטער.

נאך יעדער געלונגענער אפעראציע האבן מיר פארשטאנען, אז מען דארף עוקר צו זיין פונעם אקציע-ארט, כדי די פארשפילטע זאלן נישט וועלן נעמען "רעוואנזש". מיר האבן זיך געלאזט אין די ראדזשיווילער וועלדער. די לאגע איז געווארן אלץ ערגער. וואס מער געטאס עס זענען ליקווידירט געווארן, אלץ מער היימלאזע יידן האבן זיך גענומען ארומבלאנקען אין די וועלדער און אלץ אפטער זענען אויף זיי איינגעארדנט געווארן אבלאוועס. נישט זעלטן זענען געדיכטע אבלאוועס איינגע- ארדנט געווארן דריי-פיר מאל א טאג. ווער עס איז אלץ נישט געגאנגען אויף "יאגד" אויף די אויסגעמוטשעטע, על-פי-נס דערוויילל ניצול געווארענע יידן: פאליציאנטן, באנדעראוועצעס, דייטשן און סתם כל המינים באנדעס?...

מיר האבן געוווסט וווּ יידן באהאלטן זיך אויס, און ווי נאר עס פלעגט אונדז געלונגען אריינצובאקומעל אביסל שפייז, פלעגן מיר עס באלד איבערגעבן די אומבא- וואפנטע יידן. זיי זענען באוואקסן געווען ווי ווילדע חיות; דעם מענטשלעכן אויסזען פארלוירן. מיר האבן געבראכט צו זיי א פריזירער, וועלכער האט זיי ארומ- געשוירן די בערד, אפגעגאלט.

אין וואלד האבן מיר זיך אנגעשטויסן אויף דריי פארטיזאנער פון מידווידעוויס פאראיינִיקונג. זיי האבן באלד דערקענט ווער מיר זענען און נישט פארפירט מיט אונדז קיין קאמף.

זיי זענען געגאנגען אויף א ספעציעלער אויפגאבע און "אויסגעבארגט" ביי אונדז יצחק קרייצערן. צו אונדז האט ער זיך שוין מער נישט אומגעקערט; געבליבן ביי מיעדוויעדיעוון. מיר פלעגן כמעט רעגולער באפאלן די אינטענדענטור-פונקטן פון די דייטשן, צוגענומען אלע שפייז-פראדוקטן און אויך פאשע; מיר האבן פארניכטעט די פאבריקלעך, וואס האבן געארבעט פאר זיי, און רעקווירירט אלץ, וואס איז פאר אונדז געווען נייטיק: מיר האבן פארכאפט גאנצע טשערעדעס שאף, בהמות און קעלבלעך און זיך דערמיט געטיילט מיט די יידן, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן אין די וועלדער. די טשערעדעס, וואס זענען רעקווירירט געווארן דורך די דייטשן ביי די פויערים, האבן מיר צוריקגעקערט די דערפער, נעמענדיק בלויז א פראצענט מעשר פאר זיך.

מיר זענען מיד געווען פונעם אייביקן וואגלען און באשלאסן: איין טייל פון דער גרופע איבערלאזן אויפן ארט, און די צווייטע — שיקן אנקניפן א קאנטאקט מיט די פארטיזאנער. שווער איז געווען דאס צעשיידן זיך, און גאר טרויעריק זענען געווען די, וואס זענען איבערגעבליבן. זיי האבן געדארפט זיך אויסבאהאלטן ביז מיר וועלן צו זיי שיקן שליחים מיט דער גוטער בשורה, אז מיר האבן זיך דערשלאגן צו דעם, צו וואס מיר האבן געשטרעבט — פטור ווערן פון דער פריווילעגיע פון "אויטאנאמיע" און זיך איינגלידערן אלס א טייל פון עפעס גרויס, וויכטיקס, באדייטיקס...

דער אנפירער פון די איבערגעבליבענע, בערנבלום, איז געווען א יינגער בחור פון אונדזער שטעטל. די, וואס זענען אוועק, האבן זיך ווייטער צעברעקלט, כדי לייכטער זיך ארויסבאקומען דורך דער געדיכטער קייט פון אונדזערע פארפאלגער. מיר פלעגן זיך באוועגן בלויז ביינאכט. אין אונדזער גרופע האבן זיך געפונען, חוץ מיר, זישע כייטשיק, אדאם (אברהם) קיפער, אברהם בוסליק, יוסף גארנשטיין, יצחק פאַקוס, רחל פאַקוס, בעריש עקבער און ישראל קוץ.

אויפן וועג האבן מיר אנגעטראפן א יידישע פארטיזאנער-גרופע, וואס איז באשטאנען פון יינגע מענטשן פון סאפיוווקע-טראכענבראד. די גרופע איז אנגעפירט געווארן דורך גד ראזענבלאט און חיים וואטשין. אין די וועלדער האט די גרופע ארומגעוואגלט אזוי לאנג ווי מיר, פארמאגט באדייטנדיקע קאמפס-דערפארונגען, און פונקט ווי אונדזער גרופע געשטרעבט צו ווערן איינגעשלאסן אין סאוויעטישע

פארטיזאנישע טיילן. מיר האבן זיך פאראייניקט און צוזאמען זיך געלאזט, שוין א היפשע און באוואפנטע גרופע, אינעם ווייטערדיקן וועג צו אונדזער געמיינזאמען ציל: ווערן אן ארגאנישער טייל פון דער מעכטיקער פארטיזאנישער באוועגונג פון ראטנפארבאנד.

אין קורצן האבן מיר אנגעטראפן אויף א פארטיזאנער-ראטע פון קאוופאקס פאראייניקונג, אונטער דער אנפירונג פונעם קאפיטאן ביעריעזשנאי. ער האט זיך מיט אונדז זייער דערפרייט: אזא היפשער, א גוט-באוואפנטער, אין קאמפן דערפארענער און פארהארטעוועטער פארטיזאנער-טייל, און דערצו — צו דער ריכטיקער מינוט. ער האט נישט בלויז באקומען א גרעסערן כוח דורכצופירן די אויפגאבע אויפצורייסן צוויי גרויסע בריקן אויפן טייך סלוטש, נאר ער וועט נאך צוריקקומען צו זיין דיוויזיע א באריכערטער אין קאמפס-כוחות.

נישט ווייט פונעם דארף גרינאע, האבן מיר אנגעטראפן אויף א שטארקער גרופירונג דייטשן, וועלכע האבן זיך וואַרשיינלעך אויף אונדז געריכט, זיך גוט פארפעסטיקט און ארומגעשאנצט; אונדז צוגעלאזט נאענט צו זיך און געעפנט אויף אונדז א הוראגאן-פייער פון פארשידענעם שיס-געווער און מינענווארפער. דער קאמפס-שטח, וואס מיר האבן אליין נישט אויסגעקליבן, נאר איז אונדז אנגעווארפן געווארן דורכן שונא, איז געווען פאר אונדז נישט קיין גינסטיקער. מיר האבן זיך געפונען אויף אן אפענעם געביט, און זיי, דאקעגן, האבן אויסגענוצט אלץ, וואס קאן באשיצן. א ווידערשטאנד האבן מיר געשטעלט א שארפן. ליידנדיק פארלוסטן, האבן מיר געמוזט איבערלאזן א פאר וואגנס, א שווערן קוילנווארפער און זיך צוריקציען וואס שנעלער פון דער אנגעווארפענער שלאכט.

פאר אונדז קאלקער, טראכענבראדער איז עס געווען דער ערשטער קאמף אין די רייען פון א גוט-ארגאניזירטן פארטיזאנישן טייל. דאס איז שוין נישט געווען קיין ליבהאבעריי, קיין "אמאטארשטשינע" — דאס איז געווען אונדזער ערשטע פייער-פראבע, צוזאמען מיט אנדערע דערפארענע שלאכטלייט און מיר זענען גאר נישט-שלעכט ארויס פונעם דאזיקן עקזאמען. פון אונדזערע איז אין דער דאזיקער שלאכט געפאלן א בחור פון סאפיוווקע — וויקטאר.

ווען מיר זענען אנגעקומען אינעם דארף גלושקעוויטש, אויף פאליעשיע, ווו עס איז דאן איינגעשטאנען דער שטאב פון די קאוופאקאווצעס, זענען מיר אויפגענומען

געווארן, ווי אייגענע. אט די שלאכט איז געווען אונדזער צייגעניש, אז מיר זע-
נען ראוי צו געהערן צו אזא בכבודיקער און שוין דאן פארדינסטפולער מחנה
פאלקס-נקמה-נעמער, ווי עס איז געווען קאווּפאקס פארטיזאנישער חייל.

בעת א געשפרעך אינעם שטאב האבן מיר דערציילט מכוח דעם מצב אין וואלין און
אין די וואלינער וועלדער, ווו א גרויסע צאל קליינע גרופעס פירן אן אומאויפ-
הערלעכע מלחמה קעגן די דייטשן, באנדעראווצעס און כל המינים אנדערע פארזעענישן.

איך האב א גרונט זיך משער צו זיין, אז אונדזערע דערציילונגען האבן גע-
מאכט א גוטן איינדרוק. דעם 7-טן דעצעמבער 1942 יאר איז אין דער ריכטונג פון
קאוועל-צומאן, וואס איז געווען 250 קילאמעטער פונדאנען, איז ארויסגעשיקט גע-
ווארן א גרויסע גרופע אויסשפירער, פעסטצושטעלן אין וועלכע ערטער געפונען זיך
דארט גרעסערע דייטשישע טיילן, און אויף צוריקוועגס, באקומען די אויפגאבע: צו-
נויפזאמלען די קלייניקע גרופקעס און יחידים, וואס רייסן זיך צום קאמף און
זיי צושטעלן אין דער דיוויזיע. מיט דער גרופע איז אויך אוועק זישע כייטשיק
פון קאלק, הרשל ניידין פון סאפיוווקע און א בחור פון אסאווע, ליאווע, וועמענס
פאמיליע-נאמען איך האב פארגעסן.

די דאזיקע אויסשפיר-גרופע איז בעת די כסדרדיקע צוזאמענשטויסן אין וועג
כמעט אינגאנצן אומגעקומען. אומגעקערט האבן זיך בלויז דריי: צוויי אלטע קאוו-
פאקאווצעס און אונדזער קאלקער — זישע כייטשיק. אין די וועלדער האבן זיי שוין
נישט געפונען די קליינע יידישע ווידערשטאנד-גרופעס — זיי זענען שוין געווען
אויסגעמארדעט.

מיר זענען שוין נישט געווען אזוינע ווי דאן, ווען מיר זענען אנגעקומען —
א יידישע גרופע. מען האט אונדז צוגעטיילט צו פארשידענע ראטעס פונעם ערשטן
באטאליאן. מיר זענען, אלע בחורים פון קאלק און פון די ארומיקע שטעטלעך, גע-
ווארן זעלנער פון דער לעגענדארער פארטיזאנישער מחנה פונעם גענעראל קאווּפאק.
זינט דעצעמבער 1942 יאר האבן מיר שוין נישט געהאט קיין אנדער לעבן ווי דאס
לעבן פון אונדזער טייל, אין וועמענס רייען מיר האבן געקעמפט, געפאלן אין שלאכט
און געזיגט.

די געשיכטע פון קאווּפאקס פארטיזאנישע חיילות איז באשריבן געווארן אין בי-
כער. מיט רעכט און אן שום איבערטרייבונג זענען זיינע קעמפער באצייכנט געווארן

אלס "מענטשן פון ריינעם געוויסן". דער וועג פון די קאווּפאקאַוועצעס איז געווען אײן לאנגע קייט פון העלדישקייט, נסיונות, פון סיטואציעס, וואס האבן אויסגע-זען צו זיין אויסוועגלאז, און דאך איז אן אויסוועג געפונען געווארן. די איינ-הייטן האבן זיך דורכגעריסן דורך די גרעסטע פארשפארונגען, זיך אן עצה געגעבן מיט די מעכטיקסטע אבלאוועס פונעם שונא, אויסגעהאלטן יעדן דרוק, געקעמפט אין נישט גלייכע באדינגונגען און מיט איבערוועגנדיקע זיי כוחות, דורכגעגאנגען רי-זיקע שטחים, באוויזן דארט, ווו מ'האט זיך אויף זיי נישט גערעכנט. דאס איז גע-ווען אן ארמיי, וואס קומט אן ווי א הוראגאן און פארשווינדט ווי א שאטן...

דאס איז א מאטעריאל נישט פאר מיינע כוחות. מיר, יידישע פארטיזאנער — און מיר זענען געווען פיל — זענען געווען לעבעדיקע טיילעכלעך פון דעם דאזיקן שעפעריש-קעמפערישן ארגאניזם; מיר זענען אין אים, אין דאזיקן ארגאניזם, גע-ווען און געהאט א חלק אין די פארלוסטן, וועלכע זענען אנגעטאן געווארן דעם שונא; אין די פארדינסטן פונעם נצחונדיקן מארש פון דער רויטער ארמיי צום פאר-ניכטן דעם גרעסטן שונא אויך אין אונדזער אלטער און לאנגער יידישער געשיכטע.

ווי קום איך צו דערציילן וועגן דעם, וואס איז אין ביכער נישט אויסגעשעפט געווארן, וואס איז אין לידער באזונגען געווארן, אויף קי נא-עקראנען, אין פיל-מען, געוויזן געווארן?! און דאך ווילט זיך מיר עפעס פארט דערציילן וועגן שלאכטן, אין וועלכע עס האבן זיך באטייליקט בחורים פון מיין שטעטל און פון אנדערע שטעטלעך פון אונדזער קאנט.

שוין אין דעצעמבער 1942 יאר האבן מיר אנטייל גענומען אין א שלאכט, וואס איז באקאנט אלס די "גלושקעוויטשער שלאכט". עס-עס-דיוויזיעס האבן ארומגערינגלט דאס דארף, ווו ס'האט זיך געפונען די צענטראלע באזע פון דער פארטיזאנישער טייל. צוויי מעת-לעת אן איבעררייס איז אנגעגאנגען דער קאמף. אונדזער ערשטער ווזוואד האט זיך געפונען אין די פאדערשטע רייען, און מיר זענען געווען די לעצטע, ווען דער באפעל איז געווען זיך "אפרייסן" פונעם שונא און זיך לאזן אין דער ריכטונג פון בוקאטש, ווו קיין דייטשן זענען, לויט די אינפארמאציעס פון אונדזער אויסשפיר, נישט געווען. אבער דארט האבן מיר אין דער ווירקלעכקייט בא-קומען זייער אן ענערגישן ווידערשטאנד מצד די דייטשן. אקארשט זענען מיר ארויס מיט מזל פונעם קאמף, און באלד געמוזט אריינטרעטן אין א נייעם...

אין דער דאזיקער שלאכט איז אומגעקומען דאס העלדישע יינגל פון אונדזער שטעטל אברהם בוסליק. צו פארלוסטן זענען מיר שוין לאנג געווען געוווינט, אבער דער טויט פון אברהמעלען האט אויף אונדז געמאכט א שווערן איינדרוק. מיט אים צוזא-מען זענען מיר ארויס פונעם קאלקער געטא. ער האט זיך באזארגט מיט א ביקס בא-פאלנדיק א באנדעראוויעץ מיט א שטעקן. ער האט זיך שפעטער אויסגעצייכנט אין קאמף אונטער דער אנפירונג פונעם קאפיטאן ביעריעזשנאי. גאנצע מעת-לעתן האט ער באדינט אומדערמידלעך זיין שווערן קוילווארפער און געשניטן דעם שונא. מיר האבן אים איבערגעלאזט אין א ברידער-קבר ביים דארף בוקאטש, אין ווייסרוסלאנד.

דער וועג פון אונדזערע טיילן איז געווען אפגעמערקט דורך אראפגעלאזטע פון די רעלסן דייטשישע עשעלאנען, מיט אויפגעריסענע אין דער לופטן גאנצע מחנות שונאים; מיט אויפגעריסענע בריקן און סטאציעס. די דיוויזיע האט אנגעווארפן א - פחד. אומעטום האבן מיר אויסגעמישטערט דעם שונא און פארניכטעט, אומעטום צעשטערט זיינע פלענער. מיר האבן די דייטשן ארויסבאקומען פון אייזן-בעטאנענע בונקערס, פון הינטער געדיכטע נעצן דראט-פארצוימונגען, מיר האבן געטראגן צו זיי די קא-נאנאדע פון אויפרייסן און דעם צארן, וואס האט געווארגן אונדזערע הערצער.

אזוי זענען מיר דערגאנגען צום פריפיעטש. אויף פאנטאן-בריקן זיך ארייבאקו-מען אויפן צווייטן ברעג — אינעם דארף ארעוויטשא. דא האבן מיר איבערגעלעבט א שלאכט, וועלכע האט זיך אלע אין איר באטייליקנדיקע — פארגעדענקט אויף תמיד.

ווען די דייטשן האבן זיך געכאפט, אז מיר באוועגן זיך צום פריפיעטש, האבן זיי קעגן אונדז ארויסגעשיקט א פלאטיליע מיט שיפן — צוויי דאמפערס און פיר געפאנצערטע קוטערס — אלע אנגעפראפטע מיט מיליטער. ווען די פלאטיליע האט זיך דערנעענטערט צו ארעוויטשא האבן זיי גענומען באדעקן מיט פייער די גאנצע געגנט. מיר האבן נישט געענטפערט. דאס האט זיי דערמוטיקט; זיי געמאכט דרייסטער. ערשט, ווען מיר האבן די גאנצע פלאטיליע געקאנט איינקלעמען אין פייערדיקע צוואנגען, האבן מיר אויף זיי געעפנט א הוראגאן-פייער, אין דעם אויך פון 45-מילימעטערדי-קע ארמאטן, קוילווארפער און פונעם גאנצן שיס-געווער, וואס מיר האבן באזיצט. אין עטלעכע מינוט ארום איז די גאנצע פלאטיליע געשטאנען אין פייער. איך געדענק נישט קיין גרעסערן פארגעניגן ווי דער. אלע האבן מיר אנגעקוואלן פונעם ספעק-טאקל פון פייער...

אפשר האבן קיינמאל ביקסן און ארמאטן, אויטאמאטן, מינעס-וואַרפער נישט גע-וואָרפן זייער פארניכטנדיק פייער מיט אזא "התלהבות" ווי דאן. די שיפן און קו-טערס זענען מיט הילכיקע דונערס געפלויגן אין דער לופטן. קיין איין דייטש איז פון דער דאזיקער שלאכט נישט ארויס מיטן לעבן...

יידישע בחורים פון וואלינער שטעטלעך! נקמה-נעמער! וואלטן כאטש די קרבנות פון די גריבער ביי די ביאלע ברעגעס עפעס געוווּסט, ווי דייטשן קאנען פליען אין דער לופטן, ווי זיי קאנען ברענען, ווי זיי קאנען פארברענטע אין וואסער זיך לעשן!

גוט האט זיך אויך פארגעדענקט אזא פאל: סוף יאנואר 1943 יאר זענען עטלעכע הונדערט פארטיזאנער פון דער באזע ארום קראסנאיע אזיערא זיך געלאזט אויף שליטנס אין דער ריכטונג פון לובאנסקער ראיאן, מינסקער אבלאסט', צו א סאווכאז "סאסנא". אין דעם דאזיקן סאווכאז איז געווען א גרויס אפרו-הויז פאר דייטשישע אפיצירן, וואס האבן זיך "אויסגעצייכנט" אויפן מזרח-פראנט. דריי וואכן אורלויב אינעם סאווכאז. חי, געלעבט!

אונדזער ראטע האט אויך דיספאנירט מיט שליטנס. דער אנגריף איז פארפלאנירט געווען אין די מינדסטע דעטאלן. יעדע ראטע האט געהאט איר באשטימטן סעקטאר מיט די אנגעמערקטע אביעקטן. געוווּסט פון פאראויס, ווי דורכפירן דעם אנפאל און ווי אים פארענדיקן. נאכן איבערפאל האבן מיר געדארפט זיך אפטראגן ווי נגידים — מיט אלעמען, וואס מיר וועלן דארט געפונען: בהמות, זעקלעך מעל, פאשע פאר די פערד, דעם גאנצן פרעס, אנגעגרייטן פאר די אויסגעפאשעטע דארט אויף אורלויב אפיצירן... און היות דארט האט זיך אויך געפונען א לעדער-פאבריק, איז, נאטיר-לעך געווען — צונעמען דעם גאנצן זאפאס לעדער. די שטורעמגרופע האט געדארפן א סוף מאכן צום אורלויב און די דאטשניקעס...

די דייטשן האבן אבער באקומען וועגן אונדז ידיעות און דערפאר איז דער פלאן, ווי עס טרעפט נישט זעלטן מיט פלענער, נישט אויסגעפירט געווארן מיט אלע פיטשעווו-קעס. די שלאכט האט געדויערט א גאנצע נאכט. די דייטשישע אפיצירן און די אוקרא-אינישע פאליציי, וועלכע האבן געהיטן זייער רו, זענען פארקראכן אין די בונ-קערס און געמויערטע געביידעס. מיר זענען געלעגן אין שניי (אבער הייס איז אונדז דאך אויך געווען) און געפרוווט גייןאין אטאקע עטלעכע מאל. עס האט זיך נישט איינ-

געגעבן אזוי לאנג ביז... עס האט זיך געמוזט איינגעבן. מיר האבן פארכאפט דעם גרעסטן טייל פונעם סאוואז. די דייטשן האבן געהאט עטלעכע הונדערט פארוווּנדעטע, און קרוב הונדערט טויטע; דערין הויכגעשטעלטע "פארדינסטפולע געסט". א טייל פון זייערע זאפאסן האבן מיר אויך באוויזן אנצולאדן אויף אונדזערע שליטנס. מיר האבן באוויזן מיטצונעמען אויך אונדזערע פארוווּנדעטע און עטלעכע דערהרגעטע פארטיזאנער. דאן זיך אפגעריסן פון ארט און איליק גענומען די ריכטונג צו אונדזער באזע.

צווישן די פארוווּנדעטע בין איך אויך געווען, און צווישן די שווער פארוווּנדעטע — יצחק פאקוס, א בחור פון אסאווע. ווען מיר זענען אנגעקומען צוריק צו אונדזער באזע, האבן זיך אויף דער פארפרוירענער אויבערפלאך פון דער אזיערע אראפגעלאזט צוויי עראפלאנען און אפגעפליגן מיט אונדזערע שווער פארוווּנדעטע קיין מאסקווע. אויך יצחק פאקוס איז געבראכט געווארן אין א מאסקווער שפיטאל.

די קאוופאקאווצעס האבן זיך כסדר באוועגט. מען גיט זיך א הייב אויפן באפעל און מען רירט זיך אין וועג. וווּהין? — ווייסט קיינער נישט. דאס איז א סוד. עס טרעפט, מען בייט אין וועג די ריכטונג. עס טרעפט אפילו מען קערט זיך אום צוריק. פון יוני 1943 יאר זענען מיר דורך נישט הונדערטער, נאר טויזנטער קילאמעטער וועג. ווו זענען מיר נישט אויסגעווען! אין די געגנטן פון פינסק, פון סארנע, ראוונע, לוצק, פון טארנאפאל. דערגאנגען ביז דער שטאט סקאלע. דאס ארט האט זיך ווידער גוט פארגעדענקט. דא האבן מיר פארניכטעט א גרויסן אפטייל דייטשישער זשאנדארמעריע. אין דער שטאט האבן מיר זיך דערוווּסט, אז דאס געטא איז שוין לאנג ליקווידירט געווארן, אבער עס איז נאך פאראן א לאגער, אין וועלכן עס געפונען זיך אביסל יידישע פאך-לייט — שלאסער, סטאלער, שמידן און אנדערע, וועלכע ארבעטן פאר די דייטשן. אלע האבן זיי גוווּסט, אז ווי באלד זיי וועלן אויספירן די לעצטע באשטעלונג, וועלן זיי אלע דערשאסן ווערן. די באפרייונג איז פאר זיי געקומען אינגאנצן אומגעריכט. יעדער פון די געראטעוועטע האט געבעטן געווער; יעדער האט געוואלט, מען זאל אים אריינגעמען אין דער מחנה. אין שטאב איז באשלאסן געווארן צו שאפן פון זיי א ספעציעלע ראטע. צו דער ראטע זענען צוגעטיילט געווארן אייניקע געניטע פארטיזאנער, און צ"א וואניע שטשערבאטי, אדאם קיפער (דערציילער פון די דאזיקע זייטלעך), גד ראזענבלאט, ז. כייטשיק, חיים וואטשין און פישל פעדער, פון טראסטיניעץ.

ערשט איצט האבן מיר געגומען פארשטיין, וואס פאר אן אויפגאבע איז געשטעלט געווארן פארן גענעראל קאופאק: גיין אין דער ריכטונג פון גאליציע און אויפ־רייסן דארטדי נאפט-שאכטן.

די שלאכטן זענען געווארן אלץ אפטער. קיין איין שטעטל, קיין איין באן-ליניע, קיין איין דארף האבן מיר אן א שלאכט נישט געקאנט נעמען. אלץ געדיכטער איז ארום אונדז און פאר אונדז געווארן דער רינג פון עס-עס-דיוויזיעס. מיר האבן זיך א־רייגגעלאזט אין בארג-געגנטן. די מארשן זענען געווארן אלץ שווערער. נאך ערגער איז געווארן, ווען איבער אונדז זענען כסדר געהאנגען דייטשישע אעראפלאנען — זיי האבן געהאגלט אויף אונדז מיט באמבעס; אונדז באשאסן פליענדיק נידעריק אי־בער אונדזערע קעפ. קעגן די דייטשן אין דער לופטן זענען מיר געווען שוצלאז, הילפלאז. מיר האבן בלויז געמוזט קענען די תורה פון אויסבאהאלטן זיך צווישן שטיינער. עס איז א קנאפע תורה אבער זי העלפט נישט. מיר פלעגן איבערלאזן איינ־זאמע קברים צווישן שטיינער, און די לעבעדיקע פלעגן גיין ווייטער... גאר א ניי־ער באגריף: לעבן, הייסט — גיין... גיין, ווו דער באפעל הייסט, און קיין קשיות נישט שטעלן. דעם ציל האבן מיר דערגרייכט. די מינערן האבן איינגעארדנט פייער־ספעקטאקלען. די געגנט פלעגט ארויסגעכאפט ווערן פון דער נאכט-פינצטערניש און זיך אויספוצן אין רויטן פייער. א דונער, א שווארצער וואלקן רויך און א רויט־צונטיקער הימל... עס איז שיין און... אימהדיק! יעדע פארטיזאנישע גרופע האט געהאט אירע מינערן. מיר האבן געווארט ביז זיי זענען צוריקגעקומען און געגאנ־גען ווייטער. גיין, הייסט — לעבן!... מיר האבן געלעבט און געגאנגען: אלץ הע־עכר אין די קארפאטן, אלץ טיפער אין די קארפאטן.

די דייטשן האבן געוואלט אונדז פארניכטן. מיר — די דייטשן! מיר האבן זיך קעגנזייטיק געזוכט און קעגנזייטיק געטויט. נישט מיר האבן, געווילנלער, גע־ווסט ווו זיי געפונען זיך, נישט זיי, ווו מיר געפונען זיך. צווישן בערג זע־נען מיר און האבן איינער פארן אנדערן דעם טויט... פלעגן מיר זיך ארויסבאקו־מען פון איין רינג, זענען מיר באלד געשטאנען פאר נייע רינגען דייטשישע זעל־נער. זיי פלעגן גיין און שיסן, און מיר פלעגן זיך אונטערן פייער דראפען אויף די בערג אלץ העכער. זיי האבן געשאסן פון כלערליי מינים געווער, קאארדינירט מיט א פלאן און זיך גענומען צו הילף די מלאכי-חבלה פון דער לופטן, וואס זיי

אונדז פארניכטן האבן געקאנט, און מיר זיי — בלויז ווייזן א צונג. יא, אזוי האט עס אויסגעזען. זיי — אן איבערוואג אין פייער, בעסערע פאזיציעס. זיי — אין פארטיידיקונג, מיר — אין אנגריף. און דאך: פארניכטן, האבן זיי אונדז נישט געקאנט!

די פערד און וואגנס האבן אונדזערע קאמפס-טיילן איבערגעלאזט פון הינטן; מיר האבן פארניכטעט אונדזערע ארמאטן. די פארוואונדעטע פלעגן מיר טראגן מיט זיך; זיך אראפלאזן מיט זיי פון הויכע, שיפועהדיקע ווענט. איין מאל האט זיך מיר איינגעגעבן אראפצושיסן א דייטשישן עראפלאן. עס איז געווען בי אונדז א שמחה. דאס האט אונדז אויפגעמונטערט: — אויך אין די הימלען וועלן מיר אייך פאקן מיט אונדזערע הענט! אין די דאזיקע שלאכטן האבן מיר פארלוירן, וואס ווייטער — אלץ מער, אונדזערע אלטע קאמפס-חברים פון קאלק, פון סאפיוווקע, פון טראסטיניעץ, פון אסאווע. דא איז געווען זייער לעצטער קאמף. מיר האבן דא געקעמפט אין קליינע גרופעס. אויך איך בין דא פארוואונדעט געווארן און ארויסגעטראגן געווארן פון דער שלאכט דורך אנדערע פארטיזאנער.

איך וויל פארענדיקן מיין דערציילונג מיט אויסרעכענען די נעמען פון אונדזערע מיט-חברים, מיט וועלכע איך מיט זישע כייטשיק האבן אנגעהויבן דעם קאמפס-וועג, פארלאזנדיק דאס געטא, און אנהייבנדיק דעם וועג צום אומבאוווסטן אין וואלד. מיר האבן איבערגעלאזט אונדזערע חברים אויף נאמענלאזע וועגן, אין דערפער, געפאלענע בעת אויסשפירונג-אקציעס און אין הייסע שלאכטן, געפירטע דורך פיל הונדערטער קילאמעטער — אזש ביז צו די קארפאטן. ווער ווייסט ווו זענען זייערע עלנטע קברים, אדער ברודער-קברים? אבער זייערע נעמען, די נעמען פון די, וואס זענען געשטארבן, שטייענדיק מיט געווער אין האנט און געגומען נקמה, די נעמען פון די, וואס זענען לעבן געבליבן אין מיין הארץ, וויל איך דערמאנען מיט כבוד און מיט ליבע:

גאלאן בערל (באראן)

וויינער יעקב (א ווארשעווער)

בוסליק אברהם

עקבער בעריש

כייטשיק יוסף

כייטשיק רחל

כאסיס פראדל

כאסיס חיים

בערנבלום יאקל

טשארטאריסקער יצחק

זאלצמאן זלמן

חיים (א קאלקער קצב)

קוץ ישראל

זשוק לייב

דאס זענען די, וואס איך געדענק. לאמיר געדענקען אויך די נאמענלאזע, וואס זענען געפאלן אין פארשידענע פארטיזאנישע אפטיילן אלס נקמה-נעמער, אין פארשי-דענע ארמייען, וואס האבן געקעמפט קעגן די מערדער פון די פעלקער, קעגן די מער-דער פון אונדזער יידיש פאלק!



*בנימין ("נירניע") גילדיך*

## טײַערע נעמען

נעמען! נעמען באַקאַנטע און נעמען אומבאַקאַנטע. בלויז נעמען — נאָר דאָס איז אונדז געבליבן פון קאַלק. נעמען און פּנימער, וואָס זענען איבערגעבליבן אין אונדז, ווען די, וואָס האָבן זיי געטראָגן זענען שוין לאַנג נישט פאַראַן.

קאַלק, מײַן קאַלק, מײַן ליב שטעטעלע קאַלק. ביסט נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ. דײַן לעבן און דײַן טויט האָבן אַ באַהעלטעניש געפונען אין אונדזערע הערצער. די שפּורן האָב איך געפּרוווט אַרײַננעמען צווישן טאַוולען. באמת זיך, און דאָך נישט אַלע צונויפגעזאַמלט. נישט אַלע טויטע און נישט אַלע לעבעדיקע אַפילו. די פיל טויטע און די ווייניק לעבעדיקע. און ווען איך וואָלט באַוויזן דעם נס פון צונויפזאַמלען אַלעמען צווישן טאַוולען, וואָלטן זיי צווישן זיי נישט אַרײַן. אײַנציקע אָבער, וואָס זענען אין די פריערדיקע זײַטלעך נישט אַרײַן, ווײַל איך דערמאָנען, ווײַל ווי קאָן מען זיי נישט דערמאָנען? מוז איך דערמאָנען.

טײַער איז געבליבן זייער אָנדענק!

חיים קופמאַן. איך האָב אים געקענט פון קינדווייז-אָן — מיר זענען שכנים געווען, און אײנער בײַם אַנדערן האָט געוווּסט, וואָס אין טעפּל קאָכט זיך. ער איז בײַ דער ערשטער געלעגנהייט אַרײַנגעטראָטן אינעם יידישן לעגיאָן פון דער ענגלישער אַרמיי, כּדי מלחמה פירן קעגן די נאַציס.

גרינבערג - פון סיטניצע. ער האָט לאַנג געפאָדערט מען זאָל אים נעמען אין דער רויטער אַרמיי און מען האָט אים נישט גענומען. דירעקט פונעם לאַגער איז ער אַרײַנגעטראָטן אין די קאַמפּס-רייען פון דער ניי-געשאַפענער פּוילישער אַרמיי. געווען בײַ דער ווייסל, ווען זי האָט געווענדט. דאָס ווייס איך. דאָס, וואָס מיט אים איז שפּעטער געשען — ווייס איך נישט.

כאנקע — די אקושעריןפון אונדזער שטעטל. א ווארשעווער מיידל. פונקט ווי שײנקע איז זי אין ערשטן טאג פון קריג מאביליזירט געווארן אין דער ארמײ. איז אבער, צוליב א צופאל, אפגעשטאנען פונעם מיליטערישן צוג, און אײדער וואס-ווען, זענען שוין ארום געווען די דײטשן. זי האט אויסגעטאן דעם מונדיר און באלד גע־נומען אן אנדערן וועג צום קאמף. מען ווײסט: זי איז געווען צווישן די פארטי־זאנער אין די בערג פון סלאוואקיע. אומגעקומען.

אסתרקע ביבער — די שווארצינקע, דארינקע, געקרײזלטע, מיטן פאריסן נעזל; אסתרקע — "באראנטשיק", ווי מ'האט זי, צערטלענדיק, גערופן. זי האט שוין אין 1941 יאר געארבעט אין שפיטאל, און שפעטער — אין פיל שפיטאלן. אויף אירע דא־רע אקסלען, אונטער פײער, ארויסגעטראגן פארוואונדעטע, זיך אויסגעצײכנט מיט אומדערשראקנקײט, אויסדויער, אומדערמידלעכקײט און הארטער עקשנות. זי איז מיט דער ארמײ אדורך ווי א באפרײערין פון שטעט און לענדער — א קלײנטשיק שעפעלע מיטן ערשטן אוקראינישן פראנט; א שעפעלע מיט שארפע צײן פון צעצארנטער גערעכטיקײט. א סך האט זי געזען, א סך געליטן, א סך איבערגעלעבט און דערלעבט דעם נצחון.

נפתלי גאטמאן. אט וואס מען דערצײלט:

ער איז מאביליזירט געווארן באלד ווי-נאר די מלחמה האט זיך אנגעהויבן. פישל שניצער האט אים געזען אין אן ארטילעריסטישן פולק, וואס האט זיך צוריקגעצויגן. אנדערע האבן אים געזען ביי קאראסטין'. זיך געפונען אין אן עשאלאן, וואס איז צעבאמבארדירט געווארן דורך דער דײטשישער אוויאציע. ער איז ארויס א לעבעדיקער. ביי כארקאוו, אין ארומרינגלונג, געפרווט מיט אנדערע זיך דורכרײסן. אומגעקו־מען. טוליע איז געווען דער געזונטסטער בחור אין שטעטל. לויט אן אנדערער ווער־סיע: דערשאסן געווארן צוזאמען מיט אנדערע יידישע זעלנער, נאכדעם ווי זיי זע־נען סעלעקציאנירט געווארן פון צווישן געפאנגענע.

לאזער סטופאק. וווינט אין א ווײטער געגנט אין אמעריקע. איך האב זיך מיט אים טעלעפאניש פארבונדן — דערצײל איך טעלעגראפיש: ער האט זיך מיט דער משפ־חה ארויסבאקומען פונעם געטא און זיך אויסבאהאלטן א פארפאלגטער דורך דײטשן, אוקראינער און אנדערע באנדיטן. ענדלעך באוויזן זיך אנשליסן צו א פארטיזאנער־גרופע. צום סוף אין א פוילישער פארטיזאנער-טײל "קאשטשושקא". שווער פארוונ־דעט געווארן אין קאפ.

מאיר טשארטא. עטלעכע מאל געפרוווט מיט אים רעדן, אבער ער האט ווייניק דערציילט. עפעס פון דעם, וואס ער האט יא דערציילט:

— אז איך לעב, זעסטו דאך. אין געטא איז געוועז מיין גאנצע משפחה. נאכדעם, ווי די טייל מיינע איז זיך צעלאפן, האב איך געקאנט, גלייך ווי אנדערע, זיך אומקערן אהיים. איך האב צוריקגעפונען דעם וועג צו דער ארמיי. געפירט פיל שלאכטן. ביי מאריופאל פארוואונדעט געווארן אין די פיס. צוריקגעקומען. שוין הארט פאר דער פארענדיקונג פון דער סטאלינגראדער קאמפאניע ווידער שווער פארוואונדעט געווארן מיט א שפליטער אין קאפ. א לאנגע וואנדערונג איבער שפיטעלער.

איך פרוּוו מאירן "ציען פאר דער צונג". ער האט פיינט וועגן זיך צו רעדן. וויצלט זיך. וועגן אלץ. אויך וועגן זיך.

בעת דעם שמועס ביים טיש, זענען אויך אנדערע צוגעשטאנען צו אים:

— דערצייל, מאיר, דערצייל. אז דוד וועט וויסן, וועלן אנדערע אויך וויסן.

— אזוי? ווער האט אייך געזאגט, אז איך וויל, אז אנדערע זאלן וויסן? איך בין געוועזן אויף דער מלחמה, און דאס איז גענוג. מלחמה איז נישט עסן פסחדיקע קניידלעך. דאס זענען קניידלעך, וואס מען כאפט אין די פיס, אין קאפ, אין בויך; ווו עס טרעפט זיך... קיינער וויל זיי נישט, די קניידלעך, אבער זיי פרעגן קיינעם נישט. און דער טעם, וואס זיי לאזן איבער, איז נישט מקנא צו זיין. אבער דאס איז אזא טעם, וואס פארגעדענקט זיך אויף א גאנץ לעבן...

*

צוויי נעמען פון צוויי פריינד מוז איך פאראייביקן צוזאמען, מחמת דאס לעבן אליין האט זיי פאראייביקט: ניוניע גילדין און איוואן שישקא — א ייד און אן אוקראינער.

ניוניע גילדין איז געוועזן איינער פון מיינע נאענטסטע פריינד פון דער סאמע יוגנט. צוזאמען האבן מיר אריינגעלייגט נישט ווייניק ארבעט אין דער פרץ-געזעלשאפט. איוואן שישקאן האב איך אויך געהאט די געלעגנהייט צו קענען. דאס איז געווען א ווונדערלעכער, ריינער, אידעישער און אידעלער מענטש, ווי דאס איז צו זען כאטש פון דעם איינציקן פאל, פון וועלכן איך בין געוועזן אן עדות:

אין 1939 יאר האבן עטלעכע פוילישע אפיצירן באגראבן אין וואלד דריי זעקלעך געלט. איוואן שישקא האט זיך דערפון דערוווּסט; געקאנט אויסגראבן דאס געלט און

מאכן א שוויַיג... אבער נישט אזא איז געווען איוואן שישקא. ער האט געבראכט דאס געלט אינעם אויספירקאמיטעט פונעם קאלקער ראיאן און עס אוועקגעלייגט אויפן טיש פארן צייטווייליקן פארזיצער פון דעמלטיקן קאמיטעט. בלויז פאר א טייל פו-נעם געלט איז אויסגעבויט געווארן א נייע עלעקטראסטאנציע.

שישקא האט נישט איינמאל געראטעוועט ניוניען. אבער ניוניע איז נישט געווען דער איינציקער ייד, וואס שישקא האט געראטעוועט. שישקא איז געווען צווישן די ערשטע, וואס האבן געשאפן פארטיזאנער-אפטיילונגען אויף וואלין — די באריִמטע "שישקאוועצעס". צווישן אנדערע האט ער אין זשיטאמירער געגנט געראטעוועט פיל יידן, וואס האבן זיך אויסבאהאלטן אין בונקערס און אין גריבער, געשאפן פון זיי א פאמיליען-לאגער, און זיינע פארטיזאנער האבן זיי געשיצט און געשפייזט; סיס-טעמאטיש געזארגט וועגן זיי.

אין די גרויל-יארן זענען נישט איינמאל די וועגן פון ניוניען און שישקאן זיך צונויפגעקומען. דער גורל האט זיי צוזאמענגעבראכט און צעשיידט, און יעדעס מאל איז שישקא געווען ניוניעס מלאך הגואל.

צווישן די הונדערטער אימת-מותדיקע עפיזאדן, וואס גילדין האט איבערגעלעבט, איז געווען אזא פאל: אין די ערשטע טעג אקופאציע האט זיך ניוניע געפונען אין א גרופע, וואס איז אנטלאפן פון די דייטשן — איין ייד צווישן אוקראינער. זיי-ער אנפירער איז געווען איוואן שישקא. זיינע נעכטיקע חברים האבן, אויס מורא קאמפראמיטירט צו ווערן צוליב א ייד צווישן זיי, פה אחד באשלאסן ביי דער ערש-טער געלעגנהייט אים צו דערמארדן, און אויף אזא אופן זיך באפרייען פון אים. עס האבן נישט געהאלפן די בקשות און ארגומענטן פון שישקאן. זיי זענען געבליבן ביי זייערס — פטור ווערן פונעם ייד און פארטיק... מיטן הסכם פון שישקאן איז ניוניע אינמיטן דער נאכט נעלם געווארן און אין לעצטן מאמענט זיך געראטעוועט.

און ווידער איז באשערט געווען די צוויי זיך צו טרעפן: ניוניע האט זיך געפו-נען צווישן פארשידענע מענטשן, געכאפטע דורך די דייטשן אין די וועלדער. צווישן די געכאפטע איז אויך געווען שישקא. מיט דער הילף פון אוקראינישע מנובלים האט מען פון צווישן די געכאפטע אפגעטיילט די יידן, כדי זיי צו דערשיסן און זיי דערווייל פארשפארט צווישן שטעכלדראט-פארצוימונגען. שישקא האט צווישן די דראטן אריינגערוקט ניוניען זיין כשרן דאקומענט און אויפגעהויבן א גוואלדיקן ליארעם,

למאי האט מען צווישן די יידן פארשפארט זיין שוואגער, א כשרן אוקראינער. דער דייטשישער אפיציר האט געפרעגט דעם דאלמעטשער: וואס גוואלדעוועט אזוי דער דא-זיקער? דערקלערט מען אים, אז ער שרייט, אז מ'האט צווישן די יידן פארשלעפט זיין שוואגער.

— באפרייען! — האט קורץ באפוילן דער דייטש.

און ווידער האט אים שישקא געראטעוועט פון א זיכערן טויט.

ניוניע האט אין אלע זיינע וואנדערונגען און אויסשטייענדיק אלע פורעניות זיך געריסן אין דער ריכטונג צום פראנט, כדי זיך דורכשמוגלען און זיך פאר-איייניקן מיט די נקמה-נעמערס — צו דער רויטער ארמיי. האט געדארפן פאסירן אזא זאך: אויפן וועג האט זיך געפונען א גרויסע מניעה — א בריק, פון ביידע זייטן באוואכט דורך דייטשישע פאטרולן. ליגנדיק און זוכנדיק אן אויסוועג, זעט ער: מען טרייבט א גרויסע סטאדע בהמות. כאפט ער א שטעקן און ווערט איינער פון די פאסטעכער און גייט מיט דער סטאדע אריבער די בריק. אבער פון דער צווייטער זייט בריק באפעלט אים א דייטש:

— איין קו לאז איבער פאר אונדז!

— מיטן גרעסטן כבוד, נאר איך דארף א צייגעניש, אז די קו איז קאנפיסקירט געווארן.

פירט מען אים צום קאמענדאנט.

ניוניע שטעלט זיך פאר אלס יאנעק סמאזשילא און באקומט אויף דעם כשרן ארישן נאמען א דייטשישן פאפיר מיטן אדלער, אז ער האט איבערגעגעבן א קו. האט ער שוין מיט מזל א נייעם נאמען און א פאפיר פון א כשרן אריער.

גיי ווייס, אז דווקא דאס כשרע פאפירל קאן ווערן לעבנסגעפערלעך. א מידער איז ער איינגעשלאפן אין א וואלד. ראפטעם פילט ער — מען וועקט אים מיט א שטיוול. ער כאפט זיך אויף. שטעלט זיך אויף די פיס. פאר אים שטייען סאוויע-טישע פליער. די פליער פירן דורך א גרינטלעכע אונטערזוכונג ביי ניוניען און געפונען ביי אים דאס דייטשישע פאפירל.

דערזעענדיק דאס דאזיקע דייטשישע פאפירל מיטן אדלער, און נישט קענענדיק עס איבערלייענען, ווערט זיי קלאר: זיי האבן פאר זיך א דייטשישן שפיאן. שלעפט מען אים צום עלטסטן.

נעמט ער דערקלערן דעם עלטסטן פונוואנען ס'האט זיך צו אים גענומען דאס צעטל און אז ער איז גאר א ייד. אזוי גאר, זאגט צו אים דער עלטסטער, א מאיאר:

— טא רעד צו מיר יידיש. האט ער גענומען אויסלייגן די געשיכטע אויף יידיש. ער איז געווען גערעטעוועט. דאס זענען געווען מיליטערישע פליער פון אן עראפלאן אראפגעשאסענעם דורך די דייטשן. די דייטשן האבן געזוכט די גערעטעוועטע און איינגעארדנט אבלאוועס אין די נאענטע וועלדער.

ניוניע איז איינגעשלאסן געווארן אין דער גרופע און איז באוואפנט געווארן, גלייך ווי אנדערע צוגעקומענע.

די גרופע איז זיך אלץ מער צעוואקסן אין א היפשער פארטיזאנישער מחנה, וועלכע האט זיך דורך פעלדער און וועלדער ג ע ר י ס ן אין דער ריכטונג פון פראנט, בכדאי אריבערבאקומען זיך אויף דער צווייטער זייט. טעג און נעכט האבן די דייטשן זיי פארפאלגט. אין א פינצטערער נאכט, ווען עס האט געגאסן פון אויבן ווי פון צעבערס, האט דער מאיאר איינגעזען, אז ווייטער קאן מען נישט לויפן; די מענטשן מוזן א פאר שעה זיך איבערשלאפן. פון אלע פיר זייטן זענען אוועקגעשטעלט געווארן שומרים. צווישן זיי איז אויך געווען ניוניע.

ניוניען האט דער שלאף געמאטערט. ער איז קוים געשטאנען א האלב לעבעדיקער אנגעשפארט אין א בוים. פלוצלינג האט ער ווי דורך א חלום דערהערט שטיל ארויסגעזאגט אויף דייטש דאס ווארט "אכטונג!"

אין יענער ריכטונג האט ניוניע ארויסגעלאזט א לאנגע ריי קוילן פון זיין אויטאמאט. עטלעכע שעה האט געדויערט א פארביסענער קאמף צווישן די ארומגערינגלטע פארטיזאנער און אנגריפנדיקע דייטשן. עס איז שווער געווען אונטערצושיידן ווער עס איז א דייטש, און ווער — א פארטיזאנער.

פון צווישן די פארטיזאנער זענען געווען זיבן געהרגעטע און א סך פארוווּנדעטע. די פארבליבענע ביים לעבן צוזאמען מיט די פארוווּנדעטע האבן זיך אונטער דער אנפירונג פון די פליער אדורכגעריסן און א לאז געטאן אין דער ריכטונג פונעם פראנט, וועלכן ס'איז זיי געלונגען דאס מאל אריבערצוגיין. ניוניע איז דעמלט איינגעשלאסן געווארן אין דער סאוויעטישער ארמיי.

* *

*

יא, שישקא איז געווען אן אמתער פריינד און אן אמתער מענטש. אלס א קאמאנ-דיר פון א גרויסן פארטיזאנישן אטריאד האט ער נישט איינמאל אויסגעפירט א גע-רעכטן פסק איבער פארעטער, וועלכע האבן אויסגעגעבן פאַרטיזאנער און געטונקען זייערע הענט אין יידיש בלוט. זיין נאמען האט זיך איינגעקריצט מיט אמתער ליבע אין נישט ווייניק יידישע הערצער. ווי צופרידן וואלט געווען מיין פארשטארבע-נער חבר ניוניע גילדין, ווען ער וואלט געלייענט די דאזיקע ווערטער וועגן זיין פריינד, דעם אידעלן אוקראאינער איוואן.

*        *

*

ניֶמיֶן, נעמען, נעמיֶן. טייערע נעמען!

איך זיץ ביי יצחק ארשטיין, אין לוצק. איך טרעף ביי אים הינדע סאסנע, אהרן גאלדמאן און פישל שניצער. מיר רעדן און רעדן. דערמאנען און דערמאנען. מען דערמאנט די ביאלע ברעגעס — דעם גריב, אין וועלכן עס זענען אריינגעווארפן גע-ווארן אונדזערע נאענטסטע. א גרוב אן א נאמען, אן א שטיין, אן א זכר. פון צייט צו צייט פארן די דריי קאלקער פון לוצק אויף קבר-אבות צו דעם הייליקן גרוב און לייגן בלומען. זיי הערן זיך צו צו דער שטילקייט און פילן ווי זיי וואלטן דער-הערט זייער אייגענעם לעצטן געשריי. די שטילקייט יאמערט. זיי קומען, די דריי, אויף קבר-אבות צו זייער אייגענעם עבר, צו אונדזער א ל ע מ ע נ ס יוגנט. זי ליגט דא א צעטראטענע און זיי הערן ווי זי וויינט, אזוי, ווי בלויז די שטיל-קייט, די אומהיימלעכע, קאן וויינען — אן אטעם, וויינען אזוי שטיל, ווי דער טויט אליין.

זיי קלייבן זיך ווידער צום הייליקן ארט. יצחק פרעגט מיך:

— דוד, וועסט פארן מיט אונדז קיין קאלק?

— פארן?! נאך וואס פארן? איך בין דארט אלע טאג. איך דארף נאר פארמאכן די אויגן און איך זע דעם שטראם און דאס בריקל ביי רודניע. עז איז דאס זעלבע און נישט דאס זעלבע ארט. איין בית-עולם. גריבלעך און בערגלעך פארוואקסענע מיט גראז. איך פארמאך די אויגן — איך זע. דאס הארץ ציטערט, ציטערט נאך מער ווי דאן, ווען איך האב מורא געהאט צו עפענען די אויגן, ווען די כוהנים דוכענען, איך זאל בלינד ווערן. א ברעקל קינד בין איך דאן געווען. איצט ציטער איך פאר

די קברים פון די נאענטסטע. איך האב מורא אין די אפגעבליאקעוועטע אותיות אויף די אפשר איבערגעבליבענע מצבות צו דערזען די אויגן, וואס איך טראג אין מיין הארץ.

אט איז דער אלטער פלויט, גרוי פון צייט און פון שימל. אט איז די קוזניע. פונעם גאניקל גייט אראפ שרה מאציוועריס פעטער. זיין פנים איז צעאקערט ווי א פעלד. ער שמייכלט: "גוט, דוד, וואס דו ביסט געקומען." איך בין נישט געקומען, און דאך דערקען איך אים. ווארט, אפשר וועט מיר ארויס אנטקעגן מאטל אינקעלעס און מיר דערלאנגען א ברייטן "שלום-עליכם!", אפשר דער אפטייקער שקליאר און נאך אים וועלן ארויסקומען די גאנצע משפחה קאצאן און נאך זיי אנדערע, פונקט אזוינע באקאנטע פנימער.

ניין, איך וועל אהין נישט פארן, נישט פארן, כדי מיין שטעטעלע זאל אין מיר בלייבן לעבן. איך וועל שוין נישט פארן אנקוקן דעם טויט מיט מיינע אויגן, וואס ווילן דאס נישט זען און קאנען שוין נישט זען...

איך ווייס: גארנישט איז נישט איבערגעבליבן, גארנישט איז נישט פאראן. נישטא. צוואס אנקוקן דאס, וואס איז נישטא? צוליב וואס די זיעלבספייניקונג? עס פייניקט אונדז שוין גענוג אן דעם. פאר מיר איז שוין דער טייך נישטא, דער וואלד נישטא. עס איז נאך ערב בראשית

איך וועל קיינמאל אהער נישט קומען און וועל דא תמיד זיין. דאס וואס איז איבערגעבליבן אין זכרון, אין די רעיונות, האט מיט דעם, וואס איז איבערגעבליבן דארטן — קיין שום שייכות נישט.

ווען מיין טאטע איז געשטארבן, בין איך געשטאנען ביים אפענעם קבר, אבער קדיש האט געזאגט משה קאץ. ווען מיין מאמע איז געשטארבן, האט קדיש ווידער געזאגט משה.

און איצט האב איך דעם געפיל: ביי אלע גריבער פון אונדזערע קדושים וטהורים, פון די מארטירער אונדזערע, שטיי איך און מיין הארץ זאגט קדיש, א יתגדל ויתקדש. זאלן געלויבט און דערהויבן ווערן זייערע נעמען די פארשניטענע פאר דער צייט. זאל אין טריישאפט און מיט יראת-הכבוד אפגעהיט ווערן זייער אנדענק. זאלן אין אונדזערע נשמות ציטערן און פליסטערן זייערע פארשטומטע תפילות. זאלן זיי נישט אויסגעמעקט ווערן פון די טאוולען פון אונדזער הארץ ביז אונדזערע לעצטע רגעס.

*

איך דריק אויס מיין בעסטן דאנק חיים **שפילבערגן** (מאנטרעאל) פאר א ריי ווערטפולע באמערקונגען, ווי אויך פאר זיין איניציאטיוו צו שאפן מאטעריעלע מעגלעכקייטן דאס בוך ארויסצוגעבן;

מאיר **איזענבערגן** (ישראל), װאָן װעמען עס וואלט מיר פארפעלט מאטעריאל אנצושרייבן די קאפיטלען וועגן ווידערשטאנד פון די קאלקער יידן קעגן די נאצישע מערדער —

דניאל קאץ

## אינהאלט


1. * * *

**וויליטע עכאס**

2. א טירל צום עבר . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 9
3. אונדזער שטעטל . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 13
4. געסט . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 19
5. עס טויכן אויף אין זכרון... . . . . . . . . . . . . . 33
6. פלעקן אויפן פנים . . . . . . . . . . . . . . . . . 43
7. קומט ארויס, פארשוווונדענע געשטאלטן! . . . . . . . . 47
8. פרייטיק אויף דער־נאכט . . . . . . . . . . . . . . . 63
9. א גלגול פון א ניגון . . . . . . . . . . . . . . . . 69
10. דער שבט בנימין פון קאלק . . . . . . . . . . . . . . 79

**אין דורשט נאך וויסן**

11. אונדזער יוגנט . . . . . . . . . . . . . . . . . . 93
12. אין יעדן לעבט א שטיקל אקטיאר . . . . . . . . . . . 97
13. ליטערארישע אוונטן . . . . . . . . . . . . . . . . 105
14. ליטערארישע משפטים . . . . . . . . . . . . . . . . 111
15. קעסטל-אוונטן . . . . . . . . . . . . . . . . . . 119
16. אונדזערע מאמעס . . . . . . . . . . . . . . . . . 123
17. שורות פאר געשיכטע . . . . . . . . . . . . . . . . 127

**לעבנס און שמות**

18. פערל טיגע דערציילט... . . . . . . . . . . . . . . 135
19. וואס די אויגן האבן געזען... . . . . . . . . . . . 149
20. קינדער און זקנים . . . . . . . . . . . . . . . . . 173
21. איינער פון די חסידי אומות העולם . . . . . . . . . . 187
22. צוויי, וועלכע זענען געזוען די לעצטע... . . . . . . . 195

## אויף טויט און אויף לעבן


23. א נעם טאן דאס איידן — *אברהם סוצקעווער* . . . . . . . . 207

24. אין שפאנישן בירגער-קריג . . . . . . . . . . . 209

25. קעגן געמיינזאמען שונא . . . . . . . . . . . . . 215

26 דער זיסער און העלדישער . . . . . . . . . . . . 219

27. פון דעם סטיר, דורך דער וואלגע, צום ווייסל . . . . . 223

28. צוויי שוועסטער . . . . . . . . . . . . . . 231

29. בערל . . . . . . . . . . . . . . . . . 241

30. א צווילינג . . . . . . . . . . . . . . . 245

31. א גענעראל דערציילט . . . . . . . . . . . . 249

32. א צווייט מאל דורכן גיהנום . . . . . . . . . . . 255

33. איבער בערג, איבער טאלן, איבער אלע שבע ימים . . . . . 313

34. מיטן אטריאד "טשאפאיעוו" . . . . . . . . . . . 342

35. אין פייער געהארטעוועט . . . . . . . . . . . 354

36. קאלקער ביי די "קאווּפאקאווצעס" . . . . . . . . . 372

37. טייערע נעמען . . . . . . . . . . . . . . . 389

ŻYDOWSKI INSTYTUT HISTORYCZNY W POLSCE

Daniel Kac

# Fun asz arojsgerufn
# (Cienie z popiołów)

WARSZAWA CZYTELNIK 1983